# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## זומער־לעבן

שלום־עליכם פאָלקספאָנד אויסגאבע—ניו־יאָרק. 1925

# א י נ ה א ל ט

# גלות דאַטשע

---

## א.

[מע חאפט מיט א מאל די גראבע עטליכע טויזענדער, מע טרייבט ארויס דעם קבצן, און דאקטוירים הייסען פאהרען קיין בויבעריק אויף א דאטשע.]

פרעגט מיך נישט, ווי אזוי, ווי ארום, מיט וואָסער זכות־אבות, מיט וועלכע צרות און אנגסטען, מיט וויפיעל דולענישען און קאָפּ־דרעהענישען, — נאָר איך האָב ערשט היינטיגען פאַר־פסח, געלויבט איז השם־יתברך, דורכגעשלאָגען א געשעפטעל און געחאפּט א שען פערדיענסטעל, מיט א מאָל גראָבע עטליכע טויזענדער.

אז מע חאפּט מיט א מאָל די גראָבע עטליכע טויזענדער, נעמט מען זיך קודם־כל צום דלות, ארויסטרייבען דעם קבצן פון שטוב; מע ווארפט איהם אין קאָפּ אריין א בענקעל, א נייע קאפּאָטע, א קישען, א פּאָר קאָלדרעס, א טוץ טעלער, א שטיק מאטעריע, א פּאָר־טעפּיאָן, — וואָס עס קומט אין האנד, פליהט איהם אין קאָפּ אריין! הכלל, איך האָב מיט גאָט'ס הילף ארויסגעטריבען דעם קבצן צו אלדי שווארצע יאָהר, זיך ארומגעצאָהלט מיט'ן קצב, מיט'ן קליי־טעל, מיט'ן מלמד און מיט אלע איבעריגע קרעדיטאָרען ארום און ארום, און מיר האָבען געהאט א פּסח — אויף אלע מיינע ליעבע געזאָגט געוואָרען! די שענסטע מצות, די בעסטע פיש, די טייערס־טע ווײַנען, די נייעסטע מלבושים, די פעטססטע קניידלעך (און אין שוהל די פעטססטע עליה) איז געווען ביי מיר! עס האָט אונז

אָבער גיך פֿערשאַדט, לא עליכם, אַ חאַפּ געטהאָן דער מאַגען. האָט מען אָנגעהויבען רופֿען דאָקטוירים. האָבען די דאָקטוירים אָנגע־הויבען שרייבען רעצעפּטען. נעמע. געלד !און געבען עצות, אַז איך און מיין ווייב און מיינע קינדער בעדאַרפֿען האָבען „לופֿט", אָהן לופֿט קאָן אַ מענש ניט אויסקומען אַפּילו אַ שעה (אַזוי זאָגען די דאָקטוירים), און ס'איז געבליבען, אַז תיכף נאָך שבועות, ווען עס הויבט זיך אָן דער זומער, פֿאָהרען מיר ארוים קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע שעפּען לופֿט.

דעם אמת זאָגענדיג, נישט אַזוי די „לופֿט" האָט אונז געצוואונגען קיין בויבעריק, ווי דאָס בויבעריק אַליין. פֿאָהרען קיין בויבעריק און זיצען אויף אַ דאַטשע איז ביי אונז אין יעהופּעץ אַ גאַנצער עסק און אַ גדלות, כמו ווי, למשל, ווייבע פּאַטעלען מיט האַרטע „ספּרינ־זשינעס", וואָס קיינער זיצט ניט אויף זיי, און אַ פּאַרטעפּיאַן זאָל שטעהן אין זאַל, האָטש ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל שפּיעלען אויף איהם, וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס היינט איז דאָס די גאַנצע מאָדע. ביי אונז אין יעהופּעץ, אַז צוויי בעגעגענען זיך תחילת זו־מער, איז דאָס ערשטע:

— וואוהין פֿאָהרט איהר היינטיגען זומער?

— קיין בויבעריק, וואוהין דען זאָל מען פֿאָהרען? נו, און איהר?

— קיין בויבעריק, וואוהין דען זאָל מען פֿאָהרען? האָט איהר שוין אַ דאַטשע?

— נאָך אַ מין דאַטשע! נו, און איהר?

— נאָך אַ מין דאַטשע! וואו איז אייער דאַטשע?

— אויפ'ן קרעשטשאַטיק, געוויינטליך! נו, און אייערע?

— געוויינטליך, אויפ'ן קרעשטשאַטיק...

און אַזוי ווייטער.

---

## ב.

[אריין אין גן־עדן. — די מעקלערס פערשטעהרען אונז אביסעל דעם גן־עדן.]

תיכף נאָך שבועות האָבען מיר זיך אויפגעזעצט מיט מיין ווייב אין באהן און געקומען קיין בויבעריק דינגען א דאַטשע. דער גריי־נער וואַלד, די פרישע לופט, דאָס פישטשען פון די פויגעלעך און די צוגעקליבענע דאַטשעס, וואָס איטליכע פון זיי זעהט־אויס ווי איין אויסגעפוצטע כלה, וואָס קוקט ארויס אויף א חתן, האָט אונז פער־כשוף'ט, אז עס האָט זיך אונז שוין כמעט נישט געגלוסט אוועקצו־פאָהרען פון דאַנען צוריק, אין דעם טומעלדיגען יעהופעץ מיט די ברענענדיגע שטיינער, מיט די שענע ריחות, צום מיינסטען — ביינאַכט.

— וואָס זאָגסטו דו, חיה־עטעל, דערויף? — רוף איך זיך אָן צו מיין ווייב.

— וואָס זאָל איך זאָגען? — מאַכט צו מיר מיין ווייב. — א רוח אין געלט'ס טאַטען אריין!

— אפנים, — זאָג איך — אז אונזערע יעהופעצער אריסטאָ־קראַטען ווייסען טאַקי, וואָס גוט איז? ממש א גן־עדן!

— עס זאָל זיי נאָר פאַרשטעהרט ווערען! — זאָגט זי אין גרי־טען מוט, און מיר שפּאַציערען ארום אין גן־עדן, ווי אדם הראשון מיט דער מוטער חוה, איידער זיי האָבען פערזוכט פונ'ם עץ־הדעת...

נאָר אביסעל האָבען אונז פערשטעהרט דעם דאָזיגען גן־עדן די בויבעריקער מעקלערס, וואָס האָבען אונז געפיהרט אָנקוקען דאַטשעס. איטליכער האָט אונז געשלעפּט צו זיך אָנקוקען זיין דאַטשע; זיינע איז בעסער, זיינע איז שענער, זיינע איז וועל־וועלער. צווישען די דאָזיגע מעקלערס איז געווען איינער א שוואַר־צער מיט א בייטש און מיט איין אונטערגעשלאָגען אויג, און איי־

נער אַ בחור אַ רויטער מיט אַיין אויסגעקרימט פּנים. האָט אונז דאָס רויטע בחור׳על מיט׳ן אויסגעקרימטען פּנים געחאַפּט פאַר די פּאָלעס און שלעפּט אונז. רופט זיך אָן צו אונז דער שוואַרצער, וואָס מיט׳ן אונטערגעשלאָגענעם אויג, און חאַפּט אונז אָן ביי די הענד:

— מיט וועמען ווילט איהר געהן? מיט איוואַן פּאַפּערילאָ? ער וועט אייך פאַרפיהרען אין דער שאול תחתיה אריין!

— דו וועסט ניט אַנשטומט ווערען, דו שוואַרצער קאָטער? — מאַכט צו איהם דאָס רויטע בחור׳על. — אָט מאַך איך דיר צו־רעכט דאָס אַנדערע אויג!

און נישט לאַנג געטראַכט, טהוט ער אַ שפּרונג צום שוואַרצען גלייך אין פּנים אריין. פאַלט אָן אויף איהם דער שוואַרצער מיט דער בייטש און צעבלוטיגט איהם, און שרייט, אַז ער וועט איינגעבען אויף איהם צום אוראַדניק, און אונז וועט ער שטעלען פאַר עדות. דערהערט דאָס וואָרט „אוראַדניק", מאַכען מיר זיך אַוועק פון זייערע הענד און אַנטלויפען, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַכסט.

---

ג.

[דאָס אריבערפאַהרען פון יעהופּעץ קיין בויבעריק. — קליינע צרות און גרויסע בזיונות.]

דאָס פאַהרען פון יעהופּעץ קיין בויבעריק איז אַ קלייניגקייט; עס געדויערט סך־הכל אַ האַלבע שעה. נאָר דאָס אריבערפאָהרען פון יעהופּעץ קיין בויבעריק אויף דער דאַטשע מיט ווייב און קינדער, מיט׳ן בעטגעוואַנט, מיט׳ן פליישיגען און מילכיגען געפּעס און מיט אַלע איבעריגע בעבעכעס — ווינש איך וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא! פון דער ערשטער מינוט, וואָס איהר הויבט אָן

צענויפלעגען זיך אין וועג אריין, ווערד דאָס ווייב צעטראָגען, נער־וועז מיט סכנת־נפשות! טשעפּעט זי ניט דעמאָלט, וועט איהר בעסער מאכען. אָט האלט זי, דאכט זיך, די שליסעלעך אין האַנד, דרעהט זיך ארום און שטעהט אויף איין אָרט און שרייט: „וואו זענען ערגיץ מיינע שליסעלעך? די שליסעלעך? וואָס איז דאָס פאר א שטוב, וואָס מע לעגט ניט אוועק, סטייעט עס ניט! מע זאָל נאָר באהיט און באוואָהרענט ווערען פון אזא שטוב און פון אזעלכע קינדער! ס'איז דען קינדער? טאַיוואָלים איז דאָס, רוחות, שדים, ניט קיין קינדער!“...

און די קינדער האָבען א טבע, טאָמער דערזעהען זיי, אז מע איז שטארק פערנומען, אזוי הויבען זיי זיך אָן פלאָנטען פאר די פיס, — האפּען זיי א שטורך, א וואָרף, א זעץ; ווערד א געוויין, א געשריי, א געפּילדער — א ריינער גיהנם! היינט דאָס פּאקע־וועז זיך! א ווערטעלע אויסצורעדען — קיין עין־הרע, א גאַנץ בעל־הבתישקייט צענויפלעגען, איינפּאקעווען, איינבינדען, נישט פערגעסען קיין קלייניגקייט! און ווי אויף צו להכעיס, דעמאָלט ווען ס'איז שוין אלסדינג אָפּגעשיקט געוואָרען אין באגאזש, קוקט מען זיך ארום, אז מע האָט פערגעסען אריינלעגען דעם ווייב'ס היטעלע מיט די קווייטען, דאָס שטייגעל מיט'ן קאנאריק, דאָס טינ־טורעל פונ'ם טיש, שטעקלעך און זאָנטיקלעך, וכדומה אזעלכע נאָ־רישקייטען, וואָס בלייבען תמיד אויפ'ן סוף, און דעם קוימען פונ'ם סאמאָוואר אויף בתוכם.

— וואָס וועלען מיר טהון אָהן א קוימען? — שרייט דאָס ווייב. — וואו וועל איך נעמען א היטעלע אויף דער דאַטשע, און וואָס וועט זיין מיט'ן פויגעלע נעבאך, — עס וועט כפּרה ווערען?!

בקיצור, מע מוז דאָס אלסדינג נעמען מיט זיך אין די הענד אריין. נאָר ווער איז דער נעמער, אז אלע הענד זענען פערנומען, אלע זענען אָנגעלאָדען פון אויבען ביז אראָפּ מיט קוישלעך, פּידלעך, פּעקלעך און בינטלעך? מוזט איהר זיך שוין אליין מטריח זיין

(אַ ברירה האָט איהר?) און נעמען, איך בעט איבער אייער כבוד, דעם קוימען פונ׳ם סאַמאָוואַר אין איין האַנד, און דאָס שטייגעל מיט׳ן פויגעלע אין דער אַנדערער האַנד. וואָס זשע טהוט מען מיט׳ן היטעלע און מיט די איבעריגע שאַלעמויזען? פאַלט איהר אויף איין עצה און נעמט מחילה דעם קוימען א ו נ ט ע ר דער האַנד און דאָס היטעלע א י ן האַנד אריין, אַזוי עס זאָל זיך ניט צעקנייטשען; און דאָס טינטורעל? דאָס טינטורעל רוקט איהר אריין אין קעשענע, און איהר זעצט זיך אויף מיט צרות אויף דער פוחר, און איהר פאָהרט מיט אַנגסטען צו דער באַהן.

נעקומען צו דער באַהן, הויבט זיך אָן אַ סדרה: בילעטען. בשום אופן קאָנט איהר ניט אויסרעכענען, וויפיעל איהר בעדאַרפט האָבען בילעטען? שטעלט איהר זיך צעהלען אויף די פינגער: דאָס ווייב איז נישט איינס, קיין עין־הרע, אַכט קינדער, זעכס גרויסע — זעכס גאַנצע בילעטען — איז ניט זיעבען, צוויי קליינע קינדער — צוויי האַלבע בילעטען — איז ניט אַכט, די באָבע — איז ניט נייען, דריי דיענסטען איז צוועלף. פונקט צוועלף. גוט, וואָס ניט קיין דרייצעהן — דרייצעהן איז נישט קיין גוטער מספר... (זיך פערגעסט איהר רעכענען אין צעטעל). — דזין, דזין, דזין! — דער עולם שטופּט זיך, דאָס ווייב רופט אייך: „וואו ביזט דו ערגיץ? וואָס באָברעסט דו זיך אַזוי לאַנג? מע באַדאַרף נאָך איבער איהם פאַרשפּעטיגען!“... און די קינדער העלפען איהר שרייען: „פּאַפּאַשאַ! סקאָריי, סקאָריי! אָפּאָזדאַיעש!“* איהר לויפט אַ פערטומעלטער אין וואַגאָן אריין און פערטשעפּעט זיך מיט׳ן קוימען פונ׳ם סאַמאָוואַר ביי דער טיר. פאַלט אַראָפּ דאָס היטעלע מיט די קווייטען. בויגט איהר זיך אָן און ווילט דאָס אויפהויבען. גיסט זיך אוים אויף דעם דאָס טינטורעל. הויבט אָן דאָס ווייב צו פייערען (און איז גערעכט): „אַ ריהר געטהאָן, ווי אַ בלייען פויגעלע! ווער האָט דיך געבעטען, זאָלסט זיין אַ גוטער און טראָגען

* טאַטע, גיכער, גיכער, וועסט פערשפּעטיגען!

זיך מיט מיין היטעלע? וואס וועל איך איצט טהון אהן א היטע־לע?"... זאגט איהר דאך, אז איהר וועט איהר קויפען צעהן היטע־לעך, אבי ס'זאל זיין שטיל. זאגט זי, אז זי איז אייך מוחל די טובות, זי בעדארף אייך אויף נייען און נייענציג כפרות מיט אייערע היטעלעך! ווערד איהר רויט ווי פייער און הויבט אן צו שוויצען פאר בזיון, ווארום עס קוקען אויף אייך פופציג פאר אויגען. און אייערע קינדער אין וואגאן צעשלאגען זיך איבער א פענסטער; אלע ווילען שטעהן און קוקען אין איין פענסטער! זייער גליק, וואס ס'איז אין וואגאן; איהר זאלט זיך ניט שעמען פאר לייטען, וואלט איהר זיך מיט זיי גוט אפגערעכענט!... נעהט־צו פלוצים דאס קלענערע קינד און זאגט אייך: — „פאפאשא! א גדיע קא־נאלייקא?"...*

איהר טהוט זיך א חאפ צום שטייגעל — טרוקען, נישטא קיין פויגעלע! איהר הויבט זיך אויף, איהר זוכט דאס צווישען די פיס, אין אלע קעשענעס: „וואו האט געקאנט אהינקומען דאס פוי־געלע? ווען האט דאס געקאנט ארויספליהען?"

איינער פרעגט: וואס איז דאס געוועז פאר א פויגעלע? און דער אנדערער פרעגט: וויפיעל האט דאס געקאסט? אנדערע רע־דען צווישען זיך שטילערהייד, און אנדערע שטיקען זיך פאר גע־לעכטער. איינער א יונגערמאן מיט ווייסע צייהן גיט אייך איין עצה, אז תיכף ווי איהר וועט קומען קיין בויבעריק, זאלט איהר קלאפען א דעפעש קיין יעהופעץ, מע זאל זוכען דאס פויגעלע, און דער אי־בעריגער עולם שיסט־אויס א געלעכטער. איהר האט שטארק חשק אננעמען דעם דאזיגען חכם מיט די ווייסע צייהן פאר'ן גארגעל און ארויסשמייסען איהם דורכ'ן פענסטער! א גליק, וואס עס קומט אריין דער קאנדוקטאר מיט'ן קאנטראליאר, און אלע נעמען זיך צו די בילעטען.

* טאטע, וואו איז דאס קאנאריקעל?

אז עס קומט צו אייך, פרעגט אייך דער קאָנטראָליאָר, פאַר וועמען זענען דאָס די צוועלף בילעטען? רעכענט איהר איהם אוים אויף די פינגער: דאָס ווייב, זעכס קינדער גרויסע, צוויי קליינע, איינע איין אַלטע און דריי דיענסטען.

— נו, א וואש בילעט? * — פרעגט ער אייך און קוקט אויף אייך, ווי אויף א רעכטען גנב, וואָס האָט געוואָלט זיך דורכשליטלען קיין בויבעריק אָהן א בילעט. — גדיע זשע וואש, וואש בילעט??...

איהר ווערד נאָך מעהר פערטומעלט. איהר זוכט דעם בילעט אומעטום. איהר קוקט אינ׳ם קוימען פונ׳ם סאַמאָוואר און טאַפּט זיך אין דער אונטערשטער קעשענע — ניטאָ מעהר קיין בילעטען! דערזעהט דאָס ווייב, אז איהר זוכט עפּיס, טהוט זי אייך א פרעג:

— וואָס איז שוין ווייטער? וואָס האָסט דו שוין ווידער פאַרלאָרען? טהו נאָר א קוק צום גאָלדענעם זייגער? האָסט נאָך א זייגער? צי דו האָסט שוין א פייג, ניט קיין גאָלדענעם זייגער?!...

— איך האָב נישט פאַרלאָרען גאָרניט! — זאָגט איהר מיט כעס און איהר האַפּט דעם קוימען פונ׳ם סאַמאָוואר און איהר טהוט איהם א שליידער פון זיך דורכ׳ן פענסטער:

— אין דער ערד אריין מיט׳ן קאָפּ!!...

אָט אזוי, אָדער כדומה אזוי, איז געוועזן אויך אונזער אריבער־פאָהרען דאָס ערשטע מאָל פון יעהופּעץ קיין בויבעריק אויף דער דאַטשע.

---

ד.

[מע ברענגט אונז צו טראָגען אויף דער דאַטשע פון כל טוב. — עס שטעלען זיך פאַר אידען לרוב. — איך ווער בעקאַנט מיט׳ן שוחט׳ס זוהן.]

מיר האָבען נאָך נישט אויפגעבונדען די פּעקלעך און נישט ארומגעקוקט זיך, וואו מיר זענען אין דער וועלט, האָט מען אָנגע־

---

* נו, וואו איז אייער בילעט?

הויבען צו טראָגען אונז אויף דער דאַטשע פון כל טוב: פון עופות און פון אייער און פון קאַטשקעס, פון גאַרטענוואַרג און פון מילכיגס, פון געזאַלצענס און פון געוויכערטס און פון כל מיני סחורות: באַקאַליי, גאַלאַנטעריי און רויכוואַרג, און פון וואָס אַ מויל קאָן אויסרעדען.

— וואָס זאָגסט דו, חיה־עטעל, דערויף? — רוף איך מיך אָן צו מיין ווייב.

— וואָס זאָל איך זאָגען? — מאַכט זי. — אַ רוח אין געלט'ס טאַטען אריין!...

נאָכדעם האָבען אָנגעהויבען צו געהן אידען אָהן סחורה, איינער אריין, דער אַנדערער אַרויס, און מיר האָבען גענומען שליסען קענט־שאַפט.

— שלום עליכם, אין אַ גוטער שעה! — רופט זיך אָן אַ איד.

— עליכם שלום. וואָס וועט איהר זאָגען?

— גאָרנישט, איך בין אַ איד פון האָלץ. אפשר וועט איהר דאַרפען האָלץ, בין איך געקומען צו געהן.

נאָך די אידען האָבען אָנגעהויבען געהן ווייבער זיך פאָרשטע־לען: די אידינע פון דער מילך, די אידינע פון קעז און פוטער, די אידינע פון די עופות און די אידינע פון די בולקעס, איטליכע מיט איין אַנדער רעקאָמענדאַציע. און נאָכדעם האָבען זיך אַ לאָז גע־טהאָן אָרעמע לייט, פאַרלעך און איינציגוויז, גבאים און גבאי'טעס, כמעט ווי אין באַרדיטשעוו.

— אפנים, — זאָג איך — ביי אייך אין בויבעריק איז פאַרהאַן אַ היבש ביסעל אידען?

— קיין עין־הרע ניט. — רופט זיך אָן צו מיר מיט אַ שלע־פעריג קול איין אויסגעצויגענער יונגערמאַנטשיק מיט אַ בלאַס פּנים און מיט אַ לאַנג זעקעל, וואָס ער רופט דאָס „נאַקידקע", ווי איי־נער רעדט: ווילט איהר, רופט מיך חסיד, ווילט איהר, רופט מיך אַריסטאָקראַט...

— וויפיעל — זאָג איך איהם — קאָנען זיך דאָ, למשל, גע־פינען אידען?

— פרעגט בעסער, — זאָגט ער — וויפיעל קאָנען זיך דאָ געפי־נען, להבדיל, ניט קיין אידען?

— אפנים, — זאָג איך — ס'איז דאָ ביי אייך ארץ־ישראל? אידען מעגען דאָ זיצען פראַנק און פריי?

— אדרבה, — זאָגט ער — אידען טאָרען דאָ ניט זיצען בשום אופן!

— ווי אזוי זשע — זאָג איך — זיצט מען דאָ, אז מע טאָר ניט?

— אָט זעהט איהר דאָך! — מאַכט ער צו מיר.

— וואָס זענט איהר? — טהו איך אַ פרעג דעם יונגענמאַנטשיק.

— וואָס איך בין? — מאַכט ער צו מיר. — אַ איד.

— דאָס זעהט מען, — זאָג איך — אז איהר זענט חלילה ניט קיין כריסט. איך מיין, ווער זענט איהר?

— ווער איך בין? — זאָגט ער. — איך בין, הייסט דאָס, דעם היגען שוחט'ס זוהן.

— מיט וואָס האנדעלט איהר? — פרעג איך איהם.

— מיט וואָס איך האנדעל? — זאָגט ער. — אפשר וועל איך נאָך אמאָל האנדלען; לעת־עתה, הייסט דאָס, האנדעל איך נאָך מיט גאָרנישט.

— וואָס זשע דארפט איהר?

— וואָס איך דארף? איך בין געקומען, הייסט דאָס, אייך בעטען, אפשר וועט איהר עפּיס שענקען אונזער תלמוד־תורה?

— איהר האָט דאָ, — זאָג איך — אין בויבעריק, אַ תלמוד־תורה אויך?

— ע! — מאַכט ער. — מיר זאָלען דאָ האָבען אַ תלמוד־תורה, וואָלט געווען גוט!

— האָט איהר, — זאָג איך — הייסט דאָס, ניט קיין תלמוד־תורה? אויף וואָס זשע קלויבט איהר געלט?

— אויף וואָס מיר קלויבען געלט? אויף דער היגער תלמוד־תורה.

— אַז איהר האָט ניט קיין געלט, וואו זשע האָט זיך צו אייך גענומען אַ תלמוד־תורה?

— נו, זעהט איהר דאָך!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

— וואָס האָסט דו זיך באַזעצט דאָרטען אויס׳טענה׳ן מיט׳ן שלים־מזל? — שרייט צו מיר מיין ווייב פון שטוב. — טאָמער וואָלט בעסער געווען אַ סברה, דו זאָלסט זיך מטריח זיין אַהערצו העלפען אויספּאַקעווען די זאַכען, אויסשטעלען דאָס מעבעל אויף דער דאַטשע, אריינשלאָגען צוועקעס אין די ווענט.

איך געזעגען זיך אָפּ מיט׳ן שוחט׳ס זוהן און לאָז מיך געהן אין שטוב אריין שלאָגען צוועקעס אין די וואנד.

---

ה.

[איך שלאָג צוועקעס אין די וואנד. — מיין ווייב מאַכט מיך אביסעל בעקאנט מיט אונזערע שכנים.]

שלאָגען צוועקעס אין די וואנד — דאָס איז מיין לעבען! דערזעה איך אַ לעדיגע וואנד, אַזוי מוז איך זי בעשלאָגען מיט צוועקעס פון אויבען ביז אראָפּ. וואָס זאָל איך טהון? ס׳איז ביי מיר, אפנים, אַזאַ חולאת: איך קאָן ניט זעהן קיין וואנד אָהן צוועקעס.

— ווער קלאַפּט דאָס דאָרטען? — הער איך אַ קול פון יענער זייט וואנד.

— וואָס איז דאָס פאר אַ קלאַפּען וואָס? — הערט זיך אַ קול פון דער אנדערער זייט.

— א גאנצען טאג זאל א איד האלטען אין איין קלאפען צוועקעס אין די ווענט! — הערט זיך פון דער דריטער וואנד.

— מיט'ן קאפ אין וואנט! — הערט זיך פון דער פערטער וואנד א קול פון א נקבה.

— חיה־עטעל! — רוף איך מיך אן צו מיין ווייב. — דו ווייסט ניט, ווער קוויטשעט דאס דארטען?

— פאר וואס זאל איך ניט וויסען? — זאגט מיין ווייב. — דאס באדארף זיין דאס ווייבעל פון גריידיק, וואס דער מאן האט זי אוועקגעווארפען און איז אוועקגעפאהרען קיין אמעריקע. זי האט קאלי אויגען, פאהרט זי צוויי מאל אין דער וואך אין שטאדט אריין צו מאנדעלשטאם דעם דאקטאר, און ער ברענט איהר מיט ליאפעס.

— פון וואנען ווייסט דו דאס אזוי אלסדינג? — פרעג איך ביי מיין ווייב.

— פאר וואס זאל איך ניט וויסען? — זאגט זי. — איך האב מיך שוין באקאנט כמעט מיט אלע אונזערע שכנות, — די קיכען זענען דא אלע אינאיינעם. מיר האבען דא אויף דער דאטשע פון כל־מאמינים־שהוא: יעהופעצער „סטיקראטען", נגידים און געמיינע בעלי־בתים; דו געפינסט דא א שניט־קרעמער פונ'ם פאדאל, א שקאנטיסט פונ'ם קרעשטשאטיק, א מעקלער פון בערלינעס, א לעהרער פון שטונדען, א קאסיר פון א מיהל, איין אגענט פון פייער, א זינגער פון כארשוהל, צוויי סטודענטלעך, דריי ווייבלעך און איינע א ליטוויטשקע.

— א גאנצער „זווערינייעץ"! — זאג איך שטילערהייד.

— די ווייבלעך זענען זעהר פיינע, לייטישע ווייבלעך, פרעמדע, נישט קיין היגע, געקומען אהער זיך קורירען. איינע איז א זוועניראדקער, דאר ווי א שטעקען, הוסט נעבאך גאנצע נעכט. די אנדערע איז א רעסטאפאליער מיט א צוגעמאכטען פוס. די דריטע איז דאס ווייבעל פון גריידיק, די וואס מאנדעלשטאם דער דאקטאר ברענט איהר די אויגען מיט ליאפעס. און די ליטוויטשקע איז אויך

זעהר א פיין ווייבעל, האט צו טהון, ניט פאר מיר געדאכט, מיט די צייהן, רייסט זיך אויף די גלייכע ווענט.

— ביי איהר בלייב עס.

— ביי איהר בלייב עס? וואס האסט דו צו איהר? דו קענסט זי? דו ווייסט זי? זי איז דוקא זעהר א פיינע, א לייטישע, איין עהרליכע.

— מעגליך, — זאג איך — סע קאן זעהר זיין.

— וואס הייסט — זאגט זי — סע קאן זיין? וואס איז דאס פאר א שפראך „סע קאן זיין"?

— שא, שא! — זאג איך. — שריי ניט אזוי. אן געהט אהער עפים א אידינע, שפרינגט אויף א פוס.

— דאס איז די רעסטאפאליער מיט דעם צוגעמאכטען פוס. — מאכט צו מיר מיין ווייב און געהט איהר אקעגען מיט זעהר א פריינדליך פנים.

---

ז.

[א ווייבעל מיט א צוגעמאכטען פוס און מיט א סך שלאפקייטען. — זי שיט מיך אפ מיט ווערטער. — איך אנטלויף אין וואלד.]

— זיצט, זעצט זיך צו. פאר וואס זיצט איהר ניט? — זאגט מיין ווייב צו יענער, וואס מיט דעם צוגעמאכטען פוס, און טראגט איהר אונטער א בענקעל.

— א דאנק, איך קאן באשטעהן! — זאגט יענע און זעצט זיך אנידער און שטעלט ארוים דעם צוגעמאכטען פוס און רופט זיך אן מיט א זיפצעל: — איך וויים ניט, ווער האט דאס אויסגעטראכט אט דאס בויבעריק? לופט־שמופט, נעכטיגע טעג! אט זיץ איך שוין דא באלד א וואך, עס זאל דאס מיר אנהויבען אפילו גרינגער ווערען אויף אט אזוי פיעל! (זי בעווייזט מיט'ן קליינעם פינגערעל,

אויף וויפיעל ס'איז איהר ניט גרינגער געוואָרען.) די דאָקטוירים זאָלען אזוי וויסען פון זייער געזונט, ווי זיי ווייסען, וואָס מיר איז!

— וואָס זשע איז אייער שלאָפקייט, למשל, וואָס די דאָקטוירים האָבען אייך געהייסען ארויספאָהרען אהער אויף דער דאַטשע?

— מיין שלאָפקייט? — זאָגט דאָס ווייבעל און מאכט צורעכט דעם צוגעמאכטען פוס. — איך זאָל האָבען נאָר איין שלאָפקייט, וואָלט געווען גוט! די צרה איז, וואָס ס'איז ניטאָ די שלאָפקייט אויף דער וועלט, וואָס איך זאָל זי ניט האָבען, און פרעגט מיך, וואָס טהוט מיר וועה — ווייס איך אליין ניט! אָט שטעה איך אינאיינעם מיט א ווייבעל פון זוועניראָדקע, האָט זי צו טהון מיט דער לונג. גאָרנישט! ווייסט זי הוסט, וואָס איהר פעהלט! צי, אשטייגער, נעמט דאָס ווייבעל פון גריידיק מיט די קאָלי אויגען: זי ווייסט, אז זי באַדאַרף פאָהרען צוויי מאָל אין דער וואָך צו מאַנדעלשטאַם דעם דאָקטאָר, און מאַנדעלשטאַם דער דאָקטאָר ברענט איהר מיט ליאַפּעס, און איין עק! צי, למשל, די ליט-וויטשקע, וואָס רייסט זיך אויף די צייהן. ס'איז טאַקי אוודאי זעהר ניט גוט, אז ס'טהוט וועה א צאָהן, ובפרט נאָך, אז עס רייסט איהר, ניט אין מיין מאָס, אָט דער גאַנצער קאָסטען! ס'איז גאָר א סברה, אז ס'איז ביי איהר א רעמאַטיז אזעלכער, ניט פאַר מיר געדאַכט. פון א פאַרקיהלונג איז דאָס איהר געקומען. אין באָד האָט זי דאָס געחאַפּט. און איצט רייסט זי זיך אויף די גלייכע ווענט. איך בין שטאַרקער פון אייזען, אז איך האַלט אויס איהרע געשרייען, וואָס זי שרייט! און ווער איז שולדיג, אז ניט די מאַנסבילען? (ביי די ווערטער טהוט זי א בייזען קוק אין מיין ווינקעל אריין.) ווען איך האָב אזא צייהנוועהטיג, רייס איך ארויס אלע צייהן מיין מאַן פונ'ם מויל!

— וואָס האָט דער מאַן — זאָג איך — געזינדיגט, אז דעם ווייב טהוען וועה די צייהן?

— אזוי? טאַקי באמת? — זאָגט דאָס ווייבעל, שטעלט ארויס דעם צוגעמאַכטען פוס און טהוט א סמאָרע מיט דער נאָז. — און

קינדער האָבען אייך — דאָס איז נאַרניש? טראָגען און זויגען און אנטוועהנען און פּאָקען און מאָזלען און צייהנדלעך און קאשקעלעך קאָכען און ווינדעלעך וואשען און העמדלעך נייהען און זעקלעך פּאררעכטען און צוואָגען און וואשען און קעמען און פּארקעמען?... איאָ, דאָס ווילט איהר ניט האָרכען? איהר האָט, זאָגט איהר, קיין צייט ניט? איהר ווילט, זאָגט איהר, געהן שפּאַציערען מיט די קינדער אין וואלד? דאָס, וואָס עס פּאַסט אייך ניט, דאָס הערט איהר ניט? מיר קענען אייך! מיר זענען קלאָר אין אייך! איהר מעגט אָנרוקען דאָס היטעל נאָך בעסער! נישקשה, דעם אמת מעג מען זאָגען דעם אייגענעם טאַטען...

---

ז.

[מיין „חברה" איטליכער מיט זיין גן־עדן. — דער סמאָרגאָנער שדכן גיט מיר איין עצה.]

מיין חברה בעשטעהט, ווי אויבען איז געשטאַנען, פון קיין עין־הרע אכט פּארשוין: דריי מיידלעך, עלטערע שוין, צו לייטען, צוויי קלענערע און דריי יונגלעך. אלע האָבען זיך אין די ביטערע יאָהרען געגוג אָנגעהונגערט נעבאָך, גוט אָנגעגעסען מיט צרות, און אלע ווילען איצט לעבען אַ גוטען טאָג, געניסען גלייך מיט אונז פון'ם גן־עדן! נאָר איטליכער פון זיי שטעלט זיך פאָר זיין גן־עדן נאָך זיין פערשטאַנד. למשל, מיין עלטערער טאָכטער'ס גן־עדן איז אַ דאָקטאָר, און דוקא פון יעהופּעץ, די אנדערע טאָכטער וויל אַ יוריסט, און דוקא פון אדעס, און די דריטע — אַ אינזשע־ניער מיט אַ קנעפּעל (ער מעג זיך זיין פון וואָסער אַ שטאָדט ער וויל). דער גן־עדן פון מיינע דריי יונגלעך איז שוין ווידער גאָר איין אנדער גן־עדן, דהיינו: איינער געהט מיט דעם גאַנג, אז קיין

בעסערע זאַך, ווי פֿאָהרען רייטענדיג אויף אַ פֿערדעל, קאָן שוין, דאַכט זיך, גאָר ניט זיין אויף דער וועלט. דער אַנדערער האָט שטאַרק חשק צו האָבען אַ וועלאָסיפּעד. „ווען דער פּאַפּאַשאַ, זאָגט ער, קויפֿט מיר אַ וועלאָסיפּעד אויף דער דאַטשע, בין איך איינער אַ גליקליכער!“... און דער דריטער בעגנוגענט זיך מיט אַ רויט העמדעל, מיט גלאַנצענדיגע שטיוועל, די הויזען אַריינגע־לאָזט אין די חאָליעוועס, און אַ הינטעל זאָל איהם נאָכלויפֿען פֿון הינטען. און מע מוז דאָס אַלסדינג קויפֿען, וואָרום ביי מיין ווייב, זאָל לעבען, איז איטליכס קינד אַזוי טייער, אַזוי ציטעריג, אַז זיי פֿיהרען אויס ביי איהר וואָס זיי ווילען; ובפֿרט איצט, אַז גאָט האָט געהאָלפֿען, מע קאָן אויספֿיהרען, — פֿאַר וואָס זאָל מען זשאַ־לעווען? דאָס איז אָבער אַלץ נערעדט געוואָרען פֿון די זאַכען, וואָס מע קאָן דאָס קויפֿען פֿאַר געלד. אָבער שידוכים פֿאַר די טעכטער? וואָס טהוט מען מיט שידוכים? אַ דאָקטאָר, און דוקא פֿון יעהופּעץ? אַ יוריסט, און דוקא פֿון אָדעס? און אַ אינזשיניער מיט אַ קנעפּעל? דאָס הייסט אַפֿילו, אַז מע זאָל שמועסען דאָס אייגענע ווידער צוריק, איז פֿאַר געלד קריגט מען דאָקטוירים מיט יוריסטען מיט אינשזיניערען וויפֿיעל איהר ווילט! זינט מען איז געוואָהר געוואָרען, אַז איך האָב גע־חאַפּט די גראָבע עטליכע טויזענדער, האָבען מיר שדכנים בעוואַר־פֿען מיט בריוולעך פֿון דער גאַרער וועלט; דער סמאַרגאָנער שדכן האָט מיר שוין אָפּגעשלאָגען די טירען; ער האָט מיר אויפֿגעגעבען אפֿשר זיעבען און צוואַנציג שידוכים און האָט מיך שוין אָפּגע־זידעלט אויך.

— וואָס בין איך שולדיג, — טענה איך צו איהם — אַז מיינע טעכטער ווילען נישט חתונה האָבען דורך קיין שדכן בשום ענין ואופן?

— וואָס דען — זאָגט ער — ווילען זיי?

— זיי ווילען, — זאָג איך — עס זאָל זיך מאַכען עפּיס דורך אַ... אַ... באַנעגעניש... אַ... אַ... ליעבע...

— אזוי? — זאָגט ער. — זיי זענען ביי אייך אנדערש ניט געוועהנט געוואָרען? ליעבעס גלוסט זיך זיי? וועל איך אייך געבען איין עצה: זיי זאָלען ביי אייך שלאָפען אויף די פענסטער, וועט מען זיך אויף אייך דערבאַרעמען, מע וועט זיי אַרויס'גנב'ע־נען און מע וועט מיט זיי אַנטלויפען...

אין איין אנדער צייט וואָלט ביי מיר דער סמאַרגאָנער שדכן געעפּענט מיט'ן קאָפּ די טיר; נאָר אז מע האָט אונטערגעוואַכסענע טעכטער, און נאָך דריי שטיק מיט א מאָל, מוז מען אַראָפּשלינגען און מאַכען א שווייג.

בסוד־סודות מוז איך אייך זאָגען, אז נייען און נייענציג פּראָ־צענט זענען מיר אַרויסגעפּאָהרען קיין בויבעריק אויף א דאַטשע נאָר צוליעב די טעכטער: אפשר וועט גאָט רחמנות האָבען, עס וועט זיך צושלאָגען א גלייכע זאַך. מחמת דאָ אין בויבעריק ווערען געשלאָסען אַלע זומער די פיינסטע שידוכים פון יעהופּעץ. דער שכל איז מחייב, ווייל אויף א דאַטשע איז די וועלט אָפען. דער וואַלד איז גענוג גרויס. דער וואָקזאַל איז תמיד פול מיט מענשען. פאַרהאַן אויך א גאָרטען, א טהעאַטער. בחורים און מיידלעך בע־געגענען זיך צעהן מאָל אין טאָג, קוקען מיט אויגען, שמייכלען איינס צום אַנדערען, וואַרפען זיך דורך מיט א פּאָר ווערטער. נאָכדעם ווערד מען בעקענט, מע געהט אביסעל שפּאַציערען אין וואַלד, אביסעל שיפט מען זיך אויף א שיפעל און מע זינגט ליעדלעך... און ביינאַכט זיצט מען אַקעגען דער לבנה, מע צעהלט די שטערען און מע זיפצט — און טעלער ברעכט מען אין יעהופּעץ.

---

## ח.

[דער בויבעריקער וואַלד מיט אַלע זיינע בעשעפעניששען. — פערשיעדענע פּאַרלעך. — די בוימער האַלטען סוד.]

אויב איהר מיינט, אז דער בויבעריקער וואַלד איז א וואַלד, ווי אַלע וועלדער — האָט איהר א טעות. איהר קאָנט דאָ שפּאַ־

ציערען איינער אליין וויפיעל איהר ווילט — איהר האט נישט וואס איבערצוטראכטען: עס וועלען אויף אייך ניט אנפאלען חלילה קיין גזלנים; איהר וועט נישט בעגעגענען נישט קיין וואלף, נישט קיין ווילדע ציעג און נישט קיין חיה־רעה. איהר קאנט דא בע־געגענען אנדערע מינים בעשעפענישען: א יאדעשליוועו אידען, וואס געהט ארום פראנק און פריי איבער'ן וואלד און חראקעט און שפייט; א קראנקע אידינע נעבאך, וואס האלט זיך אן א בוים און הוסט און הוסט געשמאק, אדער זי ליגט אויף דער ערד און פאכט מיט דער נשמה; וכדומה נאך אזעלכע מינים בעשע־פענישען, וואס מוטשען זיך און ווילען נישט שטארבען, וואס גלויבען אין כשוף, דאקטוירים, רעצעפטען, וועלדער, לופט, וכדומה אזעלכע חלומות... אנדערע קראנקע, די וואס האבען געלד, ליגען אויסגעצויגען אין „האמאקען", אזעלכע וויעגלעך, וואס זענען צו־געבונדען צו די בוימער און זעהען אוים ווי הענגענדיגע קברים.

אידען האבען ליעב אחדות; זיי מעגען זיין ווי אזוי קראנק, האבען זיי פיינט זיצען איטליכער בעזונדער, נאר אלע צוזאמען — „וואס גאט גיט, אבי אינאיינעם". פארהאן ערטער אינ'ם בויבע־ריקער וואלד, וואס דיענען פאר א קלוב, אדער, להבדיל, א בית־המדרש, וואו די שלאפע נעבאך קאנען זיך צענויפקומען אביסעל זיצען. אביסעל זיצען הייסט — אביסעל רעדען, און אביסעל רע־דען הייסט — אביסעל בערעדען...

דורכגעגאנגען זיך מיט מיינע אין וואלד אביסעל שפאציערען, דערזעהען מיר פון דער ווייטען א גאנץ רעדעל אידען און ווייבער זיצען אין פערשיעדענע פאזען און זעהען אוים ווי די מתים.

— משה, דו ווייסט ניט, ווער דאס איז? — רופט זיך אן איינער און ווייזט־אן אויף אונז מיט די אויגען.

— פון וואנען זאל איך וויסען? לאמיך אזוי וויסען בייז! — ענטפערט משה און פערהוסט זיך.

— שאַ! — רופט זיך אָן אַ דריטער. — עס געהער זיין די נייע דאַטשניקעס, וואָס זענען היינט אין דער פריה אַריבערגעפאָה־רען קיין בויבעריק אויף דער גרויסער דאַטשע.

— אויב אַזוי, — רופט זיך אָן נאָך איינער און זעצט זיך אויף פון דער ערד אויף די אויסגעדאַרטע הענד, וואָס זעהען אויס ווי צוויי שטעקלעך, — אויב ס'איז די דאָזיגע, וואָס איהר מיינט, וועל איך אייך עפּיס דערצעהלען אַ שענס...

דערהערט, אַז מע וויל עפּיס דערצעהלען אַ „שענס", ווערען אַלע מתים לעבעדיג, און יענער, וואָס האָט זיך אויפגעזעצט אויף די דאַרע הענד, הוסט זיך גוט אויס און דערצעהלט עפּיס שטי־לערהייד דער גאַנצער קאָמפּאַניע, און אַלע הערען זיך צו מיט גרויס פערגעניגען, קוקען בשעת מעשה אויף מיר און אויף מיינע טעכטער.

— בריינע! — רופט זיך אָן איין אידינע צו דער אַנדערער גאַנץ הויך אויף אַ קול. — וואָסער מיידעל געפעלט אייך בעסער פון די דריי?

— די מיטעלסטע! — ענטפערט איהר בריינע אויך אויף אַ קול.

— איאָ, די מיטעלסטע, שרה־זיסעל?

— ניין, — זאָגט שרה־זיסעל — די מיטעלסטע האָט נאָר שענע האָר, און ווייטער גאָרנים. מיר געפעלט די קלענערע. די קלע־נערע זאָל נישט האָבען די נאָז, וואָלט זי גאָר געווען אַ „קראַ־סאַוויצע"!

— ששששאַ! — שרייט־אָן אויף די ווייבער איינער פון די מאַנסבילען. — האָסט דו געזעהען אַביסעל, ווי די גענז האָבען זיך צעגאָגערט?!...

מיר לאָזען זיך געהן ווייטער און בעגעגענען אין וואַלד אַנדע־רע מיני ברואים; זיי זיצען אַרום גרינע טישלעך, האַקען אין „אָקע" און אין „זעכס־און־זעכציג" און שמייסען מיט די קאָרטען:

— אַ דרייערל אויף דריי?

— נו?

— און אַ דרייערל אויף דריי?

— נו?
— און נאָך אַ דרייערל אויף דריי, ווי אויף אַלע?
— געענטפערט! וואָס האָט איהר?
— דריי שקצים.
— בלאָטע! און איהר וואָס האָט?
— דריי שיקסעס!
— שפּייט זיי אָן אין פּנים! מלכים זענען בילכער!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

— הונדערט דרייסיג?
— מיינע!
— הונדערט פינף און דרייסיג!
— פּאַס! לאָז אייך גאָט העלפען! וואָס איז קאָזיר?
— קאָזיר איז טרעף. (גיך, אין איין אָטעם): פערציג און פון די פערציג און ביי די פערציג און אריבער די פערציג און פון יענער זייט פערציג.
— און דער קעניג פּיק אין אַ הונט? אַ קנאַק איבער דער מאָרדע!
— רעמיז!
— פאַרניצט געזונט!

. . . . . . . . . . . . . . . .

אָט די נפשות, ווי עס ווייזט אויס, טראַכטען אַפילו נישט פון'ם טוידט. צווישען זיי איז פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס קומען פון יעהופּעץ קיין בויבעריק נישט צוליעב דעם שענעם וואַלד, און נישט צוליעב דער געזונדער לופט. נאָר לכתחילה לשם „אָקע“, אָדער לשם „זעכס־און־זעכציג“.

נאָך ווייטער הויבען מיר אָן בעגעגענען פּאָרלעך, בחורים און מיידלעך, וואָס געהען שפּאַציערען אויף אַלערליי אופנים. איין פּאָרעל געהט אונטער די הענד, האַלט זיך גאָר פריינדליך; זי

קוקט אויף איהם, און ער קוקט אויף איהר, אוןביידע זינגען זיי צו עפּיס אַ מאָדנע ליעדעל און טאַנצען־צו צום טאַקט:

ליובליו קאַפּוסטו, ריעדקו, קוואַס —
נאַ באָלשע ווסיעך ליובליו יאַ וואַס!
וואַס אַבאַזשאַיו!
וואַס אַבאַזשאַיו!... *

דאָס אַנדערע פּאָרעל לערענט זיך, אַפּנים, לויפען, אָדער מע שפּיעלט זיך אין „חאַפּערלעך": זי לויפט, און ער לויפט איהר נאָך; ער וויל זי חאַפּען, אַנטלויפט זי. דאָס דריטע פּאָרעל האָט זיך פערביטען מיט די יוצרות: ער האָט אָנגעטהאָן איהר מענ־טעלע, און זי האָט אָנגעטהאָן זיין קאַפּעליש — און געה טהו זיי עפּיס!... אַנדערע געהען וויעדער משוגענערווייז און שרייען אויף קולי־קולות: „אַ — או! אַ — או!" און זיי ענטפערט דאָס וויעדער־קול פון'ם ווייטען וואַלד: „אַ — או!"...

שטיל, פערשטאָרבען שטעהט דער וואַלד. ס'איז נים זיין עסק. שטיל, אויסגעצויגען, מיט גדלות, שטעהען די הויכע סאָסנעס מיט די גרינע שמעקענדיגע נאָדלען און קוקען ארויף אין לויטערען בלויען הימעל ארייז — זייט זיכער, איהר וועט ביי זיי נישט געוואָהר ווערען גאָרנישט.

ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך האָב מורא, אז דער בויבעריקער וואַלד איז מעהר שרכן פון'ם סמאַרגאָנער שרכן און פון אַלע שרכנים אויף דער וועלט.

---

* איך האב ליעב קרויט און רעטאך און קוואס — נאר מעהר פון אלץ ליעב איך אייך! איך האב אייך ליעב, איך האב אייך ליעב!

## ט.

[דאָס עסען אויף דער פרייער לופט. — אָרעמע לייט שפּעקולירען. — דעם רעסטאָ־פּאַליער'ס ווייבעל'ס מאַן. — די דאַמען מיט זייער שפּראַך.]

געקומען אַהיים פון'ם וואַלד, האָבען מיר געטראָפען אַ גרייטען טיש אויף דער וועראַנדע, וואָס איז בעוואַכסען פון אַלע זייטען מיט גרינע בלעטער, און מיר האָבען זיך געזעצט עסען דאָס ערשטע מאָל אויף דער פרייער לופט. אַ גאַנצער כאָר פון פויגעלעך, אומזיסטיגע כלי־זמר, האָבען אונז צוגעזונגען צום עסען, געפּישטשעט, געטשע־ריקעט און געטערעליקעט אויף טויזענדערליי אופנים, און צוגע־שפּרונגען אַלע מאָל איינציגווייז צום טיש: ציץ־ציץ, פּיק־פּיק! געהאַפּט אַ ברעקעל — און אַוועקגעפלויגען ווייטער.

— חיה־עטעל! — רוף איך מיך אָן צו מיין ווייב. — וואָס זאָגסט דו דערויף? נאָך אַזאַ שפּאַציערגאַנג אין וואַלד עסען אויף דער פרייער לופט איז, אַפּנים, ניט שלעכט?

— וואָס זאָל איך זאָגען? — ענטפערט מיר מיין ווייב, ווי איהר שטייגער איז. — איך האָב דאָך דיר שוין לאַנג געזאָגט: אַ רוח אין געלט'ס טאַטען אַריין! איין שטיקעל חסרון נאַר, וואָס ס'איז שוין דאָ צו פריי, צו אָפען, מע ווייסט איינס ביי'ם אַנ־דערען וואָס סע קאָכט זיך. דאָס גריידיקער ווייבעל, וואָס מאַנ־דעלשטאַם דער דאָקטאָר ברענט איהר די אויגען מיט ליאַפּעס, איז שוין געוועזען ביי אונז אין קיך אין אַלע טעפּלעך, און דאָס רעסטאָ־פּאַליער ווייבעל האָט אויסגעפרעגט ביי די דיענסטען אַלסדינג, וואָס ביי אונז טהוט זיך פון דער ערשטער שעה נאָך אונזער חתונה...

— אידען, גיט עפּיס אַ נדבה! — רופען זיך אָן עטליכע אָרע־מע לייט מיט אַ מאָל, וואָס ציהען זיך איינס נאָכ'ן אַנדערען אַ גאַנצע שורה.

— פון וואַנען זענט איהר? — טהו איך אַ פרעג איינעם פון זיי.

— פון יעהופּעץ, — ענטפערט ער מיר.

— זיצט איהר, הייסט דאָס, היע?

— חלילה! — מאַכט ער. — מיר קומען צו פאָהרען אַלע מאָל אַהער מיט דער באַהן.

— קאָסט דאָך אייך הוצאות? — זאָג איך. — מאַכט איהר חאָטש אָפּ וואָס עס קאָסט אייך?

— ווי אַמאָל, — זאָגט ער: — אַמאָל שלאָגט מען אויס די הוצאות, און אַמאָל דערלעגט מען. איטליכם געשעפט איז אַזוי. ס'איז אַ „שפּעקולאַציע"; מיר „שפּעקולירען"...

. . . . . . . . . . . . . . . .

— שלום עליכם אייך, ברוכים היושבים! — רופט זיך אָן אַ געלער יונגערמאַן מיט אַ זיידען קאַשקעטעל און מיט אַ ברייטען טלית־קטן, און שטעלט זיך אַוועק אַקעגען אונז און קוקט, ווי מיר עסען, און רויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— עליכם שלום, — זאָג איך צו איהם — קומט עסען.

— עסט געזונט, — מאַכט ער צו מיר און רויכערט דעם פּאַ־פּיראָס.

— פון וואַנען איז אַ איד? — פרעג איך איהם.

— איך בין — זאָגט ער — פון רעסטאָפּאָלי. איך בין גע־קומען אַהער, הייסט דאָס, צו מיין ווייב מבקר־חולה זיין. זי זיצט טאַקי דאָ מיט אייך אויף איין דאַטשע.

— זענט איהר, הייסט דאָס, דעם רעסטאָפּאָליער'ס ווייבעל'ס מאַן? מה שמכם?

— חיים־וואָלף.

— איהר האָט מיר עפּיס געוואָלט זאָגען, רב חיים־וואָלף?

— ניין. — מאַכט ער צו מיר גאַנץ ערנסט. — איך האָב דער־זעהן פון דער ווייטען, אז איהר עסט, בין איך צוגעגאַנגען אומיס־טען זעהען, ווי אזוי עסט א איד אַהן א היטעל?...

— פונקט — זאָג איך צו איהם — די אייגענע מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפען אין קאָנאָטאָפּ. קיין קאָנאָטאָפּ איז ניט לאַנג געקומען צו פאָהרען דער רעסטאָפּאָליער רבי אייערער. איז אריינ־געקומען צו איהם איינער א געוויסער מתנגד, רב משה קאָנאָטאָ־פּער, וואָס האַלט נישט פון קיין רבי'ן, און לעגט איהם אנידער א קערבעל און שווייגט. פרעגט איהם דער רבי: „וואָס ווילסט דו זאָגען?" ענטפערט ער ניט דאָס אנדערע וואָרט, נעמט־ארויס און לעגט־אנידער דעם רבי'ן נאָך א קערבעל. פרעגט איהם דער רבי נאָך א מאָל: „וואָס איז דיין באַגעהר?" רופט זיך אָן דער משה: „גאָרניט. איך האָב נאָר געוואָלט זעהען, ווי אזוי נעמט א איד אומזיסט געלט"...

דער רעסטאָפּאָליער'ס ווייבעל'ס מאַן דרעהט זיך אוים מיט'ן פנים אהין, טהוט א שפּיי און טרעט אָפּ.

— וואָס זאָגסט דו, חיה־עטעל, אויף דיין רעסטאָפּאָליער'ס ווייבעל'ס מאַן?

— וואָס זאָל איך זאָגען? — מאַכט זי. — דיינע יעהופּעצער אריסטאָקראַטקעס מיט די ברילִיאַנטענע אויהרינגלעך, וואָס זיצען דאָ אויף דער דאַטשע, זענען נישט בעסער. א גאַנצען טאָג הערט מען פון זיי נאָר „חאַ־חאַ־חאַ!" און „חאַ־חאַ־חאַ!" פאַרהאַן דאָ ביי אונז איינע א דאַמע מיט ברילִיאַנטען, דוקא אַזעלכע, וואָס זיצט כסדר איבער א בוך, — זאָלסט דו זעהען, וואָס זי האָט דער־ארבייט איבער א היהנדעל! עס האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אז איהר שכנה, אויך א דאַמע מיט ברילִיאַנטען, האָט ביי איהר אוועקגענ...

— חאַ־חאַ־חאַ! חאַ־חאַ־חאַ! — הערט זיך א קוויטשיג גע־לעכטער פון א דאַמע, און מע פיהלט, אז זי לאַכט מיט יאַש־טשערקעס.

און די אַנדערע דאַמע שרייט און שעלט, און עס וואַרפען זיך דורך ביי איהר מאָדנע ווערטער: פּיסקאַטע, מאָרדאַטע, קאַרפּאַטע, האָרבאַטע, פּאַרחאַטע, סמאַרקאַטע...

— אָהאָ! — רוף איך מיך אָן. — זי באַזיצט גוט די שפּראַך!

— זאָלסט דו אָבער זעהען, — זאָגט צו מיר מיין ווייב — ווי צו מיר וויל זי נישט רעדען קיין אידיש; נאָר אויף רוסיש, און נאָר אויף דייטש, חאָטש געב איהר אַ קרענק!...

---

י.

[אַ הייסע וואַנד אויף דער דאַטשע. — דאָס ליעד פון אַ פּאַלאַווייטשיק און די מחשבות פון אַ סוחר.]

איינגעמיעדט, אויסגעמוטשעט פונ'ם טאָג, זענען מיר אַנידערגעפאַלען אַלע, ווי די סנאָפּעס, און האָבען זיך געלעגט שלאָפען. אָפּגעשלאָפען אַקעגען אַ פּאָר שעה, חלום'ט זיך מיר, אז איך בין אין אַ שוויץ-באָד, העמד-העט אויף דער אויבערשטער באַנק, און מע שמייסט מיך מיט אַ ווייך בעזעמעל, מחיה נפשות!

— דאַוואַי פּאַרע! — שריי איך פונ'ם שלאָף מיט אַלע כחות. — פּאַרע! פּאַרע, פּאַרע! *

— גאָט איז מיט דיר! וואָס שרייסט דו? וואָס איז דיר? — זאָגט מיין ווייב און וועקט מיך פונ'ם שלאָף.

— עפּיס אַ מאָדנע היץ — זאָג איך — ביי אונז אויף דער דאַטשע! איך בין אָפּגעגאָסען מיט שוויים! טהו נאָר אַ טאַפּ, חיה-עטעל, די וואַנט — סע פּאַרעט פוי איהר, ווי פון איין אויוועז.

---

* געב היץ. היץ! היץ! היץ!

— אוי, אַ דונער איז מיר! — שרייט אויס מיין חיה־עטעל און טהוט אַ חאַפּ די האַנד צוריק. — די וואַנט איז הייס, ווי פייער!

— אפּנים, — זאָג איך — ביי זיי זענען די דאַטשעס מיט הרובעס?

— אַ חכם אַ איד! — זאָגט מיין ווייב. — האָסט געהערט אַמאָל אַ דאַטשע זאָל גאָר זיין מיט הרובעס? משוגע מיינע שונאים? עס געהער מסתמא אריינגעהן צו אונז די וואַנט פונ׳ם אויוועז, וואָס פאַרשטעהסט דו דאָ ניט?

— וואָס קומט אַרויס פון דעם, וואָס איך פאַרשטעה? ס׳איז אַזוי הייס, אַז מע קאָן צעגאַנגען ווערען, ווי פּוטער!...

איך בין זיך מטריח און עפען־אויף דאָס פענסטער, רייסט זיך אריין צו אונז אין שטוב אַ קיהל ווינטעל און טראָגט אונז אונטער גלייך אין נאָז אריין אַ געשמאַקען ריח פון בלומען און מיני בשמים אַזעלכע, וואָס מיר זענען צו זיי גאָר נישט געוועהנט געוואָרען. איך שטעק־אַרויס דעם קאָפּ דורכ׳ן אָפענעם פענסטער און בלייב שטעהן אַ פער׳כשופ׳טער פון דער זעלטענער שענער שמעקענדיגער זומער־נאַכט.

דער טונקעל־בלויער הימעל איז אויסגעשטערענט, בעזעצט מיט ברילליאַנטען, וואָס שעמערירען אין די אויגען. דורך די גרינע בלע־טער פון די בוימער קוקט־דורך די זילבער־ווייסע לבנה, וואָס טוקט זיך אין שטיקער גרויע חמאַרע; די שטיקער גרויע חמאַרע ווערען אַלע מאָל שיטערער און שיטערער, ביז זיי צעגעהען זיך, ווי רויך, און די זילבער־ווייסע לבנה בלייבט וויעדער ריין און גאַנץ, אָהן אַ שום פּגם. און פון דאַרטען ערגיץ, פונ׳ם וואלד, לאָזט זיך הערען אַ מאָדנע געזאַנג: „טשרי — משחערי — קטי — טיו — טיו — טיוך — טיוך"... איך הער זיך צו, איך וויל דעם אָטעם ניט חאַפּען, איך ווער פערשטאָרבען: איך האָב שוין לאַנג, לאַנג נישט גע־הערט אַזאַ מין זינגען! דאָס איז ער, דער זיסער סאָלאָוויטשיק, דער נאַכט־משורר, וואָס לאָזט זיך הערען איבער׳ן גאַנצען וואלד, וואָס שלאָפט אַליין ניט און לאָזט ניט יענעם שלאָפען, וואָס וועקט

אין אייך טיעף־פערבאָרגענע, לאַנג־געשטאָרבענע געפיהלען, וואָס רופט אַרויס משונה־מאָדנע מחשבות, אַזעלכע מחשבות, וואָס גע־הערען זיך כלל וכלל נישט אָן מיט קיין געשעפטעל, מיט קיין פער־דיענסטעל און מיט קיין קערבעל.

איך טראָג מיך איבער מיט מיינע מחשבות אין איין אַנדער וועלט, אהין ווייט־ווייט, אין מיינע קינדערשע, יונגעלשע, נאַרישע, נאָר גליקליכע, גליקליכע יאָהרען, וואָס וועלען זיך שוין קיינמאָל, קיינמאָל ניט אומקעהרען, — און איך ווער אויף אַ ווײַלע איין אַנ־דערער מענש, עס גלוסט זיך מיר ניט אָפּטרעטען פון דאַנען. איך וואָלט אַזוי געשטאַנען דאָ אַ גאַנצע נאַכט. נאָר פּלוצים קעהרען זיך אום צו מיר צוריק די פריהעריגע, די שטענדיגע, וואָכעדיגע מחשבות: ווייב און קינדער, דערוואַכסענע טעכטער, קאָפּדרעהע־ניש, אַ געשעפטעל, אַ קערבעל...

„מע קאָן ניט לייקענען, — קלער איך מיר — ער זינגט ניט שלעכט, דער חברה־מאַן; נאָר אַ פּערנומענער מענש, וואָס האָט אין זינען אַ געשעפטעל און אַ קערבעל, זאָל זיך אַוועקזעצען אויף אַ גאַנצער נאַכט קוקען אויף דער לבנה, צעהלען די שטערען און האָרכען דעם סאָלאָווייטשיק, ווי ער זינגט, — פע!“...

איך מאַך־צו דאָס פענסטער און לעג מיך שלאָפען.

---

## יא.

[ראַזניק גאַלאַנטערייניך טאָווואַראָוו.* — אַ קאַלטע באָד. — דעם רעסטאָפּאַליער'ס ווייבעל'ס מאַן מאַכט אַ פּשרה.]

— ראַזניק גאַלאַנטערייניך טאָווואַראָוו! — הער איך עמיצער שרייט מיר גלייך אין אויהער אַריין. — מילאָ ווערע־וויאָלעט! זייף גוטע! אפשר דאַרפט איהר גוטע זייף?

---

* כל מיני גאַלאַנטעריי־סחורה.

— זייף? וואָסערע זייף? — רוף איך מיך אָן דערשראָקען, זעץ מיך אויף אויפ'ן געלעגער און רייב דורך די אויגען און דער־זעה פאר זיך אַ שווארץ הינטיש פּנים'על מיט אַ פּעררימען נעזעל.

— וואָסערע איהר ווילט, — מאכט צו מיר דאָס שווארצע פּנים'על: — ווערע־וויאָלעט, בראָקאר, פּולס, אָדער גאָר — פּאַ־טשולי? גוטע, שמעקענדיגע? קלויבט אייך אויס, קויפט, וואָלוועל!

— ווער איז דאָ? וואָס איז דאָ? גוואלד! גוואלד! גוואלד! — חאַפּט זיך אויף מיין ווייב מיט אַ געשריי און דערזעהט דאָס שווארצע פּנים'על אין פענסטער, פאַלט זי חלשות.

— גאָט איז מיט דיר! — זאָג איך צו איהר און מינטער זי. — ס'איז גאָרנים, ס'איז גאָרנים! ס'איז אַ גאַלאַנטערייסשטשיק!

— מאַדאָם! — רופט זיך אָן דער גאַלאַנטערייסשטשיק צו מיין ווייב מיט אַ געלעכטערעל. — וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען פאר מיר? איך בין דען מיט הערנער?

— ווי אַזוי קריכט דאָס אַ איד — זאָג איך צו איהם — אין אַ פּרעמדען פענסטער, בשעת יענער שלאָפט?

— אז מע זיצט אויף אַ דאַטשע, — מאכט ער — באַדאַרף מען אויפשטעהן פריה.

— אפשר — זאָג איך — זענען מיר נים געשלאָפען אַ גאַנצע נאַכט?

— וואָס דען האָט איהר געטהאָן?

— ס'איז נים אייער טאַטענ'ס עסק! — זאָג איך. — געהט אייך געזונטערהייד!

— אז איך וועל דאַרפען געהן, — מאַכט ער — וועל איך מיך ביי אייך נים אָנפרעגען. גאַנצע פּריצים! קומען צו פאָהרען קיין בויבעריק, צעלעגען זיך ווי ביי'ם טאַטען אין וויינגאָרטען! נים געננוג, וואָס מע ברענגט זיי צו טראָגען אין שטוב אריין אַלדאָס בייז, זענען זיי נאָך נים צופריעדען!

— איהר זענט — זאָג איך — אַ גרויסער נאַחאַל!

— נאַחאַל? — מאַכט ער מיט אַ שמייכעלע. — וואָס הייסט דאָס נאַחאַל? וואָס איז דער טייטש נאַחאַל? איך זעה, איהר זענט אַ בייזער איד. מאַדאַם, גיט עפּיס צו לייזען! קויפט אייך, מאַדאַם, אַ שפּילקע איין אַנטיק, מע טראָגט היינט פון הינטען.

איך קאָן שוין מעהר ניט איבערטראָגען. איך האַפּ דעם קרוג מיט וואַסער און גיס איהם אוים אויפ'ן קאָפּ. מאַכט ער אַ גוואַלד, אַ געשריי. לויפען זיך צענויף אַלע שכנים מיט אַלע שכנות מיט אַלע דיענסטען, און עס ווערד אַ יריד מיט אַ געפּילדער. דער עולם גיט מיר אַנצוהערעניש, אַז ניט אַזוי בעדאַרף מען זיך בעגעהן מיט אַ אידען איין אָרעמאַן.

— ממה נפשך, — זאָגען זיי — איהר ווילט ניט קויפען, קויפט ניט; אָבער נעמען באַלעדיגען איין אָרעמען גאַלאַנטעריישטשיק אומ־זיסט־אומנישט, אָפּגיסען איהם מיט אַ פּאָמוניצע — פּע, דאָס טהוט ניט קיין לייטישער מענטש!...

דערהערט אַזעלכע דבורים, רופט זיך אָן דער גאַלאַנטעריי־שטשיק, אַז ער געהט גלייך צום אוריאַדניק — און גענוג; לאָז דער אוריאַדניק טהון, וואָס ער וויל זיך...

מישט זיך אריין דעם רעסטאָפּאַליער'ס ווייבעל'ס מאַן און מאַכט צווישען אונז אַ פּשרה, אַז איך זאָל ביי'ם גאַלאַנטעריי־שטשיק בעטען מחילה און טאַקי עפּיס קויפען אויך ביי איהם, געבען צו לייזען.

— ס'איז אַ יושר, — זאָגט דעם רעסטאָפּאַליער'ס ווייבעל'ס מאַן — ס'איז אַ גרויסער יושר! געבען צו לייזען אַ אידען, הערט איהר, איז אַ סך מעהר מצוה, ווי עסען אָהן אַ היטעל...

— אַ יושר! אַ יושר! — העלפט אונטער דער גאַנצער עולם.

— טאָמער ווערסט דו זיך דערוועגען — זאָגט צו מיר מיין ווייב — עפּיס קויפען ביי דעם אידען אויף צוויי גראָשען, וועט זיך טהון חושך!

נו, זאָגט שוין איהר, וועמען זאָל איך פאָלגען?...

## יב.

[דער בויבעריקער וואלד אין דער פריה. — אידען און ווייבער פון דער „סענאַ־טאריע“. — מע לאזט נישט שפייען און מע געהט־אוים נאך א ביסעל בארשטש.]

דער בויבעריקער וואלד אין דער פריה, ווען די וועלט שלאפט נאך, איז באמת א פערגעניגען. ער זעהט אוים, ווי א חתן, א שענער, א ריינער, איין אויסגעצוואַגענער און איין אויסגעפוצטער. מע זעהט נישט די ברואים, מיט די נפשות, וואס דרעהען זיך דאַ ארום דעם גאנצען טאג. מע הערט נאר א פישטשען און פייפען פון טויזענדער קליינע בעשעפענישלעך, וואס זינגען, זשומען און טערעלייקען, שפרינגען פון איין צווייגעל אויפ'ן אנדערען, פליהען פון איין בוים אויפ'ן אנדערען, טוקען זיך און באדען זיך אין די טראפענס טוי, וואס הענגען נאך אויף די בלעטער און בלישטשען אויף דער ליכטיגער ווארעמער זון, ווי בריליאנטען. פלוצים ווערד א געשריי צווישען א גאנצער טימשקע פויגעלעך, א געשלעגעריי מיט א קוויטשעריי — סכנת־נפשות! וואס איז די מעשה? מע האט זיך צעאמפערט איבער א ווערימעל. איין פויגעלע האט גע־פונען א ווערימעל און האט זיך פערקליבען אין דער זייט אויף א צווייגעלע, געדרעהט דאס קעפעלע אויף אלע זייטען, זיך גע־וואלט מאכען איין אנבייסען. האט דערזעהן דאס אנדערע פוי־געלע און איז צוגעשפרונגען:

— ציף־ציף! וואו האסט דו דערטאפט אזוי פריה א ווע־רימעל?

— ציף־ציף! וואו איך האב דערטאפט, אבי איך האב שוין דערטאפט.

— ציף־ציף־ציף! געב מיר אויך א פיצעלע!

— ציף־ציף־ציף! געה, זוך, נישטער, געפין, חאפ, וועסט דו האבען!...

— ציף־ציף, ציף־ציף! קומט אהער, וועט איהר עפּיס זע־הען! — צעשרייט זיך דאָס אַנדערע פויגעלע צו די איבעריגע פויגעלעך און ציהט־אויס דאָס קעפּעלע.

— ציף־ציף־ציף! וואָס טהוט זיך דאָ? — פרעגען די אי־בעריגע פויגעלעך, וואָס פליהען זיך צענויף אויף דעם געשריי.

— ציף־ציף־ציף! אַ ווערימעל! — שרייט דאָס אַנדערע פוי־געלע.

— ציף־ציף־ציף! ציף־ציף־ציף! אַ ווערימעל, אַ ווערימעל, אַ ווערימעל! — שרייען אַלע מיט אַ מאָל.

און עטליכע מיט אַ מאָל בעפאַלען דאָס פויגעלע, וואָס מיט'ן ווערימעל, און אַנדערע שטעלען זיך איין פאַר'ן פויגעלע, וואָס מיט'ן ווערימעל, און דאָס פויגעלע לאָזט אַרויס דאָס ווערימעל, פליהט־אונטער אַ ווילד פרעמד פויגעלע און האַפּט דאָס אונטער און פליהט אַוועק, און דאָס אָרעמע פויגעלע בלייבט נעבאַך שטעהן בעטריבט, לאָזט אַראָפּ די פליגעלעך, בלאָזט זיך אָן, ציטערט און פלאַטערט. קע־קע־קע! — שאַרפט זיך אויס דאָס פּיסקעלע ביי אַ צווייגעלע הין און צוריק עטליכע מאָל, הויבט־אויף די פליגעלעך און — פּררררר! — לאָזט זיך זוכען איין אַנדער מין שפּייז, אבי איבער־חאַפּען עפּיס אויפ'ן ניכטערען הארצען.

אויך פון אונטען, אויף דער ערד, איז ניט שטיל; עס שפּרינ־גען, לויפען, קריכען און פויזען אַרום טויזענדערליי מינים בעשע־פענישען, פליעגעלעך, זשוקלעך, ווערימלעך, שלענגעלעך און יאַש־טשערקעלעך פון אַלערליי פאַרבען, שפּינען און מערעשקעס אַלפּי־אַלפים; דער טראָגט אַ טוידטע פליעג צו זיך אין נעסט אריין, די קליינע קינדער אויף אָנבייסען; דער — אַ גרעזעלע, דער — אַ שטיקעל סכך אויף דער סוכה, און דער שלעפּט אַ גאַנצען שטרוי צעהל מאָל אזוי גרויס, ווי ער אַליין — אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרבייט, זיך בעוואָהרענען מיט וואָס איבערצוקומען דעם טאָג. און אויך די לופט איז פול מיט קאָמאַרעס, גרויסע עזות־פנים'ער, וואָס שפּרינגען אין פּנים אריין, און אַלערליי פאַרביגע

פערכעס און פערכלעך, וואָס לעבען פונ'ם ווינד, דרעהען זיך אַרום אַהין און אַהער טהוען גאָרנישט. נאָר זיי זשומען און ברומען, טאַנצען־אַרום אויף פרעמדע חתונות, רוימען־איין אַ סוד אין אויער און טהוען אַ בּיס פון הינטען זויגען־אויס אַ ביסעל בלוט און פליהען ווייטער... אַלסדינג לעבט אין דער נאַטור, אַלסדינג איז בעשעפטיגט, פערטאַרעראַמט מיט זיך, מיט זיין אייגענעם מאָגען...

נאָר שפּעטער־שפּעטער הויבען־אָן ביסלעכווייז בעווייזען זיך אין וואַלד אויך מענשען; ווידער די זעלבּע ברואים, ווידער די אייגענע אידען מיט די אייגענע פּלעשלעך, מיט די אייגענע הענגענדיגע קברים (האַמאַקען), וואָס אַלע מאָל.

— איהר זיצט דאָ אין בויבעריק אויף אַ דאַטשע? — טהו איך אַ פרעג אויף אַ ציקאַווען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע אָרעמע, קראַנקע, יאַדרעשליווע אידען מיט אָרעמע. קראַנקע, אויסגעטריקענטע ווייבער, וואָס האַלטען זיך צו ביי אַ בוים און הוסטען.

— אַ משל! — ענטפערען מיר עטליכע מיט אַ מאָל. — ווי קומט צו אונז אַ דאַטשע? מיר זענען אָרעמע בעלי־מלאכות פון יעהופּעץ.

— וואָס זשע טהוט איהר היע, אין בויבעריק? — פרעג איך זיי.

— אַז אַך און וועה איז אונז! — זאָגען זיי. — מיר האַלטען זיך אויף דאָ אין דעם היגען בקור־חולים, וואָס מע רופט דאָס „סענאַטאָריע“.

— אומזיסט? — פרעג איך.

— וואָס זשע, פאַר געצאָהלט?

— ווער זשע גיט דערויף געלט?

— ווער זאָל געבען? — זאָגען זיי. — קראַנק זענען די יעהופּעצער נגידים געבען געלט? זיי האָבען קאַרג? גאָט זאָל העלפען, זיי זאָלען אַריבער אויף אונזער שטאַנד וואָלטען מיר זיי בעסער אויסגעהאַלטען, ווי זיי אונז.

— וואס איז דען? — פרעג איך. — ס'איז אייך דא נישט גוט?

— א מאדנער איד איהר זענט! — מאכען זיי צו מיר. — וואס זשע, ס'איז אונז גוט?

— דהיינו, וואס פעהלט אייך?

— ס'זאל אונז צוקומען וואס אונז פעהלט! ערשטענס, האט מען אונז אפגעריסען פון דער היים, פון ווייב און קינדער, און באזעצט אט דא אויף א דאטשע, און מע האדעוועט אונז, ווי די געגז, מע שטאפט אונז מיט רפואות און מיט מילך און מיט „קא־פיר", וואס דער טאטער מאכט פון אונזערטוועגען, און מע הייסט אונז ליגען א גאנצען טאג אין וואלד, אויף דער „לופט", און נישט טראגען קיין שום דאגות אויפ'ן קאפ. ס'איז גרינג צו זאגען.

— אט דאס איז גאר? — זאג איך.

— און דאס שפייען? — רופט זיך אן צו מיר א איד מיט שווארצע ברילען און פערהוסט זיך. — און דאס שפייען איז ביי אייך גארנישט?

— וואסער שפייען? — פרעג איך איהם.

— דאס שפייען. — מאכט ער — וואס מע טאר נישט שפייען! א איד הוסט און וויל א שפיי טהון, לאזט מען איהם נישט! דער דאקטאר האט איינגעפיהרט אזעלע שיסעלעך, און איטליכער קראנ־קער מוז זיך ארומטראגען מיט זיין שיסעלע, און זאל ער שפייען. נו, טהוט דאס א קלארער?...

— היינט די לייעלעכער מיט'ן בעטגעוואנט, מיט'ן גרעט — רופט זיך אן א קראנקע אידינע מיט טוידטע ליפען — האט דער דאקטאר אנגעזאגט, מע זאל בייטען אלע מינוט. האט איהר גע־הערט א משוגעת? איך פרעג א קשיא: וואס געהער זיך אן, אשטייגער, א וויסער לייעך מיט מיין הוסטען, וואס איך הוסט? אז איך וועל בייטען צעהן מאל אין טאג דאס העמד, וועל איך אויפהערען הוסטען?

— היינט דאָס עסען, וואָס מע גיט אונז! — רופט זיך אָן א אידעל מיט ברענענדיגע אויגען.

— מע גיט אייך נישט קיין עסען? — פרעג איך איהם.

— וואָס האָט איהר געוואָלט? מע זאָל אונז שוין גאָר נישט געבען קיין עסען? — מאַכט צו מיר דאָס אידעל מיט די ברענענ־דיגע אויגען. — עסען גיט מען, נאָר אַלץ הייסט ביי אייך עסען? מיר געפינען זיך דאָ אינ'ם היגען בקור־חולים שוין, ברוך־השם, אזוי גרוים ווי דריי זומערען, און מיר געהען־אוים פאַר א ביסעל באָרשטש. דריי זומערען כסדר האָדעוועט מען אונז מיט יאַיכלעך, מיט היהנדלעך געבראָטענע, מיט מילך און מיט לייזע אייער. אַלע טאָג ווייעדער א מאָל א היהנדעל און ווייעדער א מאָל א יאַיכעל, און אָבער א מאָל מילך און אָבער א מאָל לייזע אייער! קרעפּלעך עסען, זאָגט מען, קאָן אויך נמאס ווערען! מיר בעטען, מע זאָל אונז אָפּקאָכען א מאָל א ראָסעל־פלייזשעל מיט קנאָבעל, מאַכען א ציבעלקע מיט שמאַלץ, א שטיקעל רעטאָך פאַר א נאָווינע, געבען א מאָל אַביסעל באָרשטש צו דערקוויקען די נשמה, — זאָגען זיי: דער דאָקטאָר הייסט ניט. איהר זענט ניט קראַנק, זאָגען זיי, עסען „קאָטלעטען" גוטע, א „בעשטעק" א פרישען, א געבראָטען היהנ־דעל, א בוליאָן מיט פּענעצלעך, און פּאַרטרינקען מיט מילך, אָדער מיט „קאַפיר", וואָס דער טאָטער מאַכט! — וואָס טויגען אונז די דאָזיגע מאַכלים? — טענה'ן מיר. — איהר גיט אונז דאָס, וואָס מיר האָבען ליעב! ממה־נפשך, האָט איהר זיך אונטערגענומען אונז אויסהאַלטען מיט א דירה און מיט דיענסטען און מיט רפואות און מיט אַלדאָסדינג, באַדאַרפט איהר אונז פרעגען, וואָס מיר האָבען ליעב, ניט דאָס, וואָס דער קלוגער דאָקטאָר וועט אויסטראַכטען! ווי באַלד ס'איז ביי אייך א בקור־חולים, — טענה'ן מיר, — איז דאָך עס א בקור־חולים פון אונזערטוועגען, פון די אָרעמע־לייט'ס וועגען, נישט פונ'ם דאָקטאָר'ס וועגען! אנו, לאָז פּרובען זיין א בקור־חולים אָהן אָרעמע־לייט, אָרעמע קראַנקע, מיט נאָר דאָקטוי־רים אַליין! וואָס, אפשר ניט אזוי?...

— פּאַפּאַשאַ, יאַוורעאַי! * — שרייען צו מיר די קלענערע קינדער און רופען מיך פון וואַלד אַרוים.

פון זינט איך האָב „געחאַפּט" די גראָבע עטליכע טויזענד און עס האָבען אָנגעהויבען אַריינקומען צו מיר אין שטוב אַריין סטודענטען, האָט מען ביי מיר אויפגעהערט צו רעדען אידיש. האָטש די סטודענטען (זיי הייסען חאַצקילעוויטש, קנאָבעלמאַן און פּייטעלזאָהן) קומען אַרוים פון אידען, און ס'איז גאָר אַ סברא, אַז זיי זענען אַליין אויך אידען... אויף זיי קוקענדיג, רעדען שוין אונזערע קינדער מיט אונז אויך ניט קיין אידיש. זיי זאָגען, אַז מע רעדט שוין היינט אין ערגיץ נישט „פּאַ-יעווריייסקאָמו" — און געה טהו זיי עפּיס!

---

## יג.

[בויבעריקער בעלי־בתים. — ותלמוד תורה כנגד כולם!]

געקומען פון'ם וואַלד, טרעף איך צוויי אידען, איינער איז אַ נידעריטשקער, אַ גראָבליכער, דער אַנדערער אַ הויכער, אַ דינליכער.

— ווער זענט איהר? — פרעג איך זיי.

— מיר זענען טאַקי היגע, הייסט דאָס, בעלי־בתים זענען מיר.

— וואָס ווענט איהר זאָגען גוטס?

— גאָרנישט, מיר האָבען אייך נאָר געוואָלט אַ פרעג טהון, צי איז ניט געווען ביי אייך אונזער שוחט'ס זוהן?

— אַ יונגערמאַנטשיק — זאָג איך — מיט אַ לאַנגען פּידזשאַק, מיט אַ גרינעם זשילעט און מיט אַ ווייסער מאַנישקע?

— יאָ, יאָ, יאָ! — זאָגען זיי. — האָט ער אייך געבעטען, איהר זאָלט זיך פאַרשרייבען אויף דער תלמוד־תורה?

---

* טאַטע, אידען!

— געבעטען — זאָג איך.

— נו, איהר האָט זיך פאַרשריבען?

— פאַר וואָס ניט? — זאָג איך.

— נו, מהיכי־תיתי, פאַרשריבען איז פאַרשריבען! — מאַכען זיי און קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע. — אַ קאָמעדיע מיט די דאַטשניקעס, אַ ריינע קאָמעדיע! ווער עס זאָל נישט קומען צו זיי נאָך געלט, געבען זיי. ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכען!

— וואָס איז דען? — זאָג איך. — איהר האַלט דען נישט פון דער היגער תלמוד־תורה?

— וואָסער תלמוד־תורה? — זאָגען זיי. — וואָסערע לאָקשען? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! פאַרהאַן דען ביי אונז אָרעמע קינדער אין בויבעריק, וואָס מיר זאָלען דאַרפען האָבען אַ תלמוד־תורה? טהוט אַ פרעג אויף אַ ציקאַוועסט דעם יעהופּעצער מלמד, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, וועט איהר הערען...

— געפינט איהר, הייסט דאָס, אַז איך דאַרף — זאָג איך — אויף דער תלמוד־תורה גאָרנישט געבען?

— וואָס איז שייך — זאָגען זיי — מיר געפינען? מיר קאָנען אייך דען זאָגען אַ דעה אויף אייער קעשענע? און אַז איהר וועט וועלען אייער געלט אַרויסוואַרפען אין דער בלאָטע, קאָנען מיר אייך פאַרוועהרען? מיר זענען חלילה ניט אַזעלכע מענטשען, וואָס מיר זאָלען יענעם באַרעדען. נאָר איהר זאָלט וויסען, ווער אונזער שוחט'ס זוהן איז און וואָס ער איז, וואָלט איהר אַרויס פון די כלים... האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס מיר האָבען אייך אפשר דעקוטשעט. אַ גוטען טאָג!

זיי לאָזען זיך געהן און קעהרען זיך אום צוריק:

— וואָס האָבען מיר אייך געוואָלט בעטען? איהר זאָלט נישט זאָגען קיינעם, אַז מיר האָבען אייך דערצעהלט מכח דער תלמוד־תורה, דעם שוחט'ס זוהן, דאָס, יענץ... דאָס האָבען מיר נאָר אייך געזאָגט גלאַט אַזוי, איהר זאָלט וויסען... איהר פאַרשטעהט?... אַ גוטען!

— א גוטען!

תיכף נאך די צוויי אידען קומען צו געהן אנדערע צוויי אידען: איינער מיט א קאפעליש, דער אנדערער מיט א קאשקעט.

— ווער זענט איהר? — פרעג איך זיי.

— מיר זענען טאקי היגע, הייסט דאס, בעלי־בתים זענען מיר.

— וואס ווערט איהר זאגען גוטס?

— גארנישט! מיר האבען אייך נאר געוואלט א פרעג טהון, צי זענען נישט געווען ביי אייך נאר־וואס צוויי אידען?

— איינער א נידעריגער — זאג איך — און א גראבליכער, דער אנדערער א הויכער און א דינליכער?

— יא, יא, יא! — זאגען זיי. — האבען זיי אייך נישט דער־צעהלט פונ׳ם שוחט׳ס זוהן און פון דער היגער תלמוד־תורה?

— וואסער תלמוד־תורה? — זאג איך. — ס׳איז דען ביי אייך פארהאן א תלמוד־תורה אין בויבעריק?

— נאך א מין תלמוד־תורה! — זאגען זיי. — אזא שטיק געלד זאלען מיר האבען! די אידען האבען אייך אפשר געזאגט, אז ניין?

— ס׳איז דען פארהאן ביי אייך ארעמע קינדער? — זאג איך זיי.

— נאך א מין ארעמע קינדער! — זאגען זיי. — אזוי פיעל טויזענדער זאלען מיר פארמאגען מיט אייך אינאיינעם, וויפיעל ארעמע קינדער עס געהען ארום ביי אונז נאקעט און בארוויס! יענע צוויי אידען האבען אייך אפשר געזאגט, אז ניין? ס׳איז דיר איין אקציע מיט א אידען! הערט איהר, ס׳איז ניט שייך צו רעדען, איהר זענט דאך נישט מעהר ווי א פרעמדער מענטש, נאר מיר זאלען אייך דערצעהלען א צעהנט־חלק פון דעם, וואס ביי אונז אין שטעדטעל טהוט זיך אפ, וואלט איהר געשפרונגען אין דער לופטען! איהר מעגט אונז זיכער גלויבען, אז מיר קעהרען זיך אן מיט׳ן שוחט׳ס זוהן גאר ווינציגע מחותנים, און מיר דארפען איהם אויף נייען און נייענציג כפרות... נאר וואס דען? דער דאזיגער

יונגערמאַן, הערט איהר, איז דוקא אַ לייטישער יונגערמאַן; איהר קאָנט פאַרשטעהן פון דעם אַליין, אַז ער גיט זיך אָפּ מיט אַזאַ זאַך. כלעבען, אַזאַ גרויסע, אַזאַ הייליגע זאַך, ווי תלמוד־תורה! אַ קליי־ניגקייט — תלמוד־תורה! עס שטעהט ביי אונז געשריבען, מסתמא ווייסט איהר דאָך, ותלמוד תורה כנגד כולם — וואָס קאָן שוין זיין גרעסער דערפון? קומען צו געהן צוויי אידען און זענען מבטל, גאָרנישט! די גאַל קאָן דאָך נאָר צעזעצט ווערען! באשה וואָס? באשר ביי אונז זענען דאָ צוויי שוחטים, צוויי בתי־מדרשים, צוויי פּאַרטיעס, — איז וואָס איינער טהוט, טהוט דער אַנ־דערער קאַפּויר! און דערצו האָט זיך נאָך אַריינגעמישט דער מלמד פון יעהופּעץ, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, למאַי מע האָט גע־עפענט אַ תלמוד־תורה אָהן איהם...

— געפינט איהר, הייסט דאָס, אַז איך דאַרף ניט שטעלען אויף זייערע רעד, — זאָג איך — און איך זאָל דוקא יאָ געבען אויף דער תלמוד־תורה?

— וואָס איז שייך? — זאָגען זיי. — מיר קאָנען אייך דען זאָגען אַ דעה? אוודאי איז דאָס אַ גרויסע מצוה אונטערהאַלטען אָרעמע קינדער, וואָס געהען אָרום בטל, נאַקעט און באָרוויס. און שטעלען דערוויף, וואָס יענע וועלען אייך דערצעהלען לשון־הרע, זענט איהר ניט מחויב, וואָרום אונזער שטעדטעל איז, ווי איהר קוקט דאָס אָן, אַ קליין שטעדטעל און איין אָרעמס, נאָר פול מיט אינטריגעס, רכילות, קנאה, שנאה און וואָס איהר ווילט! מיר ווילען דאָ חלילה קיינעם ניט בארעדען; נאָר גאָרנישט, ס'איז געקומען צו רעד — רעדט מען. האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס מיר האָבען אייך אפשר דערקוטשעט. אַ גוטען טאָג!

זיי לאָזען זיך געהן און קעהרען זיך אום צוריק.

— מיר האָבען צו אייך אַ קליינע בקשה, איהר זאָלט ניט זאָגען קיינעם, אַז מיר האָבען אייך דאָ דערצעהלט מכח צוויי שוחטים, צוויי בתי־מדרשים, אינטריגעס, דאָס, יענץ, לאָקש, בוי־

דעם... דאָס האָבען מיר נאָר אייך געזאָגט גלאַט אַזוי, איהר זאָלט וויסען. איהר פאַרשטעהט?... א גוטען!

— א גוטען!

נאָך די צוויי אידען קומען אָן אַנדערע צוויי אידען, איינער מיט א פּאַרעסאָל, דער אַנדערער מיט א שטעקעל, און וויעדער די אייגענע געשיכטע פון „מה טובו“:

— ווער זענט איהר? וואָס ווערט איהר זאָגען גוטס?

— מיר זענען טאַקי היגע, הייסט דאָס, בעלי־בתים זענען מיר. און אַריינגעגאַנגען זענען מיר צו אייך גאָרנישט, גלאַט אַזוי, א פרעג טהון, צי זענען ניט געווען דאָ נאָר־וואָס צוויי אידען, איינער מיט א קאַפּעליש, דער אַנדערער מיט א קאַשקעט? זיי האָבען מסתמא דערצעהלט גוזמות פון דער היגער תלמוד־תורה מיט די זיעבען און זיעבעציג תלמידים, און האָבען פאַרענטפערט דעם שוחט'ס זוהן, אַז ס'איז ביי אונז פאַרהאַן צוויי שוחטים, צוויי בתי־מדרשים, צוויי פּאַרטיעס, און האָבען מסתמא באַרעדט דעם מלמד פון יעהופּעץ, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, געזאָגט אויף איהם, אַז ער האָט ליעב כבוד, מאַכען אינטריגעס? איאָ, גלייך ווי מיר זענען געווען דערביי? עך—עך—עך! וואָס ווייסט איהר, וואָס ביי אונז טהוט זיך אָפּ! מיר זאָלען אייך ווען דערצעהלען מכח אונזערע „מעות־חטין“, מכח אונזער חברה „גמילות־חסדים“, וואָס מיר האָבען געוואָלט איינפיהרען, און מכח דער היגער באָד, וואָס מיר האָבען געוואָלט מאַכען, וואָלט איהר משוגע געוואָרען...

איך האָק זיי אָפּ און זאָג זיי, אַז איך בין זיי מוחל דאָס „מעות־חטין“ מיט'ן „גמילות־חסדים“ מיט דער באָד, און אפילו מיט'ן מלמד פון יעהופּעץ, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, — און איך וויל ניט משוגע ווערען... געזעגענען זיי זיך אָפּ מיט מיר און געהען אַוועק, נאָר עס קומען באַלד אָן אַנדערע צוויי אידען,ביידע נידעריגע און ביידע מיט קאַשקעטלעך און ביידע מיט שטעקעלך.

דערזעהען ווידער א מאָל צוויי אידען, לאָז איך מיך שוין געהן אַקעגען זיי און ווארט שוין ניט אויף קיין כבוד און רוף מיך אָן צו זיי:

— זייט־זשע מוחל, מיינע ליעבע אידען, איהר זענט דאָך מסתמא היגע בעלי־בתים און דארפט איהר גאַרנישט, נאָר גלאַט אזוי, איהר ווילט וויסען, צי זענען דאָ ניט געווען ביי מיר נאַר־וואָס קיין צוויי אידען, איינער מיט א פאַרעסאַל, דער אנדע־רער מיט א שטעקעל? זאָג איך אייך, אז ס'איז ניט געווען ביי מיר קיינער, און איך ווייס ניט גאַרנישט, ניט פון קיין שוחטים, ניט פון קיין יעהופּעצער מלמדים, וואָס שרייבען אויף די בלעטער, ניט פון קיין אינטריגעס, ניט פון קיין תלמוד־תורה, ניט פון קיין מעות־חטין, ניט פון קיין באָד, און האָט אייך א גוטען תמיד!... חיה־עטעל, היים געבען דעם סאַמאָוואר!

---

## יד.

[אפגערעדט די מויד. — ניטא קיין טראַפּען וואסער. — מיר צעקריעגען זיך מיט אלע שכנים. — איך לויף אין שטאָדט אריין.]

— דעם סאַמאָוואר, ווילסט דו, זאָל מען דיר געבען? — זאָגט צו מיר מיין ווייב. — נו־נו, וועסט שוין מעגען ווארטען אויף א סאַמאָוואר! מיר זענען געבליבען אָהן א מענטשען, אָהן א טראָ־פּען וואסער, אָהן לייב און אָהן לעבען! דיינע יעהופּעצער ארים־טאַקראַטקעס, ברענען זאָלען זיי דיר אויפ'ן פייער, האָבען היינטיגע נאַכט אָפּגערעדט אונזער מויד!

— וואָס הייסט — זאָג איך — זיי האָבען אָפּגערעדט די מויד?

— וואָס זאָגט איהר אויף דעם תם? ער ווייסט ניט, ווי אזוי מע רעדט אָפּ א מויד? נעבאָך, א רחמנות אויף איהם! — מאַכט חיה־עטעל. — לאָמיך געהן חאָטש אָפּשפּיעלען זיי א בייזען, א ווּיסטען, א פינסטערען...

— שאַ! — זאָג איך צו איהר. — חיה־עטעל, פאָלג מיך, לאָז זיין שטיל! מיר זענען דאָך נישט ביי זיך אין דער היים! מיר זיצען דאָך עפּיס אין בויבעריק, אויף אַ דאַטשע!

— אַ דאַטשע? — זאָגט מיין ווייב. — אַ גליק האָט מיך געטראָפען! זי וואָלט דיר געמעגט פאַרברענט ווערען מיט גאַנץ בויבעריק, איידער מיר האָבען זי געדונגען! איך האָב איהם אָבער געזאָגט, מע דאַרף ניט קיין דאַטשעס! האָט זיך איהם אָבער פאַרגלוסט נאָכשטופּען די קאַרעטע! אַלע אידען פאָהרען קיין בויבעריק, דעריבער דאַרפען מיר אויך פאָהרען! וואָס וואָלסט דו געטהאָן, אַשטייגער, ווען אַלע אידען זאָלען זיך אָפּשניידען די נעז?...

מיין ווייב זאָל לעבען איז געגליכען, להבדיל, צו אַ מאַשינע: אַז זי הויבט־אָן רעדען, זאָלט איהר זיך ניט פּרובען זי איבערשלאָגען; זי וועט אַזוי לאַנג רעדען, ביז זי וועט זיך אַליין אָפּשטעלען... בשעת זי האָט זיך דאָ אויסגע'טענה'ט מיט די אַריסטאָקראַטקעס פאַר דער מויד, בין איך מיך דערווייל דורכגעגאַנגען צו דער קעכין, טאָמער וועל איך ביי איהר פּועל'ען, אַז זי זאָל שטעלען דעם סאַמאָוואַר; האָט זי מיר געגעבען אַ רעכטען פּעטשאַטעק: „איך וועל מעגען וואַרטען, זאָגט זי, ביז זי וועט אויפשטעלען דעם סאַמאָוואַר! דער סאַמאָוואַר איז ניט איהר אַרבייט. ס'איז אַזוי אויך געווען, זאָגט זי, אַז זי באַדאַרף זיך וואַלגערען, ווי אַ הונט, אין דרויסען, אויף דער שענער דאַטשע זייערער! דאַטשעס האָט זיך זיי פאַרוואָלט! זיי ווייסען שוין גאָרנישט וואָס אויסצוטראַכטען פאַר גרויס ראָסקאָש!"

— דאָס איז איין מאָל אַוועק, — זאָגט די קעכין — און דאָס אַנדערע, פאַר וואָס פרעגט איהר מיך ניט, וואו וועל איך אייך נעמען וואַסער?

— וואָס הייסט — זאָג איך — וואו? מיר האָבען דען ניט קיין ברונען אויף דער דאַטשע?

— זאָל איך אייך — זאָגט זי — געהן, הייסט דאָס, ציהען וואַסער? אַ ניט דערלעבען וועלען דאָס מיינע שונאים, אַז בתיה־

ביילע די שמש'טע זאָל ווערען א וואסער־טרעגערין! געגוג, אז איך באַדאַרף דיענען אויף דער עלטער! אז אַך און וועה איז מיר, אויף וואָס איך בין איבערגעקומען! מיין רפאל, עליו־השלום, זאָל איצטער אויפשטעהן און א קוק טהון אויף זיין בתיה־ביילע'ן, וואָלט ער נאָך א מאָל געשטאָרבען!...

בתיה־ביילע צעוויינט זיך, ווי א קליין קינד. עס פערקלעהמט מיר ביי'ם הארצען, און איך רוף מיך אָן צו איהר:

— ווייסט איהר וואָס? — גיט מיר דעם עמער מיט'ן שטריק, וועל איך מיך פּרובען אליין אָנציהען איין עמער וואסער.

איך נעם דעם עמער, געה צום ברונען, דרעה מיט'ן שטריק אהער און אהין אויף אלע זייטען — עס געהט נישט! „אפּנים, ס'איז גרינגער דורכשלאָגען צעהן געשעפטען אין יעהופּעץ, ווי אָנ־שעפּען איין עמער וואסער אין בויבעריק"... — אזוי טראכט איך מיר און טהו א וואָרף דעם עמער. גליטשט זיך ארוים די שטריק און פּוץ אין ברונען — ניטאָ ניט קיין עמער, ניט קיין שטריק, ניט קיין וואסער!

— וואָס עס האָט זיך מיר גע'חלום'ט יענע נאכט און היינ־טיגע נאכט! — זאָגט בתיה־ביילע. — ס'איז א פרעמדער עמער מיט א פרעמדער שטריק! ווער האָט אייך געבעטען, איהר זאָלט אליין ציהען וואסער? זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס! א בעל־הבית זאָל זיך ליעב האָבען מישען אומעטום, אין אלע טעפּלעך! וואו וועל איך איצטער נעמען איין עמער? מיט וואָס וועל איך זיך שטעלען קאָכען?

איך אנטלויף פון קיך, בעגעגענט מיך מיין ווייב מיט א געוויין.

— נאָט איז מיט דיר, חיה־עטעל, וואָס וויינסט דו?

— א דאטשע האָט זיך איהם — זאָגט זי — פּארגלוסט! „לופט" האָט זיך איהם געוואָלט אין בויבעריק! זאָלסט געוועזען הערען, וואָס פאר א „לופט" איך האָב דאָ געהאט פון דיינע שענע אריסטאָקראַטקעס! זיי האָבען מיך אָפּגעזידעלט, ווי מע זידעלט א דיענסט! טאקי כדאי געוועזן, כלעבען, ארויספאָהרען צוליעב

דעם קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע! איך האָב געמיינט, אַז די הקדש־ווייבער וועלען זיך פאַר מיר איינשטעלען, צום סוף האָט מיר די רעסטאָפּאָליער אויסגעוואָרפען, אַז ס'איז ביי אונז אַ טרפה קיך, מילכיגס מיט פליישיגס איז ביי אונז, זאָגט זי, יחדיו... נאָר מעהר פון אַלעמען פאַרדריסט מיך אויף דער בלינדער, וואָס מאַנדעלשטאַם דער דאָקטאָר ברענט איהר מיט ליאַפּעס, עס זאָלען איהר נאָר ארויס די אויגען, ליעבער גאָט!

— אַז איהר וועט ניט אַנשטומט ווערען, — לאָזט זיך הערען אַ קול פון יענער זייט וואַנד — וועט מען אייך צעפּאַטשען די פּיסקעס! מע וועט ניט קוקען אויף אייערע איבערגעוואַכסענע מעכטער, וואָס איהר זענט געקומען מיט זיי אַהער חאַפּען חתנים, און אויף אייער מאַן, וואָס האָט געמאַכט איין אַפּערעלע און „גע־חאַפּט" עטליכע טויזענדער! מאַהלט אייך, זיי וועלען געדויערען ביי אייך, ניט מעהר זאָל דער אידישער גלות געדויערען, פון אסתר־תענית ביז פּורים! מע האָט שוין געזעהען אַזעלכע גבירים אין יעהופּעץ, וואָס היינט פאָהרען זיי אויף גומעלאַסטיקענע רעדלעך און מאָרגען געהען זיי אָהן שטיוועל צו פוס!...

„יאָ, — קלער איך מיר — דער פריהמאָרגען אויף דער דאַטשע האָט זיך אָנגעהויבען ניט אין בעסטען. אַ שלעכטער סימן!"

איך זוך־אויס פאַר מיין ווייב אַ תירוץ, אַז איך בעדאַרף האָבען נויטיג אין שטאָדט אריין, און לויף צו דער באַהן.

---

## טו.

[דאָס אַפּקומעניש. — חידושים פון „זעכס־און־זעכציג" און פון „סטוקעלקע". — ווי אַזוי עס ווערד געמאַכט איין „אַפּיס" פון אַ „אימעניע". — דער יעהופּעצער טראַמוואַי.]

די בויבעריקער דאַטשניקעס, וואָס פאָהרען אַלע טאָג אין שטאָדט אריין, האָבען, אַפּנים, שטאַרק פערזינדיגט פאַר'ן רבונו־

של־עולם, מחמת זיי זענען פער׳משפט געוואָרען, זיי זאָלען פאַר זייערע גרויסע זינד אָפּקומען אויף דער וועלט, לעבעדיגערהייד זיך פּרעגלען אין גיהנום, זיך בראָטען און ברענען אַ גאַנצען טאָג אין שטאָרט אויף דער היץ, אַרומלויפען, ווי די פער׳סמ׳טע מייז, הין און צוריק, אָנגעלאָדען מיט פּעקלעך, בינטלעך און פּאַפּיערענע פּי־דעלעך, עסען מכות, ניט שלאָפען, שטענדיג קוקען אויפ׳ן זייגער, לעבען אין פּחדים, ציטערען, מע זאָל חלילה ניט פערשפּעטיגען די באַהן...

נאָר אַז מע קומט זיך צענויף צווישען מענשען, בעדאַרף מען זיך בעריהמען מיט דער דאַטשע, אַז ס׳איז גאָר איין אַנטיק אין דער וועלט; דער עיקר איז די „לופט": די „לופט" איז מחיה נפשות, איין אמת׳ער גן־עדן!

און זיי זענען אַזוי געוועהנט געוואָרען מיט׳ן דאָזיגען „גן־עדן", אַז זיי מיינען שוין, אַז סע קומט זיי טאַקי... זיי בעקלאָגען זיך שוין גאָר ניט, זיי זענען ווי די פער׳משפט׳ע אַרעסטאַנטען, וואָס ווייסען, אַז זיי מוזען אָפּזיין זייער שטיקעל צייט, איבערקומען דעם זומער, — וואָס זאָל מען טהון? זיי זענען דעריבער זעהר צופריעדען, אַז גאָט העלפט זיי, זיי פערחאַפּען חאָטש איין אָרט אין וואַגאָן — דאָס איז אַזאַ גליק, וואָס ניט איטליכער קאָן דערצו גרייכען. מע בעדאַרף זיך שלאָגען איבער איין אָרט און מע בע־דאַרף טאַקי האָבען אַ שטיקעל הצלחה אויך; וואָרום אַ מאָל מאַכט זיך, איהר האָט שוין גוט מלחמה געהאַלטען, קום מיט צרות איינ־גענומען דעם אָרט, קומט צו געהן איינער אַ גלות מיט לאַנגע וואָנצעס, איהר ווייסט ניט, צי ס׳איז אַ איד, צי אַ כריסט, און בעט אייך, איהר זאָלט זיך מטריח זיין — „פּאַזוואָלטי וואַס בעז־פּאָקאָאיט!"... *

דער וואַגאָן, וואוהין איך האָב מיך אַריינגעחאַפּט, איז געוועזן אָנגעשטויסען מיט בויבעריקער דאַטשניקעס; אַ סך זענען געזע־

---

* זייט־זשע מוחל.

סען, און נאך מעהר זענען געשטאנען מחילה אויף די פיס. דער עולם האט זיך צעשלאגען אויף רעדלעך און מע האט געשמועסט פון געשעפט: דער פון די בענק — די בענק זעצען־אן; דער פון וועכסלעך — ער האט א גוט וועכסעלע.

— וואס ווערד אנגערופען ביי אייך א גוט וועכסעלע? — פרעגט איינער.

— א גוט וועכסעלע — ענטפערט איהם דער אנדערער — הייסט אזא וועכסעלע, וואס האט גע׳חתמ׳עט א „בטוח", נאר אזא „בטוח", וואס האלט ביי אנזעצען, איהר פארשטעהט?... ביי אזא וועכסעלע קאן מען גוט פארדיענען!... אט האב איך ערשט נעכטען געמאט צוויי וועכסעלעך אזעלכע, און דוקא אין וואלד, לינענדיג אין האמאק!

— ס׳איז בלאטע! — ענטפערט איהם יענער. — וואס פאר־דיענט מען ביי וועכסעלעך? פארדיענען פארדיענט מען ביי צוקער! אט האט נעכטען יענקעלע „געמאכט" הונדערט טויזענד פוד צוקער.

— יענקעלע האט „געמאכט" הונדערט טויזענד פוד צוקער? — טהוען א פרעג עטליכע מיט א מאל, ווי דערשראקען. — ווי טייער? ווער האט געקויפט? ווער האט פארקויפט?...

און עס געהט אוועק א לאנגער שמועס פון צוקער, און מע רעכענט אוים, וויפיעל יענקעלע מיט דער האליאסטרע האבען היינ־טיגען חודש „געמאכט" צוקער.

— איך האב מורא, אויב ניט זעכס מאל הונדערט טויזענד פוד, דער רוח זאל זיי נעמען! — זאגט איינער.

— איך האב מורא, אויב ניט מעהר! — זאגט דער אנדערער מיט א זיפץ. — זיי זאלען דאס נאר אויסקרענקען, רבונו של עולם!...

און דארט, א ביסעל העכער, זיצען די „מאכערס" אליין, און שמועסען פון צוקער, צי ס׳וועט זיין טייער, צי ס׳וועט זיין וואל־וועל. איטליכער זאגט זיין מיינונג, געוויינטליך, פונקט דעם היפך, וואס יענער זאגט, און מע הויבט אן קריטיקירען דעם מיניסטער,

וואָס ער לאָזט אַרויס אַזוי ווינציג צוקער אויפ'ן מאַרק. איטליכער בעווייזט זיין חשבון, און איטליכער זאָגט, אַז ווען ער זאָל זיין מיניסטער, וואָלט ער בעסער געמאַכט...

* * *

נאָר נישט אַלע, וואָס זיצען אין וואַגאָן, אינטערעסירען זיך מיט וועכסעלעך, מיט בענק און מיט צוקער; פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס רעדען גאָר פון עפּיס אַנדערש.

— אָט וועל איך אייך דערצעהלען אַ שענע זאַך. — זאָגט איי־נער. — מיר האָבען נעכטען געשפּיעלט אין „זעכס־און־זעכציג“ פון גאַנץ פריה ביז זייגער צוויי ביינאַכט; ס'איז מיר נישט געגאַנגען די קאָרט, זאָל גאָט שומר ומרחם זיין! קויף איך, ווער איך באַ־גראָבען! קויף איך נים, ליגט גאָלד! דערווייל טרעפט זיך, עס קומט מיר אָן דאָס קערטעל, דינג איך מיך אין טאָג אַריין! הקיצור, מע האָט מיך אַריינגעטריבען אין אלף הששי אַריין, אַזוי גרויס ווי הונדערט פינף און פערציג! וואָס האָב איך געהאַט? איך האָב געהאַט, הערט זשע, מלך, אויבער, מלכה, נייענטעל — פּיק, און טויז, אויבער, מלכה — טרעף. איז זיך מיישב די „ערשטע האַנד“, דער רוח זאָל זי נעמען, און גיהט אַרויס מיט'ן קעניג טרעף. לעג איך דאָס צעהנטעל, שלאָגט מען איבער מיין וואָלעט קאָזיר, און איך בלייב אָהן איינס, און שטעל אַ רעמיז! ווי געפעלט אייך אַזאַ שלאַק? איך האָב געמיינט, איך וועל זיך אַ מעשה אָנטהון! פּונקט הונדערט פיער און פערציג, ווי אין אַפּטייק!

— שאַט! איך וועל אייך בעסער דערצעהלען, וואָס איך האָב געהאַט! — רופט זיך אָן נאָך איינער. — מיר זיצען אַמאָל בקאָמפּאַניע און מיר שפּיעלען אין „סטוקעלקע“. ווינטער איז דאָס געוועזן, אים חנוכה, פּונקט צום פינפטען ליכטעל. פאַרגלוסט זיך מיר געהן „בלינד“, „אַ־לאַ לייב“, און קויף מסתמא „שרגא“, און ווער באַגראָבען. איז, דאַכט זיך, גוט? ווער איך אין כעס און געה נאָך אַ מאָל „אַ־לאַ לייב“, און קויף ווידער אַ מאָל „שרגא“

אויף אַ רעמיז! בקיצור, איך האָב זיך צעהיצט און האָב גע־פּטר׳ט אַ קערבעל זעכציג, און האָב דעמאָלט אָנגעשאָלטען רב לייב־לען, ס׳זאָל נאָר פאַלען אין ים אריין!...

— זייט זשע מוחל, וואָס איך וועל אייך פרעגען — רופט זיך אָן אַ אידעל מן הצד: — איך בין אליין אַ זוועניראָדקער; מע שפּיעלט ביי אונז אין זוועניראָדקע אויך אָפּטליך אין „סטוקעלקע"; דאָס הייסט, מיר שפּיעלען אין אַלע שפּיעלען, נאָר מעהרסטענטייל שפּיע־לען מיר אין „סטוקעלקע"; איך בעט אייך, מאַכט מיך קלאָר, וואָס הייסט דאָס געגאַנגען „אַ־לאַ לייב"?

— „אַ־לאַ לייב" ווייסט איהר ניט וואָס הייסט? — גיט איהם צו פערשטעהן איינער פון דער קאָמפּאַניע. — אָט וועל איך אייך קלאָר מאַכען: ביי אונז אין יעהופּעץ איז פאַרהאַן איינער אַ גע־וויסער לייב, „אַ גוטער ברודער", אַ קאָבלעפּעל אין שטאָדט; האָט ער געמאַכט אַ תקנה, אז מע שפּיעלט אין „סטוקעלקע", און איינער, למשל, געהט „בלינד", און דער אַנדערער — „געזעהען", געהט די לעצטע האַנד אויך „בלינד", ווערד דאָס אָנגערופען „אַ־לאַ לייב". היינט פאַרשטעהט איהר שוין דעם שכל?

— נו? — פרעגט דער זוועניראָדקער און ציהט אוים דעם האַלז. — איז דאָס טאַקי עפּים אַ סגולה?

— אַזאַ יאָהר אויף לייבען! — ענטפערט איהם יענער, און דער גאַנצער עולם לאַכט.

* * *

שטיל אין אַ ווינקעל האָבען זיך פערקליבען צוויי אידען, איי־נער אַ רויטער, דער אַנדערער אַ שווארצער. דער רויטער האָט פער־ריסען דאָס היטעלע ארויף, די ארבעל פערקאַטשעט, קוקט אויף אַ בריל, שוויצט און רעדט. דער שווארצער האַלט אַ שטיפטעל מיט אַ ביכעלע און שרייבט.

דער רויטער: פאַרשרייבט, זייט מוחל, אַ אימעניע אין חערסאָנער גובערניע...

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: איך באַדאַרף האָבען אין פּאָדאָליער גובערניע.

ד ע ר ר ו י ט ע ר: שרייבט אין פּאָדאָליער גובערניע אַזוי גרויס ווי דרייצעהנהונדערט דעסיאַטין ערד.

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: דרייצעהנהונדערט דעסיאַטין איז ווינציג.

ד ע ר ר ו י ט ע ר: שרייבט זשע אַכצעהנהונדערט דעסיאַ־טין.

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: אַכצעהנהונדערט איז אויך ווינ־ציג. איך באַדאַרף האָבען, ס'זאָל זיין האָטש דריי טויזענד.

ד ע ר ר ו י ט ע ר: שרייבט זשע דריי טויזענד פיער הונ־דערט דעסיאַטין ערד „טשערנאָזיאָם"...

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: הוילע ערד טויג מיר ניט. איך באַדאַרף האָבען אַביסעל וואַלד אויך.

ד ע ר ר ו י ט ע ר: בתוכם איז פאַרהאַן זעכס הונדערט דע־סיאַטין וואַלד.

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: זעכס הונדערט איז ווינציג. איך באַדאַרף, לכל הפּחות, טויזענד דעסיאַטין וואַלד. מיין פריץ, פאַר־שטעהט איהר, האָט ליעב וואַלד.

ד ע ר ר ו י ט ע ר: מיין איך — טויזענד צוויי הונדערט דעסיאַטין וואַלד...

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: וואָסער וואַלד זאָל איך שרייבען?

ד ע ר ר ו י ט ע ר: וואָסער וואַלד? סאָסנע־וואַלד, דער אמת'ער סאָסנע־וואַלד, וואָס מע פרעגט אויף איהם! סאָסנעס גרוי־סע, גלייכע, איינס און איינס! איהר האָט נאָך אַזעלכע סאָסנעס, גלויבט מיר, ניט געזעהען!

ד ע ר ש ו ו א ר צ ע ר: סאָסנעס טויג מיר ניט; איך באַדאַרף האָבען דעמב.

ד ע ר  ר ו י ט ע ר : טפו! איך מיין טאקי דעמב! די בעס־טע, די גרעסטע דעמבעס! ארזי לבנון! יעדער דעמב איז אזוי גרויס, אז ס׳איז אונמעגליך איהם צו האקען.

ד ע ר  ש ו ו א ר צ ע ר : און א הויף איז פארהאן אין דער אימעניע? מיין פריץ באדארף א הויף, און א שענעם הויף.

ד ע ר  ר ו י ט ע ר : נאך א מין הויף! א הויף צו א הויף איז ניט גלייך. פארשרייבט, זייט מוחל, א פאלאץ פון עטליכע און צוואנציג חדרים — וואס זאג איך? פון עטליכע און דרייסיג! איהר מעגט שרייבען אלע פערציג — עלי ועל צוארי.

ד ע ר  ש ו ו א ר צ ע ר : און א טייך? מיין פריץ האט ליעב, ס׳זאל זיין ביי דער אימעניע א טייך.

ד ע ר  ר ו י ט ע ר : נאך א מין טייך! א גרויסער, א טיע־פער, מיט פיש א סך! אט איז די אימעניע, אט איז דער טייך! (ער בעווייזט איהם אויף דער האנד, וואו איז די אימעניע און וואו איז דער טייך).

ד ע ר  ש ו ו א ר צ ע ר : ווי אזוי פאהרט מען אהין? מיין פריץ וויל, עס זאל זיין נאהענט צו א באהן.

ד ע ר  ר ו י ט ע ר : נאך א מין נאהענט! שרייבט א האלב ווערסט — וואס זאג איך א האלב ווערסט? א פערטעל ווערסט, עטליכע טריט פון דער סטאנציע; אט איז די סטאנציע, אט איז די אימעניע (ער בעווייזט איהם אויף דער דלאני, וואו די אימעניע איז און וואו איז די סטאנציע)...

— שאט, מיר זענען שוין באלד אין יעהופעץ! — רופט זיך אן איינער פון דער „חברה" און חאפט זיך אויף פונ׳ם ארט און איז אנגעבריים לויפען פערחאפען איין ארט אינ׳ם טראמוויי. און נאך איהם — דער גאנצער עולם.

פערחאפען איין ארט אינ׳ם טראמוויי איז נאך מעהר בריה׳־שאפט, ווי פערחאפען איין ארט אויף דער באהן. דא ווערד א גע־

לויפעריי מיט א געשפּרינגעריי איבער קעפּ — ערדציטערניש! דאָ קוקט מען שוין ניט אויף קיין כבוד. א איד, א כריסט, מיט וואָנצעס, אָהן וואָנצעס, עס מעג זיין אפילו א דאַמע — שטיקט מען זי און מע קוועטשט זי אזוי צעניוף, אז עס געהט איהר שיער ניט אַרויס די נשמה; אָדער אויב זי זיצט, זעצט מען זיך איהר אויפ'ן שויס, און לאָז זי פּרובען זאָגען, אז זי וויל ניט... בעדאַרף מען היטען די קעשענעס, און דעם זייגער איז גלייכער לאָזען אין דער היים. אז איהר וועט פאָהרען אין יעהופּעץ אויפ'ן טראַמוויי מיט א גאָלדענעם זייגער (ער מעג זיין א זילבערנער, איז אויך נישקשה), וועט איהר האָבען, איך בעט איבער אייער כבוד, א פייג, ניט קיין זייגער...

---

## טז.

[נעסט. — א לייבליכער פעטער. — יענטעל דער מוהמע זלאַטע'ס. — אומזיסטע טרערען.]

געקומען צו פאָהרען פון שטאָדט א פערברענטער, א פער'שרפה'טער, איין אויסגעמוטשעטער, א הונגעריגער, לויפען מיר אקעגען די קלענערע קינדער מיט א גדולה:

— פּאַפּאַשאַ! גאָסטי! או נאַס גאָסטי! *

— גאָט ליעב דיר מיט דיינע געסט, סקאָצעל קומט! — זאָגט צו מיר מיין ווייב. — די משפחה דיינע! געוואָהרע געוואָרען, אז דו האָסט פאַרדיענט געלט, האָבען זיי זיך צעלאָזט פון דער גאָרער וועלט! וואו זענען זיי געוועזן פריהער, ניט היינט געדאַכט, אז דער דלות האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך?...

---

* טאַטע, געסט!

„שוין לאַנג שטיל געווען!“ — טראַכט איך מיר און לאָז מיך געהן אויף דער דאַטשע, קומט מיר אַקעגען איין אַלטער איד מיט אַ טוידט פּנים, מיט איינגעפאַלענע באַקען און מיט אַ גרויסער באָרד, און נעבען איהם שטעהט אַ נידעריג ווייבעל מיט אַ רויטער נאָז און מיט אַ געלער זיידענער פּעטשיילע, פערלעגט אַרונטער די אויהערען, און מיט אַ וואַרעמער שאַל אויף די פּלייצעס, חאָטש אין דרויסען איז ניט אַזוי קאַלט. דאָס ווייבעל טהוט זיך מיר אַ מאָדנעם בויג, אַ וויש די נאָז מיט צוויי פינגער און אַ זאָג מיט אַ זיס שמייכעלע:

— האָסט מיך ניט דערקענט? געה שוין, געה! איך בין דאָך יענטעל דער מוהמע זלאַטע'ס! און דאָס איז דער טאַטע מיינער, דיין פּעטער זלמן. ער איז שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרען, איאָ? איך האָב זיך שוין באַקענט דאָ מיט אַלע דיינע קינדערלעך, איינס שענער פונ'ם אַנדערען, קיין עין־הרע ניט!

— שלום־עליכם, פּעטער! — זאָג איך צום פּעטער זלמן. — פון וואַנען קומט איהר אָן?

— מחיה נפשות! — ענטפערט מיר דער פּעטער זלמן אויף אַ הויך קול און מאַכט מיט די ליפּען, ווי אַ מענש בשעת ער עסט און האָט הנאה. — בעסער, הערסט דו, קאָן שוין גאָרנישט זיין! וואָס־זשע מאַכסט דו גוטס? האַ? שוין לאַנג, הערסט דו, ניט גע־זעהען זיך? אודאי אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג, האַ? און אפשר מעהר? שאַ, שאַ, איך וועל דיר באַלד זאָגען! וויפיעל האָבען מיר פון יענטעל'ס חתונה? האַ? פּונקט פון איהר חתונה אָן האָ־בען מיר זיך ניט געזעהן! וואָס־זשע מאַכסט דו עפּיס אין געזונט, האַ? ווי געהט דאָס דיר אין די געשעפטען, האַ?

— דאַנקען גאָט. — זאָג איך. — נו, און איהר וואָס מאַכט?

— גלייך פון אַווריטש, פון דער היים, הייסט דאָס! — מאַכט ער צו מיר אויף אַ קול. — געווען ביי דיר אין שטאָדט, געקלאָפּט אין דער טיר, מע עפענט ניט! הקיצור, מע זאָגט, דו ביזט אין

בויבעריק. וואָס טהוסט דו אין בויבעריק, האָ? אויף זומער, הייסט דאָס, האָ? זאָגסט עפּיס?

— ער דערהערט ניט, — מאַכט צו מיר יענטעל. — זינט די מאַמע, מיר צו לענגערע יאָהר, איז געשטאָרבען, איז ער, ניט פאַר דיר גערעכט, געוואָרען טויב, אָבער ווי אַזוי מיינסט דו טויב? ווי די וואַנט!

— ס'איז דאָ, הערסט דו, אויסגעצייכענט גוט! האָ? — שרייט צו מיר דער פעטער זלמן אויף אַ קול, גלייך ווי איך וואָלט דאָ גע־ווען דער טויבער, ניט ער. — איך זאָג דיר, הערסט דו, ס'איז דאָ איין אַנטיק! ממש אַ גן־עדן! האָ? איך רעכען דאָ, אם־ירצה־השם, פאַרברענגען אַ וואָך צוויי אָדער דריי, האָ?

— מיר האָבען געוואָלט פאַרפאָהרען אויף אַ סטאַנציע, — זאָגט יענטעל און פערענטפערט זיך — האָט זיך דער טאַטע איינ־געשפּאַרט — נאָר אַהער; דו ועסט זיך באַלעדיגען, זאָגט ער, טאָ־מער שטעהען מיר ביי אַ פרעמדען; איך בין דאָך איהם, זאָגט ער, אַ לייבליכער פעטער, עס פּאַסט ניט!

— און ווער איז יענץ פאַרפאָלק? — זאָג איך און ווייז אָן אויף אַ אידען מיט אַ אידינע, וואָס זיצען אויף דער ווערענדע און טרינקען טיי פון די שאָלען, בלאָזען און קוויקען זיך.

— לאָמיך אַזוי וויסען בייז! — זאָגט צו מיר יענטעל שטי־לערהייד און ווישט זיך די ליפּען און קוקט אויפ'ן פאַרפאָלק. — ס'איז, ווייזט אויס, מאַן און ווייב; זיי זענען געפאָהרען מיט אונז פון חוואַסטעווו אין איין וואַגאָן, האָבען מיר זיך צערעדט, ווי גע־וויינטליך, אונטערוועגנס: וואוהין פאָהרט איהר? וואוהין פאָהרט איהר? אהין־אהער — בקיצור, זיי זענען געוואָהר גע־וואָרען, אַז מיר פאָהרען צו דיר, און אַז דיר איז איצטער, קיין עין־הרע, די צייט גוט, דו פאַרשטעהסט?... זיי זענען, זאָגען זיי, מיט דיר קרובים, און נאָהענטע קרובים. פרעג איך: ווי אַזוי? זאָגען זיי: „ס'איז געקניפּט און געבונדען". נאָר ווי אַרום און ווי אַזוי — קאָן מען ביי זיי ניט וויסען; הויבט ער אָן דערצעהלען, שלאָגט

זי איהם איבער; הויבט זי אָן דערצעהלען, שלאָגט ער זי איי־
בער — אַ מעשה אָהן איין עק! דו הער בעסער אוים מיך; מיר זע־
נען דאָך יאָ אייגענע געשוועסטערקינדער!

און יענטעל דערצעהלט מיר אוים איהר ביטער הארץ, ווי אַזוי
ס׳איז איהר נעבאך איצט זעהר ניט גוט די צייט, דאָס הייסט, גוט
איז איהר קיינמאָל ניט געווען, פון דער ערשטער מינוט אָן נאָך
איהר חופה האָט זי נאָך, זאָגט זי, קיין גוטען טאָג ניט פערזוכט;
נאָר גאָרנישט, ווי זאָגט מען, ס׳איז געווען „נומער ערגער“. נאָר
פון אַ צייט, זאָגט זי, אַז סע געהט איהר אַלע מאָל ערגער און ער־
גער, און איצט איז איהר אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט! אַז פער־
דיענען, זאָגט זי, פערדיענט זי גאָרנישט, און דארפען דארף מען
אַ סך! און דערצו איז פאַרהאַן, זאָגט זי, זייטיגע צרות און וועה־
טיגען: דאָס איז אַ פּריזיווו, און דאָס איז אַ קינד אויף חתונה מאַ־
כען, און דאָס פאַלט אַ בהמה, און דאָס ברענט־אָפּ די קלייט. מע
ראַטעוועט ניט אַרויס, זאָלסט זאָגען — אַ פּאַדעם! איז שוין, דאַכט
זיך, גוט אָרום און אָרום, איאָ? לעגט זיך אַוועק אַ מויד פון קרוב
דרייצעהן יאָהר, אַ שענע, אַ ריינע, אַ גלאַטע, אַ מחיה׳דיגע, און
שטאַרבט אַוועק! סאַסעל האָט זי געהייסען, טאָקי נאָך דער מוהמע
סאָסיע, געווען תמיד געזונד און שטאַרק, קיינמאָל ניט געוואוסט
אַ פינגער זאָל וועה טהון, און פּלוצים קומט זי צו געהן פונ׳ם
מאַרק, שטעלט אַוועק דעם קאָשיק, דאָס פּנים טוידט, ווי די וואַנד.
„וועה איז מיר, טאַטעטע, וואָס איז דיר?“ — „גאָרנישט — זאָגט
זי — דער קאָפּ טהוט מיר עפּים וועה“. איך טהו זי אַ טאַפּ ביי׳ם
קאָפּ — אַ העליש פייער! „לעג זיך צו, טאַכטער, אויף אַ ווייל‏ע,
איך וועל אַ לויף טהון צום דאָקטאָר“. — „וואָס טויג דיר, זאָגט זי,
מאַמע, דער דאָקטאָר? איין עבירה אַ צווייער, ס׳וועט מיר איבער־
געהן! לאָמיך בעסער, זאָגט זי, אויסזאַלצען דאָס פלייש און אָנ־
שיילען קאַרטאָפּליעס“... איך זעה אָבער, אַז דאָס קינד עקט זיך,
הער איך זי ניט און לעג זי אַריין מיט גוואַלד אין בעט אַריין, וועה
איז מיר, און לויף אַוועק צום דאָקטאָר! וואו איז דער דאָקטאָר?

דאָקטאָר — דאָקטאָר! דאָקטאָר — דאָקטאָר! דער דאָקטאָר איז ערגיץ אין אַלדי שוואַרצע יאָהר, הינטער'ן שטעדטעל! נאָר ס'איז עפּים א תירוץ? דער דאָקטאָר זאָל מיר זיין! איך האָב איהם אַראָפּגעבראַכט, דעם שענעם דאָקטאָר, און אַז איך בין געקומען מיט'ן דאָקטאָר, האָב איך זי שוין געטראָפען — וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא — אָהן לשון, די אויגען אַרויף. „טאַכטערעל, האָסט מיך דערקענט?“ — ווער? וואָס? וועמען? רעד צו דער וואַנט! און ביז טאָג איז זי ניט געוואָרען! איין אויסחאַפּעניש, משטיינס געזאָגט, געקומען אויף איהר! אַ שענע, אַ געזונטע, אַ ליכטיגע, ווי אַזוי לעגט מען אַזעלכעס אין דער ערד אריין?!“...

און יענטעל דער מוהמע זלאַטע'ס צעוויינט זיך, ווי אַ קליין קינד, און איך, אויף איהר קוקענדיג, פּיהל, אַז עס שטיקען מיך די טרערען.

— וואָס איז? וואָס איז דער געוויין? — רופט זיך אָן צו מיר מיין חיה־עטעל און געהט־צו צו מיר.

איך וויל איהר ענטפערען, קאָן איך ניט אויסרעדען קיין וואָרט. איך שלינג די טרערען. איך נעם זיך אָן מיט כח און זאָג:

— נעבאַך אַ קינד ביי איהר געשטאַ... אַ מיידעל פון דרייצעהן יאָה...

— שוין לאַנג? — פרעגט חיה־עטעל ווי דערשראָקען.

— שוין אַ יאָהר נייען, אָדער צעהן. — זאָגט יענטעל און רופט זיך אָן צום פעטער זלמן: — טאַטע, וויפיעל איז שוין, אַז סאָסעל איז געשטאָרבען? דו באַדאַרפסט ווייסען אַקוראַט.

— פון אווריטש? — זאָגט דער פעטער זלמן. — פון אווריטש אָהער מיט דער אַקס רעכענט זיך אַ ווערסט דריטהאַלבען הונדערט, און אפשר טאַקי אַלע דריי הונדערט, האַ?...

בכדי איך זאָל ניט אויסשיסען קיין געלעכטער, פערליר איך די בריל, בויג זיך אָן און לאָז מיך געהן אויף דער וועראַנדע מקבל־פּנים זיין די איבעריגע געסט, וואָס זיצען און טרינקען טיי פון די שאָלען, בלאָזען און קוויקען זיך.

---

## יז.

[דאס פארפאלק. — „נעקניפט און געבונדען“. — א מעשה אהן אייז עק.]

איך געה־צו צום פארפאלק און טרעף זיי זיצען שטארק פער־שוויצט פון דעם טיי. ער טראגט א סאמעטענעם קאשקעט מיט א גאנץ ברייטען דעניק, און זי — א פאריק מיט א ווייסען שרונט. ביידע זענען זיי גוט געפאקט, וועגען אינאיינעם בלא־גוזמא א פוד פופצעהן אדער זעכצעהן. איך זעץ מיך צו צו זיי, איך פערבינד מיט זיי א שמועס: דאס, יענץ, פון וואנען פאהרט איהר און ווער זענט איהר?

— ווען מיר זענען? — מאכט צו מיר דער מאן און ווישט זיך דעם שוויים מיט דער קאפאטע. — אט וועט איהר באלד האר־בען. נאר קודם־כל, זאגט מיר, וואס איך וועל אייך פרעגען: ווי אזוי האט געהייסען דער זיידע אייערער פון דער מאמע׳ס צד, ניט רב מרדכי׳לע?

— רב מרדכי׳לע. — זאג איך.

— שוין געשטארבען? — פרעגט ער.

— אהא! — זאג איך. — שוין לאנג געשטארבען!

— ברוך דיין אמת! — מאכט ער און שאקעלט מיט׳ן קאפ. — טפו־פו־פו! איין עהרליכער איד, אייך צו לענגערע יאהר, און א מופלג בתורה! אויף איהם מעג מען טאקי זאגען: זכר צדיק לברכה! נו, און די באבע חנה׳לע וואס מאכט?

— אויך געשטארבען.

— לאז זי האבען א ליכטיגען גן־עדן, אויך געוועזן א כשר׳ע אידינע! — זאגט ער און דרעהט זיך אוים מיט׳ן פנים צום ווייב: — דו האסט זיי ניט געקענט, ווייסט דו ניט, וואס דאס איז געוועזן פאר א רב מרדכי׳לע און פאר א חנה׳לע! הערט איהר (ער דרעהט זיך אוים מיט׳ן פנים צו מיר), איהר האט געהאט א זיידען מיט

א באבע, וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר, וואָס פאַר א זיידען מיט א באבע איהר האָט געהאַט!

— איך ווייס, — זאָג איך — אז איך האָב געהאַט א זיידען מיט א באבע. זאָגט, ווער זענט איהר?

— אָט וועט איהר באַלד הערבען. — מאַכט ער און פערקאַטשעט די אַרבעל כמעט ביז די עלענבויגענס און נעמט זיך אָן ביי דער באָרד און שאָקעלט זיך און רעדט מיט א ניגון און מיט א שמייכעלע: — אייער זיידע רב מרדכי'לע איז אַליין געווען א קאָרסישעווער, פון קאָרסישעוו, און האָט געהאַט אין קאָרסישעוו צוויי שוועסטער האָט ער געהאַט: נחמה'לע און זיסעלע; האָט די נחמה'לע געהאַט צוויי מאַנען, צוויי מאָל, הייסט דאָס, חתונה געהאַט; דאָס ערשטע מאָל טאַקי פון קאָרסישעוו פאַר לייבעלע קאָרסישעווער, אַזוי האָט מען איהם גערופען; און דאָס אַנדערע מאָל האָט זי חתונה געהאַט פאַר רב שמחה'לען, טאַקי ווידער פון קאָרסישעוו; און דער רב שמחה'לע קאָרסישעווער, אז ער האָט חתונה געהאַט, הייסט דאָס, פאַר דער מוהמע נחמה'לע, איז ער געווען איין אַלמן איז ער געווען, — הערט זיך נאָר צו מיט קאָפּ! דאָס ערשטע ווייב זיינס איז אויך געווען א קאָרסישעווער, זי האָט געהייסען דבורה'לע, און זי איז געווען, דבורה'לע הייסט דאָס, טאַקי דעם זיידענ'ס איין אייגענע, איהר פאַרשטעהט? האָט זי דער זיידע אייערער חתונה געמאַכט, איהר הערט צי ניין, פאַר זיינעם א שוואָגער, טאַקי רב שמחה'לע, בשעת ער איז נאָך ניט געווען זיינער א שוואָגער; און ערשט נאָכדעם, אז די דבורה'לע איז געשטאָרבען, האָט דער שמחה'לע גענומען אייער זיידענ'ס שוועסטער, די מוהמע נחמה'לע, און האָט געהאַט א טאָכטער, האָט ער איהר א נאָמען געגעבען רייזעלע, נאָך זיין מאַמע רייזע, וואָס זי איז געווען טאַקי אייער זיידענ'ס א מוהמע; האָט די רייזעלע רב שמחה'לעס נאָכדעם חתונה געהאַט פון מאַנעסטרישטש, טאַקי פאַר איין אייגענעם פון דער באבע'ס צד, מאיר'על האָט ער געהייסען, — איהר פאַרשטעהט, ווי דאָס געהט? ס'איז געקניפּט און געבונדען!

— ס'איז געקניפּט און געבונדען! — שלאָגט איהם איבער דאָס ווייב. — ער האָט אָבער פאַרגעסען זאָגען, ווי אַזוי געהער זיך אָן רייזעלע מיט איהר מאַן אַ קרוב? אָט וועל איך אייך דערצעהלען! אייער באָבע חנה'לע פון קאָרסישעוו האָט געהאַט אַ פעטער אין מעזשביזש, האָט ער געהייסען נח...

— סקאָצעל קומט! — שלאָגט זי איבער דער מאַן. — זי איז פאַרפאַהרען אַזש קיין מעזשביזש צום פעטער נח! לאָז מיך, וועל איך זיי קלאָר מאַכען די משפּחה אַקוראַט. הקיצור, אייער זייר דען'ס אַנדערע שוועסטער זיסעלע האָט געהאַט אַ מאַן פון הולייפּאָלי, רב לוי'ניו האָט מען איהם גערופען; האָט זי ניט געהאַט קיין קינדער, האָט זי זיך מיט איהם געג'גט, און האָט חתונה געהאַט דאָס אַנדערע מאָל, פון מאַנעסטרישטש, פאַר איינעם אַ געוויסען רב נפתלי מאַנעסטרישטשער, און האָט געהאַט מיט איהם אַזוי גרויס ווי פינף זיהן מיט זיעבען טעכטער...

— פונקט קאַפּויר! — שלאָגט איהם איבער דאָס ווייב. — זיעבען זיהן מיט פינף טעכטער.

— מיין איך זיעבען זיהן מיט פינף טעכטער (ער צעהלט אויף די פינגער): ברוכ'על, חיימ'על, יענקעלע, הערצעלע, בערישעל, פישעלע, יוסעלע, און עטעלע, רבקה'לע, האָדעלע, פייגעלע, קריינדעלע, — אַזוי דאַכט זיך? איז ברוכ'על געשטאָרבען, און יענקעלע האָט חתונה געהאַט קיין קאָרסישעוו, גענומען רייזעלע דער מוהמע נחמה'לע'ס, וואָס געהער זיך אָן אייער זיידען רב מרדכי'לע איין אייגענע פּלימעניצע; האָבען זיך, הייסט דאָס, דער זיידע מיט דער באָבע משדך געווען, — איהר פאַרשטעהט, ווי עס קייטעלט זיך? ס'איז געקניפּט און געבונדען! זאָגט אפשר, אז ניין?

— יאָ, — זאָג איך — ס'איז געקניפּט און געבונדען. וואָס געהער עס זיך אָבער אָן מיט אייך? ווער זענט איהר?

— הערט זשע ווייטער! — מאַכט ער צו מיר. — אָט דער נפתלי מאַנעסטרישטשער, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, האָט דאָך

געהאַט די עלטערע צוויי טעכטער: עטעלע און רבקה׳לע. האָט עטעלע חתונה געהאַט פון ראַדאָמישל פאַר רב משה לייב ראַדאָ־מישלער׳ס אַ זוהן, וואָס געהער זיך אָן מיט נפתלי מאַנעסטריש־טשער טאַקי איין אייגענער, מחמת נפתלי׳ס אַ שוועסטער האָט חתונה געהאַט פאַר משה לייב׳ס אַ ברודער, — איהר פאַרשטעהט, וואָס דאָ טהוט זיך?

— און וואו האָסט דו אהינגעטהאָן רבקה׳לען? — רופט זיך אָן דאָס ווייב און וויל אָנהויבען דערצעהלען פון רבקה׳לען, דער־לאָזט זי ניט דער מאַן; ער פערשטעלט איהר דאָס מויל מיט דער האַנד און שרייט:

— האָב צייט מיט רבקה׳לען! וואָס האָסט דו קיין צייט ניט? זי וועט זיין גאַנץ! איך וועל זי אין קעשענע ניט באַהאַלטען! יאָ, וואו זשע האַלט איך? — ביי עטעלע׳ן, אפּנים. האָט עטעלע פון מאַנעסטרישטש, הייסט דאָס, חתונה געהאַט פון ראַדאָמישל, ווי איהר ווייסט שוין, טאַקי פאַר איין אייגענעם, און רבקה׳לע האָט גענומען אַ מאַן אַ פליאַסק פון מאַנעסטרישטש, האָט ער געהייסען העניך, און האָט געהאַט מיט איהם אַ טאָכטער גנענדעל.

— גוט יום־טוב דיר! — זאָגט דאָס ווייב. — פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען גנענדעל? גנענדעל איז דאָך גאָר עטעלע׳ס טאָכטער פון ראַדאָמישל!

— און איך וואָס האָב געזאָגט?

— דו האָסט געזאָגט — דער מוהמע רבקה׳לע׳ס טאָכטער.

— עס האָט זיך דיר גע׳חלומ׳ט! איך האַלט נאָך גאָר אפילו ניט ביי רבקה׳לען.

— אוי! — מאַכט דאָס ווייב און טהוט אַ טאַנץ־אונטער. — מע קאָן דאָך פון איהם דעם שלאַג באַקומען! דו האָסט דאָך נאַר־וואָס אויסגערעכענט דעם יחוס פון דער מוהמע רבקה׳לע, אַז זי האָט חתונה געהאַט פון מאַנעסטרישטש, אפילו אַ סימן, זי האָט גענומען אַ מאַן אַ פליאַסק, העניך האָט ער געהייסען...

— זי פאַרדולט מיר דעם קאָפּ! — מאַכט דער מאַן. — וואו זשע האַלט איך? יאָ, האָט רבקה'לע פון מאַנעסטרישטש, הייסט דאָס, געהאַט אַ טאָכטער, מיין איך אַ זוהן, האָט ער געהייסען מענ־דעל, און עטעלע פון ראַדאָמישל האָט געהאַט אַ זוהן, מיין איך אַ טאָכטער, גנענדעל, האָבען זיי צווישען זיך אַ שידוך געטהאָן, דאָס הייסט, רבקה'לע'ס טאָכטער מענדעל פון ראַדאָמישל האָט חתונה געהאַט פאַר עטעלע'ס זוהן גנענדעל פון מאַנעסטרישטש, מיין איך פאַרקעהרט, רבקה'לע'ס זוהן גנענדעל פון מאַנעסטרישטש האָט גענומען עטעלע'ס טאָכטער מענדעל פון ראַדאָמישל פאַר אַ ווייב...

— טפו זאָלסט דו ווערען פאַר אַלע אידען! — רופט זיך אָן דאָס ווייב צום מאַן, חאַפּט זיך אויף, טהוט אַ פּלעסק מיט די הענד. — איהר האָט אַמאָל געהערט, אַז אַ זוהן זאָל הייסען גנענ־דעל און אַ טאָכטער מענדעל, אַז גנענדעל זאָל נעמען מענדלען פאַר אַ ווייב?

— אַז דו פאַרדולסט מיר דעם קאָפּ! — זאָגט צו איהר דער מאַן און וויל דערצעהלען ווייטער, קומט אָן מיין חיה־עטעל:

— שוין געגרייט צום טיש, קומט עסען! רוף, ליובעניו, די געסט צום טיש, זיי געהרען אודאי הונגעריג!

ביי'ם טיש קעהרט זיך אום דער קרוב מיינער צו דער באָבע נחמה'לע'ס פעטער פון מעזשביזש, וואָס האָט געהייסען נח, און דער נח האָט געהאַט, ווי יענער נח פון'ם חומש, דריי זיהן; נאָר יענעם נח'ס דריי זיהן האָבען געהייסען שם, חם און יפת, און דעם נח'ס דריי זיהן האָבען געהייסען שימעלע, חעמעלע און יאָקעל — און ערשט דאָ ציהט זיך אַוועק אַ לאַנגער פאָדעם פון קרובים און שידוכים צווישען זיך, געדרעהט און געקייטעלט, געקניפּט און גע־בונדען — אַ מעשה אָהן איין עק! אַ שטיקעל גליק, וואָס דער פעטער זלמן (מאריך ימים זאָל ער זיין!) מישט זיך אריין אין מיטען:

— ווי טייער איז ביי אייך פלייש אין בויבעריק, הא? ביי אונז אין אווריטש איז פלייש ביוקר גדול. ווייסט דו פאר וואס? איבער דער טאקסע. מיר האבען אונזער אייגענם א בעל־טאקסע, איז ער א גרויסער הולטיי! און אייער בעל־טאקסע איז אויך אזא הולטיי, הא? אלע בעלי־טאקסעס זענען גרויסע הולטייעס, ממזרים, ימח שמם! אפשר ניין! הא?...

מיין קרוב מיט'ן סאמעטענעם קאשקעט הערט אויף צו עסען, האלט דעם גאפעל אין דער לופטען און קוקט אויפ'ן פעטער זלמן, ווי א גזלן, למאי ער האט איהם איבערגעשלאגען סאמע אין מיטען. נאר דער פעטער זלמן הערט איהם, ווי דעם קאטער; ער טהוט זיך זיינס: ער דערצעהלט מעשיות פונ'ם אווריטשער בעל־טאקסע און פון אווריטשער קהל און עסט בשעת מעשה גאנץ געשמאק.

---

יח.

[מע בעלעגט די משפחה. — מיר פאהרען קיין אויסלאנד אין די בעדער אריין.]

— וואו באלעגט מען די „משפחה“? — רופט זיך אן צו מיר נאכ'ן עסען מיין היה־עטעל פערזארגט. — זיי זענען טאקי זעהר אנגעלעגטע געסט, נאר פון דעסטוועגען אין דרויסען קאן מען זיי ניט לעגען.

— פרעג מיך עפים גרינגערס! — זאג איך. — דעם פעטער זלמן רעכען איך אויסבעטען אט־דא, אויף דער ווערענדע; יענטעל וועט שלאפען מיט די קינדער; און דאס פארפאלק, וואס ס'איז „געקניפט און געבונדען“, מעג ליגען ביי דער הייסער וואנט; לאזען זיי האטש הנאה האבען פון דער דאטשע... ווי געפעלט דיר, חיה־עטעל, דאס ווינטעלע, וואס האט א בלאז געטהאן? עס חמאַרעט זיך. מיר דאכט, עס וועט געהן א רעגען.

— אמן הלואי! — זאגט חיה־עטעל. — די זון האט אזוי אנ־געבראטען דורכ'ן טאג, אז עס וואלט שוין געמעגט, כלעבען, אונ־טערפרישען א ביסעל אויף דער שענער דאטשע! נא דיר א דא־טשע! נא דיר „לופט"! גאט זאל העלפען, עס זאל א גאס טהון א רעגען און פארטרינקען די דאטשעס מיט די דאטשניקעס מיט גאנץ בויבעריק, רבונו של עולם!

עס געדויערט נישט לאנג, און דער הימעל ציהט זיך איבער מיט געדיכטע וואלקענס. עס ווערד מיט א מאל פינסטער־חושך, גלייך ווי עמיצער האט פערלאשען די זון. די פויגעלעך האבען זיך בעהאלטען אין די נעסטען. די לופט ווערד אלע מינוט געדיכטער און שווערער. מיט א מאל שניידט־דורך א בליץ און פערבלענדט די אויגען, און באלד טהוט א זעץ א דונער, וואס קנאלט, הילכט און קאטשעט זיך פון איין עק וואלד ביז'ן אנדערען.

— איך האב מורא, עס וועט געהן א רעגען! — רופט זיך אן דער פעטער זלמן און קוקט אין הימעל אריין. — און גלייך ווי ער האט געטראפען; ער האט נאר אויסגערעדט, האט אנגעהויבען צו גיסען א שלאקס־רעגען, אלע מאל געשמאקער, געדיכטער און שטאר־קער, און אלע מאל טהוט א בלישטש א נייער בליץ, וואס בעלייכט דאס געדיכטע בלויע פינסטערניש, און א זעץ א דונער, א פאהר איבער'ן גאנצען וואלד — ט־ר־ר־ר־ר־ר־ר־ר!

— מיר דאכט, אז דער רעגען האט זיך פארקאטשעט נישט אויף א ווײַלע. — זאגט דער פעטער זלמן. — ער וועט, אם־ירצה־השם, געהן און געהן און געהן.

— איהר זאלט דערלעבען אנזאגען בעסערע בשורות! — מאכט חיה־עטעל דערשראקען און חאפט א קוק אלע מאל אין שטוב אריין.

— וואס קוקסט דו זיך ארום אלע מינוט? — רוף איך מיך אן צו איהר.

— איך קוק, — זאָגט זי — צי סע קאָפּעט נישט פון דער סטע־לי. יאָ, סע קאָפּעט גלייך אין בעט אריין! מע דאַרף אונטער־שטעלן אַ שיסעל.

— ביי אונז אין אווריטש — זאָגט דער פעטער זלמן — איז אויך געווען אַזאַ מבול, שוין דרינען אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג. און אפשר, האַ? אַלע דרייסיג! עס האָט פאַרטרונקען דעמאָלט די גאַנצע שטאָדט האָט דאָס פאַרטרונקען! מע האָט זיך געשיפט אויף שיפלעך האָט מען זיך געשיפט! ס'איז געווען חושך איז גע־ווען!

— וואו זענט איהר ערגיץ? — הער איך אַ קול פון שטוב. — קומט אַהער! העלפט טראָגען! ראַטעוועט!...

איך טהו זיך אַ וואַרף אין שטוב אריין — אַ צרה! איין אומ־גליק! דער רעגען שמייסט דורך די פענסטער, און סע גיסט פון דער סטעלי, און מיין חיה־עטעל פערקאַטשעט דאָס קליידעל אין וואַסער. אין איין האַנד האַלט זי אַ קאָפּען־קישעלע, אין דער אַנדע־רער — אַ פאַן, וואָס מע פרעגעלט איינגעמאַכטס, און שרייט אין איין קול:

— גוואַלד! העלפט טראָגען! ראַטעוועט! ראַטעוועט!

— וואָס טהוסט דו? — זאָג איך צו איהר. — וואָס שלעפּסט דו פון שטוב? לאָמיר אַנטלויפען, זיך ארויסראַטעווען מיט די נפשות! וואו זענען ערגיץ די קלענערע קינדער?

— פּאַפּאַשאַ! אידי־קאַ סיודאַ! (טאַטע, קום נאָר אַהער!) — שרייען צו מיר די קליינע חברה־לייט פונ'ם אַנדערען חדר, שטעהען מלא־שמחה כמעט ביז די קנעכלעך אין וואַסער און טאַנצען און פּאָליאַסקען זיך, מאַכען בולבעלעך און זינגען:

דאָזשדיק, דאָזשדיק, פּערעסטאַן!
מי פּאָיעדיעם נאַ יאַרדאַן!...*

---

* רעגנע, רעגנע, הער שוין אויף! מיר'ן פאָהרען אויפ'ן ירדן!

— גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד! ראַטעוועט! מיר זענען פאַר־בײַ! — שרייט מיין חיה־עטעל און צעלאָזט די הענד און בלייבט שטעהן אין וואַסער, ווי פערגליווערט.

— די קינדער, די קינדער ראַטעוועט אַרויס! — שרייט יענטעל אויף אַ קוויטש און שטעהט אויף איין אָרט.

— פאַר וואָס ראַטעוועט מען ניט די קינדער? — שרייט דאָס פאָרפאָלק און ריהרט זיך ניט פונ'ם אָרט.

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? — שרייט דער פעטער זלמן. — עס וואָלט גלייכער געווען, איהר זאָלט די קלענערע קינדער ערגיץ אַריבערטראָגען, וואָרום עס וועט, שיינט מיר, זיין אַ מבול...

* * *

איך אייל מיך און פערשלים מיין בעשרייבונג פון גלות דאַטשע, מחמת מיר האַלטען, איך און מיין חיה־עטעל, הייסט דאָס, ביי אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד, אין די „וואַרעמע בעדער" אַריין. די דאָקטוירים געפינען, אַז מיר בעדאַרפעןביידע טרינקען אַזעלכע מינים וואַסערען און באָדען זיך אין די וואַרעמע בעדער. און אַגב ווילט זיך אונז טאַקי אביסעל אָנקוקען אַ וועלט; מהיכי־תיתי, אַז גאָט העלפט, מע קאָן, פאַר וואָס ניט?... די קינדער לאָזען מיר איבער אין בויבעריק אויף דער דאַטשע, חלילה ניט אַליין; יענטעל דעם פעטער זלמנ'ם האָבען מיר געמאַכט פאַר בעל־הבית'טע אין שטוב, און צוליעב איהר איז שוין פערבליבען דער פעטער זלמן אויך. דאָס פאָרפאָלק, וואָס איז „געקניפּט און געבונדען", האָט אפילו אויך שטאַרק חשק געהאַט איבערצובלייבען ביי אונז איבער'ן זומער, האָט זיי מיין ווייב געגעבען אָנצוהערעניש, אַז עס וועט אין בויבעריק אָהן זיי, אם ירצה השם, אויך זיין פרייליך, און זיי האָבען גענומען דעם וועג. וואוהין פאָהרען מיר — ווייס איך נאָך אַליין ניט; מסתמא יועט אונז שוין דער דאָקטאָר אָפּשיקען אַהין, וואו מע בעדאַרף. און מחמת מיר האַלטען ביי אָפּפאָהרען אין אַזאַ

לאנד, וואו מע רעדט דייטש, בעדארף מען זיך אנהויבען געוועה־
נען מיט זייער שפראך און געזעגענען זיך מיט אייך אויף דייטש
און זאגען: „אדיע! צום ווידערזעהעניש!"...

# אין די וואַרעמבעדער

בילדער, טיפּען, בעגעגענישען, צרות און פערגעניגען.

געשריבען אין יאָהר 1903.

# אין די וואַרטעצימער

[בילדער, טיפּען, בעגעגענישען, צרות און פערגעניגען.]

---

## א.

[א ווייב מיט „נערוועז". — די באבּרויסקער דאמע. — מיר פּרעגלען איינגעמאכטס.]

„איידער נעמען א ווייב, איז גלייכער זאָלסט זיך אויסברעכען א פוס". — אזוי האָט געזאָגט איינער א פילאָזאָף (איך האָב מורא, אויב נישט סאָקראַט?). און איך זאָג: איידער האָבען א ווייב מיט „נערוועז", איז גלייכער גאָרנישט געבוירען ווערען אויף דער וועלט.

דאָס זאָגט אייך נישט קיין פילאָזאָף, נישט קיין שרייבער, וואָס זיצט ביי'ם שרייבטיש און טראַכט־אויס מעשיות פונ'ם קאָפּ; דאָס זאָגט א פּראָסטער בשר־ודם, א איד א בעל־הבית, וואָס גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער האָט געחאַפּט די גראָבע עטליכע קלינגערס, ארויסגעטריבען דעם קבצן פון שטוב, אריבערגעפאָהרען מיט ווייב און קינדער קיין בויבעריק אויף דאַטשע, בעקענט זיך מיט דאָקטוירים, מיט רעצעפּטען, אַפּטייקען, הידראָפּאַטיע, מאַסאַזש, צרות, שלעק — חי געלעבט!

דער גרעסטער אומגליק פון אלע אומגליקען אויף דער וועלט איז דער דאָקטאָר, און נישט אזוי דער דאָקטאָר, ווי דעם דאָקטאָר'ס קאבינעט, וואָס מע דאַרף דאָרטען זיצען און שוויצען, בלעטערען די גאַזעטען, וואָס ליגען אָנגעגרייט אויפ'ן טיש, און אָנקוקען נישט

קיין בעקענטע פּנים׳ער אַלערליי, וואָס קוקען אויף אייך, און איהר קוקט אויף זיי, און פון נישט האָבען וואָס צו טהון הויבט איהר אָן דורכצוואָרפען זיך מיט רעד: „שוין לאַנג, אַז איהר קורירט זיך? וואָס איז אייער שלאַפקייט? וואוהין רעכענט איהר צו פאָהרען אויף דער קור?“ און אַזוי ווייטער.

מיין חיה־עטעל, זאָל געזונד זיין, איז אַ מענש, וואָס האָט פיינט זיצען און שווייגען. האָט זי זיך צערעדט מיט עפּיס אַ דאַמע, אַ ליטוויטשקע, דאַכט זיך, פון באָברויסק, און איז געוואָרען צו איהר צוגעקלעפּט. וואָס האָט זי אַזעלכעס דערזעהען אויף דער באָברויסקער דאַמע — ווייס איך נישט; נאָר מע איז געוואָרען גיך נפש־אחת. מיין חיה־עטעל האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז ביי זיי ביידען איין חולאת. אין וואָס בעשטעהט זייער חולאת? אין גאָרנישט. וואָס זיי זאָלען נישט דערהערען אויף יענעם, דאַכט זיך זיי אויס, אַז ביי זיי איז אויך דאָס אייגענע. לאָז עמיצען אָנהויבען שטעכען אין זייט, שטעכט זיי אויך; אַ צאָהן — איז אַ צאָהן; איין אויהער — איז איין אויהער; אַ פוס — איז אַ פוס. אַז מע שמועסט אַלסדינג, וואָס ביי יענעם, איז ביי זיי! זי איז שוין אויסגעוועזען, די באָברויסקער דאַמע, וואו די וועלט האָט איין עק און איבערגעטהאָן כל המיטלען שבעולם — עס העלפט נישט!

— וואָס זשע זאָגט דערויף דער דאָקטאָר? — פרעגט ביי איהר מיין חיה־עטעל מיט גרויס מיטלייד צו דער באָברויסקער דאַמע.

— וואָס זאָל ער זאָגען? ער ווייסט אַליין נישט. ער זאָגט, אַז ס׳איז נערווען, און הייסט מיר פאָהרען קיין אויסלאַנד אין די וואַרעמבעדער.

פון דעמאָלט אָן האָט מיין חיה־עטעל בעקומען „נערווען“. נאָר איהר מיינט גלאַט נערווען? נערווען צו נערווען איז נישט גלייך. די נעכט, וואָס איך בין נעבען איהר אויסגעזעסען, זאָל מיר גאָט נישט רעכענען! וואָס טויג אייך, ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב נישט געטאָרט אַ טריט טהון, אַ הוסט טהון, אַ ריהר טהון

זיך; אַ מינדסטע נאַרישקייט, אַ וואָרט, אַז איך האָב אויסגערעדט — „וואָס האָסטו דו צו מיינע נערוועז?"

בקיצור, ס'איז געבליבן, אַז מיר פאָהרען קיין אויסלאַנד אויף דער קור. וואוהין? דאָס וועט מען אונז שוין אַ ידיעה געבן ביי'ם פּראָפעסאָר אין וויען אָדער אין בערלין. און איך האָב גענומען מאַכען זיך אַ פּאַס קיין אויסלאַנד, און מיין חיה־טעמעל האָט זיך דערווייל צוגעגרייט אביסעל מלבושים מיט היטעלעך אין וועג אריין, גענומען איינקויפען טשעמאָדאַנעס, קאָרזינעס און קוישלעך, און פּרעגלען איינגעמאַכטס. איז, דאַכט זיך, וואָס געהערען זיך אָן מיט מיר, מאַנסביל, היטעלעך, מלבושים, קוישלעך און איינגע־מאַכטס? „ניין, עס געהער זיך, זאָגט זי, אָן: דו פאָהרסט, זאָגט זי, גלייך מיט מיר, מעגסטו דו זיך, זאָגט זי, אביסעל אָנטהון אַ מיה, זיך מטריח זיין". די ווערטער „זיך מטריח זיין" זענען געזאָגט געוואָרען מיט אזא טאָן און מיט אזא ניגון, וואָס ס'איז שווער ארויסצוגעבען דאָס אויף פּאַפּיער — אויב איהר האָט אַ ווייב, און זי האָט „נערוועז", בעדאַרפט איהר זיין אביסעל בעקענט מיט דעם טאָן און מיט דעם ניגון.

און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה פון מלבושים, מאַגאַזי־נען, קלייטען, שניידערס, מאָדיסטקעס, מאָדעס, זשורנאַלען — אַז איך האָב איבערגעלעבט בשלום די דאָזיגע דריי וואָכען, וועל איך שוין, אפּנים, לאַנג לעבען! מיין חיה־טעמעל האָט זיך גענומען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, איבערשטשעגאָליאיען וויען און בערלין און פערשעמען מאַריענבאַד און פראַנצענסבאַד און באַדענבאַד און אַלע איבעריגע בעדער. מע איז געשטאַנען און מע האָט געפּאַקט אין די קאַסטענס, און איך האָב בעצאָהלט חשבונות פון די קליי־טען און זיך גערעכענט מיט די מאָדיסטקעס: קאַלענקאָר און קנעפּ־לעך און העקלעך און בערשטלעך און גאַז, און נאָך אַ מאָל קאַ־לענקאָר און סטעקליאַרוסען און פּראַשוועס און טאַשמעס און שפּיצ־לעך, און ווידער אַ מאָל קאַלענקאָר און סאַמעט און זייד און מאַרליע און שפּילקעס, און ווייטער אַ מאָל קאַלענקאָר און רייוש

און פוליאר און פעדערלעך און מאַנטשעסטער, און אָבער אַ מאָל קאַלענקאָר. אַ גליק, וואָס ס׳איז פאַרהאַן ביי מיר אַ טעלעפאָן און עמיצער האָט אָנגעקלונגען, מיך אָוועקגערופען — לאַנג לעבען זאָל ער.

— ווער קלינגט?

— אינטענדאַנטסקאַיע פּראַוווּליעניע?

„לעבען זאָלסט דו אַזוי, ווי איך בין אינטענדאַנטסקאַיע פּראַוו־ליעניע!“ — טראַכט איך מיר, נאָר איך טרעט נישט אָפּ פון טע־לעפאָן; איך האַלט אין האַנד דאָס טרייבעל פון טעלעפאָן און מיט דער אַנדערער צאַהל איך אָפּ דער מאַדיסטקע און בין זיך מחיה, וואָס איך בין פּטור געוואָרען פון איהר און פון איהר חשבון.

— וואָס פאַר איין איינגעמאַכטס, זאָגט זי, זאָל איך פּרעגלען אין וועג אַריין?

— וואָסערע דו ווילסט.

— וואָס הייסט, איך וויל? און וואו ביזט דו?

— איך קאָן מיך באַגעהן, זאָג איך, אָהן איינגעמאַכטס.

— וואָס זאָגט איהר אויף איהם? ער קאָן זיך באַגעהן אָהן איינגעמאַכטס! קומט אויס, הייסט דאָס, אַז אַלסדינג איז נאָר פון מיינעטוועגען! וואָרום איך בין די גרויסע פּרעסערין, די גרויסע נאַשערין...

— אָבער לאָז זיין שטיל, חיה־עטעל, אין גאָטעס ווילען! פּרע־געל רויזען־איינגעמאַכטס — איין עק!

— ס׳זאָל ווערען געצוקערט און מע זאָל דאָס דאַרפען אַרויס־וואַרפען?

— נו, לאָז זיין וויינשעל — פּרעגעל וויינשעל.

— איך האָב טאַקי מעהר נישט וואָס צו טהון, נאָר אַנידער־זעצען זיך איצט אַרויסנעמען די קערלעך.

— ווייסט דו וואָס? פּרעגעל שוואַרצע יאַגדעס!

— זיי זאָלען צעקראַכען ווערען, חכם איינער?

— פּרעגעל מאַלינעס!

— ס׳זאָל זיין צום שוויצען? רעכסט זיך, אפנים, אז איך זאָל דאַרטען גוט קרענקען?

— פרעגעל פערשקעס! פרעגעל פלאָמען! פרעגעל עפעל! פרעגעל פאָדעשוועס! זאַנטיקעס! לאַמפּען! האקמעסערס! ריקבעטלעך!...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס סע קומט פאַר צווישען אונז נאָכדעם, נאָך דער סצענע פונ׳ם איינגעמאַכטס, קלערט איך, ווי איהר פערשטעהט. איך בין אייך נישט מחויב צו דערצעהלען אלסדינג.

---

## ב.

### [וואָס הייסט „חבוט־הקבר״?]

אונזערע חכמים בעשרייבען חבוט־הקבר מיט אלערליי שרעק־ליכע פאַרבען, און דעם גיהנם — נאָך מורא׳דיגער. סע ווייזט אויס, אז זיי האָבען נישט געהאַט קיין ווייבער מיט „נערוועו״ און זע־נען קיינמאָל נישט געפאָהרען קיין אויסלאַנד אין די וואַרעמבעדער, נישט געפיהרט מיט זיך קיין צוועלף פוד באַגאַזש, א חוץ טשע־מאָדאַנעס, קוישלעך, בינטלעך און פעקלעך אלערליי, און האָבען נישט מיטגענומען מיט זיך אהין קיין איינגעמאַכטסען. מיר, אויב ס׳איז מיר בעשערט אָפּקומען חבוט־הקבר, האָב איך איהם געהאַט אין בויבעריק אויפ׳ן וואָקזאַל, ביי׳ם אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד, און דער גיהנם האָט זיך פאַר מיר געעפענט שוין זיצענדיג מיט מיין חיה־עטלען אין וואַגאָן. אייך איז גרינג צו שטעהן און קוקען בשעת עס ווערד א טומעל, דער קוריער־צוג קומט־אָן, שטעהט אינגאַנצען אזעלכע פינף מינוט, און מע דאַרף חאַפּען נעמען בילעטען, אויפ־

געבען דעם גאנצען באגאזש, אפּגעזעגענען און צעקושען זיך מיט אלע קינדער, קיין עין-הרע, אריינהאפּען זיך מיט׳ן ווייב און מיט אלע פּעקלעך און טשעמאָדאנעס און קוישלעך אין וואגאָן אריין און פערהאפּען ערטער, און קיין ערטער איז נישטאָ. איך פרעה מיך, וואָס איך האָב פערהאפּט איין אָרט פאר מיין חיה־עטלען, און זי איז נאָך נישט צופריעדען. נישט צופריעדען דערמיט, וואָס איהר אָרט קומט אוים אקוראט אקעגען א גראָבען גלח, וואָס אז מע טהוט אויף איהם א קוק, ווערד שוין היים אויף צו חלש׳ען, און נישט צופריעדען דערמיט, וואָס איך האָב נישט וואו צו זיצען און דאַרף מיך האַל־טען מיט די פּעקלעך, און נישט צופריעדען דערמיט, וואָס פון איי־לעניש האָב איך פערגעסען אָנזאָגען די קינדער און די דיענסטען א סך נויטיגע זאכען. א דאנק דעם גלח, וואָס ער האָט רחמנות געהאט אויף מיר, זיך אביסעל א רוק געטהאָן און געמאכט מיר האָטש א שטיקעל אָרט, און איך קאָן זיך צוזעצען האָטש אויף איין עק באנק און ארומקוקען זיך, וואו איך בין אין דער וועלט. פונ׳ם אנהאָרעווען זיך, פונ׳ם לויפען מיט׳ן טארעראם, דרעהט זיך מיר דער קאָפּ, און איך פיהל, אז איך האָב עפּיס, דאכט זיך, פערגעסען, נאָר וואָס — וויים איך נישט, און דערפאר, אפּנים, בין איך אזוי פערטראכט און הער נישט וואָס מע רעדט צו מיר.

— זעה נאָר, האָסט האָטש גוט באהאלטען די קוויטאנציעס ?— מאכט צו מיר מיין חיה־עטעל.

— וואָסערע קוויטאנציעס ?

— פונ׳ם באגאזש.

— מזל טוב !

— וואָס איז דאָס מיט דיר? **דו ביזט אזוי פארטראָגען, אז** דו ווייסט שוין גאָרנישט, וואָס מע רעדט צו דיר?

ערשט דאָ דערמאָן איך מיך, אז איך האָב פערגעסען אָפּנעמען ביי׳ם אַרטעלשטשיק די קוויטאנציעס פונ׳ם באגאזש, און נישט בעקלערט, וואָס איך טהו, לאָז איך מיך לויפען, וואוהין — וויים

איך אַליין נישט. מיין ווייב'ס נערוועז האַלטען דאָס נישט אויס, און זי פערוואַרפט דעם קאָפּ אויף צו חלש'ען. עס ווערד אַ שטיקעל האַרמידער אין וואַגאָן. די פּאַסאַזשירען רינגלען אונז ארום, ווערען געוואָהר פון דער מעשה מיט דער קוויטאַנציע, גיט מען מיר אַלער־ליי עצות, וואָס איך זאָל טהון, ווי אַזוי און וואוהין איך זאָל טעלע־גראַפירען, ווי אַזוי איך זאָל זיך נוהג זיין אויף דער גרעניץ, און אונזער נסיעה ווערד שוין פונ'ם ערשטען אַרויספאָהר פערגיפטעט מיט סם־המות, און איך האָב חרטה אויפ'ן גאַנצען פּלאַן פון דער נסיעה. דאָס געזונד, וואָס מיך קאָסט דאָס, וועט מיר געוויס נישט אומגעקעהרט ווערען פאַר די דריי חדשים קורירען זיך, און דאָס בלוט, וואָס מיר ווערד פערצאַפּט, וועט מיר זיכער נישט צוקומען פאַר די דריי חדשים באָדען זיך. און איך פערשעלט מיר דאָס גע־ביין מיט'ן אויסלאַנד, מיט די וואַרעמבעדער און מיט אַלע דאָקטוי־רים. וואָס איך ווינש זיי, מעג זיי אָנקומען חאָטש האַלב.

נאָר צו וואָסערע צרות ווערד אַ מענש נישט געוועהנט? די באַהן וועט צוריק, צוליעב מיין באַגאַזש, נישט פאָהרען, און קיי־נער איז נישט מחויב טראָגען אויף זיך מיינע יסורים. איך בין געוועזן צופריעדען, וואָס מיין חיה־עטעל האָט זיך חאָטש אָפּגעזוכט אין וואַגאָן צוויי דאַמען, וואָס זי האָט זיך גיך מיט זיי בעקענט און געוואָהר געוואָרען, אַז זיי פאָהרען אויך קיין אויסלאַנד אין די וואַרעמבעדער, און אויף אַלע דריי איז געוואָרען אַזאַ שמחה, גלייך ווי זיי וואָלטען געוואונען דאָס גרויסע געווינס און האַלטען שוין ביי'ם טיילען זיך.

די צוויי דאַמען זענען געוועזן: איינע פון אומאַן, אַ דאַמע מיט אַ הוט און מיט אַ סך פּודער אויפ'ן פּנים. מחמת זי פאָהרט שוין קיין אויסלאַנד דאָס אַנדערע מאָל, דעריבער רעדט זי שוין העכער האַלב דייטש און איז קלאָר, זאָגט זי, דאָרטען אין אַלע ווינקעלעך. און די אַנדערע — אַ יונג ווייבעל פון יעהופּעץ, וואָס פאָהרט אַהין דאָס ערשטע מאָל, האַלט זי זיך אָן דער אומאַנער דאַמע, ווי אַ ברע־קעלע קינד, לאָזט זי נישט אָפּ אויף קיין טריט.

— ווער זענט איהר פון יעהופּעץ? — פרעג איך דאָס יונגע ווייבעל. — און ווער איז אייער מאַן?

— איך ווייס נישט, — זאָגט זי — אויב איהר וועט איהם קע־נען. מיין מאַן הייסט בראָדסקי.

דערהערט דעם נאָמען בראָדסקי פון יעהופּעץ, האָט דאָס מיך געגעבען אַ טראָג־אונטער, גלייך ווי אונטער דער באַנק וואָלט גע־לעגען בעהאַלטען דינאַמיט, און דאָס ווייבעל איז מיט אַ מאָל ביי מיר אין די אויגען אויסגעוואַכסען מיט נייען־און־נייענציג פּראָ־צענט.

— וואָס הייסט, — זאָג איך — בראָדסקי'ן וועל איך נישט ווי־סען? ווער ווייסט דאָס נישט בראָדסקי'ן? וועלכען בראָדסקי'ס זענט איהר: לאַזאַר'ס, צי ליאָווו'ס?

— נישט לאַזאַר'ס און נישט ליאָווו'ס. — מאַכט זי צו מיר. — מיר זענען טאַקי בראָדסקיס, נאָר נישט פון די; מיין מאַן איז אַ מעקלער פון הייזער.

דאָס יעהופּעצער ווייבעל האָט מיט אַ מאָל פערלוירען ביי מיר אַלע נייען־און־נייענציג פּראָצענט, און איך האָב שוין מעהר נישט געוואָלט הערען, וואָס זי רעדט.

נישט אַזוי איז אָבער געווען מיין חיה־עטעל: זי האָט זיך מיט דער קאָמפּאַניע גאָר מחיה געווען. ערשטענס, האָט זי ביי דער אומאַנער דאַמע אויסגעטאַפּט אַלסדינג, וואָס אין אויסלאַנד טהוט זיך, און דאָס איז געווען פאַר אונז ביידען ווי געפונען; און, צווייטענס, איז זי געוואָהר געוואָרען פון אַזעלכע נייע מינים שלאַפ־קייטען, וואָס זי האָט נאָך פון זיי קיינמאָל ביז אַהער נישט גע־הערט. שטעלט אייך פאָר, אַז דאָס ווייבעל, וואָס זי הייסט בראָדס־קי און איהר מאַן איז אַ מעקלער פון הייזער, האָט געהאַט אַ מאָד־נע חולאת: עס האָט זיך איהר גע'חלומ'ט, אַז זי האָט איינגע־שלונגען אַ גאַנצען קאַסטען מיט אריינגעשטעלטע צייהן. פון דע־מאָלט אָן פיהלט זי אינוועניג ביי זיך אין בויך די צייהן, און קיי־נער קאָן איהר נישט איינרעדען, אַז עס דאַכט זיך איהר נאָר אַזוי,

מחמת זי פּיהלט גאַנץ גוט, מעהר פון אַלע דאָקטוירים, אַז די צייהן ליגען ביי איהר אינוועניג. פאַהרט זי איצט קיין וויען, און פון דאָרטען — וואוהין דער פּראָפעסאָר וועט זאָגען.

סע פערשטעהט זיך, אַז מיין חיה־עטעל האָט זיך באַלד דער־מאָנט, אַז ס'איז ביי איהר אַמאָל בייגאַכט אַרויסגעפאַלען אַ צאָהן, מע ווייסט נישט, וואו ער איז אַהינגעקומען, — איז נישט אַנדערש, אַז זי האָט איהם דעמאָלט איינגעשלונגען; זי פּיהלט טאַקי, זאָגט זי, גאַנץ אָפּט אַ מאָדנע שטעכעניש אינוועניג, זי פערשטעהט נישט פון וואַנען.

— אַ שטיקעל גליק, — זאָג איך — וואָס דאָ פאַהרט נישט קיינער מיט קיין אָפּגעביסענער נאָז...

נאָר קיינער וויל אַפּילו נישט קיין שמייכעל טהון אויף מיין חכמה; אדרבה, איך זעה, אַז די ווייבער זענען אַלע דריי ווי אָנ־געדרודעלט אויף מיר; זיי האָבען צווישען זיך ווי עפּיס אָפּגע־מאַכט אַ מין יד אחת אקעגען מיר, אַז מע זאָל מיט מיר נישט רעדען און מיר אַפּילו נישט ענטפערען. איך האָב אָבער גיך דער־לעבט אין זיי אַלע אַ נקמה. די אומאַנער דאַמע מיט'ן הוט האָט מיט אַ מאָל זיך אויפגעהויבען מיט אַזאַ אימפּעט און מיט אַזאַ גוואַלד, גלייך ווי עס וואָלטען זיך אָנגעצונדען אויף איהר די מלבושים. דער גאַנצער וואַגאָן מיט פּאַסאַזשירען זענען זיך צע־נויפגעלאָפען מיט אַ געשריי:

— וואָס איז? וואָס איז? וואָס האָט דאָ געטראָפען?

און געטראָפען האָט זיך אַ קלייניגקייט: אַ סלוי איינגעמאַכטס, וואָס מיין חיה־עטעל האָט געפיהרט מיט זיך קיין אויסלאַנד, האָט זיך אינוועניג, אין דער קאָרזינקע, פּאַוואָלינקע, אויבען אויף דער פּאָליצע, צעבראָכען, אויסגעגאָסען זיך און דורכגערונען דורך דער שטרוי פון אויבען אַראָפּ, גלייך אויפ'ן הוט און אויף רער זיידע־נער בלוזע און אויף די איבעריגע מלבושים פון דער אומאַנער דאַמע, וואָס איז ווי צוגעפּרעסט געוואָרען צו דער באַנק. פון די היזקות, וואָס מיר אַליין האָבען געהאַט אין דער קאָרזינע גופא, רעד איך;

שוין נישט. איך שמועס נאָר פון׳ם בזיון פאַר דעם גאַנצן פרעמדען עולם, וואָס אין וואַגאָן, וואָס איטליכער פון זיי האָט געזאָגט אַיין אַנדער ווערטעל, איינס פּלאַטשיגער פון׳ם אַנדערען. איינער אַ יונגערמאַן מיט בלויע ברילען, מיט אַ שאַפּען קעפּעל פון גאָלע לי־סענע און מיט גראָבע ליפּען, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גרויסען פאַרשוין, מחמת ער האָט נישט אויפגעהערט צו גלעטען די וואָנסעס און קוקען בשעת מעשה אין אַ קליין שפּיעגעלע, האָט אַ זאָג געטהאָן, אַז די דאָזיגע דאַמע בעדאַרף איצטער זיין זיס, ווי טייגאַכץ מיט האָניג, און האָט אַליין זיך צעלאַכט פון דער חכמה. דער אַנדערער, דוקא איין אַלטער איד, אַ גראָבער, מיט אַ מאַסיווער גאָלדענער קייט אויפ׳ן בויך און מיט אַ גראָבער שמעקענדיגער צי־גאַר אין די צייהן, האָט געזאָגט נאָך גרעבער פון יענעם יונגען מאַן, און דער גאַנצער וואַגאָן האָט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. נישט געלאַכט האָבען נאָר די דאַמען, וואָס מיט אַ מאָל האָט די גוט־פריינדשאַפט צווישען זיי געפּלאַצט, ווי אַ גלאָז, צעזעעט געוואָ־רען, ווי אַ רויך, אַוועק, ווי אַ חלום. די אומאַנער דאַמע נעבאַך, וואָס האָט געפּייערט, ווי אַ גזלן, און האָט געמוזט נאָך איינהאַלטען זיך פאַר בושה, האָט בשום אופן נישט געקאָנט פערשטעהן, ווער קאָן דאָס זיין אַ בעלן פיהרען מיט זיך איינגעמאַכטס קיין אויס־לאַנד? דערויף האָט איהר מיין חיה־עטעל, וואָס האָט געפּייערט נישט ווינציגער פון איהר, זעהר גלייך אָפּגעענטפערט, אַז איטלי־כער האָט זיך זיין גוסט: איינער פיהרט מיט זיך איינגעמאַכטס, דער אַנדערער קרייד...

איך מיין, אַז די אומאַנער דאַמע האָט זיך אָנגעשטויסען, וואָס מיין חיה־עטעל מיינט, מחמת אויף דער ערשטער סטאַנציע האָבען זיי ביידע מיט׳ן יעהופּעצער ווייבעל צענויפגענומען זייערע זאַכען און האָבען אָהן אַ „זייט־געזונד" זיך איבערגעפּעקעלט אין איין אַנ־דער וואַגאָן און האָבען אונז בעפרייט צוויי ערטער.

— און ווער איז שולדיג, אַז נישט דו?...

איך לאָז איבער דעם לעזער, ער זאָל אַליין טרעפן, ווען געהער די דאָזיגע פראַגע: מיר, צי מיין חיה־עטלען?

---

### ג.

[א מין הקדמה. — דער שכל פון מאריענבאד. — א דאמע פון יעקאטערי־נאסלאוו. — סטאנציע אין וואלאטשיסק. — איך האנדעל א מציאה און ווער פון איהר פטור.]

מיין ווייב איז, ברוך השם, אַ מענש, וואָס האָט פיינט זיצען אַליין, ווי זי רופט דאָס אָן, „מיט די פיער ווענט". זי האָט ליעב הערען, ווי מע רעדט, און האָט אַליין אויך ליעב רעדען. אַז ס'איז שטיל אין שטוב, זשומעט איהר דעמאָלט אין די אויהערען, און איהרע „נערוועז" קאָנען דאָס נישט איבערטראָגען. אַז עס מאַכט זיך, זי בלייבט אַליין מיט מיר און עס געהט אויס רעד (צווישען מאַן און ווייב — וואָס קאָן זיין פאַר אַ רעד?), פרעגט זי מיך, וואָס איך שווייג? פאַר וואָס רעד איך נישט?

— וואָס זאָל איך מיט דיר רעדען? — פרעג איך זי. — שוין עטליבע און צוואַנציג יאָהר זינט מיר רעדען... אויסגעגאַנגען שטאָף...

— פאַר וואָס זשע געפינט זיך ביי דיר שטאָף פאַר פרעמדע? לאָז זיך דיר דאַכטען, עלעהיי איך בין אויך אַ פרעמדע?

נו, געהט פערענטפערט זיך, געפינט אַ תירוץ!...

דאָס איז אַ מין הקדמה אָדער אַ פירוש צו דעם, עס זאָל אייך נישט זיין קיין חידוש, וואָס געפאָהרען מיט מיין חיה־עטלען קיין אויסלאַנד אין די וואַרעמבעדער, בין איך געווען צופריעדען, אַז גאָט האָט איהר צוגעשיקט מיט וועמען צו רעדען. איך אַליין האָב איהר געזוכט אַ קאָמפּאַניע און האָב איהר געפונען אין צווייטען וואַגאָן

א מאסיווע דאמע פון יעקאטערינאָסלאַוו מיט איהרער א טאָכטער, א כלה, דאָס הייסט, אזעלכע, וואָס מעג שוין זיין א כלה, און וויל שוין זיין א כלה, און ס'איז שוין צייט, זי זאָל זיין א כלה — און צוליעב דעם טאקי פאָהרט זי קיין מאריענבאד.

דערהערט דאָס וואָרט „מאריענבאד“, האָט זיך מיין חיה־עטעל ממש מחיה געווען, מחמת עס האָט זי געצויגן כסדר קיין מאריענ־באד! וואָס עפּיס גראָד קיין מאריענבאד? — דעם שכל קאָן קיינער נישט וויסען, פּונקט אזוי ווי עס איז שווער צו טרעפען דעם שכל, פאר וואָס איינעם געפעלט וויים, דעם אנדערען שווארץ. עס ווענדט זיך אינ'ם גוסט. עס איז א געשמאק־זאך: איינעם געפעלט אזוינס, דעם אנדערען — אזעלכעס. ווען אלע מענשען זאָלען פאָהרען אין איין אָרט אריין, וואָלטען דאך אלע איבעריגע ערטער געבליבען לעדיג...

— פאָהרט איהר, הייסט דאָס, אויך קיין מאריענבאד? — האָט זיך מיין חיה־עטעל געווענדט צו איהר מיט א שמחה און בשעת מעשה בעטראכט די מאסיווע יעקאטערינאָסלאווער דאמע און גע־חידוש'ט זיך, צו וואָס פאָהרט אזעלכע אין די ווארעמבעדער? וואָס פעהלט איהר, למשל?... די יעקאטערינאָסלאווער דאמע האָט זיך, אפּנים, אָנגעשטויסען, וואָס בעדייט דער דאָזיגער קוק, און האָט זיך פערענטפערט:

— איך פאָהר קיין מאריענבאד אלע זומער, נישט, חלילה, אויף דער קור; איך בין, דאנקען גאָט, געזונט און שטארק אויף אלע אברים (מע זעהט דאָס!), הלואי ווייטער נישט ערגער (אָמן!); נאָר וואָס פאָהר איך קיין מאריענבאד? איך פאָהר אהינצו זיך „אָפּציהען“; אז איך בין אָפּ א וואָך זעכס אין מאריענבאד, לאָז איך איבער דאָרטען א פונט עטליכע און דרייסיג (אָהאָ!), און מאריענבאד איז דערצו א רפואה. דער חסרון איז, וואָס אז איך קום אהיים קיין יעקאטערינאָסלאוו, נעם איך אָן אויף זיך צוריק די עטליכע און דרייסיג פונט, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין מאריענבאד, מיט נאָך א פונט צוואנציג (קיין עין הרע נישט!),

מחמת דער אַפּעטיט, וואָס איך באַקום נאָכהער צום עסען, הרג'עט מיך אַוועק!...

— איז דאָך גלייכער — זאָג איך — איהר זאָלט בעסער אויפ־הערען פאָהרען קיין מאַריענבאַד?

— וואָס הייסט? — זאָגט זי. — איך מוז דאָך פאָהרען זיך אָפּציהען, אַוועקגעבען די עטליכע און דרייסיג פונט!

— קומט דאָך אייך צו — זאָג איך — צוריק עטליכע און דרייסיג פונט מיט נאָך צוואַנציג פונט, הייסט דאָך עס אַלע צוויי יאָהר אַ פוד!

— איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז איהר זענט אַזאַ בעל־חשבון! — מאַכט זי צו מיר מיט אַ שטאָך, און מיין חיה־עטעל קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ גזלן, למאַי איך מיש מיך אַריין, און איך בייס די צונג. איך זיץ און קוק אויף דער יעקאַטערינאָסלאַוועה דאַמע און טראַכט מיר, וואָס ווערט זיין פון איהר, בדומה למשל, טאָמער לעבט זי נאָך אַ יאָהר צוואַנציג און פאָהרט אַלע יאָהר קיין מאַריענבאַד און לאָזט איבער עטליכע און דרייסיג פונט און נעמט זיי אָפּ צוריק מיט רוחים? הייסט דאָס צוואַנציג מאָל צוואַנציג, האָבען מיר אַ קיימאַ־לן פון פיער הונדערט פונט, און פיער הונדערט פונט האָבען מיר אַזוי גרוים, אַפּנים, ווי צעהן פוד.

— סטאַנציע וואָלאָטשיסק! — זאָגט אונז אָן דער קאָנדוקטאָר אַ בשורה און נעמט אָפּ ביי אונז די בילעטען, און אַלע פּאַסאַזשי־רען טהוען זיך אַ חאַפּ צו די פּעקלעך, און עס לאָזט זיך הערען מיט שמחה:

— די גרעניץ! די גרעניץ!

פאַר וועמען ס'איז אַ שמחה — פאַר מיר נישט. גאָט ווייסט, צי מע וועט מיר אָפּגעבען דעם באַגאַזש, וואָרום איך האָב דאָך פערגעסען אָפּנעמען ביי'ם אַרטעלשטשיק די קוויטאַנציע און האָב געמוזט פון וועג טעלעגראַפירען וועגען דעם קיין בויבעריק.

— וואָס וועלען מיר טהון, — זאָגט צו מיר מיין חיה־עטעל — טאָמער, חלילה, גיט מען אונז נישט אַרויס אונזער באַגאַזש?

— למאי — זאג איך — זאלסט דו איבערקלערן אויף ניין? טאמער יא?

כך הוה. מיר זענען געקומען אויף דער סטאנציע, האט זיך אנגעהויבען א לויפעניש פון איינעם צום אנדערען. דער יונגערער האט אונז אפגעשיקט צום עלטערען, און דער עלטערער צו נאך א עלטערען. דער זאגט: ס׳איז פארהאן א דעפעש; דער זאגט: ס׳איז נישטא קיין דעפעש. דער זאגט: ס׳איז דא א דעפעש, מע זאל ארויסגעבען; דער זאגט: ס׳איז דא א דעפעש, מע זאל נישט ארויסגעבען. בקיצור, מיר האבען געמוזט געבען פון דאנען נאך א מאל א דעפעש און אליין זענען מיר געבליבעןווארטען.

מיין חיה־עטעל... וואס? איהר ווילט טאקי וויסען, וואס איך האב געהאט פון איהר? אז גאט וועט אייך העלפען, איהר וועט פאהרען אין די ווארעמבעדער, בחפזונ׳דיג, מיט אייער ווייב, אזוי ווי איך, און איהר וועט פערגעסען די קוויטאנציע פונ׳ם באגאזש, ווי איך, און וועט דארפען ווארטען ביי דער גרעניץ איין איבערי־גען טאג, ווי איך, וועט איהר דעמאלט וויסען, וואס מע קאן האבען פון א ווייב... איין שטיקעל גליק האטש, וואס די יעקאטערינאסלא־ווער דאמע מיט דער טאכטער, די כלה, זענען אויך געבליבען ווארטען ביז׳ן צווייטען צוג איבער איין אנדער טעם: פון אדעס האט בעדארפט אנקומען איהרע א שוועסטער, וואס פאהרט אויך קיין מאריענבאד און האט פערשפעטיגט דעם צוג, וועט זי אנקומען מיט׳ן אנדערען צוג.

— אויך אזא... — וויל איך פרעגען און בלייב שטעהן אין מיטען.

— אזא וואס?

— אזא... מיין איך... וואס פאהרט זיך אפציהען?

— פארקעהרט, — זאגט זי — מיין שוועסטער איז שוין צו איין איידעלע; פאהרט זי זיך פאררעכטען, און עס קומט איהר צו אלע יאהר א פונט פופצעהן. נאר אז זי קומט אהיים, פארלירט

זי פּופּצעהן מיט נאָך פּופּצעהן. זי עסט נישט כמעט גאָרנישט. זעהר איין איידעלע.

— קומט דאָך אויס, — זאָג איך — אַז אין צעהן יאָהר פאַרלירט זי הונדערט פופציג פונט, הייסט דאָס אַזוי גרויס, ווי דריי פּוד מיט דרייסיג פונט, היינט וואָס וועט שוין איהר איבערבלייבען?

— ווער בעט דיך, דו זאָלסט מאַכען חשבונות? — פאַלט שוין אָן אויף מיר מיין ווייב און איז גערעכט. — ער האָט זיך אָבי־סעל צע׳חשבונ׳ט, דער בעל־חשבון מיינער! באַרעכבען בעסער, וואָס דיך קאָסט־אָפּ דער באַגאַזש איבער דעם, וואָס דו ביזט אַ צעטראָ־גענער מלאך, וועסט דו בעסער מאַכען! געה נאַר, ווער געוואַהר, צי ס׳איז שוין דאָ איין ענטפער אויף אונזער דעפּעש?

פערשטעהט זיך, אַז קיין ענטפער איז נישטאָ, און עס קאָן נאָך אַזוי גיך נישט זיין. און נישט האָבענדיג וואָס צו טהון, געה איך מיר אַרויס אביסעל אויף דער גאָס שפּאַציערען.

דאָס שטעדטעל וואָלאָטשיסק, חאָטש עס ליגט ביי דער גרע־ניץ, איז אַ קליין שטעדטעל, ווי אַלע שטעדטלעך בכל תפוצות ישראל, מיט אַ מאַרק, מיט קלייטלעך, מיט אידען, וואָס דרעהען זיך אַרום מיט די שטעקעלעך אין די הענד און האָבען נישט וואָס צו טהון. און מחמת קיינער קען מיך נישט, קויף איך מיר אַ פונט אַגרעסען און געה מיר אַרום אין מאַרק און עס מיר די אַגרעסען פונ׳ם שקאָרמעץ. און פּלוצים דערזעה איך פּאַר מיינע אויגען וואַכסט אויס אַ מאָדנע חיה, וואָס איך האָב אַזעלכעס אויף מיין לעבען נישט געזעהען. אַ מין פערד אַ הויכס, מיט געלע מאָכנאַטע האָר, ערטערווייז מיט פּליכעס, אַ ליפּ אַ צעשפּאָלטענע, צוויי האָר־בעס אויף די פּלייצעס, איך וואָלט געמעגט שווערען — אַ ווער־בליוד! * און אַ שוואַרצער ציגיינער זיצט אויף דער ערד, איינגעווי־קעלט אין אַ וויסער וואַרעמער סוויטע, און קוקט מיט אַזעלכע אויגען, גלייך ווי ס׳איז איהם נמאס די גאַנצע וועלט.

---

* אַ קעמעל.

איך געה־צו צו איהם נאָהענט און בעטראַכט איהם און בע־טראַכט די חיה מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ און מיט די צוויי האָרבעס.

— וואָס איז דאָס ביי דיר? — פרעג איך איהם. — א ווער־בליוד?

— א ווערבליוד, — ענטפערט ער מיר און קוקט נישט אין די אויגען אריין.

— וואָס קאָסט עס? — טהו איך איהם א פרעג און געה־צו נאָך נעהענטער.

פּלוצים הויבט זיך אויף מיין ציגיינער, ציהט זיך אויס אין דער הויך, ווי עוג מלך הבשן, טהוט א גלאַנץ מיט די אויגען גלייך צו מיר אין פּנים אריין און א פרעג:

— פּאָקופּאַיעש? (דו קויפסט?)

— פאר וואָס נישט? — ענטפער איך איהם אויף קאַטאָוועס.— וואָס ווילסט דו פאר איהם?

— הונדערט מיט צעהן קארבען! — ענטפערט ער מיר. — וויפיעל גיסט דו?

— א פינף־און־צוואַנציגער, — זאָג איך צו איהם אויף קאַ־טאָוועס.

— דאַוואַי דיענגי! (געב געלד!) — מאַכט ער צו מיר און טהוט מיך א נעם ביי דער האַנד אזוי פריינדליך, אז איך האָב מורא זיך אויסדרעהען פון זיינע הענד. איך קוק מיך ארום פון אַלע זייטען און טראַכט מיר: „וואָס טהוט מען דאָ? קויפען? — וואָס טויג מיר א ווערבליוד? נישט קויפען? — הצ־ איך מורא פאר פעטש"... און איך ווייס נישט וואָס מיט מיר איז געווען: איך האָב ארויסגענומען, במחילת כבודי, א פינף־און־צוואַנציגער און האָב אוועקגעקויפט דעם ווערבליוד.

און מערקווירדיג! אזוי ווי ס'איז פריהער נישט געווען קיין נפש, אזוי איז מיט א מאָל אויסגעוואַכסען נעבען מיר א גאַנץ

רעדעל און מע האָט מיך גענומען בעטראַכטען מיט דער מציאה, וואָס איך האָב איינגעהאַנדעלט.

— פעטער, וואָס וועט איהר זיך הייסען געבען פאַר דער נבלה?

איך האָב געוואָלט, מע זאָל מיר אומקעהרען מיין געלד, איך האָב געוואָלט אָנווערען פריהער אַ פינפערעל, נאָכדעם אַ צעהנער־רעל — עס געהט נישט! איך האָב איהם געוואָלט אוועקגעבען אומזיסט, אַוועקשענקען, האָט מען מיר געזאָגט:

— האַלט זיך געזונטערהייד!

וואָס טהוט מען? איבערלאָזען איהם אין מיטען מאַרק און אַליין אוועקגעהן? איז מיר געווען אַ בזיון, און אביסעל האָב איך טאַקי מורא געהאַט אויך, טאָמער געהט מען מיר נאָך ביז'ן וואָקזאַל און עס ווערד געוואָהר מיין ווייב...

בקיצור, איך וועל אייך לאַנג נישט מאַריך זיין — איך האָב צוגעצאָהלט אַ פּאָר קערבלעך און בין פּטור געוואָרען פון אַ צרה!

געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפען מיין חיה־עטלען אין טרערען. וואָס איז די מעשה? ס'איז שוין לאַנג פאַרהאַן אַ דעפּעש פון בויבעריק, די דעפּעש איז געווען נאָך איידער מיר זענען געקומען, אומזיסט טעלעגראַפירט, און דער באַגאַזש וועט זיין אויף דער נאַכט.

— וואו ביזט דו אַהינגעקומען? — פרעגט זי מיך. — ווי אַזוי נעמט דאָס אַ מענטש און ווערד פאַרפאַלען אויף אַ גאַנצען טאָג און דרעהט זיך אַרום איך ווייס נישט וואו און ווייס נישט וואָס!

„דאַנקען גאָט, — טראַכט איך מיר — וואָס דו ווייסט נישט, הלואי זאָלסט דו טאַקי נישט וויסען“...

אַז מיר זענען אַריבערגעפאָהרען פון פּאָדוואָלאָטשיסק, איז ביי מיר אַראָפּ אַ שטיין פונ'ם האַרצען. איך האָב מיך אַלע מינוט אַרומגעקוקט, צי מע פיהרט מיר נישט צוריק די מציאה, וואָס איך האָב איינגעהאַנדעלט. די יסורים, וואָס איך האָב געהאַט ביי'ם וויזירען די פּעסער, די צרות, וואָס איך האָב געהאַט פון מיין ווייב פאַר דעם איינגעמאַכטס, וואָס מע האָט אַרויפגעלעגט פאַר איהם

א שטראָף, און פאַר די פּאַפּיערען, וואָס מע האָט מיר אַרויסגעוואָר־פען, און ביי׳ם געלד־וועכסלען, וואָס די חלפנים האָבען מיר פער־דרעהט צווישען יאָ־און־ניין נייען קערבלעך, — דאָס אַלץ איז געווען בלאָטע אַקעגען דעם נאַרישען וועקסל־וויכט, וואָס איז מיר נישט אַרויס־געקראָכען פון קאָפּ אַ גאַנצען וועג, ביז גאָט האָט מיר בעשערט אַ נייעם אומגליק אונטער קראָקוי, וואָס וועל בעשריבען אָט דאָ — אַ ביסעל וויימער.

---

ד.

[אַ פּסק פון אַ ווייב. — אידען אין קאַפּעלישלעך. — ווייבער מיט פּאַריקען.— מע שמועסט פון ציערונג, און חיה־עטעל פּאַלט חלשות.]

וואו זענען אַהינגעקומען די יעקאַטערינאָסלאַווער מאָסיווע דאַ־מע, וואָס פּאַהרט קיין מאַריענבאַד פערלירען דרייסיג פונט, מיט דער טאָכטער, די כלה, מיט דער איידעלער שוועסטער, וואָס זיי האָבען ערוואַרטעט פון אָדעס, — ווייס איך נישט; זיי זענען ווי אין וואַסער אַריין. עס קאָן זיין, זיי האָבען זיך בעזעצט אין איין אַנדער וואַגאָן, און איך האָב זיי געוואָלט געהן זוכען, האָט מיר מיין חיה־עטעל געגעבען אַ פּסק און איז דוקא געווען נישט אומגעע־רעכט.

— וואָס הייסט? — זאָגט זי צו מיר. — מיר זענען נאָר־וואָס אַריבער די גרעניץ, ווילסט דו מיך שוין איבערלאָזען איינע אַליין אין אַ פרעמד לאַנד און געהן זוכען פרעמדע ווייבער?

— טאָקי פון דיין טובה וועגען, — וויל איך מיך פערענטפערען, נאָר איך מאַך ערגער. „זי דאַרף נישט, זאָגט זי, מיינע טובות, זי קאָן זיך, זאָגט זי, באַגעהן אָהן זיי; און צווייטענס, אַז עס וועט איהר זיין שטאַרק סקוטשנע, וועט זי זיך, נישקשה, אַליין אָפּזוכען אַ קאָמפּאַניע“... און כך הוה: מיר זענען נאָר געקומען אונטער לעמ־

בערג, האָט אונזער וואַגאָן אָנגעהויבען אָנגעפילט ווערען מיט אי־דען און ווייבער — און וואָסערע אידען! וואָסערע ווייבער! וואָ־סערע קאָפּעלישלעך, וואָסערע קאַפּאָטעס מיט וואָסערע גאַרטעלעך און מיט וואָסערע שיך־און־זאָקען! און די ווייבער — צנועות! טראָגען מושקעס, גאַנצע שלייערס אויף די קעפּ — רביצינס! הײנט די שפּראַך זייערע! זייער אַרט רעדען אַלע אינאײנעם, און פונ׳ם גאָרגעל! און מיט די הענד, און מיט אַ ניגון!

— אָט דאָס זענען „דייטשען“? — מאַכט צו מיר חיה־עטעל מיט די אויגען.

— וואָס זאָגסט דו דערויף? — ענטפער איך איהר אויפ׳ן וואונק.

— ארץ־ישראל! — מאַכט צו מיר מיין ווייב.

קיינמאָל האָט נאָך מיין ווייב אַזוי גלייך נישט געזאָגט, כלע־בען. ארץ־ישראל, ווי איך בין אַ איד!

מיר האָבען זיך ביידע געפיהלט עפּיס אַזוי היימיש, גלייך ווי מיר וואָלטען געקומען נישט קיין אויסלאַנד, נאָר קיין בערדי־טשעוו, אָדער קיין יאַרמעלינעץ אויפ׳ן יריד. דער חילוק איז נאָר געווען דאָס, וואָס ביי אונז אויף דער באַהן, אַז עס מאַכט זיך אַזאַ קאָמפּאַניע, האָט מען בזיונות פון די אַלע איבעריגע פּאַסאַזשירען; עס ווערד אַ שמועס וועגען אידען, וואָס זענען אומעטום פול און וואָס האָבען שוין איינגענומען כמעט דאָס גאַנצע לאַנד, און עס לאָזען זיך הערען די בעקאַנטע ווערטער: „קאַהאַל“, „זשידי“, „עקספּלאָאַטאַטאָרי“, וכדומה זיסע נעמען, וואָס מע איז שוין מיט זיי ביי אונז, ברוך השם, געוועהנט געוואָרען.

געוועהנליך, האָבען מיר זיך מיט דער דאָזיגער קאָמפּאַניע גיך בעקאַנט און גאַנץ געשמאַק צערעדט זיך. דערהערט פון אונז, אַז מיר זענען פון „רוסלאַנד“, האָבען די דאָזיגע „דייטשען“ געקוקט אויף אונז מיט משונה־מאָדנע אויגען, אונז בעטראַכט, ווי מע בע־טראַכט, אַשטיינגער, מאַלפּעס: דאַכט זיך, מענש, און פּאָרט נישט מענש... זיי האָבען ביי אונז אויסגעפרעגט איטליכס ברעקעלע,

געוואָלט אויסטאַפּען, וואָס ביי אונז אונטער די נעגעל טהוט זיך. זיי האָבען זיך אַלץ נאָכגעפרעגט ביי אונז, וואָס מיר עסען? צו וועלכען רבי'ן פאָהרען מיר? און צי זענען מיר געווען אין „פּע־טערסבורג“? און צי האָבען מיר געזעהען „מאָסקווי“?

קוקענדיג אויף זיי, האָט מען געקאָנט זיכער מיינען, אַז די דאָזיגע „דייטשען“ טהוען גאָרנישט, נאָר זיי פערנעמען זיך מיט פּאָליטיק. צום סוף, אַז איך האָב מיך גוט צוגעהערט צו זייערע שמועסען, האָב איך מעהר נישט געהערט פון זיי אַ חוץ „באַקפּיש“, „אַ געפּיטערט געגזעל“, „קאַלבסבראַטען“ וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען שייך צו דער קישקע.

דאָס איז געווען ביי מיר, צווישען די מאַנסבילען, און דאָרט ביי מיין ווייב, צווישען די דייטשע צנועות, איז געגאַנגען גאָר איין אַנדער שמועס: די ווייבער פון ביידע צדדים האָבען גערעדט פון דער „מאָדע“, וואָס מע טראָגט „ביי אונז“ און וואָס מע טראָגט „ביי זיי“, און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז האָטש זיי זענען „דייטשען“ און מיר זענען „רוססען“, פון דעסטוועגען האַלט מען ביי אונז פון דער היינטיגער מאָדע אַ סך מעהר, ווי ביי זיי.

— אַ סימן האָט איהר, — זאָגט צו זיי מיין חיה־עטעל — נעמט, אַשטייגער, אייער ציערונג און אונזער ציערונג. ביי אונז אַ „פּרוי“ (מיין חיה־עטעל האָט זיך שוין אָנגענומען פון זיי און האָט שוין אָנגעהויבען „שפּרעכען אויף דייטש“) — ביי אונז אַ „פּרוי“ זאָל אָנטהון אַזעלכע צוויי באָמבעס אין די אויהערען, וואָלט מען איהר נאָכגעלאָפען אין גאַס...

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען צו אַ לעמבערגער דאַמע מיט אַ פּאַריק און מיט צוויי גאָלדענע אויהערינגען, וואָס האָבען זיך מאָדנע געבאָמבעלט אַהין און אַהער.

— און וואָסערע אויהערינגלעך טראָגט מען ביי אייך אין רוס־לאַנד? — האָט זיך אָנגערופען פון דער זייט נאָך אַ דאַמע מיט אַ רויט פּנים און מיט נאַסע אויגעלעך, וואָס איז ביז אַהער גע־זעסען אַליין אין אַ ווינקעלע און האָט געשוויגען.

— ביי אונז טראָגט מען שוין איין מאָל אויהערינגלעך! — רופט זיך אָן צו איהר מיין חיה־עטעל און פוילט זיך נישט און עפענט אויף דעם גרויסען „קאָפער" (איך הויב שוין אויך אָן שפּרעכען אויף דייטש) און נעמט אַרויס פון דאָרט דאָס קליינע רענצעלע מיט דער ציערונג, וואָס איך האָב איהר געקויפט דורך דער גאַנצער צייט, זינט ביי מיר האָט זיך בעוויזען געלד.

עס ווייזט אויס, אַז די ציערונג איז דעם עולם שטאַרק געפעלען, וואָרום אַלע ווייבער, אויך אַ פּאָר מאַנסבילען, האָבען שטאַרק אַריינגעקוקט אין די קעסטעלעך אַריין, בעטראַכט מיין ווייב'ס שענע אויהערינגלעך מיט די גוטע פינגערלעך מיט די פּערעל, און מיט'ן גאַנצען איבעריגען שמוק, וואָס זי האָט זיך נישט געוואָלט מיט דעם צעשיידען אַפילו אויף איין טאָג.

— וואָס טויג דיר ציערונג אין די וואַרעמבעדער? — טענה איך מיט איהר נאָך אין דער היים פאַר'ן אוועקפאָהר. — אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער, חלילה, גנב'עט מען דאָס ביי דיר אַוועק?

— און וואו בין איך? ביים זיך אָפּ די צונג! — ענטפערט זי מיר. — דו דאַרפסט אָבער תמיד אויסלעגען צו בייזען!

„מילא, אַ דאגה! — טראַכט איך מיר. — דיין ציערונג, דיין דעה!"

דערווייל האָב איך מיך מיט מיינע „דייטשען" אַזוי פעררעדט וועגען פּאָליטיק און אַנדערע ענינים, אַז (כ'בין זיך מודה ומתודה!) איך האָב גאָר פערגעסען, אַז ס'איז פאַרהאַן ערגיץ אַ חיה־עטעל אויף דער וועלט... און ערשט ווען האָב איך מיך דערמאַנט? ערשט העט־העט, אַז דער גראָבער דייטשער קאָנדוקטאָר מיט'ן מאָדנע היטעל אויפ'ן קאָפּ און מיט איין אומגעלומפּערט גרויסען שליסעל אין די הענד איז דורכגעגאַנגען פאַרביי אונז און האָט אויסגערופען דוקא הויך אויף אַ קול, מיט אַזאַ שפּראַך, וואָס איז שווער צו פערשטעהן, געקראַקעט, ווי אַ וואָראָנע: — „קראַ־קאַ־ו! קראַ־קאַ־ו!" און דאָס איבעריגע — זאָל איך אַזוי וויסען פון איהם!

— אָט דאָ — זאָגט צו מיר מיין חיה־עטעל — וועלען מיר עפּיס נעמען אין מויל אריין.

און זי נעמט מיך אונטער דער האַנד אויף דעם אַריסטאָקראַ־טישען אופן, און מיר מאַכעןביידע אַ שפּאַציער איבער׳ן שענעם גרויסען וואָקזאַל גאַנץ אויפגעלעבט, ווי אַ יונג פּאָרעל נאָך־וואָס נאָך דער חתונה.

אינ׳ם לעבען פון מאַן און ווייב טרעפען זיך זעלטען אַזעלכע גליקליכע מינוטען, אַזעלכע שענע טעג מיט אַזא לויטערען הימעל. מעהרסטענטייל איז אָדער חמאַרנע, אָדער עס רעגענט, אָדער גרויסע קעלטען, אָדער עס ברענט די זון אומ׳ברחמנות׳דיג, בריהט און סמאַלעט מיט סכנת־נפשות, אָדער עס ברעכט אויס פּלוצים אַ וואָלקענבראָך, נאָכדעם בעווייזט זיך די זון אויף אַ ווײַלע, טהוט אַ שמייכעל און ווערד פערשוואונדען.

אויב ביי אייך קומט דאָס פּאָר אַנדערש, זענט איהר אַוודאי אַ מוצלח, געבוירען, ווי מע זאָגט, אין אַ הייבעל; ביי מיר מיט מיין חיה־עטלען, בין איך זיך מודה, קומען־פּאָר זעלטען אַזעלכע גליקליכע לויטערע זונענדיגע טעג. ווער פון אונז איז דאָ מעהר חייב — קאָן איך אייך נישט זאָגען. איך בין בטבע אַ איד אַ צו־להכעיס׳ניק, און מיין ווייב איז אַ דאַמע מיט נערוועז. צו־להכעיס מיט נערוועז — איז פייער מיט וואַסער, סאָדע מיט קרעַ־מעטאַרטערום; קומען זיי זיך צענויף אינאיינעם — קאָכט עס...

דערפאַר אָבער, אַז עס גיט זיך אויס ביי אונז אַ שענער טאָג און די זון טהוט אַ שיין, בענוצען מיר זיך דערמיט ווי ווייט מעגליך און שעפּען פערגעניגען מיט׳ן פולען מויל.

— חיה־עטעל קרוין, וואָס זאָגסט דו אויף דעם לאַנד, ווי פריי, ווי גוט דאָ איז!

— אַ גן־עדן! — זאָגט זי צו מיר, ווי איהר שטייגער איז, און טהוט מיר אַ קוק אין די אויגען אַזוי פריינדליך, אַז עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז קיין שענערס פון איהר איז נישטאָ אויף דער וועלט. און איך רוף זיך אָן צו איהר:

— ווי מיינסט דו, נשמה מיינע, וואָלסט וועלן, אַשטייגער, זיך דאָ באַזעצן אויף שטענדיג?

— מיט דיר? אָך, פאַר וואָס נישט?

— מיט דעם, וואָס איז ליעב, אַפילו אין אַ שאַלאַש! — זאָג איך צו איהר מיט דעם נוסח, וואָס אין די ביכלעך שטעהט גע־שריבען.

דערויף ענטפערט זי מיר נאָר מיט אַ זיס שמייכעלע, איינס פון די שמייכעלעך, וואָס מאַכט פריילין דעם הימעל, די ערד, די גאַנצע וועלט. אַלע מענשען בעקומען דעמאָלט גאָר איין אַנדער פּנים — אַפילו דער קאָנדוקטאָר, וואָס געהט פאַרביי, אַפילו דער זשאַנדאַרם מיט דער גרויסער פעדער, אַפילו דער אָרעמער דייטש, וואָס שטעהט אָפּגעריסען און וואַרט אויף אַ נדבה — אַלע, אַלע בעקומט איין אַנדער פּנים מיט איין אַנדער געשטאַלט, אַלע שמייכעלט, אַלע זינגט, אַלע טאַנצט, אַלע גריסט צו אונז גאָר פריינדליך!

— חיה־עטעל...

— וואָס איז, מיין טייערער?

— לאָמיר זיך געבען איינס דאָס אַנדערע דאָס עהרען־וואָרט, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָלען מיר זיין שטענדיג שלום, שטענדיג גוט, קיינמאָל זיך נישט קריעגען, קיינמאָל זיך נישט...

פּלוצים רייסט זי אַרוים ביי מיר איהר האַנד, טהוט זיך אַ וואָרף צוריק און שרייט־אוים נישט מיט איהר קול:

— דאָס קוישעל! דאָס קוישעל!

— גאָט איז מיט דיר! וואָסער קוישעל?

— דאָס קוישעל מיט'ן ציערונג! — שרייט זי אוים און פאַלט חלשות.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

וויפיעל מענשען עס זענען געווען אויפ'ן וואָקזאַל — זענען זיך אַלע צענויפגעלאָפען. עס איז אויסגעוואַכסען אין דער מינוט אַ

דאָקטאָר מיט איין אַפּטייק, און מע האָט חיה־עטלען אַפּגעמינטעװעט.
און אַז מע האָט זי אָפּגעמינטערט, האָט זי זיך ערשט דעמאָלט
רעכט צעוויינט.

— וועה איז מיר, ווינד איז מיר! מיין ציערונג! מיין ציע־
רונג!!

עס האָט נישט געהאָלפען מעהר קיין גוטע רעד, קיין טרייס־
טען, קיין צוזאָגען איהר קויפען אַנדערע ציערונג — זי וויל נישט
הערען, זי ברעכט די הענד, זי וויינט, זי חלש'ט, זי עקט זיך.

— אוי וועה, מיין ציערונג! נישטאָ קיין ציערונג! פאַר־
פאַלען דאָס ציערונג!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די ציערונג איז פערפאַלען, און די מאַסיווע דאַמע מיט דער
טאָכטער, דער כלה, האָבען זיך געפונען.

— וואָס איז אייך געשעהען, וועה איז מיר? — פרעגט אונז
די מאַסיווע דאַמע, און אַז זי ווערד געוואָהר פון אונזער שאָדען,
ברעכט זי די הענד און פרעגט, ווי אַזוי פיהרט מען דאָס אָט אַזוי
ציערונג פון אויבען־אויף? און אַלע, וואָס דערהערען פונ'ם שאָ־
דען, ברעכען די הענד און פרעגען, ווי קומט דאָס, מע זאָל פיהרען
ציערונג אַזוי אויבען־אויף?

— ס'איז אַלץ ער, ער מיט זיין צונג! — זאָגט חיה־עטעל.
און איהר ווייסט דאָך שוין, וועמען זי מיינט!...

---

ה.

[וויעדער נערוועז. — אַ גרינגער לולב פון אדעס. — חיה־עטעל בלאָזט
זיך. — אַ רפואה צו דער מכה. — די מוהמע נחמה פון אַצעלעס.]

ביז מיר זענען געקומען קיין וויען איז מיין חיה־עטעל (פאַר
צרות, אַפּנים) קראַנק געוואָרען אויפ'ן רעכטען אמת און האָט מיר

פערשטעהרט די נסיעה צום ערשטען אַרויספאָהר. וואָס איהר איז געווען — איז שווער צו זאָגען; די נערוועט האָבען זיך איהר אַזוי צעשפּיעלט, אַז מע האָט דאָס געקאָנט אַרויסזעהען אויף מיר. לאָבט נישט: אַ מענש, וואָס האָט אַ ווייב מיט נערוועט, דערקענט מען דאָס ביי איהם אויפ'ן פּנים. ווייזט מיר וועמען איהר ווילט דאָס ערשטע מאָל, און לאָם איך מיט איהם רעדען אַ צוויי ווערטער, וועל איך אייך באַלד זאָגען, צי זיין ווייב האָט נערוועט, צי ניין. מע דאַרף דערצו האָבען אַ געניט אויג!

מיטלען צו נערוועט זענען פאַרהאַן אַ סך, און אַלע טויגען אויף כּפּרות. דאָס בעסטע פון אַלע מיטלען — מע זאָל לאָזען צורוה, און אַזוי טהו איך טאַקי. וואָס זי זאָל מיר נישט זאָגען, ענטפער איך איהר נישט דאָס אַנדערע וואָרט. איך נעם אָן אַ פול מויל מיט וואַסער און שווייג. פון איהר רעדען מיט מיין שווייגען לאָזט זיך אַ מאָל אויס גאַנץ מיאוס, נאָר דאָ אין וואַגאָן האָב איך דערפאַר קיין מורא נישט, וואָרום אַקעגען אונז זענען געזעסען די יעקאַטע־רינאָסלאַווער מאַסיווע דאַמע, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו קייען, און די טאָכטער, די כּלה, וואָס האָט געקוקט כּסדר אין שפּיעגעלע און געזעהען, אַז זי האָט פרישטשעס אויפ'ן פּנים, און די איידעלע שוועסטער פון אַדעס, וואָס איז געווען אַזוי גרין און איידעל, אַז זי האָט אויסגעזעהען, ווי איין איבערגעבונדענער לולב ערב סוכות.

אויף וויפיעל חיה־עטעל איז געווען מיט זיי פריהער נאָהענט, אויף אַזוי פיעל האָט זי זיך נאָכדעם פון זיי דערווייטערט און כּמעט גאָר אויפגעהערט מיט זיי צו רעדען, און האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אויך מיט זיי נישט רעדען; נאָר ווי אויף צו־להכעיס, האָבען זיך אַלע דריי דאַמען אַלע מאָל געווענדט צו מיר מיט איין אַנדער בקשה. איך זאָל זיך מטריח זיין אַראָפּנעמען דאָס רענצעל, אויפ־בינדען דאָס פּעקעל, צומאַכען דאָס פענסטער, אַ לויף טהון אויפ'ן וואָקזאַל עפּים קויפען, וכדומה אַזעלכע קאָמיסיעס, וואָס מע מוז אויף זיך טראָגען, בשעת מע נעמט אויף זיך דעם גלות פון דאַמען.

מעהר פון אַלע האָט מיך דערקוטשעט דער „גרינער לולב“ פון אַדעס. אויף וויפיעל זי איז מיאוס, אויף אַזוי פיעל האָט זי זיך פאַר מיר געבראָכען און געברעקעלט, און האַלט זיך פאַר אַ פּאַרשוין איינע אין דער וועלט. מיר האָט זיך געגלוסט אַלע מינוט איהר זאָגען דעם אמת, און דוקא צום גראָם: מאַדאַם! איהר זענט גרין ווי גראָז, און האָט אַ לאַנגע נאָז...

איך האָט זיך קיינמאָל נישט געטראָפען, אַז אויף דער צונג זאָל ביי אייך ליגען אַ נאַרישקייט און עס זאָל זיך רייסען אַרויס־צוזאָגען? איך האָב אַמאָל פאַר אַזאַ מעשה געחאַפּט פּעטש, נישט פאַר אייך געדאַכט, און אַ סך... נאָר איך האָב פערגעסען, אַז מיר שמועסען פון דער נסיעה אין די וואַרעמבעדער און מע טאָר נישט רעדען פון זייטיגע ענינים.

בקיצור, די דאַמען האָבען זיך מיט מיר געשאַפּט, און מיין ווייב האָט זיך געבלאָזען און געפּייערט אויף זיי און אויף מיר און אויף דער גאַנצער וועלט מיט סכנת־נפשות! איך האָב געפיהלט, אַז עס בלאָזט אַ שלעכט ווינטעל, אַז אָט־אָט הויבט זיך אויף אַ מורא'־דיגער שטורם־ווינד, אָט־אָט רוקט זיך אָן אויף מיר אַ חמאַרע און עס ברעכט אויס איין אומגליק, רחמנא לצלן... דער אויבערשטער איז דאָך אָבער איין אל ארך אפים ורב חסד, שיקט ער צו די רפואה פאַר דער מכה. האָט ער אויף מיר רחמנות געהאַט און צוגעשיקט מיר צו הילף אַ נייע דאַמע, דאָס הייסט, דאָרט אין דער היים איז זי אַ „אידינע“, נאָר דאָ, און ווייל זי פאָהרט אין די וואַרעמבעדער, רוף איך זי „דאַמע“. דורכגעגאַנגען דורך אונזער וואַגאָן און דער־זעהען מיין ווייב, איז זי צוגעלאָפען צו איהר, איז איהר געפאַלען אויפ'ן האַלז, און מע האָט זיך גענומען איינס דאָס אַנדערע קושען אַזוי שטאַרק, אַז דער גאַנצער עולם האָט אויף זיי געקוקט און געשמייכעלט.

— אוי, חיה־עטעל, ס'איז דו? אָט וועל איך מיר אַ מעשה אָנטהון!

— מוהמעניו, ווי קומט איהר אַהער?

— וואוהין פאָהרסט דו דאָס, חיה־עטעל, נשמה מיינע האַר־ציגע? אפשר אין די וואַרעמבעדער?

— געוועהנליך, אין די וואַרעמבעדער; נו, און איהר, מוה־מעניו, וואוהין פאָהרט?

— אויך אין די וואַרעמבעדער. אָט דאָס איז אפשר דער מאַן דיינער? איך וועל מיר אַ מעשה אָנטהון!

און אַזוי האָבען מיר זיך בעקענט, דאָס הייסט, פאַרגעשטעלט אָהן נעמען און אָהן ווערטער: איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז זי איז מיין חיה־עטעל'ס אַ מוהמע פון אַ קליין שטעדטעל מיט אַ מאָדנעם נאָמען — אַצעלעס. דאָס הייסט, שרייבען שרייבט זיך עס וואָלאָצעגאָלאָווא, נאָר אידען, וואָס האָבען פיינט לאַנגע נעמען, האָבען דאָס פערקירצט אויף אַצעלעס, און מע רופט זי: די מוהמע נחמה פון אַצעלעס.

— וואוהין זשע פאָהרט איהר, מוהמעניו, אין וואָסער אָרט אריין? — פרעגט זי חיה־עטעל.

— לאָז מיך אַזוי וויסען בייז מיט דיר אינאיינעם, ווי איך וויים, וואָס פאַר אַ נאָמען דאָס האָט! דאָס הייסט, איך האָב אפילו יאָ געוואוסט דעם נאָמען, נאָר איך האָב שוין פאַרגעסען. געדענקען געדענק איך, אַז עס לאָזט זיך אוים מיט אַ „באָד“.

— אפשר מאַריענבאַד?

— סע קאָן זיין, אַז מאַריענבאַד.

— צי אפשר קאַרלסבאַד?

— האָסט גע'פועל'ט ביי מיר אַזוי אויך, לאָז זיין קאַרלסבאַד.

— צי אפשר פראַנצענסבאַד? אָדער באַדענבאַד?

— לאָז זיין פראַנצענסבאַד, הייסע באַד, קאַלטע באַד, אַבי אַ באַד... דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסען פאָהרען אין די וואַרעמ־בעדער, פאָהר איך. איך פיהר מיט זיך אַ בריעף פון איהם צום פראָפעסאָר, מסתמא שרייבט ער שוין דאָרטען אין וואָסערע בעדער.

אונזער מוהמע נחמה האָט, נישקשה, פערדיענט, איך זאָל אייך זי בעשרייבען ווי סע געהער צו זיין, איבערגעבען אין קורצען איהר

ביאָגראַפיע: ערשטענס, איז זי דאָך מיין חיה־עטעל׳ס איי־גענע מוהמע, דאָס הייסט, מיין שוויגער׳ס אייגענע שוועס־טער, און מיין ווייב׳ס מוהמע געהער דאָך מיר אויך אָן אַ מוהמע. און צווייטענס, איז זי אַזאַ פּאַרשוין, וואָס ס׳איז, כּלעבען, כּדאַי זיך מיט איהר צו בעקענען אַביסעל פון דער נאָהענט.

אין דער יוגענד, ווייזט אויס, האָט זי בעדאַרפט זיין אַ גאַנץ שענע, און בטבע איז זי נאָך היינט אויך אַ לעבעדיגע, אַ פריי־ליכע נשמה, און האָט ליעב לעבען אַ גוטען טאָג. דעם ערשטען מאַן האָט זי געהאַט איין אַלטען שטורמאַק, פערשוואַרצט געוואָרען מיט איהם נישט לאַנג, געבליבען נאָך איהם אַ יונגע אַלמנה אָהן קינדער, נאָר מיט געלד — ביידע זאַכען דוקא נישט קיין חסרונות אויף צו חתונה האָבען דאָס אַנדערע מאָל און נעמען אַ מאַן נאָך איהר בע־געהר און אָנהויבען פיהרען אַ לעבען איבעראַנייעס. וואָס פאַר אַ מין נפש איז איהר צווייטער מאַן, וואָס זי האָט איהם גענומען „נאָך איהר בעגעהר“, קאָן איך אייך נישט זאָגען; איך וויים נאָר, אַז ער אַליין זיצט אין אָצעלעס, און זי האָט ער אַרויסגעשיקט אין די וואַרעמבעדער אויף אַ וואָך זעכס, זי זאָל זיך אָנטהון „כל הפּער־געניגען שבעולם“, נישט זשאַלעווען קיין געלד, און וואָס איהר האַרץ גלוסט — דאָס זאָל זי טהון, און וואָס איהרע אויגען זעהען — דאָס זאָל זי קויפען.

אַזוי זאָגט די מוהמע נחמה פון אָצעלעס, און איך זעה, אַז אַלע מיינע דאַמען זענען איהר מקנא, וואָס זי איז אַזוי פריי און האָט אַזאַ גליקליך לעבען ביי איהר מאַן, און — אוי וועה! — איך מוז מיך מודה זיין, אַז אפילו מיין חיה־עטעל אַליין קוקט אויף דער מוהמע און אויף מיר, און איך וויים, וואָס איהר קוק בעדייט; איהר קוק בעדייט: „אָט וואָס ס׳הייסט אַ מאַן אויף דער וועלט!“...

און די מוהמע נחמה פון אָצעלעס האַלט אין איין רעדען; דאָס מויל מאַכט זיך איהר נישט צו אויף קיין מינוט. אַליין איז זי אַ קליינינטשקע, אַ וויייסינקע, אַ קיילעכיגע, מיט אַ ווייס קיילעכיג גוידערעל, מיט אַ נעזעל ווי אַ פּאַסאָלקע, מיט גרויע אויגעלעך, און

אַ קול האָט זי אַ הייזעריגס, און אַז זי רעדט, טאַנצט זי אונטער, דרעהט זיך אויף אַלע זייטען, פערגעסט אַלע מינוט, וואו זי האַלט אין די יוצרות, מישט צענויף קאַשע מיט באָרשט מיט נעכטיגע טעג, טהוט זיך אַ פּאַטש מיטביידע הענטלעך איבער די קיילעכיגע קלובעם: „איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטהון!“ און צעלאַכט זיך אַזוי, אַז אַלע מוזען לאַכען מיט איהר אינאיינעם.

— מוהמעניו, — פרעג איך זי — ביי וואָסער פּראָפּעסאָר האָט אייך דער דאָקטאָר געהייסען זיין?

— לאָם איך אַזוי וויסען פון איהם! — זאָגט די מוהמע נחמה. — ער האָט מיר דאָרט פאַרשריבען, דער שענער דאָקטאָר פון אָצעלעס, אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער דעם נאָמען זיינעם, נאָר איך געדענק שוין נישט אין וואָסער אַ שטאָדט: צי אין וויען, צי אין בערלין? איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטהון!

און די מוהמע נחמה זוכט־זוכט אין אַלע קעשענעס און קאָן נישט געפינען דאָס שטיקעל פּאַפּיער, וואָס דער שענער דאָקטאָר פון אָצעלעס האָט איהר פערשריבען.

— ווייסט איהר חאָטש, לכל הפחות, דאָס חולאת אייערס? — פרעג איך זי אויף אַ ציקאַוועסט.

— אָט וועל איך דיר באַלד געהן דערצעהלען מיין חולאת! — מאַכט די מוהמע נחמה און צעלאַכט זיך, און אַלע דאַמען שיסען־אוים אַזאַ געלעכטער, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געזאָגט מי יודע וואָס פאַר אַ נארישקייט. נאָר איך בין צופריעדען און דאַנקבאַר דער מוהמע נחמה פון אָצעלעס און וועל איהר קיינמאָל נישט פער־געסען די טובה, וואָס זי האָט זיך בעצייטענס אונטערגעהאַפּט און אויסגעלייזט מיך נישט איין מאָל פון אַ סך, אַ סך צרות, אי בשעת נסיעה, אי דאָרט, אין די וואַרעמבעדער. זי איז, קאָן מען זאָגען, געווען די אמת'ע רפואה צו מיין ווייב'ס נערוועז. קיינער האָט אַזוי נישט געקאָנט אויפמונטערען מיין חיה־עטלען, ווי די מוהמע נחמה, זי מאַכען בערעדעווודיג, בשעת זי שווייגט, און זי מאַכען לאַכענדיג, בשעת זי איז פערזאָרגט, מרה־שחורה'דיג.

איך ווינש אייך, לעזער, אויב איהר האָט א ווייב, און דאָס ווייב האָט נערוועז, און איהר פאָהרט מיט איהר אין די וואַרעמ־בעדער, זאָל אייך גאָט צושיקען א מוהמע נחמה פון אַצעלעס, וועט איהר געגעזען זיין און אויסגעלייזט ווערען, אם ירצה השם, פון א סך צרות און אומגליקען, וואָס א בעווייבטער מענש קאָן אויף זיך האָבען.

---

## ו.

[א בהלה אין וויען. — איין אומגליק מיט דער שפּראַך. — נישטא וואָס צו עסען.]

ביז וויען האָבען מיר זיך אַלע געהאַלטען איינס, אָפּגערעדט, מיר זאָלען אַלע פערפאָהרען אויף איין סטאַנציע, אַלע געהן צו איין פּראָפעסאָר — הכלל, אומעטום אינאיינעם. נאָר פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס מיר זענען געקומען קיין וויען, איז גע־קומען אויף אונז אַלעמען א טומעל, א לויפעניש מיט איין אוים־האַפּעניש. דער ערשטער אומגליק האָט זיך גענומען פון די וויענער אַרטעלשטשיקעס, וואָס האָבען זיך א לאָז געטהאָן צו אונז, ווי די מלאכי־חבלה, עפּיס גערעדט צו אונז מיט א מאָדנעם לשון, נישט געקוקט אין די אויגען אריין, געחאַפּט אונזער באַגאַזש אונטער די הענד און א זאָג געטהאָן:

— געפּעק! געפּעק!

וואָס געפּעק? ווער געפּעק? — ווייס איך נישט. מיין חיה־עטעל וויל זיי איינהאַלטען, קוקט אויף מיר, ווי איינער רעדט: „וואָס שווייגסט דו?" נאָר די מלאכי־חבלה הערען אונז ביידען, ווי המן דעם גראַגער; זיי האָבען פערנומען אונזערע פּעקלעך און מאָרש, איך ווייס אַליין נישט וואוהין, און מיר נאָך זיי.

— וואָס לאָזט דו זיי? — שרייט צו מיר מיין חיה־עטעל און לויפט מיט מיר אינאיינעם נאָך די מלאכי־חבלה. — פאַר וואָס פרעגסט דו זיי חאָטש נישט, וואוהין טראָגען זיי אונזערע זאַכען? דו קאָנסט דאָך מיט זיי רעדען אויף דייטש!

— מסתמא אויפ'ן וואָקזאַל — זאָג איך. — וואָס האָסט דו מורא?

— אזוי? וואָס איך האָב מורא? ס'איז דיר דאָס אנדערע קוישעל מיט'ן ציערונג? — און מיין חיה־עטעל איז שוין פאַרטיג מיר אָפּשפּיעלען אַ וויוואַט, ווי איך בין ווערטה. ערשט מיר דער־זעהען די מוהמע נחמה פון אַצעלעם ליגען אויף דער ערד אויס־געצויגען און פערשפּרייטביידע הענד אויף איהרע פּעקלעך, ווי אַ געטרייע מוטער, וואָס בעשיצט איהרע קינדער, אָדער ווי איין אָדלער, וואָס מע וויל ביי איהם אוועקרויבען זיינע קליינע אָד־לערלעך. איינער פון די מלאכי־חבלה שטעהט איבער איהר און וויל נעמען טראָגען די זאַכען, לאָזט זי איהם נישט און שרייט אויף אַ קול:

— טשעפּעט נישט די וועשטשעס, איך וועל מיר אַ מעשה אָנטהון!

אזוי קאָמיש און לוסטיג האָט אויסגעזעהען די דאָזיגע סצענע, אַז מיר האָבען זיך ביידע נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

— מוהמעניו, גאָט איז מיט אייך! — מאַכט צו איהר חיה־עטעל. — וואָס האָט איהר מורא? אָט טראָגט מען דאָך אונזערע וועשטשעס אויך, און מיר האָבען קיין מורא נישט...

בתוך כך האָבען מיר אין דער בהלה פערלוירען די יעקאַטער־רינאָסלאַווער דאַמע מיט דער טאָכטער און מיט דער שוועסטער, און אַ דאַנק גאָט, וואָס מיר האָבען זיך חאָטש געהאַלטען אין דרייען מיט דער מוהמע נחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהאַלטען אַן מיין חיה־עטלען ביי'ם קליידעל, נישט אָפּגעלאָזט זי אויף קיין

טריט, און חיה־עטעל האָט זיך אָנגעהאַלטען אָן מיר, און אַזוי זענען מיר געוועזען אַלע דריי שוין נישט צעשיידט.

אויסגעגרויזעט מיט גרויסע צרות דעם באַגאַזש, דערצעהלט מיר איינער פון די מלאכי־חבלה, אַ רויטער דייטש מיט אַ ווייסען פאַרטוך, עפּיס אַ גאַנצע מעשה אויף זיין געמוטשעטע לשון, וואָס מע פערשטעהט נישט אַ וואָרט, מחמת ער רעדט נישט מיט'ן מויל, נאָר מיט'ן האַלז, און מיט אַזאַ מהירות, קוים וואָס מע האַפּט מיט'ן אויהער. איינציגע ווערטער נאָר האָב איך געחאַפּט: „האָטעל"... „פערד"... „וואַגען"...

— וואָס וויל ער, כ'וועל מיר אַ מעשה אָנטהון! ? — מאַכט די מוהמע נחמה צו חיה־עטלען.

— פרעג איהם, וואָס וויל ער? — מאַכט צו מיר מיין חיה־עטעל. — פרעג איהם אויף דייטש: וואָס זאָגט ער?

— ער פרעגט, — זאָג איך — ווי אַזוי מיר ווילען פאָהרען אין שטאָדט אַריין? צי מיט פערד, צי מיט'ן טראַמוויי?

— מיט סוסים! — מאַכט צו איהם די מוהמע נחמה, און אויף מיר און אויף חיה־עטלען פאַלט אָן אַ געלעכטער.

— געגוג שוין לאַכען! — זאָגט צו מיר חיה־עטעל. — זאָג איהם אויף דייטש, אַז מיר ברויכען איין איזוואָשטשיק.

— פיואיט! — מאַך איך צו איהם און טהו אַ פייף און ווי אַ שמיים מיט דער בייטש, ער זאָל מיך פערשטעהן. און שטעלט אייך פאָר, אַז ער האָט מיך באַלד פערשטאַנען!

— יאַ וואָהל! — מאַכט ער צו מיר, און אין צוויי מינוט אַרום זיצען מיר שוין אַלע דריי אין אַ גרויסאַרטיגען פאַיעטאָן מיט אַזעלכע געזונדע סוסים, וואָס ביי אונז זעהט מען דאָס גאָרנישט. אויך דעם באַגאַזש האָט ער אונז אַרויפגעפּעקעלט, דער רויטער דייטש מיט די געזונדע פּלייצעס. איך רוק איהם אַריין אין יד אַ שענע מטבע, חאַפּט ער אַראָפּ דאָס היטעל און דאַנקט אונז אָן אַ פולען קאָפּ. דער קוטשער פון די סוסים, אַ גאַנצער דייטש מיט אַ לולקע־ציבעק, נעמט זיך פּאַוואָלינקע אַראָפּ פון די פערד די

קאַלדרעס (דאָ גערהען אַלע פּערד צוגעדעקט מיט קאַלדרעס, זיי זאָלן זיך, חלילה, נישט צוקיהלען), זעצט זיך אַנידער און דרעהט־אויס צו אונז דעם קאָפּ און לאָזט אַרויס אויף פונ׳ם האַלז, נישט פונ׳ם מויל (אַזוי רעדען זיי דאָ אַלע), עפּיס אַ מינים ווערטער מיט אַ ניגון, וואָס ס׳איז שווער צו פערשטעהן.

— וואָס וויל ער? — מאַכט די מוהמע נחמה צו חיה־עטלען.

— פרעג איהם וואָס ער וויל? — מאַכט חיה־עטעל צו מיר.

— וואָס איז, דייטש? וואָס ווילסט דו? — מאַך איך צו איהם, מעהר מיט די הענד, געוועהנליך, און די מוהמע נחמה העלפט מיר אונטער:

— מכח איין אַכסניא פרעגט איהר?

— האַדיעט שוין, מוהמעניו! — זאָגט צו איהר מיין חיה־עטעל. — דייטש — לאָזט איהם! מיין מאַן וועט איהם שוין זאָגען אויף דייטש.

מיין חיה־עטעל׳ס ווערטער געבען מיר צו אַזוי פיעל קוראַזש, אַז איך הויב שוין אָן צו רעדען אויף צוויי לשונות מיט אַ מאָל — אויף דייטש און אויף פראַנצויז:

— גראַנד האָטעל בעסטע קוואַליטעט פראַנטע מאַאשיקאַ! — און בשעת מעשה טהו איך איהם אַ קנאַק מיט דער צונג. פערשטעהט ער מיך, דער דייטש, און רופט זיך אָן צו מיר:

— יאַ וואָהל! יאַ וואָהל!

און עס געדויערט נישט לאַנג, פיהרט ער אונז צו צו זעהר אַ גרויסאַרטיג הויז מיט שפּיגעלדיגע פענסטער, און עס לויפען־אַרויס אַקעגען אונז נייע מלאכי־חבלה מיט שוואַרצע פרעק, און מע האַפּט אונז אונטער די הענד און מע פיהרט אונז גלייך אַרויף, און עס קומט אונז אַקעגען איינער מיט צוויי באַקען־בערד, איך וואָלט געמעגט שווערען — אַ גראַף, אַ מאַגנאַט. צום סוף איז דאָס אַ שווייצאַר. האַפּט אַראָפּ דאָס היטעל און טראָגט אונז אַקעגען זעהר אַ שענעם גוט־מאָרגען.

— פיעל צימער ווינשען זיע? — מאַכט ער צו די דאַמען.

— וואָס ווינשט ער אונז, איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנ־מהון? — זאָגט די מוהמע נחמה, און מיר ביידע לאַכען.

— ער פרעגט, וויפיעל נומערען. — זאָג איך.

— זאָג איהם אויף דייטש, אַז צוויי. — מאַכט צו מיר חיה־עטעל, און איך בעווייז איהם אויף דייטש צוויי פינגער און לעג איהם צו אויף פראַנצויזיש:

— פראַנטע מאַאשיקאַ באָנזשור!

— יאַ וואָהל! — מאַכט ער צו מיר. — אם ערשטען שטאָק! — און פיהרט אונז אריין אין גרויסאַרטיגע חדרים.

— ווי טייער איז ביי אייך — זאָגט די מוהמע נחמה — אַ מעת־לעת?

שטעהט ער, דער דייטש, און קוקט אויף איהר, ווי אַ זינדיגער מענש; ער הויבט נישט אָן צו פערשטעהן, וואָס מע רעדט צו איהם, און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכעלע זיס, ווי צוקער:

— פילייכט וואָלען וויר בעסער דייטש שפּרעכען?

— זאָג איהם אויף דייטש, — רופט זיך אָן צו מיר מיין חיה־עטעל. און איך מאַך צו איהם מיט די הענד, ווי איינער רעדט: מה יקר? פערשטעהט ער מיך נישט און פינטעלט מיט די אויגען... איין אומגליק מיט זייער שפּראַך! ביי אונז רעדט מען אויך דייטש, נאָר ס'איז גאָר נישט דאָס דייטש, וואָס ביי זיי. איך בעגעגען מיך אַמאָל ביי אונז אין יעהופּעץ מיט דייטשען, איך מאַך מיט זיי געשעפטען. איך רעד מיט זיי האַלב אידיש, האַלב דייטש, מיר פערשטעהען איינס דאָס אַנדערע. דאַ זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אַלע צייהן קאָן מען זיך אויסברעכען!

דאָס איז אָבער נאָר די ערשטע צייט. וואָס ווייטער ווערען מיר אַלץ מעהר געוועהנט מיט דער שפּראַך, און מיר הויבען אָן פערשטעהן איינס דאָס אַנדערע מיט'ן קוק! אויפ'ן אַנדערען טאָג איז שוין מיין חיה־עטעל אַליין געגאַנגען מיט דער מוהמע נחמה

אין די קליימען, און זיי האָבען שוין איינגעהאַנדעלט סחורה, און מע האָט זיי שוין אָפּגענאַרט, ווי די אמת'ע בראָדער סוחרים.

— געפעלט דיר, חיה־עטעל, די שטאָדט וויען? — זאָג איך צו מיין ווייב נאָכדעם, אז מיר האָבען זיך שוין איינגעוואַשען און איבערגעטהאָן פונ'ם וועג און אָפּגעטרונקען טיי און אָנגעקוקט די שטאָדט וויען.

— אָנצינדען לאָז זי זיך דיר אויפ'ן פייער! — זאָגט חיה־עטעל. — אין אזא גרויסער שטאָדט זאָל נישט זיין וואו צו עסען!

וואָס זשע איז די מעשה? מיר זענען געגאַנגען זוכען א איר־דישען רעסטאָראַן, האָבען מיר זיך אַרומגעדרעהט איבער דער שטאָדט א שעה זעכס און נישט געקאָנט געפינען. ווען מיר האָבען געפרעגט, איז אָדער מע האָט א ו נ ז נישט פערשטאַנען, אָדער מיר האָבען י ע נ ע ם נישט פערשטאַנען... אָט ווייזט ער אָן, דאַכט זיך, זעהר גוט: רעכטס! לינקס! פאָרווערטס!... און קומט צו עפּיס, לאָזט זיך אויס, אז עס הויבט זיך גאָר נישט אָן... האָבען מיר דעם ערשטען טאָג טאַקי געגעסען מכות, געלעבט מיט קאַווע און מיט לייזע אייער און מיט וויענער פּומערגעבעקסלעך, וואָס צעגעהען זיך אין מויל, ווי שניי אויף דער זון.

ערשט אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען מיר דערטאַפּט א אידישען רעסטאָראַן מיט'ן נאָמען „כשר". און נאָך וואָס פאַר א מין כשר! כשר צו כשר איז נישט גלייך! דער רעסטאָראַטאָר, האָטש ער „שפּרעכט דייטש", נאָר ער געהט מיט א יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ, און צום עסען וואַשט מען זיך, און די געסט געהען־צו איינס צום אַנדערען און מע גיט זיך אָפּ שלום און מע פרעגט זיך אויס, פון וואַנען פאָהרט א איד? און וואוהין? און וואָס? און ווען? און אויב געשעפט, איז צוליעב וואָס פאַר א געשעפט? און אויב צום דאָקטאָר, איז צו וואָסער דאָקטאָר? — מיט איינעם וואָרט, גאַנץ אידישליך, פּונקט ווי אין וואַרשאַ.

---

ז.

[צווישען אידען ווערד מען נישט פערפאלען. — איין עצה פון א רעסטאראַ־טאר. — א קאמיסיאנער פון לאמפעננלעזער אונטערזוכט מיינע דאמען.]

„צווישען אידען, זאָגט די וועלט, ווערד מען נישט פערפאַ־לען"... זאָלט איהר טאקי וויסען, אז ס'איז אמת. וואָס וואָלטען מיר געטהאָן, למשל, ווען מיר שלאָגען זיך נישט צו צו קיין אי־דישען רעסטאראַן, וואו דער רעסטאראַטאָר אליין איז אזוי פריינד־ליך און שלאָגט זיך אָן מיט זיינע עצות, צו וואסער דאָקטאָר מיר זאָ־לען געהן? וועדליג די דייטשען מיט זייער שטומפּיגער שווערער שפּראַך, וואָלטען מיר זיך ארומגעדרעהט אין וויען ימים ושנים. וואָס געהט דאָס אָן, אשטייגער, דעם שווייצאַר פון האָטעל, וואָס מיר טהוען אין וויען? פון זיינעטוועגען וואָלטען מיר געמעגט דאָרט האַלטען ראש־השנה, און אפילו די אנדערע טעג סוכות, אבי מיר זאָלען שטעהן ביי איהם אין זיין גרויסאַרטיגען האָטעל, טרינ־קען די שענע טיי, וואָס מע דערלאַנגט אונז פונ'ם קעסעל, און צאָהלען איהם פאַר איטליכען טרונק וואסער און פאר דער מאַשינע, וואָס מע הויבט אונז אויף און מע לאָזט אונז אראָפּ צוואַנציג מאָל אַ טאָג, וואָס מיין חיה־עטעל איז דערפון ווינציג־וואָס צופריעדען. זי זאָגט, אז עס דרעהט זיך איהר דער קאָפּ אויף צו חלש'ען. און די מוהמע נחמה פון אָצעלעס האָט דאָס ערשטע מאָל דערפון אזוי זיך צעשריען, אז מיר זענען געוועזן שטאַרקער פון אייזען, אז מיר האָבען נישט געפּלאַצט פאַר געלעכטער!

נישט אזוי איז אָבער צווישען אידען; דער בעל־הבית פון דער אידישער רעסטאָראַציע האָט אונז באַלד גענומען אויפ'ן צימ־בעל: ווער זענען מיר? פון וואַנען? וואוהין פאָהרען מיר? וואָס איז אונזער שלאָפקייט? און צו וואָסער פּראָפעסאָר דאַרפען מיר? דערהערט, אז מיר פאָהרען אין די וואַרעמבעדער, און אָנגעשמעקט,

אַז ס׳איז פאַרהאַן געלד, האָט ער אונז אָנידערגעלעגט אַ צעטעל, אַז מיר מוזען זיך פריהער זעהען מיט׳ן פּראָפעסאָר, וואָרום מיר קאָנען ווערען אומגליקליך, טאָמער חלילה פאָהרען מיר אין די וואַרעמבעדער אָהן אַ פּראָפעסאָר! בלייבט די קשיא: וואָסער פּראָפעסאָר? — דאָס קאָן אונז זאָגען נאָר דער דאָקטאָר. און וואָסער דאָקטאָר? — דאָס קאָן אונז זאָגען נאָר דער שוואָגער זיינער; דער שוואָגער זיינער איז אויסגעבונדען מיט אַלע דאָקטוירים. אויב מיר ווילען, זאָלען מיר וואַרטען אויף זיין שוואָגער.

איז דאָך מסתמא מיר די געשיכטע נישט געפעלען.

— אפשר וואָלט געווען אַ סברא, — זאָג איך — מיר זאָלען זיך דורכשלאָגען גלייך צום פּראָפעסאָר? מיר זענען, חלילה, נישט פון די מסוכנ׳ע קראַנקע. מיר זענען, ברוך השם, געזונטע מענשען, אייגענטליך; מיר ווילען נאָר וויסען אין וואָסער באָד מיר זאָלען פאָהרען.

— איהר מיינט, אפנים, אַז איהר זענט אין רוסלאַנד? — מאַכט דער רעסטאָראַטאָר. — איהר ווילט געהן גלייך צום פּראָפעסאָר? געהט אייך געזונטערהייד, נאָר זעהט, איהר זאָלט קיין חרטה נישט האָבען.

— דאַרפסט עפּיס אָנאַרבייטען אַ חתונה! — מאַכט צו מיר שטילערהייד מיין חיה־עטעל, און די מוהמע נחמה האַלט זי אונטער:

— וואָס ווערט דיך אָהרען, אַז מיר וועלען פריהער זיין ביי׳ם דאָקטאָר?

בקיצור, ס׳איז געבליבען, מיר זאָלען זיך זעהען פריהער מיט׳ן דאָקטאָר, דאָס הייסט, מיר זאָלען געהן אַהיים און וואַרטען, ביז עס וועט קומען צו אונז דער שוואָגער פונ׳ם רעסטאָראַטאָר; נאָכדעם וועט אונז דער שוואָגער ברענגען דעם דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר וועט אונז שוין פיהרען צום פּראָפעסאָר.

געפעלט אייך נאָר, וויפיעל פּראָטעקציעס מע בעדאַרף האָבען אין וויען, ביז מע דערשלאָגט זיך צו אַ פּראָפעסאָר!

א גאַנצען טאָג זענען מיר אַפּגעזעסען אין האָטעל און געוואַרט אויפ'ן רעסטאָראַטאָר'ס שוואָגער. די זון האָט שוין געהאַלטען ביי זעצען זיך, און מיר זענען געזעסען אַלע דריי ביי איין פענס־טער און געקוקט אויף דער טומעלדיגער שטאָדט מיט די נאַרישע דייטשען, וואָס דרעהען זיך אַרום הין און צוריק אַלע אין צילינ־דערס... פּלוצים הערען מיר, עמיצער קלאַפּט אין טיר אַריין: איינס, צוויי, דריי — און עס קומט אַריין אַ דייטש מיט אַ טענדעווערענ־דע, מיט אַ צילינדער, מיט אַ גרויסען שטעקען און מיט הענדש־קעלעך, און חאָטש ס'איז שוין געווען שטאָק־נאַכט, מאַכט ער צו אונז מיט אַ ניגון:

— גוטען טאַאַאַאַג!

— אַלע בייזע ווילדע חלומות אויף מיינע שונאים'ס קעפּ! איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטהון! — רופט זיך אָפּ די מוהמע נחמה, און מיר קאָנען זיך נישט איינהאַלטען און שיסען אוים אַ געלעכטער.

איז דאָס דעם דייטש, אַפּנים, שטאַרק נישט געפעלען, וואָרום ער האָט זיך שטאַרק צעבייזערט אויף אונז וואָס מיר לאַכען און געקלאַפּט מיט'ן שטעקען אין טיש אַריין און אַלץ געשריען:

— אונפערשעמט!... רוסישע שוויינען!...

אַפּנים, חזירים הייסט דאָס?... ביז איך האָב געמוזט אויפ־שטעהן און צוגעהן צו איהם און געבען איהם צו פערשטעהן, אַז נישט פון איהם לאַכען מיר, נאָר פון דער מוהמע נחמה.

— זי איז פערריקט? — מאַכט ער צו מיר און גיט מיר צו פערשטעהן אויף אידיש, אַז דאָס הייסט משוגע. פונ'ם וואָרט „משוגע" פערשטעהען מיר, אַז ער איז אַ איד, און איך ווער געוואָהר, אַז ער איז דעם רעסטאָראַטאָר'ס שוואָגער, און ס'איז גאָר אַ סברא, אַז ער קאָן רעדען אויף אונזער לשון. און עס ווערד אויף אונז אַלעמען אַ שמחה. גיך ווערד בעשטעלט טיי (פונ'ם קעסעל, געוויינטליך), און מיר טרעטען־צו צו אונזער געשעפט.

— אַלזאָ, וואָס איז אייער שלאָפקייט? — צעפּרעגט ער זיך ביי אונז.

וואָס קאָנען מיר איהם זאָגען דערויף, אַז אייגענטליך ווייסען מיר אַליין נישט? איך פּרוב איהם געפינען אַ תירוץ, אַז איהם קאָנען מיר נישט זאָגען, מיר קאָנען דאָס זאָגען נאָר דעם פּראָפעסאָר אַליין; לאָזט ער זיך נישט איינרעדען און זאָגט, אַז פּראָפעסאָרען זענען פאַרהאַן אין וויען וויפיעל שטערען אין הימעל (קיין עין־הרע נישט!), און אויף איטליכער שלאָפקייט איז פאַרהאַן אַ בעזונדערער פּראָפעסאָר. „וואָס טהוט מען? — קלער איך מיר. — וואָס פאַר אַ שלאָפקייט זאָל איך איהם אויסטראַכטען?" בין איך מיך מיישב און דרעה זיך אויס, ווי אויף אַ טעלער, און זאָג איהם דעם ריינעם ריכטיגען אמת, אַז איך בין געזונד און שטאַרק אויף אַלע אברים, און די שלאָפע זענען זיי. איך ווייז איהם אָן אויף מיין חיה־עטלען מיט דער מוהמע נחמה און לאָז אויס אויף דייטש:

— האָבען זיי פאַרשטאַנד?

— זעהר שען! — מאַכט ער צו מיר מיט אַ שטרענגען קוק און רופט זיך אָן צו מיינע דאַמען: — זאָגט זשע מיר, איך בעט איך זעהר, וואָס פעהלט אייך, אייגענטליך?

— אוי, איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטהון, לאָז ער אַרויס־געהן! — מאַכט די מוהמע נחמה צו מיין חיה־עטלען, און מע משלח'ט מיך אַרויס אין קאָרידאָר אַרויס אויף עטליכע מינוט, און אַז איך קום אַריין צוריק, ווער איך געוואָהר, אַז דער פּראָפעסאָר הייסט רויטנאַגעל און דער דאָקטאָר הייסט זילבערשטערען.

— און וואָס זענט איהר? — פרעג איך איהם.

— אַ קאָמיסיאָנער פון לאָמפּענגלעזער און אַבאַזשורען. — מאַכט ער גאַנץ קאַלטבלוטיג.

— וואָס סע האָט זיך מיר גע'חלומ'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָהר! איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטהון! — זאָגט די מוהמע נחמה און טהוט אַ פּלעסק מיט די הענד, און מיין חיה־עטעל ווערד רויט ווי פייער, און אויף מיר

פאַלט אָן אַ פרישער געלעכטער, און בכדי דער קאָמיסיאָנער פון לאַמפּעננגלעזער און אבאַזשורען זאָל זיך נישט געפינען בעלעדיגט, געפין איך אַ תירוץ און זאָג, אַז איך האָב מיך דערמאַנט אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפען ביי אונז אין יעהופּעץ נאָך פאַר־א־יאָה־רען, און איך לאָז אויס ווידער אויף דייטש:

— האָבען זיי פאַרשטאַנד?

— צי איך האָב פאַרשטאַנד, צי ניין — דאָס איז קיין ספק נישט, נאָר צי איהר האָט פאַרשטאַנד — „דאָס איז איינע פראַגע!“ — מאַכט ער צו מיר אויך אויף דייטש, נעמט די טענדרעווע־רענדע מיט'ן שטעקען און מיט'ן צילינדער און געהט אוועק שטאַרק אָנגע'ברוגז'ט, און צווישען אונז, פיהל איך, ווערד אַ שנאה, שנאת־מות!

---

## ח.

[דער פּראָפעסאָר רויטנאַגעל וויל אונז צעשיידען. — מיר צעקריעגען זיך מיט וויען. — די מוהמע נחמה ווייזט זיך ארויס, ווער זי איז.]

גרינגער איז ביי אונז אריינגעבען אַ קינד אין גימנאַזיע אָדער ארויסנעמען פונ'ם פריזיוו, ווי זעהען זיך אין וויען מיט'ן פּראָפעסאָר רויטנאַגעל. פריהער האָט אונז דער דאָקטאָר זילבערשטע־רען געטהאָן טובות, געגעבען עצות, געשריבען רעצעפּטען, אי דאָס — צוליעב דעם קאָמיסיאָנער פון די לאָמפּעננגלעזער און אבאַ־זשורען, וואָס האָט אונז געטהאָן צוליעב זיין שוואָגער דעם רעסטאָ־ראַטאָר; און ערשט אויפ'ן דריטען טאָג האָבען מיר זיך דערשלאָ־גען צום פּראָפעסאָר רויטנאַגעל, וואָס איז געווען אַזוי פריינדליך און האָט אונז צוגענומען איטליכען בעזונדער און האָט אונז פער־שריבען איטליכען איין אַנדער באָד. מיין חיה־עטלען האָט ער אָפּ־געשיקט קיין פראַנצענסבאַד, די מוהמע נחמה — קיין מאַריענ־באַד, און מיך — קיין קאַרלסבאַד.

אַרויס פון׳ם פּראָפעסאָר רויטנאַגעל, זענען מיר געבליבען שטעהן אַלע דריי, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע אָהן ווערטער, ווי איינער רעדט: „וואָס טהוט מען איצטער?“ און ס׳איז געבליבען, מיר זאָלען זיך איין עצה האַלטען מיט׳ן דאָקטאָר זילבערשטערן. און אַזוי ווי דער דאָקטאָר זילבערשטערן נעמט איצטער נישט צו, בעדאַרף מען אָנקומען צום קאָמיסיאָנער פון לאַמפּענגלעזער און אַבאַזשורען. נאָר אַזוי ווי מיר ווייסען נישט, וואו ער זיצט, איז געבליבען, מיר זאָלען זיך דורכגעהן צום רעסטאָראַטאָר.

— נו, וואָס הערט זיך? — מאַכט ער צו אונז.

— וואָס זאָל זיך הערען? — זאָגען מיר. — אייער שוואָגער האָט אונז געקוילעט, אַלע דריי געקוילעט!

און מיר האָבען איהם דערצעהלט, אַז דער פּראָפעסאָר האָט אונז געשיקט איטליכען בעזונדער אין איין אַנדער באָד.

— דאָס איז גאָר? נו, וואָס־זשע איז? — זאָגט זיך דער רעסטאָראַטאָר גאַנץ קאַלטבלוטיג.

— אַ חכם איהר זייט! — מאַכט צו איהם חיה־עטעל. — דערויף בין איך געקומען אַהער מיט מיין מאַן, מע זאָל אונז צעשייערן, מיך קיין ליסי, איהם קיין סטריסי!

— בערוהיגען זי זיך, מאַדאַם! — מאַכט ער צו איהר. — פון פראַנצענסבאַד קיין קאַרלסבאַד איז גאָר נישט אַזאַ ווייטע שטרעקע; צוויי־דריי שטונדען רייזע, נישט מעהר. ווילט איהר, פאָהרט איהר זיך דורך צו אייער מאַן; ווילט איהר, פאָהרט זיך דורך אייער מאַן צו אייך.

— אַ דאַנק אייך פאַר דער עצה! — זאָגט צו איהם חיה־עטעל שוין מיט כעס. — איהר זאָלט דערלעבען אַנזאָגען בעסערע בשורות און געבען קליגערע עצות.

— דאָרט אין קעך, ביי די לאָקשען! — לעגט־צו אַ קנויטעל די מוהמע נחמה. און דער רעסטאָראַטאָר איז זי מכבד און זאָגט צו איהר, אַז „מיט מאַרק־ווייבער איז ער קיין מחותן נישט“... פערדריסט דאָס מיין חיה־עטלען, און זי זאָגט צו איהם, אַז די דאָזיגע

מארק־אידינע איז איהרע איין איינענע מוהמע און קומט ארויס פון א סך א שענערען יחוס, ווי ער מיט זיין רעסטאראן, און אפילו מיט דעם שענעם שוואגער זיינעם, וואס טראגט ארום לאמפענגלעז־לעך מיט אבאזשורען איבער די הייזער אויף צו פערקויפען...

— קום! — זאגט זי צו מיר. — לאמיר בעסער עסען לייזע אייער, איידער זיך באגעגענען מיט אזעלכע גראבע לייט, וואס רע־דען כלומרשט אויף דייטש און נארען אוים אונזערע רוסישע קערב־לעך.

די גאנצע צייט, וואס מיין חיה־עטעל האט איהם געזידעלט, האט איהם נישט געאהרט; נאר די לעצטע ווערטער „רוסישע קער־בלעך" האבען איהם אזוי צעקאכט, אז ער האט זיך אנגעצונדען מיט א העליש פייער, אנגעפאלען אויף אונז, ווי א ווילדע חיה, גע־ווען גרייט אונז דורס צו זיין — וואס טויג אייך, מיר זענען פונ'ם רעסטאראן קוים ארויס מיט'ן לעבען, און מע האט אונז ארויס־בעגלייט שען, מיט כבוד, נאכגעשריגען אויף דער גאס און געמאכט מיט קולאקעס: — „רוסישע שווייגען! רוסישע שווייגען!"

נאר דאס בעסטע האבען מיר געהאט דערנאך, שפעטער, אינ'ם האטעל. דארט האבען מיר געהאט א פערבייסונג פונ'ם שוואגער זיינעם. דער קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער און אבאזשורען האט אנגעקלאפט צו אונז אין דער טיר אריין, אריינגעקומען מיט נאך איינעם א דייטש, אויך מיט א צילינדער, נאר אהן א טענדעווע־דענדע, און האט אונז געפרעגט: „אויף וואס פאר איין אופן האבען מיר זיך ערלויבט איהם צו בעלעדיגען הינטער די אויגען?"... בשעת מעשה האט ער געקלאפט מיט'ן שטעקען אין טיש אריין און איז געוועזן אזוי רויט, אז איך האב מיך דערשראקען, אנגעהויבען מורא האבען פאר קלעפ, א קשיא אויף א מעשה: וואס א דייטש קאן ביי זיך אין וויען?

נישט אזוי האט אבער בעקלערט די זאך די מוהמע נחמה פון אצעלעס. זי האט זיך, אפנים, ווינציג־וואס איבערגעשראקען פאר'ן דאזיגען דייטש. האט זי זיך אויפגעהאפט פונ'ם ארט און איז צו־

געשפּרונגען צו איהם גלייך אין פּנים אריין, זיך גענומען מיט ביידע הענד ביי די זייטען און האָט איהם אויסגע׳לומר׳ט א צע־טעל, און דוקא אויף פּראָסט אידיש:

— הער נאָר אוים, דו קירע־דייטש, דו שוטה בן פּיקהאָלץ, דו לאָמפּענגלאָז, איך וועל מיר נאָר א מעשה אָנטהון! דו מיינסט דאָך אוודאי, אַז מע האָט זיך דערשראָקען פאַר דיין טענדעווערענ־דע מיט׳ן שווארצען קוימען, וואָס דו טראָגסט אויפ׳ן קאָפּ? סך הכל האָסט דו דאָך ביי אונז אויסגענאַרט די עטליכע פּאָר גילדען אומזיסט און אומנישט, ווי א פּראָסטער מאַשעניק! דו מיינסט, מע ווייסט נישט, ווער דו ביזט, דו אָפּגעריסענער דלפון, דו נאָ־קעטער כתריליק? געהסט נישט אוועק? אָט פאָהר איך אריין צו דיר אין פּנים אריין און פּליק דיר אוים דאָס בערדעל עד פּרוטה אחת, פארשטעהסט דו מיך, וואָרום איך האָב שוין אויף מיין לע־בען געפּאַטשט אַזעלכע לייט, הערסט דו, וואָס דו ווערסט זיך ביי זיי באַהאַלטען אין קעשענע! וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, אויף דעם משוגענעם דייטש מיט דעם לאָקשען־טאָפּ, איך וועל מיר נאָר א מעשה אָנטהון?!... פאָלג מיך, נעם דעם וועג, ווערסט דו בעסער מאַכען!...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איך ווייס נישט, צי ער האָט זיך טאַקי איבערגעשראָקען פאַר דער מוהמע נחמה, וועלכע האָט אויסגעזעהען אין דער מינוט, ווי א צערייצטע ספּאָלאָשעטע הוהן, וואָס איז גרייט אויסגראַבלען אייך די אויגען, צי ער האָט גלאַט נישט געוואָלט האָבען צו טהון אין וויען מיט א אידינע פון אַצעלעם — מיין דייטש מיט דער טענ־דעווערענדע האָט גענומען דעם צילינדער אין די הענד און די פּיס אויף די פּלייצעס און האָט געמאַכט פּליטה נאָר אויף אַיין אַנדער אופן, א שטאַרקען קלאַפּ געטהאָן מיט דער טיר און אויף יענער זייט שוועל געבענשט אונז מיט׳ן געוויסען נאָמען „רוסישע שוויי־נען", וואָס מיר זענען צו דעם שוין אַזוי צוגעוועהנט געוואָרען,

אשטייגער, ווי מיר זענען געוועהנט צו א „גוט מארגען, גוט יאהר“.
פון דעמאלט אן האב איך אנגעהויבען פאר דער מוהמע נחמה פון אצעלעם האבען דרך־ארץ. זי איז ביי אונזביידען געווארען אין די אויגען העכער מיט נייען־און־נייענציג פראצענט, און ס'איז ביי אונז געבליבען, מיר זאלען זיך מיט איהר אונטערוועגענס שוין טאקי מעהר נישט צעשיידען.

# מאַריענבאַד

נישט קיין ראָמאַן, נאָר אַ פּערפּלאָנטעניש צווישען
צוויי שטעדט: וואַרשאָ און מאַריענבאַד, דורך 36
בריוועלעך, 14 ליעבעצעטעלעך און 46 דעפּעשען.

געשריבען אין יאָהר 1911,

# מאַריענבאַד

---

.1

**בעלצי קורלענדער פון בערלין צו איהר מאַן שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקים אין וואַרשאַ.**

לבעלי היקר מוהר"ר שלמה נ"י.

איך קום דיר צו מעלדען, אַז דערווייל בין איך נאָך אין בערלין און וועל ערשט קאָנען אַרויספאָהרען קיין מאַריענבאַד הלואי נאָך שבת. איך דאַרף מיך פאַר דיר נישט פערענטפערען, נאָר דו קאָנסט מיר גלויבען, אַז איך בין כלל נישט שולדיג, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך זאָל מיך פערהאַלטען אין בערלין אַ גאַנצע וואָך צייט. אַז דו וועסט אויסהערען ביז'ן סוף אַלסדינג, וואָס איך האָב דאָ איבערגעטראָגען, וועסט דו אַליין זאָגען, אַז מע קאָן נישט אויסרעכענען אַ זאַך אויף צופריהער. „אַ מענש טראַכט און גאָט לאַכט". אַזוי איז די מעשה:

איך האָב גערעכענט צו פערברענגען אין בערלין מעהר נישט, אַז איין טאָג, העכסטענס — צוויי. וואָרום וואָס דאַרף געדויערען זיין ביי'ם פּראָפעסאָר? וואָלט געווען גוט, ווען איך ברענג אַראָפּ דעם פּראָפעסאָר צו זיך. האָב איך מיר אָבער איבערגעלעגט: צו וואָס זאָל איך דיר אויסברענגען איבעריגע דרייסיג מאַרק, וואָס קאָנען צונויץ קומען אויף עפּיס אַנדערש? איך הער אַזוי אויך אָפּטמאָל פון דיר, אַז עס געהט אַוועק אַ סך געלד, און די צייט, זאָגסט

דו, איז איצט אויך נישט אין בעסטען, און נאָך כדומה אַזעלכע אָנצוהערענישען הער איך פון דיר... און מחמת דעריבער האָב איך שוין נישט געוואָלט פערפאַהרען אין יענעם האָטעל אויף דער פריעדריכשטראַסע, וואָס מיין קרובה חוה'לע האָט מיר געהאַט אויפגעשריבען. ווי קאָן איך מיך גלייכען צו חוה'לע טשאַפּניק? חוה'לע מעג אויסברענגען וויפיעל זי וויל, ווען איהר קיינער נישט זאָגען, וואָרום חוה'לע איז נישט דאָס צווייטע ווייב ביי איהר מאַן, אַזוי ווי איך, און איהר מאַן האָט נישט קיין קינדער פונ'ם ערשטען ווייב, אַזוי ווי מיין מאַן, און בערעל טשאַפּניק ציטערט נישט אַזוי איבער'ן גראָשען, ווי דו, און האָט נישט מורא בלייבען איין אָרעמאַן אויף דער עלטער, ווי דו האָסט מורא. איך מיין נישט, חלילה, קיין זאַך, איך זאָג עס גאַנץ ערנסט, אַז איך וויל דיר נישט אויס־ברענגען קיין איבעריגעס, און מחמת דעריבער האָב איך מיך אָפּ־געשטעלט דאָרט, וואו אַלע אונזערע נאַלעווקער שטעלען זיך אָפּ, ביי דער פערעלצווייג. דאָס איז אַ אידינע איין אלמנה, זעהר אַ וואָהלע בעל־הבית'טע און איין עהרליכע, קאָכט אויסגעצייכענט און נעמט נישט טייער, און ס'איז נישט ווייט פון אומעטום. פאַר צעהן פעניג ביזט דו אויף דער לייפּציגער שטראַסע, ביי ווערטהיימער'ען. און ווי איז דאָס מעגליך זיין אין בערלין און נישט אריינגעהן אויף אַ מינוט צו ווערטהיימער'ען? דו זאָלסט זיין איין מאָל ביי ווער־טהיימער'ען, וואָלסט דו אַליין געזאָגט, אַז ס'איז אונמעגליך. דעם נאָמען ווערטהיימער האָב איך געהערט נאָך אין וואַרשאַ. נאָר איך האָב מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קאָן זיין אויף דער וועלט אַזאַ מין געוועלב. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, בעלי היקר? עס לאָזט זיך גאָר נישט בעשרייבען! וואָס איין אויג קאָן זעהען און וואָס אַ מויל קאָן רעדען! און מענשען — אַ שפּילקע נישט דורכצוואַר־פען! און אַלסדינג בזיל הזול, פונקט די העלפט געגען די מקחים, וואָס ביי אונז אויף די נאַלעווקים. שטעל דיר פאָר: צוויי מאַרק אַ טוץ נאָזטיכלעך! אָדער פאַר אכט און נייענציג פעניג אַ פּאָר זאָקען זייד'ענע, וואָס דו וועסט זיי נישט קויפען ביי אונז פאַר קיין

רובעל מיט צוואַנציג. צי, אַשטייגער, פאַר אַכט און זעכציג פעניג אַ וואַנדזייגער — נו, קאָן מען לעבען? איך רעכען, אַז גאָט וועט העלפען, איך וועל פאָהרען צוריק אַהיים געזונדערהייד, זאָל איך פאָהרען וויעדער איבער בערלין, נישט איבער וויען, — וויען איז, זאָגט מען, אַ העק, אַ פוסטקע אַקעגען בערלין — און ערשט דעמאָלט זיך אַריינכאַפען צו ווערטהיימער'ען און מיט אַ ריינעם קאָפּ זיך אַ נעם טהון איינקויפען אין בעל־הבתישקייט אַריין אַלסדינג, וואָס מע דאַרף: אַביסעל גלאָזוואַרג און אַביסעל פאַיאַנס און אַנדערע שטוב־זאַכען. היינט זיידענשטאָף און מעבעל און פערפומען. פאַר דער גרעניץ זאָלסט דו קיין יסורים נישט האָבען. איך וועל מיר שוין מסתמא איין עצה געבען. חוה'לע טשאַפניק פיהרט־אַריבער אַלע יאָהר גאַנצע קאַסטענס. דערווייל האָב איך מיר נאָך כמעט גאָרנישט געקויפט, אויסער אַביסעל וועש, אַ פאָר זומערדיגע שיך, נאָך אַ היטעלע, און אַ שלאָפראָק פון הוילע סטענגעס, אַ האַלב טוץ אונטערשטע קליידלעך, אַ גרינעם זיידענשירם, הענטשקעלעך, שפיצלעך און פריזלעך מיט נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס איך מוז עס האָבען קיין מאַריענבאַד. און ווייל איך בין שוין געוועזן ביי ווער־טהיימער'ען, האָב איך מיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און געהיי־סען אין איין־וועגס אַריינפאַקען אַ האַלב טוץ טישטיכער מיט צוויי טוץ סערוועטלעך מיט אַ מאַשינדעל אויף צו שלאָגען פוטער. איך האָב חרטה, ווי היינט עסען מיך, וואָס איך האָב דיר נישט געפאָלגט און נישט מיטגענומען נאָך אַ פאָר הונדערטער. אַ גרויסע נאַריש־קייט פון מיר, וואָס איך האָב מיך געוואָלט אויספיינען פאַר דיר, אַז איך בין נישט אַזאַ גרויסע אויסברענגערין, ווי דו מיינסט. אַ סך מעהר מצוה געווען אין ווערטהיימער'ען, איידער אינ'ם דאָק־טאָר, אויסקרענקען זאָל ער דאָס! נאָך אין בערלין האָט מיר גע־פעהלט אַ דאָקטאָר! קאַרג האָבען מיר דאָקטוירים אין וואַרשאָ! מאָהל דיר, די בערלינער דאָקטורים וואָלטען שוין געמעגט וואַרטען, ביז איך וועל זיי שיקען רופען. איז אָבער בעשערט איין אומגליק, וועסט דו הערען.

איך בין נאָר געקומען צו פאָהרען אויף דער סטאַנציע, וואָס
איך זאָג דיר, ביי דער פּערעלצוויינ, נאָך נישט צייט געהאַט זיך
אַרומצוװאַשען און אָנטהון, ווי עס געהער צו זיין, האָט מען מיך
שוין אַ נעם געגעבען: וואָס פאַר אַ דאָקטאָר איך וועל מיר הייסען
ברענגען? זאָג איך: „ערשטענס, ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך
דאַרף אַ דאָקטאָר? זעה איך דען אויס אַזוי שלעכט, וואָס מע דער־
קענט עס אויפ'ן פּנים? און צווייטענס, זאָג איך, האָב איך פון
דער היים איין אַדרעס צום פּראָפעסאָר". רופט זיך אָן צו מיר איי־
נער עפּיס איין אַלטער בחור מיט אַ נאָז, וואָס סע וואַכסט אויף
איהר ווײמפּערלעך: „האָט קיין פאַראיבעל נישט, זאָגט ער, מאַ־
דאַם, וואָס איך וועל אייך זאָגען. אָט ווייל, זאָגט ער, איהר האָט
איין אַדרעס צום פּראָפעסאָר, מוזט איהר זיך פריהער זעהען, זאָגט
ער, מיט'ן דאָקטאָר. ווארום ס'איז אַ גרויסע נפקא־מינה, זאָגט ער,
פון דעם וואָס א י ה ר וועט זאָגען דעם פּראָפעסאָר, ביז, זאָגט
ער, דער דאָקטאָר וועט איהם, זאָגט ער, זאָגען אויף זיין דאָקטאָר־
לשון". לאָזט זיך אויס, אַז אָט דער אַלטער בחור מיט דער רויטער
נאָז וואָהנט טאַקי ביי אָט דער אלמנה פּערעלצווייג, וואָס איך זאָג
דיר, און ער איז אַ קאָמיסיאָנער פון דאָקטוירים, דאָס הייסט, ער
פערנעמט זיך דערמיט, וואָס ער ברענגט־אַראָפּ אַ דאָקטאָר, אַז מע
דאַרף, און דער דאָקטאָר ברענגט שוין אַראָפּ דעם פּראָפעסאָר, אָדער
ער פיהרט שוין אָפּ צום פּראָפעסאָר אַהיים. געב איך זיי אָנצוהערע־
ניש, אַז מיך פיהרט מען נישט. „איך בין נאָך, זאָג איך, גאָט זיי
דאַנק, אויף אַזוי פיעל קרעפטיג, אַז איך קאָן נאָך געהן אַ מייל
צו־פוס". רופט זיך אָן צו מיר דער קאָמיסיאָנער מיט די ווײמפּער־
לעך: „מאַדאַם! ביי מיר האָט איהר, זאָגט ער, גע'פּועל'ט, אַז
איהר קאָנט געהן דריי מייל צו־פוס. נאָר איך דאַרף אייך זאָגען
פריהער, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפען, זאָגט ער, אייער טרחה. אַ
בערלינער פּראָפעסאָר, זאָגט ער, אַז איהר קומט צו איהם אַליין אָהן
אַ דאָקטאָר, האַלט ער אייך נישט מעהר, זאָגט ער, ווי אַ האַלבע
מינוט, פּי־פּו־פּאַ, אַ קלאַפּ מיט'ן פינגער, איינס־צוויי־דריי, און —

אַראָפּ פון מאַרק. פערטיג. און אַז איהר קומט, זאָגט ער, מיט אייער דאָקטאָר, איז גאָר אַנדערע ווערטער. אַ דאָקטאָר קאָן ער נישט אָפּזאָגען. אַ דאָקטאָר מוז ער אויסהערען. האָט איהר שוין, זאָגט ער, פערשטאַנען, צי נאָך נישט?"...

אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ער האָט מיר אַראָפּגעבראַכט דעם דאָקטאָר. איז מיר דער דאָקטאָר אַפילו באַלד נישט געפעלען אין שלייער. ער קוקט נישט אין די אויגען אַריין, האָט קיין צייט נישט, און רעדט מיט אַ קוויטש. האָסט עפּיס ליעב אַ דאָקטאָר, וואָס קוקט נישט אין די אויגען אַריין און רעדט מיט אַ קוויטש?

אויסגעפרעגט זיך ביי מיר, ווער און וואָס און ווען, און גוט בעטראַכט מיך פון אַלע זייטען, איז ער אַ בעלן געווען, דער קלוגער דאָקטאָר, מיך אַוועקלעגען אין בעט, איך זאָל איהם ליגען ביז מאָר־גען. מאָרגען וועט ער מיך, זאָגט ער, נאָך אַ מאָל בעטראַכטען. און ערשט דעמאָלט וועט ער מיר, הייסט עס, זאָגען, צו וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר ער זאָל מיך מעלדען. דערהערט, אַז ער וויל מיך אַוועק־לעגען, האָב איך איהם אויפגעקלערט, אַז פון אַוועקלעגען מיך זאָל ער פערגעסען. איך בין נישט געקומען, זאָג איך, קיין בערלין ליגען. איך דאַרף זיין, זאָג איך, ביי ווערטהיימער'ען, און דאַרף זיין ביי טיטצען, און וויל, זאָג איך, זיין אומעטום. אויב ער וויל, זאָג איך, קומען מאָרגען, מעג ער קומען, נאָר מיך אַוועקלעגען אין בעט — דאָס, זאָג איך, וועט נישט געהן!... ער האָט געמיינט, אַז ער האָט אָנגעטראָפען אויף אַ יאַחנע פון די נאַלעווקים און וועט ביי איהר ציהען מאַרקען! איך האָב באַלד אַרויסגעזעהען, אַז ס'איז נישט קיין דאָקטאָר, נאָר אַ פּיאַווקע. והראיה, אָט וועסט דו הערען, וואָס אַ בלוטצאַפּער קאָן! די האָר שטעלען זיך קאַפּויר!

אויף אין דערפריה, איך קום מיט איהם צום פּראָפעסאָר, לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז גאָרנישט דער פּראָפעסאָר, וואָס חוה'לע טשאַפּ־ניק האָט מיר פערשריבען. ס'איז גאָר איין אַנדער פּראָפעסאָר אויף גאָר אַנדערע שלאַפקייטען. דאָס בין איך געוואָהר געוואָרען ערשט נאָכדעם, אַז מע האָט מיך גוט אָנגעמוטשעט, און מיר זענען אַרויס־

געגאַנגען פון דאָרטען און געזעצט זיך פאָהרען. האָב איך געמיינט, מיר פאָהרען אהיים; צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז מיר פאָהרען צו נאָך אַ פּראָפעסאָר, און ווידער נישט צו דעם פּראָפעסאָר, וואָס איך מיין. צו אַ פּראָפעסאָר איין אַקושער האָט ער מיך גאָר גע־בראַכט צו פיהרען! ווער איך דאָך מסתמא רעכט אויפגעבראַכט און הויב אָן צו גוואַלדעווען. ענטפערט מיר דער דאָקטאָר מיט זיין קווימשיג קול'בעל, אַז איך בין נישט אין וואַרשאַ אויף די נאַלעווו־קיס, איך בין אין בערלין, און אַז איך זאָל נישט מאַכען קיין לאַנגע מענות, און אַז ער האָט קיין צייט נישט, און אַז ער ווייסט בע־סער, צו וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר איך דאַרף! האָסט דו עפּיס צו איהם? און אָט אַזוי, ווי איך זאָג דיר, זענען מיר אויסגעוועזען, לאָז זיך דיר דאַכטען, ביי דריי פּראָפעסאָרען, און אַלע דריי פּראָפע־סאָרען, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך אויפגערעדט, האָבען געזאָגט אַלע אין איין קול: „מאַריענבאַד!" — ווי באַלד אַזוי, צו וואָסער אַ כפרה האָב איך בעדאַרפט די פּראָפעסאָרען, און נאָך דריי דער־צו? מאַריענבאַד האָב איך דאָך געהערט נאָך אין וואַרשאַ. קורץ, שולדיג געוועזען דעם רוח אַ גאַנג — פאַרפאַלען.

געקומען אהיים, בין איך געוועזען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך האָב מיך קוים געהאַלטען אויף די פיס, און איך האָב מיך שוין, נישט ווילענדיג, געמוזט אַריינלעגען אין בעט אַריין. מיינסט דו דאָך, אַז לאַנג בין איך געלעגען? נישט מעהר זאָל דער דאָקטאָר לעבען אויף דער וועלט. עס האָט מיך אין דער גיך געגעבען אַ טראָג־אויף פון בעט, גלייך ווי אַ דונער וואָלט מיך דערשלאָגען. שטעל דיר פאַר אַ חשבון פון אַ פעלד־גזלן: איך זאָל איהם בעצאָהלען, זאָגט ער, אַכציג מאַרק! פאַר וואָס אַכציג מאַרק? „אַ פּראָסטער חשבון, זאָגט ער: צוויי וויזיטען צו צעהן — איז צוואַנציג. דריי קאָנסוליומס ביי דריי פּראָפעסאָרען צו צוואַנציג — איז זעכציג. און זעכציג מיט צוואַנציג איז, זאָגט ער, אַלע מאָל און אומעטום אַכציג". האָב איך אויפגעהויבען מסתמא אַזאַ סקאַנדאַל, אַז מע איז זיך צע־נויפגעלאָפען אַלע: די בעל־הבית'טע די אלמנה, דער עלטער בחור

דער שלים־מזל און אַלע איבעריגע געסט. „וואו זענען מיר? — האָב איך מיך צעשריען אויף זיי. — אין בערלין, צי אין סדום? עס איז ביי אייך ערגער, זאָג איך, טויזענד מאָל, ווי ביי אונז אין רוסלאַנד! נישט קיין דאָקטוירים זענען ביי אייך, זאָג איך, נאָר חוליגאַנעס! פּאָגראָמשטשיקעס!“ מיט איינעם וואָרט, וואָס מיר איז געקומען אויפ׳ן מויל, דאָס האָב איך זיי געזאָגט. און לאָז זיך דיר דאַכטען, עס האָבען זיך אַריינגעלעגט מענשען, און מע האָט אונז קוים מיט צרות אויסגעגלייכט פאַר פינף און פופציג מאַרק. פינף און פופציג מכות זאָלען זיך איהם זעצען, דעם שע־נעם דאָקטאָר, אויפ׳ן פּנים! ביזט דו שוין פאַרטיג? האָב צייט. ס׳איז נאָך פאַרהאַן איין אַלטער בחור מיט אַ רויטער נאָז מיט ווייםפּערלעך, הייסט ער זיך אַ חוץ בעצאָהלען פופצעהן מאַרק. וואָס איז דאָס? דאָס איז, זאָגט ער, זיין קאָמיסיאָן פאַר׳ן דאָקטאָר, וואָס ער האָט מיר, זאָגט ער, רעקאָמענדירט. וואָס זאָגסט דו צו אַזאַ פּרא־אדם? עס האָט מיך אַזוי פערקאָכט ביי׳ם הארצען, אַז עס האָט זיך מיר אָפּגערופען מיין אומגליק, און איך בין געבליבען ליגען מיט אַ מיגרען ביז׳ן אַנדערען טאָג. אַ קלייניגקייט — אַזוי פיעל געלד אַרויסצוואַרפען, און פרעג — אויף וואָס? אויף ווען? וואָלט נישט גלייכער געווען צעהן טויזענד מאָל דאָס איבערלאָזען בעסער ביי ווערטהיימער׳ען? איך עס מיך אויף אַ לעבעדיגע. וואָס איך בין נישט געקומען אַהער מיט איין וואָך פריהער, וואָלט איך געטראָפען דאָ מיין חוה׳לע — פאַרט אַ קרובה, און וואָלט נישט אַריינגעפאַלען צו אָט די פיאַווקעס אין די הענד אַריין. אַ שטיקעל גליק, וואָס בערלין איז אַ שטאָדט, וואָס איז פאַרהאַן וואָס צו זעהען; אַנישט, וואָלט איך קראַנק געוואָרען פאַר דאַסאַדע. און צו זעהען איז דאָ אין בערלין אין איין טאָג אַזוי פיעל, וואָס דו וועסט דאָס נישט זעהען ביי אונז אין וואַרשאַ אין דרייסיג יאָהר אפילו. אַ חוץ ווערטהיימער׳ען און טיטץ און נאָך אַזעלכע געוועל־בען, איז פאַרהאַן אין בערלין אַ „ווינטערגאַרטען“ מיט איין „אָפּאָ־לאָ־טהעאַטער“, מיט אַ צירק „שומאַן“ און מיט אַ צירק „בוש“.

היינט איז דאָ, זאָגט מען, א „לבנה־פּאַרק“ — איז דאָס גאָרנישט צו בעשרייבען. איך קלויב מיך ערשט געהן אהינצו, אם ירצה השם, מאָרגען, וועל איך דיר שוין מאָרגען בעשרייבען. דערווייל̈ע זיי געזונד און זאָג שבע־רחל'ען, זי זאָל אכטונג געבען נישט בלויז אין קיך, נאָר אויף דער גאַנצער שטוב זאָל זי אכטונג געבען. איך האָב פאַר'ן אוועקפאָהר פערגעסען פערשרייבען א קעלנערעל מיט צוויי ציכעלעך אין קויטיגען גרעט. און א סלאָי איינגעמאַכטס האָב איך אָנגעהויבען א טאָג פאַר'ן אוועקפאָהר, איז פון איהם זאָל זי נוצען אין קיך אריין און נישט אָנריהרען מעהר פון די איינגעמאַכטסען, וואָס אויפ'ן באַלקאָן אונטער'ן קאַסטען. און בריעף זאָלסט דו מיר שרייבען, למען השם, קיין מאַריענבאַד פּאָסט רעסטאַנט, ווי מיר האָבען אָפּגעשמועסט.

פון מיר דיין פרוי ב ע ל צ י ק ו ר ל ע נ ד ע ר.

---

2.

שלמה קורלענדער פון די נאַלעווקיס אין ווארשא צו זיין פריינד חיים סאַראַקער אין מאַריענבאַד.

ליעבער פריינד חיים.

איך האָב צו דיר, ידידי, א קליינע בקשה, דאָס הייסט, נישט קיין קליינע, נאָר טאַקי א גרויסע בקשה. א גאַנץ גרויסע! עס האָט מיך געטראָפען, ליעבער פריינד, איין אומגליק: מיין בעלצי פאָהרט קיין מאַריענבאַד. וואָס עפּיס פּלוצים קיין מאַריענבאַד? פרעג מיך עפּיס גרינגערס. זי זאָגט, אז זי איז נישט געזונד און מוז האָבען מאַריענבאַד. און דער דאָקטאָר זאָגט אויך, אז זי איז נישט געזונד און מוז האָבען מאַריענבאַד. און אז צוויי זאָגען שכור, דאַרף דער דריטער געהן שלאָפען... נאָר בסוד וועל איך דיר איבערגעבען — און איך בעט דיך, אז צווישען אונז זאָל עס טאַקי בלייבען, — איך פערשטעה דעם שכל פון מאַריענבאַד. אז די מאַדאַם טשאַפּניק פאָהרט קיין מאַריענבאַד, הייגט פאַר וואָס זאָל די מאַדאַם

קורלענדער אויך נישט פאָהרען קיין מאַריענבאַד? זי גלייבט מיך צו בערעל טשאַפּניק! זי ווייסט נישט, אַפּנים, אַז דאָס, וואָס טשאַפּניק קאָן — קאָן נישט איך, נישט דו, נישט קיינער. טשאַפּניק קאָן אָפּזיצען אַ קיילעכיג יאָהר אין דער שענסטער דירה, ווי אַ מאָנאַרך, און גאָר פערגעסען, אַז פאַר אַ דירה דאַרף מען צאָהלען דירה־געלד. נישט היינט געדאַכט, אַז טשאַפּניק איז ביי מיר געזעסען אין שכנות, האָב איך געמיינט, אַז איך וועל פון איהם בעקומען די טשאַכאָטקע. אַלע טאָג פלעגט ער זיך הייסען מאַכען רעמאָנט, און מיט מיר פלעגט ער זיך שאַפען, ווי מיט אַ סטרוזש. איין אַנדערען וואָלט איך אַרויסגעוואָרפען אויף דריי שפּענדלעך, און מיט איהם האָב איך געמוזט אָננעמען אַ פולען מויל מיט וואַסער און מאַכען אַ שוויינ — צוליעב בעלצי'ן. באַשר וואָס? באַשר ווייל זיין חוה'לע געהער זיך אָן מיט מיין בעלצי'ן גליעד־גליעד־געשוועסטערקינדער, דעם פערד'ס־בייטש־שטעקעלע'ס־אַ־פידקאָווע! וואָס איך האָב מיך אין דעם יאָהר אָנגעזעהען אויף דעם בערעל טשאַפּניק, איז דאָס אויף אַ וואָך צו דערצעהלען. צו בערעל טשאַפּניק, אַז עס קומט דער קצב מאָנען פאַר פלייש, עפענט ער איהם מיט'ן קאָפּ די טהיר: אַ העזה פון אַ קצב — גאָר מאָנען פאַר פלייש! און צו דער מאַדאַם טשאַפּניק, אַז מע קומט מיט אַ חשבון פון געוועלב, געהט מען אַזוי לאַנג, ביז מע צערייסט צוויי פאָר שיך און מע הערט אויף צו געהן. פון שניידערס און פון שוסטערס רעדט מען נישט; מע ווייסט שוין, אַז צו טשאַפּניק'ען נאָך געלד געהט מען נישט, וואָרום מע וועט ניט נתנ'ען. וואָס דאַרפסט דו מעהר? אָט איז דאָ נישט לאַנג געוועזען ביי זיי אַ וועטשערינקע. די מאַדאַם טשאַפּניק איז געוועזען אַ אימעניניצע, סאַמע פאַר'ן אָפּפאָהרען קיין מאַריענבאַד, — האָסט דו געדאַרפט זעהען, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטהאָן! איך בין נישט געוועזען, נאָר מיין בעלצי דערצעהלט, אַז מיט אַזאַ קאַלאַציע וואָלט מען שוין געקאָנט חתונה מאַכען צוויי טעכטער. דאָס עסען האָט מען בעשטעלט ביי העקסעלמאַנען אין רעסטאָראַן, און וועטשערע איז געוועזען כיד המלך: פיש, און פלייש,

און געבראָטענס, און וויין, און ביער, און וואָס דו ווילסט. די פּלעשלעך האָבען געקנאַקט, משרתים האָבען בעדיענט, ס'איז גע־וועזן „ליהודים", און, ווי געוויינטליך, האָט מען פערלעגט אַ „בענ־קעל", און דער באַנקיר איז געווען טאַקי טשאַפּניק, און געוואונען האָט טאַקי ווידער טשאַפּניק — ער קאָן די מלאכה! גאַנצע הונ־דערטערס, זאָגט בעלצי, זענען געווען אין באַנק. פון דעסטוועגען, אַז העקסעלמאַן איז געקומען אויף מאָרגען מיט אַ רעכענונג, האָט מען פון איהם געמאַכט אַזאַ געלעכטער, אַז ער שעמט זיך שוין גאָר אויסצוזאָגען... נאָר איך האָב מיך פערררעדט פון טשאַפּניק'ען און כמעט פערגעסען אָן מיין בקשה.

מיין בקשה איז אָט וואָס: אַזוי ווי מיין בעלצי פּאָהרט, הייסט עס, קיין אויסלאַנד דאָס ערשטע מאָל אויף איהר לעבען, זי ווייסט נישט, וואו אַ טיר עפענט זיך און קען נישט די שפּראַך, לכן זאָלסט דו זיין אַזוי פריינדליך איהר קומען צו הילף, רעקאָמענדירען אַ רעכ־טע סטאַנציע, אַ גוטען דאָקטאָר, אַ כשר'ען רעסטאָראַן, — מיט איינעם וואָרט, זאָלסט זיין פאַר איהר וואָס מע רופט אַ וועגווייזער. אגב, וועל איך דיך בעטען, זאָלסט נאָכקוקען, מיט וועמען זי בע־געגענט זיך דאָרט, און מיט וועמען זי קומט זיך צענויף. איך וויל, פערשטעהסט דו מיך, זי זאָל זיין אביסעל ווייט אָפּגעשיידט פון דער מאַדאַם טשאַפּניק. וואָס האָב איך, אייגענטליך, צו דער מאַ־דאַם טשאַפּניק? זי האָט מיר קיין געשעפט נישט קאַלי געמאַכט; נאָר איך וויל נישט, מיין בעלצי זאָל זיין קנעפּעל שבקנעפּעל מיט דער מאַדאַם טשאַפּניק, חאָטש זיי זענען גליעד־געשוועסטערקינדער. איך וויל נישט, אַז זי זאָל זיין איהר אַפּיטרופּס, אַז וואָס די מאַ־דאַם טשאַפּניק זאָגט — איז גוט, און וואָס די מאַדאַם טשאַפּניק טהוט־אָן — איז שעַן, און וואָס זי דערזעהט אויף דער מאַדאַם טשאַפּניק — דאָס ווילט זיך איהר. גלויב מיר, ליעבער פריינד, עס געהט מיר נישט אין געלד. דו ווייסט, אַז איך בין, חלילה, נישט אַזאַ קמצן, און מיין בעלצי פיהרט ביי מיר אויס, ווי מע זאָגט, דאָס טעלערעל פון'ם הימעל — פּאָרט דאָס צווייטע ווייב. דאָס

צווייטע ווייב, זאָגט מען, און אַ בת־יחידה פיהרען־אויס אַלסדינג. נאָר וואָס דען? איך וויל נישט, אז וואו צוויי זאָל מיין ווייב זיין אַ דריטע... וואָס קומט מיר דערפאַר? איך האָב אַזוי אויך גענוג שונאים אויף די נאַלעווקיס, וואָס וואָלטען מיך דערטרונקען אין אַ לעפעל וואַסער. און ווער שמועסט, זינט איך האָב חתונה געהאַט פאַר בעלצי'ן, וואָלטען זיי זיך וועלען נוקם זיין אָן מיר, איך ווייס נישט פאַר וואָס, גלייך ווי איך וואָלט עמיצען אָנגעריהרט אין כבוד אָדער אין פרנסה. באשר, זאָגען זיי, זי וואָלט געקאָנט זיין מיינע אַ שנור. טאָמער ווייסט דו, וואָס גערהט זיך עס אָן מיט זיי? עס זענען שוין געווען שטיגוטערעס, וואָס האָבען זיך גע־פּרובט מאַכען צווישען אונז אַ בייז לעבען. פרעג, וואָס האָב איך זיי געטהאָן? דער גאַנצע גוואַלד, למאי זי איז אַ שענע! אַ רוח זיי אין פאָטער און מוטער אריין — און אַז איך זאָל געווען חתונה האָבען דאָס אַנדערע מאָל און נעמען אַ מיאוסניצע, וואָלט זיי שוין געווען בעסער?

הכלל, ליעבער פריינד, קיין סך דאַרף איך מיט דיר נישט שמוע־סען. איך מיין, אַז דו פערשטעהסט שוין דעם מיין, וואָס איך מיין... איך וויל, אַז דו זאָלסט זי האַלטען אויפ'ן אויג און זאָלסט מיר אריינשרייבען אַמאָל אַ בריוועל פון דיין מאַכען, וואָס דו מאַכסט, און פון מיין בעלצי'ן, וואָס זי מאַכט. און אַז זי וועט זיך ווענדען צו דיר נאָך געלד, — איך האָב איהר געגעבען דיין אַד־רעס — זאָלסט דו איהר ארויסגעבען אויף מיין רעכענונג וויפיעל זי וויל, געוויינטליך, נישט אויף אַ מאָל, נאָר ביסלעכווייז, ווייל ביי איהר געלד — צווישען אונז זאָל עס בלייבען — האָט גאָר קיין ממשות נישט. איך האָב געוואוסט פריהער, אַז ווען איך זאָל איהר מיטגעבען, למשל, פון דאַנען איך ווייס אליין נישט וויפיעל, איז אַזוי ווי זי פאָהרט איבער בערלין, וועט דאָס דאָרט מסתמא אוועקגעהן ביי איהר מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך. און כך הוה, אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט. איך האָב שוין בעקומען פון איהר אַ בריוועל פון בערלין (פאָהרענדיג קיין מאַריענבאַד, האָט זי זיך אראָפּגעהאַפּט

קיין בערלין), שרייבט זי מיר א גרוס, מיין בעלצי הייסט עס, פון עפּיס איינעם מיט'ן נאָמען ווערטהיימער, האָט ער אַ געוועלב, אַט דער ווערטהיימער, וואָס מע געפינט, זאָגט זי, ביי איהם פון פויגעל־מילך. איז זי שוין געווען דאָרט, שרייבט זי מיר, מיט אַ וויזיט, און ווערליג איך פערשטעה, האָט זיך דער ווערטהיימער פון איהר נישט געגאַרט. זי גלייכט זיך צו דער מאַדאַם טשאַפּניק. בערעל טשאַפּניק בעריהמט זיך, אז ער האָט געהאַט מיטגעגעבען זיין חוה'לען קיין אויסלאַנד אַ תק'ער אויף דער נסיעה. און אז זי איז געקומען קיין בערלין, האָט זי שוין געשריבען, מע זאָל איהר שיקען נאָך געלד, האָט ער איהר געמוזט אויף דער צווייטער וואָך אַרויסשי־קען נאָך אַ תק'ער. ער וואַרפט זיך עס מיט תק'ערס, אַט דער טשאַפּ־ניק! טאָמער ווייסט דו די געשעפטען, וואָס ער טרייבט? אַ מענש זיצט אין וואַרשאַ שוין אפשר צוואַנציג יאָהר, און לאָז מיר עמיצער זאָגען, מיט וואָס האַנדעלט בערעל טשאַפּניק? עס איז זיך איין אָפּגעפּוצט אידעל, מיט אַ שען בייכעל, מיט אַ פיינעם חתוך־הדבור, און עס רעדט נישט איין איבעריג וואָרט; איין אויגעל קוקט ביי איהם כלומרשט קיין פּצון־זייט, און דאָס אַנדערע טראַכט, ווי אַזוי מע צעשפּילעט דיך און מע בעקומט ביי דיר אַרויס אַ גמילות־חסד אויף צו פערפאַלען...

הקיצור, ער איז גאָרנישט ווערטה, אַט דער טשאַפּניק, מיר זאָ־לען פון איהם אַזוי פיעל רעדען. איך בעט דיך נאָך אַ מאָל, חיים, דו ווייסט, ווי מיין בעלצי איז ביי מיר טייער. איך האָב גרויס עגמת־נפש, וואָס זי פאָהרט אַליין. איך וואָלט אויך מיטגעפאָה־רען — נאָר ווי קאָן איך אַוועקוואַרפען דאָס געשעפט? ס'איז ביי מיר סאַמע סעזאָן. איך האַלט אין בויען, און צו גאָט אַ האָפנונג: אַ יאָהר וועל איך, דאַכט מיר, האָבען גאָר נישט קיין שלעכטס. ווער־ליג עס ווייזט זיך, דאַרף זיך מיט דירות אַוועקשטעלען, מיט'ן אויך בערשטענ'ס הילף, אַ סך העכער ווי פאַראַיאָהרען. נאָר פאַר מיין בעלצי'ן איז נישט נויטיג, זי זאָל עס וויסען. אדרבה, אויב עס וועט דיר אויסקומען, מעגסט דו איהר זאָגען פערקעהרט... ווי אַזוי צו

רעדען — דארף מען דיך נישט לערנען. דו ווייסט שוין. און ווייטער איז נישטאָ קיין בעזונדערע נייעס. אונזערע צייטונגען לייענסט דו דאָך דאָרטען אויך, ווייסט דו שוין מסתמא, אַז ביי אונז איז עפּיס נישט אַזוי פריילין. אַ גרוס קאָן איך דיר אָפּגעבען פון דיין אסתר׳ען. איך האָב זי געזעהען פון דערווייטען. זי שיינט מיר גאַנץ נאָהענט אויף דער צייט צו זיין. היינט־מאָרגען... טאָמער אַ יונגעל, ווי אַזוי וועט דאָס זיין אָהן דיר אַ ברית? זעה זשע למען השם, ידידי, טהו ווי איך בעט דיך, און שרייב מיר באַלד אַ תשובה.

פון מיר דיין בעסטער פריינד שלמה קורלענדער.

---

.3

בעלצי קורלענדער פון בערלין צו איהר מאַן שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקיס אין ווארשא.

לבעלי היקר מוהר״ר שלמה נ״י.

איך האָב דיר צוגעזאָגט נעכטען, אַז איך וועל דיר בעשרייבען דעם בערלינער „לבנה־פּאַרק“, וויבאַלד איך וועל נאָר קומען פון דאָרט, — טהו איך דיר צוליעב, חאָטש אַפּילו דאָס איז אַ זאַך, וואָס עס איז אונמעגליך, וואָרום אַז איך זאָל דיר אַ גאַנצע נאַכט זיצען און שרייבען, וועל איך דיר דען בעשרייבען אַפּילו אַ צעהנטחלק פון דעם, וואָס מע זעהט זיך אָן אין דעם „לבנה־פּאַרק“? ס׳איז שוין איין מאָל אַ פּאַרק! שטעל דיר פאָר אַ גרויסען פּאַרק פון סאַמע פייער, ארום און ארום פייער, אַלע שטיבער זענען בעגאָסען פון אויבען ביז אראָפּ מיט פייער. און גלייך ווי דו קומסט, טרעטסט דו אריין אין אַ „לאַך־זאַל“, דאָס איז אַ מין זאַל, וואָס אַז דו קומסט אריין, פאַלט אָן אויף דיר אַ געלעכטער, און דו לאַכסט אַזוי לאַנג, ביז דו ווערסט שיער צעפּלאַצט פאַר געלעכטער — וואָרום וואוהין דו גיסט זיך אַ קעהר, זעהסט דו, אַז דו האָסט אַ פּנים פון אַ שוואַרץ יאָהר. דערנאָך בעצאָהלסט דו און זעצסט זיך אויף

אויף אזא מין משוגענער באהן, וואָס פליהט משוגענערווייז איבער בערג און איבער טאָלען. אָט טהוט עס דיך א הויב־אויף העכער הייזער, און אָט טהוט עס דיך א מאָרדעווע אראָפּ אין אלדי שווארצע יאָהר, אין דער שאול תחתיה אריין, אז דו ווערסט שיער נישט צעפּאַלען אויף שטיקער. און עס ווערד א קוויטשעריי מיט א געפּילדער. און באלד נאָך דעם הויבט עס דיך אויף ווידער ארויף אויף א בארג, און ווידער אראָפּגעלאָזט דיך אין דער ערד אריין. ביז דו קומסט צוריק אויפ'ן אייגענעם אָרט און בלייבסט שטעהן, ווי א נאַר. הייסט דיר דער דייטש אויסשטייגען, ארויסגעהן הייסט עס. געהסט דו אראָפּ, ווי א נעכטיגער. און נאָכדעם קומסט דו צו צו א טייך, זעהסט דו, ווי מענשען גליטשען זיך אויף שיפלעך בארג־אראָפּ און פאלען אריין גלייך אין וואסער אריין און ווערען נישט דערטרונקען; נעמט דיך אָן א יצר־הרע און דו קריכסט ארויף אויף טרעפּ אויפ'ן בארג און קויפסט ווידער א בילעט און זעצסט זיך אריין אין שיפעל און פליהסט, ווי א משוגענער, אין וואסער אריין, און געהסט ארויס פון דאָרט א פערשפּריצטער פּיטש־נאַס, און דו בלייבסט שטעהן און קוקסט זיך ארום, פאר וואָס א דייטש נעמט געלד? פון דאָרט געהסט דו אביסעל ווייטער, זעהסט דו ווילדע מענשען און שווארצע ציגיינער פון מצרים, וואָס טאנצען און זינגען, דרעהען זיך און שפּרינגען, לעקען מיט דער צונג געגליהטע אייזענס, שטעכען זיך מיט שפּיזען, מאכען מיט די בייכער, און פאר דעם אלסדינג צאָפּט מען ביי דיר געלד. און אז דו ווילסט, פיהרט מען דיך נאָך אריין גלייך אין גיהנם אריין און מע ווייזט דיר מתים מיט רוחות מיט שדים, שלענג און עקדישען מיט צרות, מיט שלעק, — און דו בענשט גומל, וואָס מע האָט דיך ארויסגעלאָזט א לעבעדיגען. פון קאפעס, רעסטאָראנען, מוזיק, שפּיעלקעסטלעך, קינעמאטאָגראפען, קאָמעדיעס, פאָטאָגראפיעס און נאָך אזעלכע זאכען — פון דעם שמועסט מען נישט. דאָס איז דאָרט פאראן, ווי שטערען אין הימעל. און ווען דו זאָלסט זיך נאָר וועלען צולאָזען צו די דייטשען און געהן אומעטום וואו מע רופט דיך,

קאָנסט דו אַרויס פון דאָרטען אַ קדוש. מיך האָט די גאַנצע חתונה געקאָסט אַרום און אַרום אַ נישט, אַ צעבראָכענער פעניג. ווערסט דו דאָך פרעגען, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? ווערסט דו הערען אַ שענס.

אָט דער בחור דער פּראַ־אדם מיט די ווייםפּערלעך, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגעפרעסט פופצעהן מאַרק דערפאַר, וואָס ער האָט מיר גערעקאָמענדירט דעם שענעם דאָקטאָר, האָט ער מיך דאָס גע־נומען אין דעם „לבנה־פּאַרק“ אויף זיינע הוצאות, און נאָך מכבד געוועז מיך מיט זעלצער־וואַסער און מיט שאָקאָלאַד און מיט וואָס דו ווילסט. געזעהען, אַפּנים, אַז ס'איז מיר איבער דער טבע, מאַכט ער צו מיר אַזוי: „פאַר שענע ווייבלעך, וואָס דאַרפען האָבען צום דאָקטאָר, בין איך, זאָגט ער, אַ קאָמיסיאָנער, און אויף אָנצוקוקען בערלין בין איך, זאָגט ער, אויס קאָמיסיאָנער, נאָר אַ קאַוואַליער און אַ דזשענטעלמען“. האָסט דו עפּיס צו אַזאַ שלים־מזל? שוין געהענדיג צוריקוועגס, רופט ער זיך אָן צו מיר, דער חכם, און דאָס פּנים לויכט איהם, ווי די זון אין תמוז: „מאַדאַם! איהר וועט קיין פאַראיבעל נישט האָבען, וועל איך אייך עפּיס זאָגען“. זאָג איך: „אַבי אַ קלוגס“. זאָגט ער: „אַ קלוגס וויים איך נישט, נאָר פאַר אייך וועט עס, זאָגט ער, זיין זעהר אינטערעסאַנט“. זאָג איך: „אויב אינטערעסאַנט, פאַר וואָס נישט?“... מאַכט ער צו מיר: „נאָר מיט אַ תנאי, מאַדאַם, אַז איהר זאָלט מיר דערנאָך זאָגען, זאָגט ער, אייער מיינונג“. זאָג איך: „פאַר וואָס זאָל איך אייך נישט זאָגען?“... זאָגט ער: „ניין, איך מיין, איהר זאָלט מיר, זאָגט ער, זאָגען אויפריכטיג, נישט פערלייקענען“. זאָג איך: „למאי זאָל איך לייקענען?“... זאָגט ער: „ניין, איך מיין, טאָמער געפעלט דאָס אייך נישט, זאָלט איהר מיר, זאָגט ער, זאָגען, אַז עס געפעלט אייך נישט“. זאָג איך: „זאָגט, וואָס נודעט איהר?“... שטעלט ער זיך אָפּ און מאַכט צו מיר אַזוי: „הערט־זשע אוים, מאַדאַם, עס איז אַזוי די געשיכטע. איהר וועט מיר גלויבען, צי ניין? אפשר וועט איהר מיר גלויבען, און אפשר ניין. חאָטש איך

וויס נישט, זאָגט ער, פֿאַר וואָס איהר זאָלט מיר נישט גלויבען.

איך בין אַ מענש, זאָגט ער, איין אויפריכטיגער, וואָס איך האָב — דאָס, זאָגט ער, זאָג איך. איך האָב פיינט, זאָגט ער, האַלבע ווערטער. ביי מיר איז איינס־צוויי־דריי — און פאַרטיג. איך דאַרף אייך זאָגען, זאָגט ער, מאַדאַם, אַז איך בין אַזאַ מענש, זאָגט ער, וואָס האָב איך עפּיס, מוז איך עס אַרויסגעבען. האַלטען דאָס לאַנג ביי זיך קאָן איך נישט. איך האָב אייך שוין לאַנג, זאָגט ער, געוואָלט זאָגען, אַז איהר זענט מיר געפעלען געוואָרען, זאָגט ער, פון דער ערשטער מינוט, זאָגט ער, וואָס איך האָב אייך דערזעהען. וואָס וועט איהר, זאָגט ער, זאָגען דערויף?"... „וואָס זאָל איך, זאָג איך, זאָגען? ס'איז אייער גליק, זאָג איך, וואָס מיר זענען אין בערלין אויף דער פריעדריכשטראַסע. וויטער וואָלט איך אייך, זאָג איך, בעוויזען, ווי אַזוי צו זיין אַ נאַחאַל!"... דערמיט האָט זיך אונזער שמועס געענדיגט, און פון דעמאָלט אָן בין איך געבליבען אָהן אַ קאַוואַליער און מוז געהן אַליין אומעטום. נאָר אָהן איין אומגליק. בערלין איז נישט קיין וואַלד, און די דייטשען זענען אַזעלכע מענשען, וואָס זיי פוילען זיך נישט, שטעלען זיך אָפּ און הערען דיך אויס אַלסדינג, און וויזען דיר אָן אַלסדינג, וואָס דו פרעגסט ביי זיי. און פערקעהרט, טאָמער פרעגסט דו ביי זיי עפּיס אַ זאַך, וואָס זיי וויסען נישט, זעהט מען, אַז ממש עס עקט זיך זיי דאָס חיות. אַ דייטש בלייבט אַ דייטש.

האָב איך דיר שוין אַרויסגעשריבען אַלסדינג, ווי איך האָב דיר צוגעזאָגט. געב גאָט, איך זאָל שוין קומען געזונדערהייד קיין מאַריענבאַד, וועל איך דיר פון דאָרט שרייבען מעהר נייעס. דערוויל זיי געזונד און שרייב מיר קיין מאַריענבאַד, וואָס הערט זיך ביי אונז אין וואַרשאַ? וואָס מאַכט אסתר סאָראָקער? צי איז זי שוין געלעגען געוואָרען, צי נאָך נישט? און אויב יאָ, וואָס האָט זי געהאַט: אַ יונגעל, צי אַ מיידעל? אַ שענער יושר פון אַ מאַן. איך מיין טאַקי חיים סאָראָקער. איבערלאָזען אַ ווייב אויף דער צייט און אַליין אַוועקפאָהרען קיין מאַריענבאַד — וואָס איז? ער וויל

„אָפּנעמען“, פערלירען דעם בויך. ווען דאָס זאָל זיין אויף מיר, וואָלט ער שוין צוריק אויף די נאַלעווקים נישט געקומען. איך וואָלט איהם געלאָזט, ער זאָל שוין בלייבען זיצען דאָרטען, אין מאַריענבאַד, אויף שטענדיג. ער וואָלט שוין ביי מיר „אָפּגענומען“ און פערלוירען נישט נאָר דעם בויך אַליין. זאָג דיר, וואָס דו ווילסט, — ער איז דיינער אַ גוטער פריינד — נאָר מע טהוט נישט אַזוי. עס האָט מיר אויסגעריסען אַ שטיק הארץ, אַז איך בין געווען ביי איהר זיך געזעגענען. זי איז נישט אַזעלכע, וואָס זאָל זיך בעקלאָגען, נאָר מע זעהט. זיי האָבען שוין אַזאַ מזל, ביידע שוועסטער: סאַי אסתר, סאַי חנצי. חנצי, זאָגט מען, ווערד נאָך מעהר אויסגעריסען ביי איהר מאיר'ען. מע האָט מיר געזאָגט דאָ אין בערלין, אַז מאיר מאַריאַמטשיק איז אויך אין מאַריענבאַד. און בראָני ליפּערמאַן, און לאה'צי ברויכשטוהל, און די יאַמאַיטשיכע מיט איהרע טעכטער זענען שוין אויך אין מאַריענבאַד! אַלע נאַלעווקים אין מאַריענבאַד. קיין עין־הרע נישט! — איך האָף צו טרעפען פון דיר בריעף אין מאַריענבאַד, נאָר פערגעס נישט מיר שרייבען פון אַלסדינג, וואָס אין דערהיים טהוט זיך. זאָלסט נישט פערלאָזען זיך איננאַנצען אויף שבע־רחל'ען. זאָלסט אַליין איבערקוקען אַלע טאָג, וואָס זי ברענגט פון מאַרק, און איבערוועגען דאָס פלייש פון קצב, און למען השם נישט נעמען אָהן געלד קיין זאַך, וואָרום די קרעמער, די עהרליכסטע אפילו, האָבען אַ טבע — זיי שרייבען צו. און טאָמער וועט זיין ביי דיר לאה די מאָדניצע מיט טענות, אַז איך האָב איהר אָפּגעריסען פאַר דער ארבייט, און וועט זיך וועלען פערלאָזען אויף דיין יושר, זאָלסט דו איהר נישט ענטפערען. דערפאַר, וואָס זי האָט געסטראַשעט מיט'ן סאַנד. זאָל זי געהן אין סאַנד! און פערגעס נישט, למען השם, אַרויסשיקען מיר געלד קיין מאַריענבאַד. איך וועל דיר געבען צו וויסען מיין אַדרעס באַלד, ווי איך וועל קומען צו פאָהרען. גאָט זאָל העלפען, איך זאָל שוין קומען געזונדערהייד.

פון מיר דיין פרוי בעלצי קורלענדער.

## .4

**שלמה קורלענדער פון די נאַלעווקיס אין וואַרשאַ צו זיין ווייב בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.**

לזוגתי היקרה מרת בעלצי שתחי'.

איך האָב דיינע ביידע בריעף פון בערלין ערהאַלטען און קום דיר צו מעלדען, בעלצי היקרה, אַז איך בין, ברוך השם, געזונד, און אַז אין דערהיים איז אַלסדינג אין בעסטער אָרדנונג. הלואי וואָלטען נאָר אַלע לאָקאַטאָרען וועלען צאָהלען צו דער צייט, מע זאָל נישט דאַרפען האָבען מיט זיי צו טהון. וואָרום אַ חוץ וואָס עס געהט פערלוירען געלד, קאָסט נאָך הוצאות, אַדוואָקאַטען מיט פּאַפּיערען מיט שלעק. און דערצו נאָך די בזיונות, וואָס מע האָט, וואָרום עס זענען דאָ אַזעלכע לאָבוסעס, וואָס בעריהמען זיך, אַז טאָמער וואַרפט מען זיי אַרויס פון דער דירה, וועלען זיי דיך בע־שרייבען אויף די גאַזעטען. און איך וויל נישט, מע זאָל מיך בע־שרייבען אויף די גאַזעטען. איך האָב עס פיינט. הייַנט דאָס בוי־ען, וואָס איך בוי, שלינגט־איין אַזוי פיעל געלד, אַז איך ווייס גאָר־נישט, ווי אַזוי איך וועל זיך אַמאָל אויסבאָדען. און דערצו האָט מען צו טהון מיט גראָבע מענשען, בעלי־מלאכות און אַרבייטער, וואָס קריכען אויפ'ן קאָפּ, האָבען נישט קיין טראָפּען דרך־ארץ פאַר אַ בעל־הבית. הכלל, וואָס זאָל איך דיר זאָגען, בעלצי היקרה, ס'איז צרות מיט צרות! און דאָ קומסט דו מיט דיינע בריוו־לעך פון בערלין, קאָנסט דו זיך גאָרנישט משער זיין דעם עגמת־נפש, וואָס איך האָב געהאַט, וואָס דו ביזט נישט געפאָהרען אויף וויען, איידער אויף בערלין. מילא, דו ווילסט זיך זיין ביי'ם פּראָ־פעסאָר איין עצה האַלטען — מהכתיתי. איך וועל דיר, חס ושלום, נישט פערוועהרען, און קיין געלד, ווייסט דו גאַנץ גוט, אַז איך וועל דיר נישט זשאַלעווען דאָרט, וואו עס געהט אין דיין געזונד,

פּקוח־נפש. נאָר אַריינלאָזען זיך מיט דאָקטוירים־פּיאַווקעס און האָבען צו טהון מיט דריי פּראָפעסאָרען, וועלען זיי דיר סוף־כל־סוף פערדרעהען דעם קאָפּ, אַז דו וועסט, חס ושלום, קראַנק ווערען פון זיי. איז איין מאָל אַוועק. והשנית, פרעג איך דיך, בעלצי היקרה, ווי שאַנעוועסט דו נישט דיין געזונד און געהסט אַרום צו ווערטהיימער׳ען און צו טיטצ׳ען האַנדלען מציאות? איך גלויב דיר, אַז ס׳איז ביי זיי אַלסדינג בחצי־חנם. איז, ערשטענס, ביי מיר דיין געזונד טייערער, און צווייטענס, מיין איך, אַז מע קריגט אין וואַרשאָ אויך די מציאה. פאַר געלד קריגט מען אַלסדינג, זאָגט מען, נאָר נישט קיין קדחת. אַוודאי איז טאַקי כדאי, זאָג איך דיר, זיך שטופּען אין איין ענגשאַפט — וואָס איז? טאָמער וועט מען קויפען אַ פּאָר זאָקען מיט אַ וואַנדזייגער? דאַרף מען איינשטעלען דאָס לעבען דערויף? איך פרעג דיך, בעלצי, ביזט דאָך עפּיס נישט פון די נאַלעווקער יענטעס, כלעבען, ווי קומט דאָס, דו זאָלסט טהון אַזאַ נאַרישקייט? היינט דאָס אַרומגעהן אָנקוקען בערלין — דאַרף איך דיר זאָגען, בעלצי היקרה, אַז איך הויב נישט אָן צו פערשטעהן, וואָס, אייגענטליך, איז דאָ וואָס צו זעהן אין בערלין? איך שטעל מיר פאָר — אַ גרויסע שטאָדט, דריי מאָל, פינף מאָל, צעהן מאָל אַזוי גרויס, ווי וואַרשאָ, און מויערען שענע, גרויסע, אַ סך שענער און אַ סך גרעסער, ווי וואַרשאָ, — נו, וואָס זשע האָב איך דערפון? צי, אַשטייגער, דו שרייבסט, אַז דו ביזט געוועזן אין טהעאַטער און אין צירק און אין נאָך אַזעלכע ערטער — אַהרט עס מיך נישט. פערקעהרט, ביזט דו אין אויסלאַנד, דאַרפסט דו אומעטום זיין און אַלסדינג זעהן. פאַר וואָס נישט? מיך אַהרט נאָר איין זאַך: למאי זאָלסט דו נישט היטען דיין כבוד און דיין שטאַט און לאָזען זיך פיהרען פון יעדען לעדיגגעהער, וואָס דו קענסט איהם נישט און ווייסט איהם נישט? גוט, וואָס דו האָסט אָנגעטראָפען אויף אַ פלאָכט, אַ פּרא־אדם, וואָס האָט געלעגט אויף דיר כבוד. וואָס טהוט מען, אַז מע טרעפט אָן אויף אַ חוליגאַן, אָדער אַזוי אַ שאַרלאַטאַן? אין דער פרעמד, בעלצי, דאַרף מען זיין געהיט נאָך מעהר ווי אין

דערהיים. מע קאָן אַמאָל האָבען דעם גרעסטען בזיון מיט׳ן גרעס־
טען אומגליק, חלילה. איך האָב דעריבער געשריבען אַ בריעף צו
מיין גוטען פריינד חיים סאָראָקער קיין מאַריענבאַד, ער זאָל דיר
בעהילפיג זיין אַ מאָל מיט איין עצה, אַ מאָל מיט אַ גוט וואָרט.
ער איז אַ מענש, וואָס איז שוין געווען אין אויסלאַנד עטליכע מאָל
און איז בעקאַנט מיט זייערע גענג און מיט זייערע מנהגים. און
אגב, אַזוי ווי איך האָב מיט איהם חשבונות, האָב איך צו איהם
אָנגעוויזען, ער זאָל דיר אַרויסגעבען געלד, וויפיעל דו וועסט בע־
דאַרפען האָבען. וואָרום דאָס שיקען פער פּאָסט קאָסט טייער,
היינט פערלירט מען אָפטמאָל אויפ׳ן קורס, אַז ס׳איז נישט כדאי
דאָס שיקעניש. לכן זאָלסט דו זיך זעהן דאָרט מיט חיים סאָראָקער
און זאָלסט איהם לאָזען גריסען און זאָלסט איהם זאָגען, אַז איך
וואַרט פון איהם איין ענטפער אויף מיין בריעף, וואָס איך האָב
איהם די טעג געשריבען. און דו זאָלסט איהם איבערגעבען, אַז ביי
איהם אין דערהיים איז נאָך דערווייל קיין שום נייעס נישט פאָר־
געקומען. זיין אסתר האַלט זיך נאָך. און נאָך אַ זאַך וועל איך
דיך בעטען, בעלצי היקרה, אַז דו זאָלסט זיך האַלטען אַביסעל ווייי־
טער פון דיין קרובה, חוה׳לע טשאַפּניק. נישט מחמת דעם, וואָס
זי האָט נישט קיין שענעם נאָמען ביי אונז אויף די נאַלעווקים, —
איך לאַך מיך אויס פון אַזעלכע זאַכען — נאָר גלאַט אַזוי, איך וויל
נישט, מע זאָל דיך האַלטען אין מויל יעדער בעזונדער און מע זאָל
אויף דיר טייטלען מיט די פינגער. ווייל אין מאַריענבאַד, זאָגסט
דו דאָך אַליין, איז איצט אַ שטיק וואַרשאַ. די גאַנצע נאַלעווקים
האָבען זיך היינטיגען זומער, זאָגסט דו, אַריבערגעטראָגען קיין מאַ־
ריענבאַד. קאָנסט פערשטעהן, אַז בראָני לויפערמאַן און לאה׳צי
ברויכשטוהל, און אַפילו יאַמאַיטשיכע מיט איהרע טעכטער, זאָגסט
דו, זענען שוין אויך אין מאַריענבאַד. היינט וואָס ווילסט דו נאָך?
בעדאַרפסט דו דיך היטען פאַר זיי, ווי אין איין אויג אַ שטאָך,
וואָרום זיי זענען מסוכנ׳ע בערעדערינס! איידער אַריינפאַלען צו
דער יאַמאַיטשיכע אין מויל אַריין, איז שוין בעסער אויסברעכען זיך

אַ פּוס. אש־להבה! און וואָס געהט־אָפּ בראַני לויפּערמאַן? און לאה׳צי ברויכשטוהל? וואָס איז מיט זיי די גדולה, וואָס זיי האָבען זיך אוועקגעשלעפּט קיין מאַריענבאַד — ווייס איך נישט. מילא, לויפּערמאַן האָט, זאָגט מען, געוואונען היינטיגען יאָהר אין דער לאָטעריע, ווילט זיך איהם פּטר׳ען די עטליכע רובעל, אָבער ברויכ־שטוהל? ערשט יענע וואָך איז ער געוועזען ביי מיר נאָך אַ גמילות־חסד, האָב איך איהם אָפּגעזאָגט, ווי אַ טוידטען. לייען גמילות־חסדים און שיקען דאָס ווייב קיין מאַריענבאַד — דערויף דאַרף מען שוין האָבען איין עזות! און וואָס דו שרייבסט מיר, בעלצי היקרה, איך זאָל אַכטונג געבען אין שטוב, זאָלסט דו זיין גאַנץ רוהיג. דו דאַרפסט זעהען זיך נאָר קורירען און קומען אַהיים בשלום. ווייטער וועט שוין אַלץ זיין רעכט. און וואָס דו האָסט מורא פאַר שבע־רחל׳ען, איז דאָס איין איבעריגע זאַך. ערשטענס, האָסט דו זי שוין וויפיעל מאָל אויסגעפּרובט, אַז זי איז איין עהרליכע, עס מעג ליגען גאָלד. און צווייטענס, געב איך טאַקי אַכטונג אויף איט־ליכס ברעקעל. נישט נאָר די צוקער־פּושקע, אפילו דאָס ברויט איז ביי מיר אונטער׳ן שלאָס. און אָהן געלד האָב איך אַליין אויך פיינט נעמען אין די קלייטען. מיר האַנדלען טאַקי מיט עהרליכע לייט, אָרענטליכע מענשען, נאָר פון דעסטוועגען זאָל זיך זיי זעצען אַזוי פיעל מכות, וואָסערע גנבים זיי זענען. און ווייטער בעט איך דיך, בעלצי היקרה, זאָלסט נישט זשאַלעווען קיין געלד און זאָלסט זיך דאַרטען אָנטהון כל הפּערגעניגענס מיט כל הוואוילטאָ־גען אין דער וועלט, נאָר איין זאַך וועל איך דיך בעטען — אין די געוועלבען זאָלסט דו נישט געהן און קיין מציאות זאָלסט דו נישט האַנדלען. אַז דו וועסט קומען, אם ירצה השם, בשלום אַהיים, זאָג איך דיר צו, אַז איך וועל דיר קויפען אַלסדינג, וואָס דיין האַרץ גע־לוסט. צו וואָס טויג דיר שמאַטעס, טישטיכער, נאָזטיכלעך — דו האָסט זיי קאַרג? צו וואָס דאַרפסט דו אַ מאַשין אויף פוטער שלאָ־גען? און וואו וועסט דו זיך אַהינטהון מיט אַ וואַנדזייגער? איך האָב מורא, בעלצי, אַז דו זאָלסט אויף דער גרעניץ נישט אוועק־

לעגען, חלילה, דאָס גאַנצע געזונד, וואָס דו וועסט אָנזאַמלען אין מאַריענבאַד, און עס וועט זיין אַרויסגעוואָרפען מיין געלד, אַ חוץ וואָס דו וועסט נאָך האָבען בזיונות, ווי פאַר דריי יאָהרען די מאַ־דאַם קאָראַלניק פון די נאַלעווקים, וואָס האָט אויסגעזעהן אויף דער גרעניץ אַביסעל צו גראָב, האָט מען זי געבעטען, מחילה, אין אַ בעזונדער חדר און אויסגעטהאָן ביז דעם העמד און אָפּגעוויקעלט פון איהר העכער פיער הונדערט איילען זיידענע בענדער. פון דע־מאָלט אָן האָט זי דאָס בעקומען ביי אונז אויף די נאַלעוּוקים דעם שענעם נאָמען „די קאָראַלניטשקע מיט די סטענגעס“.

זיי געזונד און זעה, למען השם, זאָלסט זיך מיר פערריכטען און קומען, אם ירצה השם, געזונדערהייד אהיים, ווי עס ווינשט דיר באמת

**בעלך שלמה קורלענדער.**

---

.5

חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו זיין פריינד שלמה קורלענדער אויף די נאַלעוּוקים אין וואַרשאַ.

ליעבער פריינד שלמה!

איך האָב דיין ליעבען בריעף ערהאַלטען. עס פרעהט מיך זעהר, וואָס דו שרייבסט צו מיר אַזוי אָפענטליך, ווי צו איין אמת׳ען פריינד, און עס ויעט מיך נאָך מעהר פרעהען, אז איך וועל דיר בעה־הילפיג זיין מיט וואָס איך וועל נאָר קאָנען. אז דיין בעלצי קומט קיין מאַריענבאַד — דאָס האָב איך געוואוסט נאָך איידער דיין בריעף איז צו מיר אָנגעקומען. ווי אַרום און פון וועמען בין איך עס געוואָהר געוואָרען? טאַקי פון דער מאַדאַם טשאַפּניק. ווי אַזוי? לאָם איך דיר אויסשרייבען די גאַנצע מעשה אקוראט, ווי אַזוי ס׳איז

געווען. ס'איז במילא נישטאָ וואָס צו טהון, מע ווערד דאָ שיער נישט משוגע, וועל איך ווערען אויף אַ מינוט אַ שרייבער. נאָר איין זאַך וועל איך דיך בעטען, שלמה, אַז אַלסדינג, וואָס איך וועל דיר שרייבען פון דאַנען, זאָל זיין בסוד. דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך מיט דיין בריעף פערטרויט אויף מיר, ווייל דו האָלסט מיך פאַר אַ בעל־סוד, פערטרויע איך פאַר דיר אַזעלכע זאַכען, וואָס איך וואָלט זיי פאַר איין אַנדערען נישט געטרויט, אפילו פאַר מיין אייגען ווייב, און איך בין זיכער, אַז צווישען אונז וועט דאָס בלייבען.

קודם דאַרף מען דיר בעשרייבען דאָס מאַריענבאַד, זאָלסט וויסען, מיט וואָס מע עסט דאָס און וואָס דאָס איז. אַהער קומען צו פאָהרען מענשען, וואָס גאָט האָט זיי געבענשט מיט אַ סך געלד און געשטראָפט מיט אַ סך פלייש, מיין איך פערקעהרט, געשטראָפט מיט אַ סך געלד און געבענשט מיט אַ סך פלייש. אַזעלכע מענשען זענען די סאַמע אומגליקליכסטע אויף דער וועלט. זיי ווילען עסען און טאָרען נישט. זיי ווילען געהן און קאָנען נישט. זיי ווילען ליגען, לאָזט מען זיי נישט! „איהר דאַרפט געהן, וואָס מעהר געהן, מאַכען מאָציאָן. — זאָגען די דאָקטוירים. — איהר דאַרפט אָפּנעמען, זאָגען זיי, וואָס מעהר אָפּנעמען"... „אָפּנעמען" הייסט אויף אונזער לשון — פערלירען דאָס בייכעל, אַביסעל איינדאַרען הייסט עס. און אויף „אָפּנעמען" איז פאַרהאַן איין מיטעל — מאַריענבאַד. עס נעמט אָפּ, ווי מיט די הענד נעמט עס אָפּ! און וואָס איז דער חידוש? אַז עסען עסט מען דאָ מכות מיט בכורות, — דער דאָקטאָר לאָזט נישט עסען — און מע לעבט נאָר פון דעם, וואָס מע טרינקט אין דער פריה דאָס ביסעל מים המאררים, וואָס מע רופט דאָס „קרייצברונען". אַ טעם האָט דאָס וואַרעמערהייד אויף'ן ניכטערען האַרצען פון צעהן חלשות'ען, און אַז דו טרינקסט, דאַרפסט דו שפּאַציערען, מאַכען מאָציאָן, ווי דער דאָקטאָר רופט עס אָן. און נאָך אַזאַ טרינקעניץ מיט אַזאַ מאָציאָן גלוסט זיך עפּיס נעמען אין מויל אריין; געהסט דו אהיים עסען, דערלאַנגט מען דיר „פריה־

שטיק", נישט קיין עסען. וואָס איז דאָס פּאַר איין עסעניש, איך בעט דיך, אַז פלייש — נישט, אייער — נישט, זעמעלעך — נישט; אַ שאָל "קאַקע" מיט אַ סוכערעל — אָט דאָס איז דער גאַנצער פריהשטיק. און נאָכ'ן פריהשטיק הייסט ערשט דער דאָקטאָר געהן, מאַכען מאָציאָן, און ערשט דעמאָלט בעקומסט דו דעם רעכטען אַפּעטיט, און אַז עס קומט די צייט פון וואַרעמעס, דאַכט זיך דיר אויס, אַז דו וואָלסט איינגעשלונגען איין אָכס מיט די הערנער. זאָגט אָבער דער חכם, דער דאָקטאָר: "לאַ, פּעטערשי! אַז איהר וועט אַזוי אַכל'ען, זאָגט ער, וועט איהר, זאָגט ער, אָפּנעמען אַ פּייג, נישט קיין פוד שמאַלץ, און וועט נישט פּטור ווערען, זאָגט ער, פון אייער טשעמאָדאַן ווי לאַנג איהר וועט לעבען!"

הקיצור, ס'איז אַ גיהנם, וואָס זאָלסט דו קלערען? איין שטיקעל גליק, וואָס מע קאָן אָנפּייפען דעם דאָקטאָר. ער הייסט עסען קרחת — קרחת עם אליין. ער הייסט געהן — געה. מיר וועלען זיך בעסער אוועקזעצען מאַכען אַ פּרעפערענסעל. איז אָבער דער חסרון, וואָס נישט אַלע מאָל איז דאָ אַ דריטע האַנד. מוז מען מאַכען אין צווייען אַ זעכס-און-זעכציג. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב עס נישט פיינט. נאָר מיט וועמען קאָן מען דאָ שפּיעלען אין זעכס-און-זעכציג, אַז נישט מיט דער מאַדאַם טשאַפּניק? אוי, איז דאָס אַ מאַדאַם! וויפיעל דו קענסט בערעל טשאַפּניק, איז ער אַ הונט אַקעגען זיין ווייב. ס'איז, זאָג איך דיר, אַ מאַדאַם פון גאָט! שפּיעלען שפּיעלט זי דוקא נישקשה'דיג. זי וועט פערשטעקען אין גאַרטעל דריי מאַנסבילען. נאָר וואָס דען? זי האָט פיינט פערשפּיעלען מיט סכנת-נפשות! און אַז זי פערשפּיעלט, צאָהלט זי נישט: "נישקשה, זאָגט זי, איך בין, זאָגט זי, אַ בטוח, און פּאַר נוים, זאָגט זי, וועט אייך מיין מאַן, זאָגט זי, בעצאָהלען". וואָס זאָגסט דו אויף דעם צאָהלער? וואָלט זי נאָר ליעב געהאַט שפּיעלען אין זעכס-און-זעכציג, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה! איז אָבער דער חסרון — זי האָט ליעב, מע זאָל מיט איהר געהן שפּאַציערען איבער מאַריענבאַד. וואָלט דאָס שפּאַציערען אַליין אויך געווען נאָך

צו דערליידען; איז אָבער דער חסרון, וואָס זי האָט פיינט גלאַט אַזוי צו שפּאַציערען. שפּאַציערען הייסט ביי איהר — געהן איבער די געוועלבען, האַנדלען מציאות, אָפּנאַרען די דייטשען — שמעקט דאָס שוין מיט אַ גמילות־חסד אויף אַ קורצע צייט, דאָס הייסט, אויף צו פערפאַלען. אַ שלאַק, זאָג איך דיר, פון זיין ליעבען נאָמען! מע קאָן זיך גאָר פון איהר נישט אויסבעהאַלטען. און ווי אויף צו־להכעיס, בין איך דאָ איינער אויפ׳ן יריד. נישטאָ איין מאַנסביל פון די נאַלעווקים. סאַמע נקבות. דו האָסט דאָ בראָני לויפּערמאַן, און לאה׳צי ברויכשטוהל, די מאַדאַם שערענצים מיט דער מאַדאַם פּעקעלים. היינט די יאַמאַיטשיכע מיט איהרע דריי איבערגעוואַקסענע מאַמזעלען, וואָס האָבען אַ שם אין מאַריענבאַד מיט זייערע יאָהרען. זיי וואָלטען געוועז גאַנץ פיינע מאַמזעלען, ווען זיי זאָלען נישט האָבען די נעזער. אַ גערעט היינטיגען סעזאָן אין מאַריענבאַד אויף נאַלעווקער ווייבער, און גלאַט אַזוי ווייבער, ווייבלעך, דאַמען, דאַמען, אָהן אַ שיעור דאַמען! על־פּי־רוב זענען דאָס גראָבע ווייבער פון ביאַליסטאָק, פון קעשעניעוו, פון יעקאַטערינאָסלאַוו, פון קיעוו, פון ראָסטאָוו און פון אָדעס און פון דער גאַרער וועלט, וואָס קומען אַהער כלומרשט אויף דער „קור“, נאָר זייער גאַנצער מיין איז חתנים פאַר זייערע טעכטער, די צייטיגע מאַמזעלען. אָנגעטהאָן געהען זיי אין זייד און אין סאַמעט, טראָגען העלזער פּערעל און פיהרען אַרוים זייערע מאַמזעלען אויף דער אויסשטעלונג. רעדען רעדען זיי „קאָמעניצער דייטש“ און וואַרפען מיט אויגען אויף יעדען מאַנסביל, ווי איינער רעדט: „ביזט דו אַ בחור, קום אַהער. ביזט דו אַ בעווייבטער, זאָלסט דו געהן אַהין, פון וואַנען דו ביזט געקומען“... אַרום די דאָזיגע „מאַמעס“ דרעהט זיך אַרום, ווי אַ ביהן אַרום האָניג, איינער אַ פאַרשוין מיט אַ צילינדער, וואָס מע רופט איהם סווירסקי. אָט דער סווירסקי — דאָס איז אַ איד אַ שדכן, אַ לאַנד־שדכן. אַליין איז ער אַפילו אַ אונזעריגער, נאָר ער רעדט נישט קיין זשאַרגאָן, חאָטש געב איהם אַ קרענק. נאָר דייטש. אַ שידוך איז ביי איהם — אַ „פּאַרטי“, אַ חתן איז אַ „ברויטיגאַם“;

„אייער ווייב“ וועט ער דיר קיינמאָל נישט זאָגען, נאָר „אייער פרוי געמאַהלין“. איך זאָג דיר, דעם זיעבעטען חן אָנצוקוקען, ווי די גראָבע מאַמעס מיט די העלזער פּערל יאָגען זיך נאָך דעם הערר סווירסקי, רעדען מיט איהם „קאָמעניצער דייטש“, און ער בעריהמט זיך פאַר זיי, וויפיעל „פּאַרטיען“ ער האָט שוין אויסגע־פיהרט אויף דער קור, און אַלע דורך ליעבע! אונזער יאַמאַיטשי־כע פון די נאַלעווקים מיט איהרע דריי טעכטער האָב איך בעגעגענט שוין עטליכע מאָל אַרומשפּאַציערען מיט דעם הערר סווירסקי, וואָס טהוט נישט אוים דעם צילינדערהוט נישט שבת, נישט וואָך. גאָט מעג איהר העלפען, מהכתיתי, איך ווינש איהר פונ׳ם גאַנצען האַר־צען, אַז סווירסקי זאָל איהר קריגען אַ „פּאַרטי“, דריי „פּאַרטיען“ מיט דריי „ברויטיגאַמס“, פאַר אַלע איהרע דריי נעזער, עס מעג זיין אָהן ליעבע, אַבי גיכער, וואָרום ס׳איז אַ סברא, אַז די יונגערע מעג זיך שוין אָפּשערען, וואָרום זי איז שוין אַריבער שלשים... און אַז מיר זאָלען צולעגען צו איהרע יאָהרען די יאָהרען פון איהרע צוויי עלטערע שוועסטער, וועט אינאיינעם, האָב איך מורא, חאַפּען עפּים מעהר ווי אַ מאה... נאָר האָפּט זיי בעני! איך זעה, ווי ווייט מעגליך, די יאַמאַיטשיכע אויסמיידען, וואָרום דו קענסט דאָך זי, וואָס פאַר אַ בערעדערין דאָס איז, אַ וואַנד מיט אַ וואַנד קאָן זי דיר צענויפפיהרען!

אַצינד, אַז איך האָב דיר שוין אַביסעל בעשריבען מאַריענבאַד, מעג איך דיר שוין בעשרייבען, ווי אַזוי איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז דיין בעלצי קומט צו פאָהרען.

איך קום אַרוים נעכטען אין דערפריה צום „וואָדאָפּאָי“, טרעף איך די מאַדאַם טשאַפּניק, מיט דער מאַדאַם ליפּערמאַן, מיט דער מאַדאַם ברויכשטוהל, מיט דער מאַדאַם שערענצים, מיט דער מאַ־דאַם פּעקעלים, מיט דער יאַמאַיטשיכע מיט אַלע איהרע דריי נעזער, און נאָך ווייבער — הכלל, די גאַנצע מאַריענבאַדער נאַלעווקים. „גוט מאָרגען“, „גוט יאָהר“. „ווי געהט עס?“ „וואָס הערט זיך נייעס?“ דערווייל רופט זיך אָן צו מיר חוה׳לע טשאַפּניק: „ווייסט

איהר שוין, אַז מיר האָבען מאָרגען אַ גאַסט ביי אונז אין מאַריענ־באַד?" זאָג איך: „גאָט ליעב אַייך מיט אַייער גאַסט. ווער איז?" זאָגט זי צו מיר: „אַנו, זייט אַ חכם און טרעפט". „זאָג איך: „וואָס בין איך אַייך פאַר אַ טרעפער?" זאָגט זי: „איך וועל אַייך זאָגען אַ סימן". זאָג איך: „אדרבה, לאָמיר הערען, זאָג איך, אַייער סימן". זאָגט זי: „נישט איין סימן, נאָר עטליכע סימנים. ערש־טענס, איז זי, זאָגט זי, אַ שענע, דאָס שענסטע ווייבעל פון אַלע נאַלעווקער ווייבלעך". דאָס האָט שוין פערדראָסען, ווי איך האָב פערשטאַנען, אַלע איבעריגע דאַמען, וואָרום זיי האָבען אַלע פיער זיך איבערגעקוקט מיט מאָדנע אויגען און געוואָרפען אַזאַ פייערי־גען קוק אויף דער מאַדאַם טשאַפּניק, וואָס קאָן פערברענען אַ קליין שטעדטעל אין פוילען; און די מאַדאַם טשאַפּניק מאַכט זיך, ווי זי זעהט נישט, און רעכענט אויס די מעלות פונ'ם שענעם ווייבעל, וואָס קומט צו פאָהרען צו אונז קיין מאַריענבאַד. „טאָמער וואָלט געווען גענוג, זאָג איך צו איהר, אויסרעכענען מעלות? אפשר ווייסט איהר, זאָג איך, נאָך אַ סימן?" „דער אַנדערער סימן, זאָגט זי, — זי האָט אַ מאַן, וואָס איז עפּיס מעהר ווי צוויי מאָל עלטער פון איהר, וואָרום זי איז נאָך נישט אַלט, זאָגט זי, קיין צוואַנציג יאָהר אפילו".

דאָ האָבען אַלע איבעריגע דאַמען אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכ־טער: „אַ חוץ גויישע שבתים און יום־טובים!"... זעה איך, אַז ס'איז אַ מעשה אָהן איין עק, רוף איך מיך אָן צו דער טשאַפּניק: „אפשר וואָלט גענוג געווען, זאָג איך, שאַרפען די צינגלעך, און זאָגען, זאָג איך, ווער איז דאָס ווייבעל, וואָס קומט צו אונז קיין מאַריענבאַד?" מאַכט צו מיר די טשאַפּניק: „שאַט, נאָך איין סימן, זאָגט זי, און איין עק! זי איז, זאָגט זי, טאַקי מיינע אַ קרובה". „אַזוי? — זאָג איך. — וואָס זשע דרעהט איהר אַ מוח? זאָגט, זאָג איך, אַז עס קומט צו פאָהרען בעלצי קורלענדער קיין מאַריענ־באַד — און אַ סוף!" און עס געהט אַוועק אַ שמועס צווישען די דאָזיגע ווייבער וועגען דיין בעלצי'ן, און מעהר פון אַלע, געווינט־

ליך, יאַמאַיטשיכע. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, שלמה? איך קאָן עס גאָר אַזוי פיעל נישט אַרויסשרייבען און וויל עס גאָר אפילו נישט איבער׳חזר׳ען. דו דאַרפסט שוין אַליין פערשטעהן, וואָס אַ יאַ־מאַיטשיכע קאָן זאָגען אויף דיין בעלצי׳ן, און נישט אַזוי נאָך אויף בעלצי׳ן, ווי אויף דיר! עמיצער זאָל הערען, וואָלט ער זיכער מיי־נען, אַז דו האָסט איהר קאַלי געמאַכט אַ יריד, אָדער אַ שידוך. אַ גליק, וואָס ס׳איז אונטערגעקומען דער הערר סווירסקי מיט׳ן צי־לינדער און האָט אָוועקגערופען די יאַמאַיטשיכע אויף אַ סוד, מסתמא וועגען אַ „פּאַרטי״ מיט אַ „ברויטיגאַם״.

אָט אַזוי בין איך געוואָהר געוואָרען פון דיין בעלצי׳ן, אַז זי קומט צו פאָהרען קיין מאַריענבאַד. און ערשט אויף דער נאַכט, אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפען דיין בריעף. זעהר רעכט, וואָס דו האָסט מיר געשריבען. זיי זיכער, ליעבער פריינד, אַז איך וועל מסתמא זעהען טהון פון דיינעטוועגען און פון איהרעט־וועגען אַלסדינג, וואָס דו בעטעסט מיך. קאָנסט זיך שוין אויף מיר פערלאָזען. איך וועל נישט זשאַלעווען קיין טרחה און קיין צייט צו שרייבען דיר אַלע מאָל וואָס און ווען... דערפאַר דאַרפסט דו אויך נישט פוילען זיך און שרייבען אָפטער בריוועלעך, וואָס הערט זיך עפּיס נייעס ביי אונז אין וואַרשאָ. נאָר עפּיס פריילּיכע נייעס זאָלסט דו מיר שרייבען. איך האָב פיינט טרויעריגע בריעף. ממה נפשך: בין איך אויף דער קור, דאַרף איך פערגעסען פון אַלע צרות און פון אַלע אומגליקען. ס׳איז גענוג די צרות, וואָס מע טראָגט אַ גאַנץ יאָהר אין דערהיים. וועסט מיר גלויבען, צי ניין? איך, אַז איך בין אין אויסלאַנד, לייען איך אפילו נישט קיין בלאַט־צייטונג. איך טהו מיר מיין זאַך בשלמות: איך עס און טרינק און שלאָף און געה אויפ׳ן שפּאַציער און „נעם־אָפּ״ און שפּיעל אַ פּרעפערענסעל, אויב ס׳איז דאָ אַ דריטע האַנד, אַנישט — איז אין צווייען אַ זעכס־און־זעכציג. און ווייטער זיי געזונד. אם ירצה השם, מאָרגען, אַז דיין בעלצי וועט קומען, וועל איך דיר מסתמא

באַלד געבען צו וויסען פון אַלעם נאָך מעהר באריכות. זיי נאָך אַ מאָל געזונד און מאַך גוטע געשעפטען, ווי עס ווינשט דיר
דיין בעסטער פריינד חיים סאַראַקער.

---

.6

בעלצי קורלענדער פון מאַריענבאַד צו איהר מאַן שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקיס אין ווארשא.

לבעלי היקר מוהר"ר שלמה נ"י.

איך קום דיר צו מעלדען, אַז איך בין געקומען בשלום קיין מאַריענבאַד און האָב געמיינט, איך וועל טרעפען אויפ'ן באַהנהויף הוה'לע טשאַפניק. לסוף לאָזט זיך אויס, אַז מיין קרובה האָט מיין לעצטען בריעף פון בערלין נישט ערהאַלטען. אַזוי זאָגט זי, נאָר איך מיין, אַז ס'אַ ליגען. זי האָט מיין בריעף זעהר גוט ערהאַלטען, נאָר זי האָט קיין צייט נישט געהאַט געהן מיך אָפּנעמען פון דער באַהן. זי איז פערנומען; זי שפּיעלט גאַנצע טעג אין זעכס־און־זעכציג. טרעף מיט וועמען? — וועסט קיינמאָל נישט טרעפען, אפילו ווען דו זאָלסט זיין מיט אַכצעהן קעפּ — מיט דיין גוטען פריינד חיים סאַראַקער. אַך, ווען זיין אסתר זאָל דאָס וויסען! אַ פּגירה וואָלט איך זיך געריכט אויף דיין גוטען פריינד! ער לעבט דאָס דאָ אַ גוטען טאָג, זאָגט מען. ער באָדט זיך דאָ, זאָגט מען, ווי אַ קעז אין פּוטער. דאָס בין איך געוואָהר געוואָרען באַלד, ווי איך בין געקומען, פון דער יאַמאַיטשיכע. איך האָב געהאַט די עהרע זי צו בעגעגענען אויפ'ן וואָקזאַל מיט אַלע איהרע דריי נעזע־לעך. זיי האָבען אַרויסבעגלייט עפּיס אַ יונגען מאַן. אַפּנים, אַ חתן האָט מען געפאַנגען, מחמת עס האָט זיך געשאַרט אַרום זיי עפּיס אַ בלאָזנע פּאַרשוין מיט אַ הויכען קוימען אויפ'ן קאָפּ, ווייזט אויס, אַ שדכן. קיין סך האָט זי מיט מיר נישט געקאָנט רעדען; פון

דעסטוועגען האָט זי צייט געהאַט מיר איבערצוגעבען פּעק מיט נייעס פון אונזערע נאַלעווקער לייט אין מאַריענבאַד, וועלכע איך לאָז איבער אויף איין אַנדער מאָל. דערוויילי וועל איך דיר בעשריי־בען די נסיעה פון בערלין קיין מאַריענבאַד.

נישט קיין גוטע נסיעה האָב איך געהאַט, און אַלץ איבער וועמען? איבער דיר און איבער דיין קלאָגען זיך, וואָס דו בע־קלאָגסט זיך אויף די שלעכטע געשעפטען איך האָב געזשאַלעוועט נעמען צווייטע קלאַס און בין געפאָהרען דעם גאַנצען וועג דריטע קלאַס, איז זעהר נישט איינגענעהמען. ערשטענס, איז ענג, נישטאָ וואו צו זיצען. פון צולעגען זיך איז אָפּגערעדט. און אָנגערויי־כערט איז ווי אין אַ באָד. די דייטשען רויכערען אַזעלכע מסוב'ענע ציגאַרען, וואָס פער'הרג'ענען דעם קאָפּ. און צוויטענס, קוקט מען אויף דער גרעניץ אין צווייטער קלאַס גאָר אַנדערש, ווי אין דריי־טער קלאַס, חאָטש איך קאָן מיך נישט בעקלאָגען. אז מע זאָל האָבען ביי מיר עפּיס אויסגעטרייסעלט. נאָר פּחדים האָב איך גע־האַט, וואָס איך קאָן דיר גאָר אַזוי פיעל נישט אַרויסגעבען. איך האָב געמיינט, אַז צווישען בערלין און מאַריענבאַד איז נישטאָ קיין שום גרעניץ. זיי רעדען דאָך אַלע אויף איין שפּראַך, צו וואָס בע־דאַרפען זיי אַ גרעניץ? צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ביי זיי איז אויך דאָ אַ גרעניץ, און די דייטשען האָבען אויך ליעב קוקען און זוכען און נישטערען. האָב איך מיך איבערגעשראָקען נישט אויף קאַטאָוועס. און געשראָקען האָב איך מיך נישט אַזוי פאַר די אי־בעריגע זאַכען, ווי פאַר די שפּיצען. ווען איך ווייס, אַז פון בערלין קיין מאַריענבאַד איז דאָ אַ גרעניץ, וואָלט איך מיך שוין מיט די שפּיצען אַנדערש בעוואָהרענט. איך וואָלט זיי אַריינגענייהט אין דער געשטעפּטער קאָלדרע, אַזוי ווי די טשאַפּניק טהוט אַלע יאָהר. און איך, שטיא, בין געגאַנגען און האָב זיי פון דער גרינג אָנגענייהט אויף מיינע אַלטע קליידלעך און אַריינגעלעגט זיי אין קויטיגען גרעט. פרעגט מיך דער דייטש: „וואָס האָבען זיי היער?" איז מיר אַנטלאָפען דאָס געזונד. געה איך און עפען איהם אויף דעם טשע־

מאַדראַן און זאָג איהם: „אַלטע קליידער און קויטיגע גרעט“. הערט ער מיך אויס און ווייזט מיר אויפ'ן צווייטען טשעמאָדאַן: „אונד וואַס האַבען זיי היער?“ געה איך און עפען איהם אויף דעם צווייטען טשעמאָדאַן, שפּרינגט נישט אַרויס דיין שטרויענער קאַפּעליש? איך האָב גאָר פערגעסען דיר שרייבען, אַז איך האָב דיר געקויפט אַ שטרויענעם קאַפּעליש ביי ווערטהיימער'ען אין בערלין, איין עכטע פּאַנאַמע. טרעף, וואָס קאָסט זי? איך וועל דיר נישט אויסזאָגען, ביז איך וועל נישט קומען אַהיים. דו מוזט אַליין טרעפען, וויפיעל איך האָב בעצאָהלט פאַר דיין פּאַנאַמע. קורץ, אַז ס'איז אַרויסגעשפּרונגען די פּאַנאַמע, בין איך געבליבען אַ געשטאָרבענע: ווי קומט צו מיר אַ מאַנסבילשער קאַפּעליש? פאַל איך אויף איין עצה — איך וויים, אַז אַ דייטש איז נישט איבעריג קלוג — און איך רוף מיך אָן צו איהם אויף דייטש: „דאַס איזט מיין פּאַנאַמע, ביי אונז אין ריסענלאַנד טראָגען אַלע דאַמען מאַנסבילשע פּאַנאַמעס“. ענטפערט ער מיר דערויף גאָרנישט ניט, און מאַכט צו מיר: „פיהרען זיי רוססישען טיי? האַבען זיי סיגאַרעטען?“ טראַכט איך מיר: מיינע צרות אויף דיין קאָפּ! און רוף מיך אָן צו איהם, אַז מיט קיין טיי האַנדעל איך נישט, און קיין סיגאַרעטען רויכער איך נישט. נעמט דער דייטש און טהוט אַ שטרייך איבער מיט אַ קריידעל איבער אַלע מיינע טשעמאָדאַנעס, פּעקלעך און קוישלעך, ווי איינער רעדט: כשר! דורכגעלאָזט הייסט עס. היינט געה זיי אַ נביא און טרעף, אַז דער דייטש וועט ביי מיר זוכען גאָר רוסישען טיי מיט רוסישע פּאַפּיראָסען! בעשערט געווען אומזיסטע פּחדים מיט אומזיסטע יסורים. ווען איך פאָהר אָבער צווייטע קלאַס, וואָלט דער איבערשרעק אויך נישט געווען, וואָרום אין צווייטער קלאַס, זאָגט מען, געהט דער דייטש נאָר דורך פערביי דעם וואַגאָן און פרעגט זיך נאָך, אויב ס'איז נישט פאַרהאַן ביי עמיצען עפּיס צו צאָהלען. און ווער איז שולדיג? טאַקי איך אַליין. אַז איך ציטער אויסברענגען דיר איין איבעריגען גראָשען. זאָגען זאָגסט דו מיר טאַקי גאָרנישט. נאָר אַז ס'קומט צום חשבון, האָסט

דו א טבע זיפצען און קרעכצען און געבען אַנצוהערענישען, אַז עס געהט אַוועק אַ סך געלד... איך בין מיך מחיה, וואָס איך האָב חאָטש אָנגעטראָפען אין בערלין אַ ביליגע סטאַנציע מיט איין עהרליכער בעל־הבית'טע. די פערעלצווייג האָט מיר דערלאַנגט פאַר'ן אַוועקפאָהר, זאָלסט אָנקוקען, אַ חשבון, האָב איך געמיינט, איינס פון די צוויי: אָדער ס'איז אַ חלום, אָדער זי איז פונ'ם זינען. שטעל דיר פאָר: קיין גלאָז מילך רעכענט זי נישט. טיי און צו־קער האָט זי פערגעסען. הערינג, רעטאַכלעך, ציבעלקעס, לעבערלעך און נאָך אַזעלכע זאַכען — דאָס ווערד אָנגערופען, זאָגט זי, „פאָר־שמאַק". רעכענען רעכענט זי נאָר פאָר'ן עסען און פאָר'ן שלאָפען. ווייטער גאָרנישט. און איבערלאָזען טרינק־געלד, ווי עס פיהרט זיך אין די האָטעלען, איז מען ביי איהר אויך פטור, וואָרום זי איז דאָך אַליין די דיענסט און אַליין די בעל־הבית'טע. איך זאָג דיר, נישט קיין האָטעל, נאָר אַ גן־עדן! נישט אומזיסט שטעהען ביי איהר אַלע אונזערע נאַלעווקער דאַמען... הײנט דאָס אַרויסבעגלייטען מיך אויפ'ן וואָקזאַל! נישט געלאָזט מיך אפילו אַ געפּעק־טרע־גער נעמען. אַלסדינג אַליין! און טאָמער איז דיר קאַרג, האָט מען מיר נאָך אונטערגעטראָגען אַ בוקעט פון פרישע בלומען! דאָס איז שוין געווען נישט פון איהר, נאָר פונ'ם קאָמיסיאָנער, דעם אַלטען בחור דעם פּרא־אָדם מיט די ווייספּערלעך, וואָס איך האָב דיר גע־האָט געשריבען אין מיין פריהעריגען בריעף. אָט אַ אידיאָט! גאָר פערגעסען דעם פּסק, וואָס ער האָט געחאַפּט פון מיר אויף דער פריעדריכשטראַסע, טשעפּעט ער זיך צו מיר אויף מאָרגען, איך זאָל איהם זאָגען, אויפריכטיג, אויב ס'איז אמת, וואָס ער האָט גע־הערט, אַז איך האָב אַ מאַן אַ זקן פון עטליכע און אַכציג יאָהר. פרעג איך איהם: „אין אָדעס זענט איהר קיינמאָל נישט געווע־זען?" רופט ער זיך אָן צו מיר אויף ליטוויש (ער איז נאָך אַ ליטוואַק אויך צו די צרות): „וואָסי?" זאָג איך: „אין אָדעס, זאָג איך, איז דאָ אַ טאָלמאַטשאָוו מיט אַ חלירע. איינס פון די צוויי וואָלט פאַר אייך געווען, זאָג איך, נישט איבעריג"... מיינסט

דו אפשר, אַז ער האָט זיך געפונען בעלעדיגט? זינט גאָט האַנדעלט מיט שלים־מזל'ען האָט ער נאָך אַזאַ שלים־מזל נישט באַשאַפען. אַ סך ערגער פון די צוויי שלים־מזל'ען, וואָס דער אויבערשטער האָט מיר צוגעשיקט דערנאָך אין וועג, שוין זיצענדיג אין וואַגאָן דריטער קלאַס. נאָר פון זיי האָב איך חאָטש געהאַט אַ שטיקעל נוץ. זיי האָבען מיר ביידע אָפּגעטראָטען זייערע פּלעצער, און איך האָב געקאָנט נישט נאָר זיצען, נאָר אַפילו לעגען זיך שלאָפען. האָב איך אָבער מורא געהאַט, טאָמער זענען זיי זשוליקעס. אַ קשיא אויף אַ מעשה? אַרויסגעגעבען האָבען זיי זיך אַפילו פאַר זעהר פיינע מענשען. איינער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס לאָדזער קאָמיוואָיאַזשער פון דריי פאַבריקען, און דער אַנדערער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ „סקלאַד אַפּטעטשנע" אין לאָמזשע. רעכטע צוויי שלים־מזל'ען! מיך האָבען זיי נישט געוואָלט רופען „מאַדאַם". חאָטש געב זיי אַ קרענק, נאָר „פריילין" און נאָר „מאַמזעל"! זאָג איך צו זיי: „פּשעפּראַשאַם, איך האָב שוין אַ מאַן". זאָגען זיי: „פּשעפּראַשאַם, מיט וואָס וועט איהר אונז איבערצייגען?" נעם איך און וויוז זיי דאָס קידושין־פינגערעל און רוף מיך אָן: „אָט דאָס איז אייך ווינציג?" נעמט איינער, דער וואָס איז אַ קאָמיוואָיאַזשער פון דריי פאַבריקען, בויגט זיך צו צו מיר, בעטראַכט דאָס פינגערעל און טהוט מיר אַ קוש אין האַנד. נעם איך און וואַרף איהם אויף אַ פּאַטש. האָט דאָס געהאַט, זאָג איך דיר, דעם זיעבעטען חן! פון דעסטוועגען מיינסט דו, אַז זיי האָבען מיר נישט געהאָלפען אַרויסוואַרפען דאָס געפּעק פון וואַגאָן אין מאַריענבאַד? זיי האָבען אַפילו שטאַרק חשק געהאַט, איך זאָל זיי אויפגעבען מיין אַדרעס אין מאַריענבאַד, האָב איז זיי געזאָגט, זיי זאָלען אַביסעל צודאַרען. „אַז איך וועל מיך נאָך אייך פערבענגען, זאָג איך, וועל איך אייך געבען צו וויסען, זאָג איך, דורך אַ דעפּעש, אָדער דורך אַ שליח"...

אָט אַזוי, ווי דו זעהסט, האָב איך געהאַט נישט קיין גליקליכע רייזע. אַ רייזע פון פּחדים מיט שרעק מיט בייזע בעגעגענישען,

א חוץ וואָס איך בין א נאַכט נישט געשלאָפען, און דער קאָפּ טהוט מיר וועה נאָך איצט, און בין צעלאָמעט, צעבראָכען און מיעד, און מחמת דעריבער שרייב איך דיר נאָך פון מאַריענבאַד גאָרנישט. אז איך וועל מיך אויסרוהען און ארומקוקען, וואו איך בין אין דער וועלט, וועל איך דיר שוין שרייבען פון אַלסדינג. דערווייל זיי געזונד, און געב אכטונג אין שטוב, פערלאָז דיך נישט אויף שבע־רחל׳ען. היים, זי זאָל נאָך א מאָל ארויסנעמען אַלע טעפּיכער מיט אַלע מיינע ווינטערדיגע מלבושים מיט׳ן רויכוואַרג, גוט דורכלופטערען, נאָך א מאָל איבערשיטען מיט נאַפטאַלין. און איך שיק דיר דאָ מיין אדרעס, און זאָלסט נישט פערגעסען, למען השם, מיר באַלד ארויסשיקען געלד.

פון מיר דיין פרוי בעלצי קורלענדער.

---

## 7.

חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו זיין ווייב אסתר סאַראַקער אויף די נאַלעווקים אין ווארשא.

טייערע אסתר!

איך דאַנק דיר פיעל מאָל, וואָס דו שרייבסט מיר אַזעלכע אָפטע און גוטע בריעף. דו דאַרפסט וויסען, אז ביי מיר איז נישטאָ קיין גרעסערער יום־טוב, ווי אז איך האָב פון דיר א בריעף. די פּאָסט — דאָס איז דאָס איינציגע שטיקעל פערגעניגען דאָ, אין דעם ווי סטען מאַריענבאַד. ווען נישט די פּאָסט, וואָלט מען גאָר משוגע געוואָרען. נישטאָ וואָס צו טהון. נישטאָ מיט וועמען זיך צו בעגעגענען. נישטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדען. און דאָס מאַריענבאַד אַליין, אַזוי ווי עס איז געווען עטליכע יאהר צו-

ריק, אַזוי איז דאָס פערבליבען. די אייגענע גראָבע פעמפעקעס, וואָס קומען אהער מיט זייערע פולע טשעמאָדאַנעס „אָפּנעמען“, ווער אַ פוד און ווער צוויי. די אייגענע גראָבע ווייבער מיט די העלזער פערעל, וואָס קומען אהער מיט זייערע צייטיגע מאָמזעלען זוכען חתנים, חאַפּען איידעמס. די אייגענע אָפּגעפּוצטע דייטשען, וואָס האַלטען זיך פרימער פאַר דער גאַנצער וועלט דערמיט, וואָס זיי טהוען אָן דעם קאָפּעליש צום עסען און גאָלען נישט די בערד אום ספירה. איין גאָט ווייסט דעם אמת, ווי איך האָב זיי פיינט, די דאָזיגע האַלבע אידען! אַפּנים, אַז אַ האַרץ פיהלט אַ האַרץ. אונז, רוסישע, האָבען זיי פיינט טאַקי נאָר אַזוי ווי חזיר, און אונ־זערען איין אָרעמאַן, אַ „שנאָרער“ הייסט ער ביי זיי, וואָלטען זיי צעריסען אויף שטיק־שטיקלעך. דערפאַר האָבען זיי ליעב אונזער רוסיש געלד דאָס חיות. פאַר אַ רוסישען הונדערטער וועט דיר אַ דייטש אַראָפּנעמען דאָס היטעל פאַר אַ מייל. אַ דייטשער איד פערשטעהט נישט, וואָס האָבען מיר זיך צו בעקלאָגען אויף „אונ־זער לאַנד“, וועלכעס פערמאָגט אַזעלכע רובלען, וואָס מיר בעקומען פאַר זיי דריטהאַלבען קרוין, און אַ מאָל נאָך מיט אַ פאַר העלער צוגאָב?...

איין עבירה, אסתר, וואָס איך בין נישט קיין שרייבער. איך וואָלט דאָ געהאַט שטאָף צו שרייבען און צו שרייבען. און מעהר פון אַלעמען וואָלט איך בעשריבען אונזערע נאַלעווקער ווייבער, וואָס קוים פאָהרען זיי אַריבער די גרעניץ, אַזוי ווערען זיי דאַמען און פערגעסען אונזער וואַרשעווער לשון און הויבען אָן צו רעדען אויף דייטש, אויף קאָמעניצער דייטש. אַ סך, די וואָס פון אָדעס, רעדען נאָר אויף רוסיש. נאָר דאָס איז שוין איין מאָל אַ רוסיש!... היינט דאָס אָנטהון זיך זייערס, דאָס וועלען זיך אויספּיינען איינע פאַר דער אַנדערער מיט'ן הוט, מיט'ן שמוק און מיט די ברילִיאַנ־טען! זאָלסט זעהן, וואָס דאָ טהוט זיך מיט זיי. די וועלט איז מיט זיי פול. די גאַנצע וועלט. אַז זיי קומען אַרויס אויפ'ן פּראָ־מענאַד, אָדער אַז זיי קלויבען זיך צענויף אין קאַפע „עגערלענדער“,

טייט מען אויף זיי מיט די פינגער, ווארום זיי הויבען אויף אזא געפילדער און לאכען אזוי הויך, און קוויטשען אזוי שטארק, גלייך ווי זיי וואלטען געוועזען ביי זיך אויף די נאלעווקים.

מיט איינעםווארט, אסתר, מאריענבאד האט זיך אין די עט־ליכע יאהר נישט א רוק געגעבען, זאלסט זאגען אויף א האר. נאך מיין מיינונג, איז דאס אידישע מאריענבאד אביסעל געפאלען, זינט דער ענגלישער קעניג עדוארד איז נפטר געווארען. פאר עטליכע יאהרען, אז איך בין געוועזען אין מאריענבאד, געדענק איך, וואס דא האט זיך אפגעטהאן מיט דעם עדוארד'ען, וואס האט געגעסען געפילטע פיש אין דעם גרעסטען אידישען רעסטאראן. נישט נאר דער בעל־הבית פונ'ם רעסטאראן, א פעטער אויסגעפאשעטער דייטש מיט א נאז ווי איין אוגערקע, האט געהאלטען פאר א גדלות דאס, וואס ער האט זוכה געווען, אז דער ענגלישער קעניג זאל ביי איהם עסען פיש, נאר יעדער קורגאסט, איטליכער איד, האט זיך געהאלטען גרויס דערמיט, וואס ער עסט דארט, וואו דער ענגלישער מלכות האט געגעסען. עס זענען געוועזען אידען, וואס האבען גע־שריבען אהיים און בערימט זיך פאר זייערע ווייבער, אז זיי עסען ביי איין טיש און כמעט פון איין טעלער מיט'ן ענגלישען מלכות, דעם בעריהמטען אוהב־ישראל... איצט איז אין מאריענבאד גאר־נישט דאס. מע קאן זאגען, אז עדוארד עליו השלום איז אפגע־שטארבען פאר די מאריענבאדער אידען א סך מעהר, ווי פאר דער גאנצער איבעריגער וועלט.

און ווייטער, וואס זאל איך דיר שרייבען נאך, טייערע אסתר? איך שיק דיר דא א בריעף פון מיין פריינד שלמה קורלענדער. גע־פעלט דיר, ווי דער שוטה ציטערט עם אביסעל איבער זיין בעלצי'ן? און וואס זאגסט דו, וואס ער צערעדט אויף בערעל טשאפניק? אז מע זאגט, אז די קורלענדער זענען אביסעל נישט דערזאלצען, איז דאס, אפנים, טאקי איין אמת. אט א שוטה! ער מיינט, אז איך האב דא טאקי נישט מעהר וואס צו טהון, נאר אכטונג געבען

אויף זיין בעלצי׳ן. טאַמער זענען דאָ קאַרג נאַלעווקער ווייבער, נאַ
דיר נאָך איינע! מיר דאַכט, אַז איין יאַמאַיטשיכע מיט איהרע
דריי טעכטער איז גענוג פאַר מאַריענבאַד, און בעשטעהט שוין
פאַר אַלע נאַלעווקער ווייבער. מיין גאַנץ גליק, וואָס איך האַלט
מיך מיט די נאַלעווקער ווייבער, און איבערהויפּט מיט ווייבער, פון
דער ווייטען. איך האָב זיי איבערגעלאָזט פאַר דיין שוואָגעריק.
ער איז אַ קאַוואַליער. פאַר איהם איז דאָס אַ שטיקעל עסק... נאָר
איך וויים, דו האָסט פיינט, אַז מע רעדט פון דיין מאיר׳ען, איז
שאַ! האַטע פּאָקרישקע!... הכלל, איך וויים נאָר איין זאַך: בין
איך אויף דער קור, דאַרף איך מיך קורירען, אַנישט — וואָס האָב
איך צו טהון אין מאַריענבאַד? עס איז גענוג דאָס נודען וואָס מע
נודעט זיך, און דאָס בענגען וואָס מע בענגט אַהיים. גאָט זאָל העל־
פען, עס זאָל שוין אַריבערלויפען די צייט און איך זאָל שוין קומען
אַהיים. דערווייל קאָן איך דיר זאָגען, אַז איך טהו נאָר דאָס, וואָס
דער דאָקטאָר הייסט, אַפילו אויף אַ האָר טרעט איך נישט אָפּ, ווי
איין ערליכער איד פון שלחן־ערוך. און דער דאָקטאָר איז מיט
מיר זעהר צופריעדען. ער האָפט, אַז איך זאָל איצטיגס מאָל אָפּ־
נעמען נישט ווינציגער, און אפשר נאָך מעהר, ווי פאַר עטליכע
יאָהרען. און וואָס איז דאָס חידוש? מיר דאַכט, אַז וואָס איך געה־
אוים דאָ אין איין טאָג, וועל איך נישט אויסגעהן אין דער היים
אין אַ יאָהר. אַ חוץ, וואָס איך לעג מיך צו אַמאָל נאָכ׳ן עסען אויף
אַ האַלבע שעה, זיץ איך נישט אַפילו אַ מינוט. פון קאָרטען שמועסט
מען נישט. איך האָב שוין נישט אָנגעקוקט קיין קאָרט אין די אויי־
גען זינט איך בין פון וואַרשאָ. און עסען עס איך כמעט גאָרנישט.
איך היט די דיעט אַזוי שטרענג, אַז דער דאָקטאָר אַליין וואונדערט
זיך. ער זאָגט, אַז די אַלע פעטע פאַציענטען זיינע, אויסער איך
איינער, ליידען פון דער אכילה. איך געה מיט דעם גאַנג, אַז מע
איז אויף דער קור, טאָר מען נישט נאָכגעבען דעם יצר־הרע. מיר
זינדיגען גענוג מיט׳ן עסען אַ גאַנץ יאָהר אין דערהיים. וואָס?
נישט אַזוי?

דו פרעגסט מיך, אסתר, וואָס איך טהו גאַנצע טעג און מיט וואָס איך פערברענג די צייט? וואָס זאָל מען טהון אין דעם וויסטען מאַריענבאַד? אָדער מען איז ביי'ם ברונען, אָדער מע מאַכט מאָציאָן, אָדער מע זיצט אין דערהיים און מע לייענט אַ בוך. איך האָב קיינמאָל אַזוי פיעל נישט געלייענט, וויפיעל איך לייען דאָ אין מאַריענבאַד. זעלטען־זעלטען מאַכט זיך, אַז איך קום אַרוים אין קאַפע „עגערלענדער", טרינקען אַ גלעזעל טיי און לייענען אַ בלאַט־צייטונג. קאָן איך אָבער דאָרט לאַנג נישט זיצען, איבער די גראָבע ווייבער מיט זייערע טעכטער, וואָס די מאַמעס האָבען געבראַכט אַהער אויף דער אויסשטעלונג. איך דאַנק גאָט, וואָס מיר האָבען זיהן, נישט קיין טעכטער, וועלען מיר פערשפּאָרען פיהרען זיי אַהער אויף דער אויסשטעלונג, אַז זיי וועלען אויס־וואַכסען. קוש די קינדער, אסתר, און, למען השם, זאָלסט זיך זעהען מיט'ן דאָקטאָר נאָך אַ מאָל, ער זאָל דיר זאָגען אַקוראַט, ווען דו דאַרפסט אָפּוואַרטען... און זיי מיר געזונד, און איך קוש דיך פיעל מאָל, און לאָז גאָט געבען, זאָלסט מיך בעגליקען אין גיכען מיט אַ גוטער דעפּעש.

דיין איבערגעגעבענסטער מאַן **חיים ספּראַקער.**

---

## 8.

די יאַמאַיטשיכע פון מאַריענבאַד צו איהר מאַן וועלוועל יאַמאַיקער אויף די נאַלעווקיס אין וואַרשאַ.

**וועלוועל!** דו שרייבסט, איך זאָל דיר שרייבען נייעס, שרייב איך דיר, אַז ס'איז נאָך דערווייל גאָרנישטאָ, וואָס צו שריי־בען. אָבער גאָרנישט מיט גאָרנישט. און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז איך האָב מורא, אַז פון דעם מאַריענבאַד וועט נישט זיין גאָר־נישט. איך האָב די גאַנצע צייט גע'טענה'ט, מע זאָל פאָהרען קיין

קאַרלסבאַד, נישט קיין מאַריענבאַד, וואָרום אין קאַרלסבאַד, זאָגט מען, קומט צו פאָהרען די גאַנצע וועלט. אין קאַרלסבאַד ווערען געשלאָסען, זאָגט מען, די גרעסטע שידוכים אין די טויזענדער. און דו האָסט דיך אָבער איינגעשפּאַרט, ווי אַ גוי, מאַריענבאַד, און דו, אַז דו שפּאַרסט זיך איין אַ זאַך, איז דען מעגליך דיך איבערצו־שפּאַרען אפילו מיט דריי פּאָר אָכסען? און איך שרייב דיר, וועלוועל, נאָך אַ מאָל, צו וואָס האָט מיר געטויגט אָט דאָס מאַ־ריענבאַד, אַז מע זעהט דאָ נישט קיין מאַנסביל אויף אַ רפואה? וואו מע וואַרפט אַ שטעקען, טרעפט מען אַ הונט, און וואו מע טהוט זיך אַ קעהר, טרעפט מען אַ מאַדאַם מיט אַ מאַמזעל אויף חתונה צו מאַכען. און אַז מיך האָט גאָט געבענשט, קיין עין־הרע, מיט דריי מאַמזעלען, וואָלט איך, דאַכט מיר, געמעגט זיין אויף איין אַנדער פּלאַץ, נישט אויסשטעהן אַזאַ ביטערע קאָנקורענץ? און ווי אויף צו להכעיס, האָבען זיך היינטיגען זומער אַ לאָז גע־געבען אַהער אַלע מיט זייערע מאַמזעלען, און אַלע שיטען זיי מיט נדן: צוואַנציג טויזענד, דרייסיג טויזענד, פערציג טויזענד. מיט צעהן טויזענד וויל מען דאָ גאָרנישט הערען. אַ ליאַדע דאָקטאָרעל, וואָס ביי אונז אויף די נאַלעווקיס וואָלט ער גענומען מיטביידע הענד צעהן־פופצעהן טויזענד, הייסט זיך דאָ אָפּגילטען. און פון סוחר'ישען שטאַנד זענען אצינד אויך געוואָרען מיט גאָלד גליך. און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז ס'איז דערוויילע זעהר נישט פרייליך, וואָרום אָט דער סווירסקי, וואָס איך האָב דיר געשריבען, אָט דער לאַנד־שדכן מיין איך, האָט מיר געהאַט געבראַכט צו פיהרען דריי שטיקלעך סחורה. איינער פון זיי איז אַ לאָדזער פון לאָדז, זעהט אויסעט אַ קראַנקער צו זיין, וואָרום אַז ער רעדט, רעדט ער ווי מיט אַ זאַדישקע, חאָטש אַזוי אויפ'ן קוק איז ער אפילו גאַנץ פיין געקליידט, און האַלט זיך שעהן, און ער זאָגט, אַז זיין פאָטער האָט אַ פאַבריק אין לאָדז, דאָס הייסט, נישט קיין פאַבריק, נאָר אַ קליין פאַבריקעל. און נדן גיט מען איהם, זאָגט ער, צעהן טויזענד, און אָקעגען פערלאַנגט ער פינף און צוואַנציג

טויזענד. און איך טענה מיט איהם, מיט'ן וועלט־שדכן: „פאַר וואָסערע מעשים־טובים קומט איהם דריי מאָל אזוי פיעל? דער־פאַר וואָס ער זינגט אזוי שען?" און ער ענטפערט מיר, דער וועלט־שדכן: „ערשטענס, איז פינף און צוואַנציג, זאָגט ער, נאָר דריטהאַלבען מאָל אזוי פיעל, נישט דריי מאָל אזוי פיעל. און צווייטענס, זאָגט ער, דאַרפט איהר בענשען גומל, וואָס ער הייסט זיך נישט געבען, זאָגט ער, פינף מאָל אזוי פיעל. איהר זעהט דאָך, זאָגט ער, וואָס היינט טהוט זיך מיט חתנים אין מאַריענבאַד! גיט מיר, זאָגט ער, דריי מוץ אזעלכע לאָדזער יונגע לייט, וועט איהר זעהען, זאָגט ער, אויב איך וועל זיי נישט פערצוקערען". האָסט דו דיר איין מאָל אוועק. און איך שרייב דיר, ווצלוועל, אז דער אנדערער איז אַ ביאַליסטאָקער פון ביאַליסטאָק, אויך זעהר אַ לייטישער יונגערמאַן און אַ גאַנץ פערמעגליכער, נאָר שוין איין אַלמן. דאָס הייסט, נישט קיין אַלמן, נאָר אַ גרוש, וואָרום ער האָט ערשט נישט לאַנג, זאָגט ער, געגט זיך מיט אַ ווייב. און אז איך וויל מיך צעפרעגען: פאַר וואָס האָט ער זיך געגט? לאָזט ער מיך נישט רעדען, דער וועלט־שדכן, וואָרום ער זיצט אקעגען מיר, דער וועלט־שדכן, פערבייסט אַ ליפּ און ווינקט צו מיר, ווי אַ גזלן. און איך זאָג איהם נאָכדעם, דעם וועלט־שדכן: „אין גאָטעס ווילען, זאָג איך, ווי קאָן איך אָנהויבען רעדען מיט אַ מענשען, אז איך ווייס נישט, זאָג איך, פאַר וואָס האָט ער זיך געגט? אפשר, זאָג איך, האָט זי איהם געגט, נישט ער זי?" און ער ענטפערט מיר, דער וועלט־שדכן, אז „ערשטענס זעהט מען נאָכ'ן יונגענמאַן, אז ער האָט זי געגט, נישט זי איהם. וואָרום נישט אזאַ יונגענמאַן, זאָגט ער, גט מען; און צווייטענס, זאָגט ער, אז איהר וועט אָנהויבען, זאָגט ער, אזוי צו גריבלען זיך, טאָמער אזוי און טאָמער אזוי, קאָנט איהר, זאָגט ער, פאָהרען מיט אייער סחורה, זאָגט ער, צוריק קיין וואַרשאַ אויף די נאַלעווקים". און איך זאָג צו איהם: „זאָגט מיר, זאָג איך, וואָס וואַרפט איהר מיר אויף, זאָג איך, די וואַרשעווער נאַלעווקים? איהר מיינט, זאָג איך, ביי אונז קריגט

מען נישט די סחורה?‟ „אַז מע קריגט, זאָגט ער, ביי אייך די סחורה, צו וואָס זשע האָט איהר בעדאַרפט זיך מטריח זיין אַזוי ווייט, און נאָך מיט דריי טעכטער דערצו?‟ אַ שייגעץ קאָן! ביי אונז אין וואַרשאָ וואָלט אַזאַ איד, ווי אָט דער סווירסקי, ביי מיר געפלויגען פון די טרעפ אַראָפּ פייל אויס׳ן בויגען, און דאָ האָט ער אָנגעטהאָן אַ שוואַרצען קוימען אויפ׳ן קאָפּ מיט געלע הענטשקעס אויף די הענד און רופט זיך לאַנד־שדכן, און מע צערייסט איהם אויף שטיקלעך. און איך שרייב דיר, ווערלוועל, אַז קיין סך רעדען טאָר מען דאָ נישט מיט איהם, מיט׳ן לאַנד־שדכן, וואָרום ער איז ביי זיך אַ גרויסער פּריץ. ער זאָגט, אַז ביי איהם געהען די שידוכים נישט אויפ׳ן שדכנ׳ישען אַרט, נאָר דורך בעקאַנטשאַפט און דורך ליעבעס. דאָס הייסט, פריהער טרעפט מען זיך אויף אין קאַפע „עגערלענדער‟, אַזאַ גאָרטען מיט מוזיק און מיט טישלעך אַ סך. דאָרט ווערד געשלאָסען דאָס בעקאַנטשאַפט כלומרשט גאַנץ אומגעהרען, טאַקי דורך איהם, דורכ׳ן לאַנד־שדכן. נאָכדעם בעגעגענט מען זיך ביי׳ם ברונען, וואו מע טרינקט וואַסער, שוין אָהן דעם לאַנד־שדכן. דערנאָך געהט מען אין טהעאַטער אָדער אויף קאָנצערט, און קיין לאַנד־שדכן זעהט מען אַלץ נישט. און דאָרטען, אין טהעאַטער אָדער אויפ׳ן קאָנצערט, קומט שוין דאָס פערליעבעניש, און נאָכ׳ן פערליעבעניש אַ פערלאָבעניש, און ערשט אויפ׳ן פערלאָבעניש וואַכסט־אויס דער לאַנד־שדכן און נעמט־אָפּ זיין רח״ש. נאָר ווי דערלעבט מען דאָס שוין, רבונו של עולם? האָסט דו דיר שוין צוויי חתנים. און איך שרייב דיר, ווערלוועל, אַז דער דריטער איז אַ קעשעניעווער פון קעשעניעוו. נאָר מיר האָבען איהם נאָך רעכט נישט אָנגעקוקט, ווייל ס׳איז געווען ביינאַכט, און ער האָט זיך בעקאַנט מיט די קינדער אין טהעאַטער. וועל איך דיר שוין שרייבען פון איהם איין אַנדערם מאָל. און איך שרייב דיר, ווערלוועל, קאָנסט דיר זאָגען וואָס דו ווילסט, מיר האָבען צו שידוכים קיין גליק נישט. אָט דער לאָדזער, וואָס פון לאָדז, האָט זיך מיישב געווען און איז פּלוצים אָפּגעפאָהרען פון

מאַריענבאַד. **דער פֿאָטער** האָט איהם, זאָגט ער, אַרויסגערופֿען קיין לאָדז. אַזוי זאָגט ער, דער לאַנד־שדכן. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ס'אַ ליגען. ער איז גאָר אַוועקגעפֿאָהרען ערגיץ אין אַ סאַנאַטאָריע. און איך שרייב דיר, װעלװועל, װי אַזױ איך בין גע־וואָהר געוואָרען, אַז ער פֿאָהרט אין אַ סאַנאַטאָריע, נישט קיין לאָדז. מיר זענען אַלע אַרויסגעקומען צו דער באַהן, איך און די קינדער און דער לאַנד־שדכן, איהם צו בעגלייטען, און גוט נאָכ־געקוקט, אפשר פֿאָהרט מיט איהם דער לאַנד־שדכן אָנקוקען אַ כלה, אַ קשיא אויף אַ לאַנד־שדכן? און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז איך האָב גוט נאָכגעקוקט, װי ער נעמט איהם אַ בילעט, דער לאַנד־שדכן, האָב איך געהערט, װי ער זאָגט צום קאַסיר: „באַדענוויי־לער". דאָס האָב איך גאַנץ גוט געהערט, איך בין נישט טויב. און איך זאָג צו איהם נאָכדעם, צום לאַנד־שדכן: „איהר האָט דאָך געזאָגט, זאָג איך, אַז ער פֿאָהרט קיין לאָדז, צום סוף האָט איהר איהם, זאָג איך, גענומען אַ בילעט גאָר קיין באַדענוויילער?" און ער זאָגט צו מיר: „וואָסערע פּלאָמען? וואָסער באַדענוויילער?" און איך זאָג צו איהם: „איך האָב גוט געהערט, װי איהר האָט געזאָגט, זאָג איך, באַדענוויילער, איך בין נישט קיין טויבע". און ער זאָגט צו מיר, דער לאַנד־שדכן: „אַ מאָדנע אידינע איהר זענט! ווייסט איהר דען נישט, זאָגט ער, אַז באַדענוויילער איז אויף יענער זייט לאָדז?" און איך זאָג צו איהם: „איהר זאָלט שוין אַזוי זיין, זאָג איך, מיט דער נאָז, װי לאָדז האָט אַרום זיך אַ באַדענוויילער. מסתמא האָט איהר איהם, זאָג איך, אַוועקגעשיקט, זאָג איך, קיין באַדענוויילער אָנקוקען אַ כלה, זאָג איך, זייט זיך, זאָג איך, מודה, וואָס טויג אייך הינטישע גענג?" און ער צעלאָזט זיך, דער לאַנד־שדכן, און רופֿט מיך אַוועק אויף אַ זייט און דערצעהלט מיר דעם גאַנצען אמת, און שווערט זיך מיט אַזעלכע שבועות, אַז מע מעג גלויבען אַ משומד, אַז דער בחור איז נישט מיט אַלעמען, דאָס הייסט, חלילה, נישט קראַנק, נאָר אַזוי, זאָגט ער, אַביסעל פֿיבער. האָבען איהם די דאָקטוירים, זאָגט ער, אָפּגעשיקט אויף אַ קורצע

צייט קיין באַדענוויילער אין אַ סאַנאַטאָריע, זאָגט ער. און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז איך האָב מיך נישט בערוהיגט ביז איך האָב מיך נישט צעפרעגט אַקוראַט דאָ אין מאַריענבאַד, אויב ס׳איז אמת, אַז אין באַדענוויילער איז פאַרהאַן אַ סאַנאַטאָריע. און עס לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז טאַקי איין אמת. נאָר וואָס קומט אַרויס? דערווייל איז געבליבען אין מאַריענבאַד מיט אַ חתן ווינציגער. און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז איך האָב בעגעגענט דאָ אויפ׳ן באַהנ־הויף היינט אין דער פריה אונזער שלמה קורלענדער׳ס ווייבעלע בעלצי, אויסגעסטראָצעלט, ווי אַ כלה צום שלייער־וואַרעמעס. און אויפ׳ן וואָקזאַל האָט זי אָפּגעוואַרט אונזער מאַריאַמטשיק׳ס זוהנ־דעל פון אַדעס, מאיר׳על שאַרלאַטאַן; איך האָב אַליין געזעהען מיט מיינע אויגען, איך בין נישט בלינד, ווי ער האָט זי אַרויפגע־זעצט אויף דער פוהר. און איך האָב אַליין געזעהען מיט מיינע אויגען, איך בין נישט קיין בלינדע, ווי זיי האָבען זיך אויפגעזעצטביידע אויף איין פוהר פאָהרען אין שטאָדט אריין, איך זאָל שוין אַזוי זעהן מיינע קינדער צו דער חופה אין גיכע צייטען, אָמן. און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז פון צווייטען חתן, דעם ביאַליסטאָקער פון ביאַליסטאָק, האָב איך דיר נאָך לעת־עתה גאָרנישט וואָס צו שרייבען, ווייל ער געפעלט מיר נישט דערמיט, וואָס ער איז שוין בעקאַנט מיט דער טשאַפּניטשקע. ווי קומט ער צו דער טשאַפּ־ניטשקע? מילא, אַז אונזער חיים סאָראָקער פון די נאַלעווקים איז מיט איהר אַ נאָהענטער מחותן, שפּיעלט ער חאַטש מיט איהר אין זעכס־און־זעכציג גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט, אַז אָך און וועה איז צו חיים׳ס ווייב, אסתר׳ען מיין איך. אָבער וואָס געהט זיך אָן ער, אַ ביאַליסטאָקער יונגערמאַן פון ביאַליסטאָק, מיט דער מאַ־דאַם טשאַפּניק? און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז איך קוק נאָך אַקוראַט נאָכ׳ן ביאַליסטאָקער פון ביאַליסטאָק, און וואָס איך וועל געוואָהר ווערען, וועל איך דיר מסתמא שרייבען. דערווייל שרייב מיר, פאַר וואָס שרייבסט דו מיר נישט פון דער היים, וואָס הערט זיך אין דער היים? און זיי געזונד, און עס לאָזען דיר גריסען די

קינדער גאָר פריינדליך, און לאָז גריסען די איבעריגע קינדער גאָר פריינדליך.

פון מיר דיין געטרייע פרוי פ ע ר ע ל י אַ מ אַ י ק ע ר.

---

9.

שלמה קורלענדער פון די נאַלעווקים אין וואַרשאַ צו זיין ווייב בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

לזוגתי היקרה מרת בעלצי שתחי'.

דיין בריעף, אַז דו ביזט געקומען בשלום קיין מאַריענבאַד, האָב איך מקבל געווען. אַ דאַנק גאָט, וואָס דו האָסט זיך אַרויסגעריסען פון דעם פערשאָלטענעם בערלין מיט די ווערטהיימערם מיט די שמייגערם די אַלטע בחורים מיט נאָך אַזעלכע לצים און ביזט אַריבערגעפאָהרען גליקליכערהייד די גרעניץ און ביזט דערפאָהרען געזונדערהייד ביז מאַריענבאַד. טאַקי ממש נסים ונפלאות. אַלע אידען פאָהרען קיין מאַריענבאַד — און מיט קיינעם טרעפען זיך נישט אַזעלכע גליקען, ווי מיט דיר. ערשטענס, וואָס האָסט דו בעדאַרפט פאָהרען דריטע קלאַס? דו זאָגסט, אַז דער גאַנצער חייב בין איך. פערשטעה איך נישט, ווי קאָנסט דו זאָגען אַזאַ זאַך, אַז איך האָב דיר אָנגעזאָגט אפשר טויזענד מאָל, אַז דו זאָלסט נישט זשאַלעווען קיין געלד אויף זיך. איך, אַז איך בעקלאָג זיך אַמאָל, למאַי עס געהט אַוועק איבעריגס, איז נאָר דעמאָלט, ווען מע ברענט געלד אויפ'ן פייער, ווען מע ברענגט־אוים אויף דער רוח ווייסט וואָס, אויף שמאַטעס, אָבער דאָרט, וואו ס'איז שייך צו געזונד, שפּיעלט ביי מיר געלד לחלוטין קיין ראָלע נישט. אַ סימן, איך האָב דיר פאַר'ן אַוועקפאָהר, שוין אויפ'ן וואָקזאַל אין וואַרשאַ, כמעט מיט גוואַלד אָנגעהאָנגען איין איבעריגען הונדערטער, קוים איינגעבעטען, זאָלסט איהם נעמען, היינט ווי קאָנסט דו זיך אויף

מיר בעקלאָגען, אַז איך זשאַלעווע דיר, חס ושלום, איין איבעריגען גראָשען, אָדער אַז איך קוק דיר אַריין צו־שטאַרק אין השבון אַריין? דו ווייסט גאַנץ גוט, בעלצי היקרה, ווי מיר איז טייער דיין געזונד, אַז איך קוק נישט אויף קיין זאַך, צי די לאָקאַטאָרען צאָהלען דירה־געלד, צי נישט, צי איך בוי, צי איך בוי נישט, דאָס וואָס דו דאַרפסט — דאָס איז תמיד פאַרהאַן און דאָס וועט, אם ירצה השם, תמיד זיין. און נאָך בעדאַרף איך דיר זאָגען, בעלצי היקרה, אַז איך בין דיך נישט חושד, חלילה, אויף אַ האָר. דו ביזט ביי מיר בעגלויבט פון דער ערשטער שעה, וואָס איך האָב דיך דערקענט, און איך ווייס, אַז די אַלע שטיגוטערעס, מיט די שמייגערס, מיט די שאַרלאַטאַנעס, וואָס דרעהען זיך אַרום סאַי דאָ אין וואַרשאַ (געדענקסט פאַראַיאָהרען אין פאַלעניצע?), סאַי די, וואָס אין בערלין און אין וועג און אין מאַריענבאַד, וואָס זענען נאָך דיר די כפּרה, בעדאַרפען מיר אָנגעהן, אייגענטליך, פונקט ווי דער פאַר־איאָהריגער שניי. איך ווייס, אַז דו האָסט זיי אַלעמען אין דער ערד, וואָרום דו ביזט אַ ריינע כשר'ע נשמה און ביזט געטריי צו דיין מאַן, צו וועלכען דו האָסט זיך איבערגעגעבען, ווייל דו ווייסט, אַז ער איז דיר געטריי און איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. על־כן קאָנסט דו מיך נישט חושד זיין אין קיין זאַך, אַז איך טראָג אויף דיר, חלילה, אַ שלעכטע מחשבה. גלויב מיר, איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז דער שאַרלאַטאַן, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָטעפּאַלנאָסט אַ קוש געבען אין האַנד אַריין אַ פרעמד ווייב, האָט דיך דערמיט נישט אָפּגענוצט, אַזוי ווי עס האָט דיר נישט געשאַדט דער פאַלעניצער שלים־מזל, וואָס האָט זיך מיר מודה געווען, אַז ער איז נאָך דיר די כפּרה... אוודאי, ווען איך פאָהר מיט דיר אין וואַגאָן, וואָלט איך מיך מיט דעם לאָדזער קאָמיוואָ־יאַזשער פון דריי פאַבריקען אָפּגערעכענט נישט אַזוי ווי דו: איך וואָלט איהם געבראָכען אַ ביין, אַז דער רוח וואָלט איהם צוגענומען. ער וואָלט ביי מיר פערזוכט דעם טעם פון הלכות אשת־איש. עס איז מיר נאָר אַ חידוש אויף דיר, וואָס דו האָסט נישט אַריינגע־

רופען דעם קאָנדוקטאָר און געהייסען איהם אַרויספיהרען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר; נישט דערלאָזען, אַז אַזאַ עזות־מחוצף־פּנים זאָל דיר נאָך העלפען אַרויסוואַרפען די פּעקלעך פון וואַגאָן, אַז דו ביזט געקומען אויפ׳ן אָרט. צי, אַשטייגער, ווי דערלאָזט דו, אַז אַזאַ שמייגער, ווי דער אַלטער בחור פון בערלין, נאָכדעם וואָס ער האָט מיט דיר גערעדט אַזעלכע קלאָרע דבורים אויף דער פריעדריך־שטראַסע, זאָל דיר אונטערטראָגען בלומען אויפ׳ן וואָקזאַל? ביי מיר וואָלט אַזאַ לעקיש געחאַפּט מיט די בלומען גלייך אין פּנים אַריין. וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט דיר צו שענקען מתנות, אונטערטראָגען בוקעטען? פאַרהאַן ביי אונז אַ שפּריכוואָרט: „ווי דער מענש נעמט זיך פאַר, אַזוי העלפט איהם גאָט“. איך מיין נישט, חס־ושלום, דיך בעלעדיגען דערמיט. איך זאָג נאָר, אַז יעדער מענש דאַרף זיך האַלטען אין דער מראה, היטען זיין שטאַט, נישט דערלאָזען צו אַזעלכע סקאַנדאַלען, נישט דערלעבען זאָל ביי מיר יענער שאַרלאַטאַן פון לאָדז, ער זאָל גאָר האָבען אַ השגה מיר צו געבען אַ קוש אין האַנד אַריין, אין אַ וואַגאָן, צווישען אַזוי פיעל מענשען! דאַנקען גאָט נאָך, וואָס ס׳איז נישט געזעסען דערביי קיין היימישער פון די נאַלעווקים, און גוט האָסט דו געטהאָן, וואָס דו האָסט זיי נישט געזאָגט דעם נאָמען דיינעם, לאָזען די כלבים חאָטש אַ מכה וויסען, ווער דו ביזט. נאָר דאָס איז אַלץ פון די זאַכען, וואָס האָבען ביי מיר קיין ווערדע. איך האָב דיר געוואָלט שרייבען, בעלצי היקרה, וועגען איין אַנדער זאַך. נאָר איך וועל דיך בעטען, אַז צווישען אונז זאָל עס בלייבען. קיין פויגעל טאָר נישט וויסען, וואָס איך שרייב דיר דאָ. ס׳איז אַ הייליגער סוד. מע האָט ביי מיר כמעט גענומען תקיעת־כף, אַז איך זאָל דיר וועגען דעם קיין חצי־דבור נישט שרייבען. אַזוי איז די מעשה:

דו שרייבסט, אַז אויפ׳ן באַהנהויף אין מאַריענבאַד האָסט דו דיך בעגעגענט מיט אונזער יאַמאַיטשיכע פון די נאַלעווקים. הלואי וואָלסט דו דיך מיט איהר בעסער נישט בעגעגענט, וואָלט איך איצטער געוועזען אַ סך רוהיגער און נישט געהאַט קיין חרפּות־

בושות פאַר לייטן. יאַמאַיטשיכע׳ס מאַן בעגעגענט מיך היינט אויף געגשאַ־גאַס און מאַכט צו מיר אַזוי: „איך קאָן אייך, זאָגט ער, אָפּגעבען, רב שלמה, אַ גרוס פון אייער פרוי פון מאַריענבאַד". זאָג איך: „אַ דאַנק פאַר אַ גרוס. ווי קומט איהר קיין מאַריענ־באַד?" זאָגט ער: „נישט איך, זאָגט ער, מיין פרוי איז איצט אין מאַריענבאַד, זאָגט ער, אויף דער קור, זאָגט ער, עס געהט איהר, זאָגט ער, גאַנץ נישקשה׳דיג". „געלויבט דער אויבערשטער, זאָג איך; וואָס זשע, זאָג איך, שרייבט אייך עפּיס אייער פרוי פון מאַריענבאַד?" געהט ער און נעמט אַרויס אַ גרויסען בריעף, בע־שווערט מיך פריהער מיט כל השבועות, פערבויגט פון אויבען און בעוויזט מיר, וואָס אונטען שטעהט, עטליכע שורות, — איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. זי שרייבט איהם, יאַמאַיטשיכע הייסט עס, מיט דעם דאָזיגען לשון (איך געב דיר איבער איהרע אייגענע ווערטער): „און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז איך האָב בעגעגענט דאָ אין מאַריענבאַד אויפ׳ן באַהנהויף, שרייבט זי, היינט אין דער פריה אונזער שלמה קורלענדער׳ס צווייטע פרוי, בעלצי, אויסגעפּוצט, שרייבט זי, ווי אַ כלה צו בעדעקענס. און אויפ׳ן װאָקזאַל האָט זי אָפּגעוואַרט, שרייבט זי, אונזער מאַריאַמטשיק׳ס זוהנדעל, מאיר׳על שאַרלאַטאַן, און איך האָב אַליין געזעהען, שרייבט זי, מיט מיינע אויגען, ווי זיי האָבען זיך אויפגעזעצט ביידע, מאיר׳על מיט בעלצי׳ן, אויף איין פוהר. איך זאָל אַזוי זעהען, שרייבט זי, מיינע קינדער צו דער חופּה געהן"... נו, ווי געפעלט דיר אַזאַ זאַך? פערשטעהט זיך, אַז איך האָב איהם געזאָגט, אַז ס׳אַ ליגען. „עס האָט זיך אייער ווייב, זאָג איך איהם, אויסגע־וויזען אַ קוצע קוה פאַר אַ באַרנבוים. דאָס האָט געמוזט זיין, זאָג איך, נישט מאיר׳על מאַריאַמטשיק, זאָג איך, נאָר מיין פריינד חיים סאָראָקער, זאָג איך, וואָרום איך האָב געשריבען, זאָג איך, צו חיים׳ען, אַז מיין בעלצי, זאָג איך, פאָהרט די טעג קיין מאַ־ריענבאַד". אַזוי האָב איך געזאָגט דער יאַמאַיטשיכע׳ס מאַן און אַזוי האָב איך טאַקי ביי מיר אַליין אָפּגע׳פּסק׳ענט. נאָר אַז איך

בין געקומען אהיים און האָב איבערגעלייענט דיין בריעף, וואו דו שרייבסט, אַז דו האָסט דיך טאַקי בעגעגענט מיט דער יאַמאַי־טשיכע אין מאַריענבאַד אויפ'ן וואָקזאַל, און אַז דיין קרובה, חוה'לע טשאַפּניק, זאָגסט דו, איז נישט אַרויסגעקומען דיר אַקעגען, וואָרום זי איז געזעסען, זאָגסט דו, מיט חיים סאַראָקער, זאָגסט דו, און געשפּיעלט, זאָגסט דו, אין זעכס־און־זעכציג, — ווי באַלד אַזוי, איז דאָך יאַוונע ויאַסנע, אַז דאָס איז נישט געווען חיים, און ווי באַלד נישט חיים, ווער זשע דען איז דאָס געווען?

איך קאָן מיר גאָרנישט פאָרשטעלען, בעלצי היקרה, אַז דאָס זאָל זיין געוועזען מאיר'ל מאַריאַמפּאָלסקי, וואָרום דו ביזט מיט איהם, דאַכט מיר, גאָרנישט אַזוי נאָהענט בעקענט. ובפרט דו אַליין שרייבסט, אַז ער איז אַ שאַרלאַטאַן און זיין חנצי ווערד ביי איהם אויסגעריסען. סיידען דו האָסט זיך מיט איהם בעקענט נאָהענט די לעצטע צייט, טאַקי ביי חיים סאַראָקער'ס ווייב אסתר? וואָלסט דו, דאַכט מיר, געמעגט דערצעהלען מיר אויך, אַז דו האָסט זיך בעקענט מיט דעם תכשיט? אלא, אַז דו האָסט מיר נישט דערצעהלט, איז אַ סימן, אַז דו האָסט זיך מיט איהם נישט בעקענט. און וויבאַלד דו האָסט זיך מיט איהם נישט בעקענט, איז עס דאָך געווען נישט ער. ווי באַלד אַזוי, פרעגט זיך נאָך אַ מאָל די אייגענע קשיא: ווער זשע איז דאָס געווען אָט דער יונגערמאַן, וואָס האָט דיך אָפּגעוואַרט אין מאַריענבאַד אויפ'ן וואָקזאַל, און פון וואַנען האָט ער געוואוסט, ווען דו קומסט צו פאָהרען? איך מיין אָבער, אַז די גאַנצע מעשה איז שקר וכזב, ווייל עס שטאַמט פון דער יאַמאַיטשיכע, על־כן בעט איך דיך, בעלצי היקרה, אויב ס'איז אַ ליגען, זאָלסט דו אויף מיר קיין פאַראיבעל נישט האָבען, וואָס איך שרייב דיר אַזעלכע זאַכען, וואָס נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. און איך בעט דיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, זאָלסט זיך זעהען מיט מיין גוטען פריינד חיים סאַראָקער און זאָלסט ביי איהם נעמען געלד, ווען דו דאַרפסט און וויפיעל דו דאַרפסט, און למען־השם נישט זשאַלעווען אויף זיך און אויף דיין געזונד קיין

שום געלד, און זאָלסט דיר אָנטהון כל הפערגעניגענס מיט כל הוואוילטאָגען שבעולם, און זאָלסט מיר קומען, אם ירצה השם, אהיים געזונד און שטאַרק, ווי עס ווינשט דיר

בעלך שלמה קורלענדער.

---

.10

חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו זיין פריינד שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקים אין וואַרשאַ.

ליעבער פריינד שלמה!

אצינד קאָן איך דיר שוין שרייבען נייעס פון דיין בעלצי'ן. זי איז שוין, ברוך־השם, אין מאַריענבאַד, און איך האָב מיך שוין מיט איהר געזעהען, אָבער איך האָב נישט זוכה געווען צו רעדען מיט איהר מעהר, ווי צוויי מינוט, איבער איין אורזאַכע, וואָס נישט מיין שולד איז געווען דערינען. נאָר לאָם איך דיר דערצעהלען אַקו־ראַט, ווי אַזוי ס'איז געווען די מעשה. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב ליעב דערצעהלען אַ זאַך, זאָל עס זיין דערצעהלט מיט אַלע פּישטשעווקעס.

ווי איך האָב דיר שוין בעשריבען אין מיין פריהערדיגען בריעף, איז מען דאָ, אין מאַריענבאַד, כמעט דעם גאַנצען טאָג אין דרויסען אויפ'ן שפּאַציער. טהון טהוט מען דאָך, ברוך־השם, קיין האַנד אין קאַלטען וואַסער, נאָר מע שפּאַנט־ארום הין און צוריק איבער די גאַסען, מע זעהט דעם, מע זעהט יענעם, מע גיט זיך אָפּ דעם גוטמאָרגען און מע געהט ווייטער, גלאַט אזוי, אָהן אַ שום צוועק, נאָר מיט איין כונה — מע זאָל „אָפּנעמען".

דערוויילע, אַזוי ווי איך געה מיר היינט נאָכ'ן וואַרעמעס אי־בער מאַריענבאַד און נעם־אָפּ, איך טהו אַ קוק — מיין ווייב'ס שוואָ־געריק, מאיר מאַריאַמטשיק, געהט מיר מיט עפּיס אַ שען ווייבעל אונטער אַ מורא'דיג ברייטען הוט, גאָר חבר, מעשה קאַוואַליער,

אונטער די הענד. מילא, וואָס מיין ווייב'ס שוואָגער קאָן געהן מיט ווייבלעך — בעדאַרף איך דיר נישט דערצעהלען. מע קאָן איהם אויף די נאַלעווקים אויסגעבונדען. ווער ווייסט נישט מאיר'ל שאַרלאַטאַן? מיין שוועהר האָט זיך נעבאך גענוג אויסגעבראַכט, ביז ער האָט קוים געקראָגען די מציאה פאַר זיין מיזינקע. איך האָב באַלד געזאָגט צו מיין אסתר'ען: „הערסט דו, זאָג איך, אסתר, אָט דער בחור, זאָג איך, געפעלט מיר נישט. צו פיעל פראַנט, זאָג איך, און צו א גרויסער קנאַקער פאַר דיין חנצי'ן". איז זי דאָך א אידינע, זאָגט זי צו מיר: „אַז דו ביזט געוועזן, זאָגט זי, א בחור, ביזט דו דען נישט געוועזן, זאָגט זי, אזא קנאַקער? דו וואָלסט נאָך איצטער אויך געוועזן, זאָגט זי, דער אייגענער, נאַר..." „נאַר וואָס, זאָג איך?" „נאַר גאָר נישט, זאָגט זי, חאַטאָ פּאָקרישקע". און אזוי ווייטער, האַלבער ווערטער, ווי געוויינטליך א ווייב.

הקיצור, איך זעה, מיין שוואָגעריק געהט מיט א יפהפיה עפּיס זעהר נאָהענט, טראַכט איך מיר: רבונו של עולם! ווער זאָל זיין אָט דאָס ווייבעל? עפּיס איז זי מיר אזוי קענטליך, נאָר בשום אופן קאָן איך מיך נישט דערמאָנען, ווער דאָס איז? פּלוצים פליהט מיר דורך א געדאַנק: שאַ, אפשר איז דאָס בעלצי? נעכטען איז דאָך געוועזן דער טאָג, וואָס דיין בעלצי האָט בעדאַרפט קומען צו פאָהרען פון בערלין. נאָר ערשטענס — וואָס פאַר א מחותן איז מיט איהר מאיר'ל מאַריאַמטשיק? והשנית, וואָס עפּיס אונטער די הענד? ווען האָבען זיי זיך עס אזוי גיך בעפריינדעט, אַז מע זאָל שוין געהן געאָרעמט? דערווייל, אזוי ווי איך שטעה און טראַכט — ויבוא המן: די יאַמאַיטשיכע מיט איהרע אַלע דריי מאַמזעלען. „גוט מאָרגען". „גוט יאָהר". „געפעלט אייך דאָס פּאָרעל?" „וואָסער פּאָרעל?" „אייער מאיר'ל מאַריאַמטשיק מיט שלמה קורלענדער'ס ווייבעל. א לעבען, ווי אונטער'ן באַד!" זאָג איך: „ווי קומט ער צו איהר?" זאָגט זי: „אַהאַ! איך האָב זיי נעכטען, זאָגט זי, גע־זעהען ביידען אויפ'ן באַנהויף. עס ווייזט אויס, זאָגט זי, אַז ס'איז ביי זיי געוועזן איין אָפּגערעדטע זאַך, וואָרום פון וואַנען, זאָגט זי,

ווייסט אייער שוואָגער, ווען שלמה קורלענדער'ס ווייבעלע קומט צו פאָהרען?"... אזוי זאָגט יאמאיטשיכע און שיט, און שיט, ווי איהר שטייגער איז. נאָר איך מיין, אז דאָס איז מיין שוואָגעריק געוואָהר געוואָרען פון דער טשאפּניק. די טשאפּניק האָט אויסגעפּויקט איבער גאַנץ מאריענבאד, אז דיין בעלצי קומט צו פאָהרען, און בעוויזען אַלעמען די בריעף, וואָס בעלצי שרייבט צו איהר פון בערלין. האָב איך אפילו חשק געהאַט ארויספאָהרען אויפ'ן באַהנהויף אַפּנעמען דיין בעלצי'ן, נאָר איך האָב נישט געוואוסט, מיט וואָסער א צוג זי קומט אָן. און אגב האָט מיר די טשאפּניק אזוי פערדולט דעם קאָפּ נעכטען מיט איהר זעכס-און-זעכציג, אז א גאַנצע נאכט האָט זיך מיר געפּלאָנטעט דער „פערציג" מיט'ן „צוואַנציג". און איך דעק און דעק... דערווייל האָב איך דורכגעלאָזט דיין בעלצי'ס אַנקומען, און מיין שוואָגעריק, ווייזט אויס, האָט דאָס דוקא נישט דורכגעלאָזט, וואָרום ס'איז א סברה, אז ס'איז טאַקי איין אמת, אז ער האָט זי געבראַכט צו פיהרען פון דער באַהן. אזוי ווייזט דאָס אויס. נאָר לאָמיר געהן כסדר, וואו מיר האַלטען. מיר האַלטען ביי דער יאמאיטשיכע.

דערהערט פון דער יאמאיטשיכע, אז דאָס איז בעלצי, האָב איך מיך באַלד גענומען פערענטפערען, אז איך האָב קיין צייט נישט הערען לשון-הרע. איך בעדאַרף, זאָג איך, געהן, זאָג איך. דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסען, זאָג איך, געהן. און לאָז מיך שוין אביסעל גיכער, גלייך נאָך זיי פון הינטען, און יאָג זיי מסתמא אַנעט שוין ביי'ם אריינגעהן אין האָטעל אריין — שטעל דיר פאָר, אז זי שטעהט טאַקי מיט איהם אין איין האָטעל! דערויף האָב איך מיך שוין נישט געריכט... גלויב מיר, שלמה, ס'איז בלאָטע שבבלאָטע און אַלסדינג; מע שטעהט אמאָל אין איין האָטעל דער שווארץ יאָהר ווייסט מיט וועמען... נאָר פון דעסטוועגען איז דאָס מיר נישט געפעלען... ס'איז געזינטער, זי זאָל שטעהן ערגיץ אַנדערש...

הקיצור. איך האָב דורכגעלאָזט א פּאָר מינוט, ביז זיי וועלען זיך אָפּגעזעגענען און צעגעהן, קום איך אריין אין האָטעל גלייך צו

דיין בעלצי'ן, און מאַך מיך, גלייך איך ווייס גאָרנישט, גלייך ווי דו האָסט מיר גאָרנישט געשריבען, אַז זי פאָהרט קיין מאַריענבאַד: „ברוך־הבא, זאָג איך, אַ גאַסט! וואָס מאַכסט דו, זאָג איך, וואָס מאַכט דיין שלמה? וואָס טהוסט דו, זאָג איך, ביי אונז אין מאַריענבאַד?" מאַכט זי צו מיר: „דאָס אייגענע, וואָס איהר". זאָג איך: „אויף דער קור?" זאָגט זי: „אויף וואָס דען?" זאָג איך: „מיט אַזאַ פּנים?" זאָגט זי: „קיינער ווייסט נישט, וועמען דער שוך קוועטשט". „ווע׳לען מיר אפשר געהן, זאָג איך, אַביסעל אָנקוקען מאַריענבאַד?" זאָגט זי: „אַ דאַנק, איך האָב שוין געזעהן גאַנץ מאַריענבאַד". זאָג איך איהר: „אפשר ווילסט דו עסען? אפשר דאַרפסט דו אַ כשר'ען רעסטאָראַן? וועל איך דיך פיהרען". זאָגט זי: „אַ דאַנק, מע האָט מיך שוין געפיהרט". זאָג איך: „ווער?" זאָגט זי: „מאיר מאַריאַמטשיק". האָט דאָס מיר דערלאַנגט, ווי מיט אַ שאַרף פון אַ מעסער, גלייך אין האַרצען אַריין: וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט דיין בעלצי'ן? ער בעדאַרף האָבען אַ זכיה, אַזאַ שאַרלאַטאַן, אַז זי ענטפערט איהם אויף אַ גוט־מאָרגען, נישט ארומגעהן מיט איהר איבער מאַריענבאַד, אַז ער זאָל זי פיהרען אין רעסטאָראַנען. פאַר מיר מאַכט נישט אויס. איך קען דיין בעלצי'ן, פערשטעהסט דו מיך, נישט פון נעכטען, און איך ווייס, אַז דיין בעלצי קען איהם. ווער קען נישט מאיר'על שאַרלאַטאַן? די גאַנצע מעשה — וואָס וועט די וועלט זאָגען? דאָ אין מאַריענבאַד, דאַרפסט דו וויסען, קומען זיך צענויף מענשען פון דער גאָרער וועלט, צום מיינסטען לעדיגגעהער, וואָס קומען אַהער, ווי איך האָב דיר שוין געהאַט געשריבען, נישט מעהר נאָר צאָפּנעמען. מע ווערד אויסגעריסען אין עושר און אין כבוד. דאָס הייסט, מע עסט און מע טרינקט און מע שלאָפט און מע פוצט זיך אויס, און מע געהט שפּאַציערען, און מע קוקט, ווער מיט וועמען עס געהט, ווער מיט וועמען עס זיצט און ווער מיט וועמען עס לאַכט. דערזעהט מען אַ שען ווייבעל מיט איין אויסגעפוצטען יונגען מאַן, הויבט מען זיך אָן צו פרעגען: „ווער איז דער? און ווער

איז די?" און מע הויבט אָן צו דערצעהלען מעשיות, מיט הים־טאָריעס, מיט געשיכטעס, פונקט ווי ביי אונז, אויף די נאַלעווקים: נעמט מען אריין עמיצען אין מויל אריין, מעג זיך שוין יענער אָפּגעזעגענען... און ווער שמועסט, אז די יאָמאַיטשיכע איז דאָ אין מיטען — נו־נו! איך מיין נישט, חלילה, קיין זאך; איך וואָלט נאָר וועלען, זי זאָל אויסמיידען נישט קיין געווינשטע בע־קאַנטשאַפט מיט אזעלכע לייט, וואָס קאָן שאַדען איהר און דיר און אייך ביידען... ובפרט נאָך דיין בריעף, וואָס דו שרייבסט מיר, איך זאָל אויף איהר השגחה האָבען, האָב איך מיר געזאָגט: לאָז זיך זיין, וואָס סע וויל זיך. ראשית חכמה, דאַרף מען זעהן פאַר דיין בעלצי'ן איין אַנדער סטאַנציע. פאַרהאַן אין מאַריענבאַד גענוג האָטעלס און גענוג מעבלירטע צימער. זיי זיכער, איך וועל זי שוין בעזאָרגען מיט אַ סטאַנציע, מיט אַ דאָקטאָר און מיט אַלעס. און געלד טאָמער וועט זי דאַרפען, וועל איך איהר מיט פערגעניגען אויסלייהען, אזוי ווי דו שרייבסט מיר, נישט מיט אַ מאָל, נאָר צו ביסלעך. מעגסט זיך שוין פערלאָזען אויף מיר. איך האָב אויך אַ ווייב און פערשטעה גאַנץ גוט. אַלע ווייבער זענען אויסגעקנאָטען פון איין טייג. אַ ווייב, זי מעג זיין די קליגסטע, קוים געהט זי דורך פערביי אַ גרויסען פענסטער מיט איין אויסשטעלונג פון שמאַ־טעס, געהט פערלוירען אינגאַנצען איהר חכמה. דו דאַרפסט דיין בעלצי'ן דערפון, אייגענטליך, גאָרנישט שרייבען. מיינע בריעף דאַרפען זיין ביי דיר, ווי איך האָב דיר שוין געשריבען, אַ הייליגער סוד. זי בעדאַרף אפילו נישט וויסען, אַז מיר שרייבען זיך דורך וועגען איהר. פערלאָז דיך שוין אויף מיר, שלמה, דו האָסט דאָ אַ גוטען שומר אין מאַריענבאַד, וואָס ווייס וואו איין און וואו אויס, און וואָס זיין נאָמען איז —

**חיים סאָראָקער.**

---

.11

וועלוועל יאמאיקער פון די נאלעווקים אין ווארשא צו זיין ווייב פערעל יאמאיטשיכע אין מאריענבאד.

לאשתי החשובה מרת פערעל שתחי'.

דיין מכתב האב איך מקבל געווען. די טענה וואס דו טענה'סט אדות קארלסבאד, אז קארלסבאד איז בעסער פאר מאריענבאד, האב איך דיר כמה וכמה מאל געזאגט, אז קארלסבאד טויג נישט איבער כמה וכמה טעמים. ראשית, איז קארלסבאד, כפי איך פערשטעה מיט מיין שכל הישר, א מקום פון חלאים, קראנקע מענשען מיט אמת'ע חולאת'ען, על־פי־רוב אזעלכע, וואס לײדען על המאגען. און דער שכל איז דאך מתחייב, אז דארטען קאנען נישט זיין קיין חתנים, כי איך בין משער, אז עם המאגען האבען צו טהון עלטערע מענשען, נישט קיין בחורים. והשנית, האב איך גלאט נישט גע־הערט, אז בקארלסבאד זאלען געשלאסען ווערען שידוכים נכבדים, ווי דו זאגסט. און דער, וואס האט דיר געזאגט, אז לקארלסבאד קומט די גאנצע וועלט, איז אדער א שקרן אדער א שוטה. און אז איך האב געזאגט מאריענבאד, האב איך געזאגט מיט א טעם און מיט א שכל, כי איך בין נישט משוגע און וויים וואס איך רעד. און הגם איך בין במאריענבאד בעצמי נאך נישט געווען קיינמאל, פערשטעה איך פון דעסטוועגען על פי סברה, אז דאס מאריענבאד איז א מקום פון תענוג און פון מותרות. אהינצו פאהרען, הייסט עס, אזעלכע מינים מענשען, וואס אדער זיי פיהלען זיך, אז זיי זענען עטוואס נישט בקו הבריאה, אדער להיפך, זיי זענען שוין צופיעל בקו הבריאה, און זייער גאנצע כונה איז נישט מעהר, ווי א ביסעל אפצערעווען זיך, ווי למשל אונזער חיים סאראקער, וואס איז א גרויסער בעל־בשר, אדער אזעלכע מינים מענשען, וואס ווילען

גלאט האבען א נחת־רוח, אנקוקען א וועלט וכדומה אזעלכע תענוגי עולם. על־כן איז צווישען אזעלכע מינים מענשען בנקל צו געפינען א שידוך הגון א סך מעהר ווי במקום אחר.

און דאס וואס דו שרייבסט בנידון הדאקטוירימלעך, אז על הנאלעוווקים זענען זיי בנמצא צו קריגען פאר עשרת אלפים רו"כ, האסט דו, במחילה, א טעות גדול. די דאזיגע סחורה איז אצלנו בווארשא די לעצטע צייט וויעדער בחשיבות גדול, און אזא דאקטארעל, ווי דו זאגסט, הייסט זיך בזמן הזה משלם זיין כ' אלפים און ל' אלפים נישט ווינציגער, כי דער שכל איז מתחייב: וואס מעהר גזירות עס ווערען ארויסגעגעבען, בעונותינו הרבים, אויף אידישע קינדער בהגימנאזיעס והאוניווערסיטעטען וכו' וכו', ווערען דאקטוירים און אדוואקאטען אלץ טייערער און טייערער, און אויב די גזירות וועלען, חלילה, געהן נאך ווייטער, — איז מי יודע ביז וואנען עס קאן דערגרייכען!

און וואס דו שרייבסט מיר בנידון סוחרישע שידוכים, בין איך גם כן נישט מסכים מיט דיר, אז ס'איז געווארען טייערער, רק איך מיין אדרבא דעם היפך, און דאס איז אויך על־פי סברה און על־פי דרך הטבע, כי ס'איז דא סוחרים לרוב בכל תפוצות ישראל. על־כן זעה איך נישט ארויס מיט מיין שכל הישר, וואס דו האסט געהאט צו יאגען זיך אחר השידוך עם הלאדזער פאברי־קאנטעל. לאדזער פאבריקאנטלעך קאן מען קריגען בכאן אויך. מע דארף נישט פאהרען נאך איהם למאריענבאד. ובפרט, אז ער איז נאך נישט בקו הבריאה, איז אודאי נישט כדאי דער גאנ־צער ענין.

און וואס דו שרייבסט מיר בנידון הביאליסטאקער, פערשטעה איך גם כן נישט, וואס דו ביזט זיך מפקפק און קווייקלסט זיך. ממה נפשך, ווילסט דו וויסען, ווער האט וועמען גע'גט: צי ער ז י, צי זי א י ה ם, קאנסט דו דאך מיר שרייבען דעם נאמען זיינעם, וועל איך אוועקשרייבען א מכתב להקאמיטעטען שלי בביא־ליסטאק, וועל איך געוואהר ווערען מכל דבר שורש. ס'איז מיר א

חידוש, וואָס דו ביזט בעצמו נישט געפאַלען דערויף, כי די וועלט איז אָפען און וואַרשאַ מיט ביאַליסטאָק איז כמו ווי איין שטאָדט.

אחרון אחרון חביב. וואָס דו שרייבסט מיר בנידון הקעשעניעווער כקעשעניעוו, איז דאָס שוין אויף אַ שטיקעל דרך, כי מבעסעראַביע געפעלט מיר בעסער, ווי פון דער ליטאַ. איך בין בעצמי אַ בעסעראַביער און עס ווילט זיך מיר אַ שידוך טהון אויך מבעסעראַביע, ובפרט מקעשעניעוו. וואָס איז נישט ווייט מכפר יאַמאַיקע, קאָן איך שרייבען אַ בריעף צו מיינע קרובים ביאַמאַיקע, זיי זאָלען חוקר ודורש זיין אויפ'ן קעשעניעווער שדוך מקעשעניעוו. על־כן אבקש, דו זאָלסט מיר למען השם ארויסשרייבען דעם נאָמען מיט דער משפחה מיט כל דבר שורש, און דער אויבערשטער זאָל העלפען, ס'זאָל זיין מיט הצלחה, כי ס'אז שוין צייט... השם יתברך זאָל רחמנות האָבען און מיר זאָלען אַ שידוך טהון מיט די טעכטער, וואָלט מען געקאָנט אין זינען האָבען די איבעריגע קינדער. לעת־עתה לערנט בני יעקב שיחי' זעהר געשמאַק. ער איז זיך מכין צום עקזאַמען עם הרעפעטיטער שלו, גאָט זאָל מיר העלפען, ער זאָל שוין איבערגעקומען בשלום, כי ער זעהט אויס ווי אַ רוח. הגם איך ווייס נישט, וואָס וועט זיין ווייטער, אפלו אַז גאָט וועט העלפען, ער וועט שוין אָפגעבען העקזאַמען שלו? נאָר איך שיהיה, אַז לערנען אין חדר נישט, און אידישקייט נישט, לאָז ער האָבען, לפחות, אַ שטיקעל אַטעסטאַט, אפשר וועט דאָס איהם צונוץ קומען. איך וואָלט אודאי וועלען בעסער, אַז בני יעקב שיחי' זאָל זיין אַ סוחר ווי כל ישראל. נאָר אַז ס'איז היינט אַזאַ וועלט פון סאַמע אַטעסטאַטען ודיפּלאָמען, לאָז ער אויך האָבען אַ שטיקעל דיפּלאָם, לפחות, פון זעכס קלאַסען. און בני מענדעל שיחי' וויל שוין אויך נישט געהן אין חדר, און דאַוונען מאַן דכר שמיה! האָב איך גערעדט עם הלעהרער, זאָגט דער לעהרער, אַז ער נעמט זיך אונטער פאַר צוויי יאָהר איהם מכין זיין על ג' קלאַסען. ווייס איך נישט, וואָס מע טהוט, כי עס ווילט זיך מיר נישט אָפּרייסען בני מענדעל שיחי' פונ'ם חדר.

און וואָס דו שרייבסט מיר בנידון שלמה קורלענדער'ס פּלונית, האָב איך דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז לפי דעתי איז שלמה אַ משוגע־נער, וואָס האָט גענומען אויף דער עלטער אַ בתולה, און חוץ לזה איז ער אַ גרויסער בעל־עולה אַקעגען די קינדער פון'ם ערשטען ווייב. רק איך וויל מיך נישט מישען אין פרעמדע ענינים. גענוג די אייגענע צרות די והותר. דער פּדיון איז כעת זעהר געשלאָגען מחמת ההיצען, וואָס זענען בכאן אַזוי גרויס, אַז ס'איז אין לשער.

און וואָס דו שרייבסט מיר בנידון דער טשאַפּניטשקע עם חיים כּאַראָקער, האָב איך דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז חיים פאָהרט למאַ־ריענבאַד נישט לשם קוראַציע, נאָר לשם לעבען אַ גוטען טאָג און לשם אַ קערטעל, כי ס'איז ידוע, אַז ער האָט ליעב אַ קערטעל. און בערעל טשאַפּניק איז שוין ווידער געווען אצלי וועגען אַ גמילות־חסד, און האָט מיר גענעבען אָנצוהערעניש וועגען שידוכים, אַז מע פרעגט זיך אָן אצלו פון כמה וכמה שטעדט אויף אונזערע טעכטער. גם האָט ער מיר איבערגעגעבען בסוד סודות, אַז ער האָט אַ צד בנוגע צום עקזאַמען פון בני יעקב שיחי', און ס'איז ניכר פון זיינע רעד, אַז ס'איז דוקא קרוב לאמת, רק עס דאַרף קאָסטען געלד. האָב איך איהם געזאָגט אַ תירוץ, אַז איך וועל דיר שרייבען אַ מכתב און וועל איהם געבען אַ תשובה אין עטליכע טעג אַרום. דערוויייל האָב איך איהם גע'פּטר'ט אָהן אַ גמילות־חסד.

געדענק זשע, וואָס איך שרייב דיר בנידון הקעשעניעווער מקע־שעניעוו, זאָלסט שרייבען, למען השם, וואו עס האַלט, און דער עיקר — דעם נאָמען זיינעם מיט דער משפחה. און מחמת די היצען זענען זעהר גרויס און קיין איבעריגע צייט איז נישטאָ, על־כן בין איך מקצר. רק חיים ושלום. און איך לאָז דיר גריסען מיט די קינ־דער שיחי' נאָר פריינדליך, און זאָלסט מיר שרייבען אָפטע בריעף מכל דבר שורש.

ממני בעלך זאב וואָלף בר' מענדעל יאַמאַיקער.

---

## .12

בעלצי קורלענדער פון מאריענבאד צו איהר מאן שלמה קורלענדער אויף די נאלעווקים אין ווארשא.

לבעלי היקר מוהר"ר שלמה נ"י.

דיין בריעף האב איך נאר וואס ערהאלטען, און האב איהם צוויי מאל דורכגעלייענט און האב נישט געוואוסט, וואס זאל איך טהון: צי זאל איך לאכען פון דיינע נארישקייטען, צי זאל איך וויינען אויף מיין פינסטער מזל? זאג אליין, שלמה, דו ביזט דאך עפים א איד א בעיאהרטער, אויב ס'איז נישט קיין געלעכטער די אלע זאכען, וואס דו שרייבסט מיר? מילא דאס, וואס דו זאגסט מיר מוסר פאר די „שמאטעס", וואס איך האב איינגעהאנדעלט ביי ווערטהיימער'ען, לאך איך פון דיר. ביי דיר איז אלסדינג „שמאטעס". פאראיאהרען, געדענק איך, אז איך האב געקויפט אויף א ליציטאציע א קאלנער פון שווארצע פיקס מיט א גריזשעטקע פון סויבלען, האסט דו אויך געזאגט „שמאטעס", ביז אלע רויכווערגער האבען דיר איהם געשאצט און געזאגט, אז ס'איז א מציאה פון א גנב דריי מאל אזוי פיעל, האסט דו שוין אליין דעמאלט אויך מודה געווען. לאם איך נאר קומען געזונדערהייד אהיים, וועסט דו א קוק טהון אויף די „שמאטעס", וואס איך האב איינגעהאנדעלט, וועסט דו אליין זאגען, אז ס'איז א מציאה. נישמעהר, דו דארפסט מיר פריהער אויסקאכען דאס וואסער. שוין אזא טבע ביי דיר. און ווייטער, וואס דו האלטסט מיך פאר, למאי איך האב נישט א שמייץ געגעבען דעם בוקעט מיט בלומען דעם בערלינער בחור, אדער דעם „שמייגער", ווי דו רופסט איהם, אין פנים אריין, איז דאס אויך נישט אזא גרויסע חכמה, ווי דו מיינסט. דו ביזט, זאלסט מיר קיין פאראיבעל נישט האבען, אין די זאכען שוין אביסעל אויסגעוועבט. דו ווייסט נישט, וואס אין דער גרויסער וועלט טהוט זיך. דא, אין אויסלאנד, איז איינגעפיהרט, אז א גאסט פאהרט אוועק, ער מעג

זיך זיין יאָ צופריעדען, נישט צופריעדען, אויפ'ן וואָקזאַל אַרוים־בעגלייטען איהם מיט בלומען — דאָס מוז מען. אין האַרצען מעג זיך יענער טראַכטען: „מיט'ן קאָפּ אין דער ערד", נאָר אַ בוקעט נאַ דיר. און אַז יענער איז אַזוי פיין און איידעל און טראָגט דיר אונטער אַ בוקעט, ער מעג זיך זיין אַ שמייגער און אַ פּראַ־אדם און וואָס דו ווילסט, קאָנסט דו אָבער נישט זיין קיין גרעסערער פּראַ־אדם און קיין גרעסערער שמייגער פון איהם און דאַרפסט דעם בוקעט אָננעמען, און מיט אַ שמייכעל דערצו, און נאָך זאָגען: „דאַנקע שען"... יאָ, שלמה, אָט אַזוי פיהרט זיך עס אויף דער וועלט; מע קאָן שוין היינטיגע יאָהרען נישט אויסקומען מיט דעם שכל, וואָס אַמאָל.

און ווייטער, וואָס דו זאָגסט, אַז דו וואָלסט געבראָכען אַ ביין דעם שלים־מזל דעם קאָמיוואָיאַזשער, וואָס אויף דער באַהן, האָב איך שוין טאַקי גאָר גוט געלאַכט. פאַר וואָס, אייגענטליך, קומט איהם, מע זאָל איהם ברעכען די ביינער? מיט וואָס האָט ער דאָ אַזוי חוטא בעגל געווען? דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָנגעריהרט מיט די ליפּען צו אַ שפּיץ פינגער פון מיין האַנד, האָט ער מיר אָפּ־געביסען? ובפרט, אַז איך האָב דיר אַליין געשריבען, אַז ער האָט געחאַפּט פון מיר אַ פּאַטש, היינט וואָס נאָך ווילסט דו? דער גאַנ־צער עיקר בלייבט איבער איין זאַך: למאַי איך בין געפאָהרען מיט מאיר מאַריאַמטשיק'ען איבער מאַריענבאַד, איך וויים נישט אויב פופצעהן מינוט, פונ'ם באַהנהויף ביז דער שטאָדט? וועה איז מיר, וואָס דאָ טהוט זיך! וואָס וואָלסט דו שוין געזאָגט, זאָלסט זעהען, ווי אונזערע נאַלעווקער צנועות, די שערענציס מיט דער פּעקעלים, שפּאַציערען דאָ אַרום פראַנק און פריי מיט ווילד־פרעמדע יונגע לייט, און נאָך ביינאַכט דערצו? אָדער, אשטייגער, למשל כדומה, וואָס וואָלסט דו געזאָגט, ווען דו זאָלסט הערען, וואָס מיין קרובה, חוה'לע טשאַפּניק, דערצעהלט זיך אָן פון אָסטענדע, — זי איז שוין געווען צוויי מאָל אין אָסטענדע — ווי אַזוי דאַמען באָדען זיך דאָר־טען אינאיינעם מיט מאַנסבילען אין איין ים, אפילו נישט איבער־

געצאָמט פון יוצא וועגן מיט ברעטלעך, ווי ביי אונז, נאָר טאַקי פּראָסט און פּשוט, אינאיינעם געפּאָליאָסקעט זיך, אינאיינעם געשוואומען און אַפילו פאַר די הענד געהאַלטען זיך? מעהר נישט. מע ציהט אַרויף, זאָגט זי, אויף זיך אַזעלכע קאָסטיומען, קורצע לייבקאָלירענע הויזלעך, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען, זאָגט זי, פאַר מאַנספאַרשוינען און פאַר פרויענצימערם לכתחילה אויף צו באָדען זיך אין זיי? ס'איז היינט איין אַנדער וועלט, שלמה, אַ וועלט איין אָפענע און אַ פרייע. דו אַליין האָסט מיר געזאָגט וויפיעל מאָל, אַז נישט די איז אַ צנועה, וואָס טראָגט אַ פאַריק, און נישט די איז אַ הולטייקע, וואָס געהט אין אייגענע האָר. היינט ווי קומט דאָס, אַז דו זאָלסט אַזעלכעס שרייבען?

דו פרעגסט אַ קשיא: ווי קומט אָט דער שאַרלאַטאַן מאַריאַמטשיק אויפ'ן וואָקזאַל אין מאַריענבאַד, און פון וואַנעט האָט ער געוואוסט, אַז איך קום צו פאָהרען? אודאי איז דאָס אַ קלאָץ־קשיא. נאָר וואָס דען? איך זעה, אַז דו ווייסט נישט, וואָס הייסט מאַריענבאַד. דו מיינסט, אַז מאַריענבאַד איז מאַריענבאַד? מאַריענבאַד איז באַרדיטשעוו, מאַריענבאַד איז וואַרשאַ, מאַריענבאַד איז די נאַלעווקים. מע ווייסט דאָ איטליכער, וואָס ביי יענעם קאָכט זיך. וואָלסט הערען, וואָס די יאַמאַיטשיכע דערצעהלט זיך אָן פון בראָני ליפערמאַן, פון לאה'צי ברויכשטוהל, און פון דער שערענצים, און פון דער פעקעלים! צי, אַשטייגער, דו זאָלסט הערען, וואָס זיי אַלע רעדען־אויס אויף דער יאַמאַיטשיכע מיט איהרע טעכטער און מיט די שדוכים און מיט די חתנים — די האָר שטעלען זיך קאַפּויר! אַנו, לאָז עמיצער אַרויסלאָזען אַ וואָרט ערגיץ ביי'ם ברונען, אָדער אין אַ קאַפע, אָדער אין רעסטאָראַן, אַזוי ווערד עס צעטראָגען איבער גאַנץ מאַריענבאַד. אַשטייגער, אַז איך בין געווען אין בערלין, האָב איך געהאַט געשריבען צו מיין חוה'לע טשאַפניק, אַז איך פאָהר קיין מאַריענבאַד, האָט אויפ'ן אַנדערען טאָג געוואוסט גאַנץ מאַריענבאַד פון איין עק ביז'ן אַנדערען, ווען איך קום, מיט וואָסער אַ צוג, אין וואָסער אַ שעה, און אַפילו וואָסער אַ היטעלע איך וועל

טראָגען. ער שפּיעלט זיך מיט מאַריענבאַד! און אַזוי ווי מיין קרובה איז געווען יענעם טאָג, ווי איך האָב דיר שוין געשריבען, שטאַרק בעשעפטיגט מיט דיין גוטען פריינד חיים סאָראָקער (זיי האָבען געשפּיעלט אין זעכס־און־זעכציג), און אַזוי ווי מאיר מאַריאַמטשיק איז יענעם טאָג גראָד געווען אויפ'ן וואָקזאַל, אַרויסגעשיקט, זאָגט ער, זעהר אַ נויטיגען בריעף קיין אָדעס, דערווייל האָט ער דערזעהען אַ בעקאַנטע דאַמע (מיך טאַקי) שטעהט מיט פּעקלעך, מיט פּידעלעך און מיט טשעמאָדאַנעם איינע אַליין אויפ'ן וואָקזאַל, — איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און רופט זיך אָנעט אויף זיין אָדעסער לשון, האַלב גוייש, האַלב אידיש: „אויב איך אָשיבאַיע זיך ניט, זענט איהר, דאַכט זיך, מיינע אַ זעמליאַטשקע, אַ וואַרשאַווערין פון די נאַלעווקים?“ ענטפער איך איהם אויף זיין לשון: „עס קאָן זיין, אַז איהר אָשיבאַיעט זיך נישט“... ווערד ער פרייליך און מאַכט צו מיר: „אויב איך אָשיבאַיע זיך נישט, האָב איך אייך וסטרעטשאַיעט ביי דער מאַדאַם סאָראָקער אויף די נאַלעווקים?“ זאָג איך איהם נאָך אַ מאָל: „עס איז גאַנץ מעגליך, אַז איהר אָשיבאַיעט זיך נישט“. פּוילט ער זיך נישט און מאַכט צו מיר נאָך אַ מאָל: „אויב איך אָשיבאַיע זיך נישט, דאַרפט איהר זיין די צווייטע פרוי פונ'ם הערר קורלענדער?“ ווער איך שוין בייזליך און רוף מיך אָן צו איהם: „וואָס טויג מיר, צי איהר אָשיבאַיעט זיך יאָ, צי איהר אָשיבאַיעט זיך נישט? איהר טהוט בעסער אַ קוק, זאָג איך, ווי איך שטעה דאָ מיט'ן געפּעק אין דרויסען, אין מיטען מאַריענבאַד, נישטאָ קיין טרעגער, נישט קיין רוח און נישט קיין שוואַרץ יאָהר“... איז ווי איך האָב נאָר אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, אַז מיין חברה־מאַן טהוט זיך נישט אַ וואָרף, פיהרט מיר צו אַ טרעגער, דינגט אַ פּיאַקער און זעצט מיך אַרויף, און אַליין זעצט ער זיך אויך אַוועק מיט מיר פאָהרען אין שטאָדט אַריין, — זאָל איך איהם זאָגען: „פּעטער, געהט צו־פּוס“?... נישמעהר איין זאַך, איך האָב געמיינט, אַז די יאַמאַיטשיכע, וואָס איז דעמאָלט געווען, ווי איך האָב דיר געשריבען, אויפ'ן וואָקזאַל, זעהט נישט — אַרויס זאָלען

איהר די אויגען! נאָר לאָמיר שוין זאָגען אפילו, אז גאַנץ מאַריענ־באַד, דאָס הייסט אַלע וואַרשעווער נאַלעווקים, האָבען אונז געזעהען פאָהרען — נו, איז וואָס? ווי וואָלט געווען, למשל כדומה, ווען אויפ'ן באַהנהויף זאָל געוועזען זיין, ווי דו האָסט געוואָלט, דיין פריינד סאַראָקער, נישט מאַריאַמטשיק, און איך וואָלט מיך אויפגעזעצט מיט איהם פאָהרען אין שטאָדט אריין, וואָלט דיר שוין געווען גרינ־גער? חיים סאַראָקער איז נישט קיין וואַרשעווער און נישט קיין בעווייבטער? וואָס זשע האָט עס דיך אזוי אויפגעקאָכט, אז דו זאָלסט מיר פערצאַפּען דאָס בלוט אומזיסט־אומנישט און מאַכען אזוי, אז איך זאָל איבער דיר זיך אוועקזעצען וויינען און אָפּוויינען דריי שעה דורכאַנאַנד? דערויף בין איך געפאָהרען קיין מאַריענבאַד, אויסגעבראַכט אזוי פיעל געלד, איך זאָל אוועקלעגען דאָ דאָס אי־בעריגע ביסעל געזונד איבער דעם, וואָס דיר ווילען זיך פּלאַנטען אין קאָפּ נאַרישע מחשבות און געדאַנקען?

ניין, שלמה, פון דיין בריעף בעדאַרף מען נישט וויינען, נאָר לאַכען, אזוי ווי איך האָב געלאַכט פאַראיאָהרען אין פּאַלעניצע — בעת דו ביזט אָנגעפאַלען אויף דעם מאַנופאַקטוריסט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ארויסגעהאַפּט מיט אַ וואָרט און געזאָגט, אז ער גע־פינט, אז איך בין שענער פון אַלע וואַרשעווער ווייבלעך אין פּאַ־לעניצע. דו ביזט דאָך גרייט געווען, געדענקסט דו, דעמאָלט איהם דורס זיין. פאַר וואָס? פאַר ווען? האָסט דו דען אַליין נישט מודה געווען נאָכדעם, אז ס'איז געווען פון דיר אַ גרויס נאַרישקייט? און איצט אין בריעף שרייבסט דו דען נישט, אז דו הערסט זיי, ווי דעם פאַראיאָהריגען שניי? ביי דיר איז תמיד אזוי: פריהער זאָגסט דו, און דערנאָך האָסט דו חרטה. דו אַליין שרייבסט מיר, אז איך זאָל נישט איבערטראַכטען קיין זאַך, אז דו האָסט נישט, חלילה, אויף מיר קיין זייטיגע מחשבות, און נאָך אַזעלכע זאַכען, און וואַרפסט מיר אוים אַלע מאָל איין אנדער חטא, און פערשאַפסט מיר דערמיט נאָר עגמת־נפש, אזוי, אז עס געהט מיר נישט איין די קור, און צום סוף זאָגסט דו נאָך, איך זאָל זעהען למען השם זיך

פערריכטען און קומען בשלום אהיים. ווי קאָן מען זיך פערריכטען, אז מע האָט אזעלכע בריעף פון דיר? עס געהט מיר דען איין, וואָס איך עס און וואָס איך טרינק און וואָס איך קויף מיר, אז דו צעהלסט יעדען גראָשען, און ווארפסט מיר אוים שמאַטעס מיט שמאַטעס?

איך בין אזוי אויפגערעגט און נערוועז פון דיין בריעף, שלמה, אז איך קאָן דיר מעהר ניט שרייבען. און די בערלינער פראָפעסאָרען האָבען מיר אָנגעזאָגט אויסדריקליך, אפשר הונדערט מאָל, איך זאָל מיך נישט ערגערען. איך זאָל עסען, זאָגען זיי, און טרינקען און שפּאַציערען געהן און זיין רוהיג. אין מאַריענבאַד דאַרף מען זיין, זאָגען זיי, רוהיג, נישט נערוועז, אנישט איז אַרויסגעוואָרפען, זאָגען זיי, די גאַנצע קוראַציע מיט'ן גאַנצען מאַריענבאַד.

מעהר קיין נייעס איז נישטאָ צו שרייבען. מאָרגען־איבערמאָרגען וועל איך דיר מסתמא שרייבען נאָך. דערווייל זיי געזונד און זאָג שבע־רחל'ען, אז זי זאָל נישט פערגעסען, אז זומער איז נישט ווינ־טער. זומער דאַרף מען איבערשלאָגען דאָס ווייכע מעבעל אַלע טאָג, און די פענסטער האַלטען צו, ס'זאָל זיך אזוי נישט זעצען קיין שטויב און קיין פליעגען, און די לאָדען אויך, ס'זאָל אזוי נישט בראָטען די זון און נישט בליאַקעווען. איך רעכען, אז איך וועל פאָהרען געזונדערהייד צוריק איבער בערלין, וועל איך איהר אויך עפּים קויפען אַ מתנה, אַ קאָפּטעל, אנישט וועל איך איהר אויס־זוכען פון מיינע אַלטע קאָפּטלעך אַ קאָפּטעל. און הער אויף, שלמה, צו זיין אַ קלאָג־מוטער, און שרייב שוין אַ מאָל עפּים פריילינבערע בריוולעך.

פון מיר דיין פרוי **בעלצי קורלענדער.**

---

## 18.

**מאיר מאריאמטשיק פון מאריענבאד צו זיין פרוי חנצי מאריאמטשיק אויף די נאלעווקים אין ווארשא.**

אומזיסט אופרעקאיעסט דו מיך, דאושינקע, אז איך שרייב דיר, באודטא בי, איין מאל אין צוויי וואכען. מיר דאכט, אז איך שרייב דיר פאטשטי א טאג איבער א טאג. איך האב דען עפים אנדערש וואס צו טהון דא אין דעם מאריענבאד, וואו די סקוקע איז גרויס און מע זעהט נישט קיין לעבעדיגע סאושטשעסטווא, אויסער אונזערע ווארשעווער אריסטאקראטקעס, וואס איך איזביעגאיע זיי ווי די טשומא, ווארום דו ווייסט, ווי אזוי איך אטנאסע זיך צו זשענשטשינעס וואאבשטשע, און ווי אזוי איך פרעזיראיע אייערע ווארשעווער נאלעווקים מיט די נאלעווקער ספלעטניצעס. ביי אונז אין אדעס האט מען פיינט ספלעטנים. ביי אונז אין אדעס קאנסט דו דיר געהן מיט'ן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף — קאקאיע קאמו דיעלא? נאפרימער, פאר וואס אהרט מיך נישט, וואס דיין שוואגער חיים אוחאזשעוועט נאך שלמה קורלענדער'ס קראסאוויצע? און ווי אזוי, מיינסט דו, אוחאזשעוועט? ער פרעדלאגאיעט איהר דאזשע געלד אויף שלמה'ס קאנטע. ער זאגט, אז שלמה קורלענדער האט איהם, באודטא בי, אנגעוויזען, ער זאל איהר דא געבען געלד אויף זיין רעכענונג. נאר קאקאיע מניע דיעלא? ציאשטייגער, וואס געהער זיך אן מיט מיר, וואס ער שפיעלט, דיין שוואגער טאקי, מיט דער מאדאם טשאפניק אלע טאג אין זעכסאון זעכציג? נאפרימער, וואס וואלסט דו געזאגט, דאושינקע, ווען דו זעהסט מיך שפיעלען מיט א פרעמדער זשענשטשינע אין זעכסאון־זעכציג? נאר קאקאיע מניע דיעלא? אדער, נאפרימער, וואס געהט מיך אן, וואס די שערענצים מיט דער פעקעלים, אזעלכע רעליגיאזנע צוויי וויבלעך, וואס אויף די נאלעווקים סמעיען זיי נישט רעדען מיט א מוזשטשינע א הויך ווארט, האבען זיי דא אראפגע־

וואָרפֿען די פֿאַריקלעך און געהען פֿאַדרוטשקע מיט עפּיס איינעם אַ קעשעניעווער פּראַנט, אַ דאַנטיסט, וואָס אוחאַזשעוועט נאָך אַלע דריי יאַמאַיטשיכעס טעכטער, און יאַמאַיטשיכע אוחאַזשעוועט נאָך איהם, געהט אויס, ס׳זאָל זיין אַ שידוך, חאָטיאַ עס וועט אַזוי זיין אַ שידוך, אַזוי ווי איך וועל זיין אַ רב, וואָרום דער קעשעניעווער פּראַנט פֿיהרט, וואָפּערוויך, אַ ליובאָוו מיט בעלצי קורלענדער, אָבער גאַנץ סעריאָזנע. איך האָב אַ דאָקאַזאַטעלסטווע, אַז ער האָט זיך איהר שוין אָביאַסניאַיעט, און זי האָט איהם מכבד געווען מיט אַ שענעם אָטקאַז. דאָס ווייס איך פֿון אַ דאָסטאָווערנע איסטאָטשניק, טאַקי פֿון דער יאַמאַיטשיכע אַליין. זי איז דאָך פּאָרט מיינע אַ דאַלני ראָדסטווענניצע. איז איין מאָל אַוועק. וואָווטאָריך, ווייס איך פֿון דעם זנאַמעניטען וועלד־שדכן סווירסקי, אַז מע פּרעדלאַגאַיעט איהם אַ סך אַנדערע פּאַרטיעס, און וואָס פּאַר אַ פּאַרטיע מע זאָל איהם נישט פּרעדלאָזשען, איז גוט. האָט מען זיך אָנגעפּרעגט אויף איהם אין קעשעניעוו ביי עטליכע מענשען, און מע וואַרט אויף איין אָטוויעט. נאָר קאַקאָיע מניע דיעלאָ? איך האָב מיר אין זינען מיין זאַך: איך דאַרף מיך פּאָפּראַווען און קומען אַהיים טשעם סקאָרעיע צו מיין חנצ׳ין, וואָס איז ביי מיר ווישע ווסיעוואָ! איך בעט דיך, ליובעניו, זאָלסט דיך נישט צוהערען צו די נאַלעווקער ספּלעטניס און זאָלסט אויפהערען איבערצוקלערען, וואָרום דאָס וואָליעט אויף דיינע נערוועז, און דו ווערסט אומזיסט ראַזסטראָיעט, און סע אָטראַזשאַיעט זיך אויף דיין געזונד, און אויף מיר מאַכט דאָס אויך נישט קיין גוטע ווּפּעטשאַטלעניע.

און וואָס דו שרייבסט מיר, דאושינקע, וועגען דער אימושטשעסטווע, סאָוועטעווע איך דיר, אַז דו זאָלסט זיך בעסער סאָגלאַסען אויף אַ ראַזדיעל. מיין פּאַפּאַשע זאָגט אויך דאָס אייגענע. מעגסט זיך אָביזשאַיען, וויפֿיעל דו ווילסט. איך האָב געזאָגט און זאָג אַלע מאָל, אַז איך דאָוויעראַיע נישט דיין שוואָגער׳ס חשבונות מיט זיינע ראַסחאָדען, וואָרום דיין שוואָגער איז אַ מאַשעניק. מיין פּאַפּאַשע זאָגט אויך דאָס אייגענע. אַ סך געזינטער וואָלט געווען

פאר אונז אלעמען, ווען ער צאהלט דיר אוים דיין טשאסט, און לאז ער בלייבען ביי דער אימושטשעסטווע. אזוי איז מיין מניעניע, און אזוי איז די מניעניע פון מיין פאפאשע, און דו טהו דיר, ווי דו פערשטעהסט. קאקאיע מניע דיעלא?

און ווייטער זיי געזונד, ליובעניו, איך וויל דיר קויפען, איך האב געזעהן דא אין מאריענבאד, א „קימאנע". עס איז היינט די גאנצע מאדע, מיט ברייטע ארבעל, קורצע, און פון הינטען מיט א קאפיושאן. איך וויים נאר נישט, וואסער א צוויעט דיר געפעלט בעסער: שווארץ מיט רויטע פאדקלאדקע? אדער גאר א פער־סידסקי קאליר? פון אונזערע אדעסיטען האב איך דא ווסטרע־טשאיעט זעהר ווינציג בעקאנטע. און דאס — מעהר זשענשטשי־נעס, וואָרום זייערע מאנען זענען אין באזעל אויפ'ן קאנגרעס. און אזוי ווי איך האב פיינט זיך ווסטרעטשאיען מיט זשענשטשינעס, ווייל די זשענשטשינעס פון די קוראָרטען זענען באלשי טשאסטי ספלעטניצעס, געה איך דא ארום איינער אליין און סקוטשאיע אזוי, אז איך צעהל שוין די טעג, ווען עס וועט זיך קאנטשען דער סראק לעטשעניע און איך וועל קאנען פאהרען אהיים צו מיין טייערער דו־שינקע חנצי. און וויל איך האב נישט וואס צו טהון, האב איך דא סאטשינאיעט א באסני אויף מיין יאמאיטשיכע'ס טעבטער, וואס קלויבען און קלויבען און קאנען זיך נישט צוקלויבען קיין חתנים. די באסני הייסט ביי מיר מיט'ן נאמען „די פערריסענע כלה" און הויבט זיך אן אזוי:

„אמאל איז געוועזען אין ווארשא א מיידעל,<br>שטארק אבראזאוועט, געלערענט און איידעל;<br>געשפיעלט האט זי פיאנע,<br>פראנצויזיש גערעדט,<br>געלייענט ראמאנען,<br>שען — א פאטרעט,<br>זומער זאגראניצע געפאהרען,<br>געהאט נאר טשוט־טשוט א חסרון. —

איהר מיינט דאָך, קאָניעטשנאָ, אָהן אַ קאָפּיקע געלט,
ווי עס ביוואַיעט היינט אויף דער וועלט?
האָט איהר קאַק ראַז ניט געטראָפען:
געלט איז געווען, חתנים געלאָפען,
נאָר איין זאַך דאַרפט איהר וויסען —
די כלה איז געווען, איזוויניטע, פּעררייסען,
ראַזבאַרמשיווע, הייסט עס, אַ שרעק,
פּריוועראַדליווע און קאַפּריזנע אָהן איין עק:
„איך בין דאָך, זאָגט זי, רב וועלוועל'ס אַ טאָכטער,
וויל איך אַ חתן, פּאָ קראַיני מיער, אַ דאָקטאָר,
נישט קיין דאַנטיסט,
קיין פּאַרמאַצעווט, קיין שלים־מזל,
אָדער אַ דאָקטאָר אַ ציוניסט,
וואָס זאָל פּאָהרען קיין באַזעל.
ניין! אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ הויכען ברונעט,
וואָס זאָל האָבען אויף די נאַלעווקים אַ רייכען קאַבינעט,
און אַרויספּאָהרען מיט'ן קנאַק,
און הייסען זאָל ער פּאַל אָדער זשאַק!"...
אָדנים סלאָוואָם, ס'איז געגאַנגען אַ גאַנג,
און געצויגען זיך לאַנג,
שדכנים האָבען געאַרבייט, טעריאַיעט די כחות,
געקלאַפּט טעלעגראַמעס, געלאָמעט די מוחות.
נאָר אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ הויכען ברונעט,
וואָס זאָל האָבען אויף די נאַלעווקים אַ רייכען קאַבינעט,
און אַרויספּאָהרען מיט'ן קנאַק,
און זאָל הייסען פּאַל אָדער זשאַק —
האָבען זיי, ק'נעסטשאַסטיו, נישט געפונען,
חאָטש לעג זיך און שטאַרב, גהע אַראָפּ פונ'ם זינען!
דער איז איהר צו יונג, דער איז צו שען,
דער איז צו הויך, דער איז צו קליין.

און דער וואָס געפעלט,
האָט אין זיך קאַפּריזען:
ער ליעטשיט אָהן געלד,
געחאַפּט אין ציוניזם.
מעזשדו טיעם לויפען די יאָהרען:
מיידלעך ווערען עלטער,
חתנים ווערען קעלטער.
און אַ באַרישני איז נישט קיין ווייַן:
זי מעג זיין ווי אַבראַזאָוועט, ווי פיין,
נאָר קוים ווערד זי אַלט, ראַז האָט זי צרות,
פערלירט זי — דאָס ווייסט איהר אַליין —
איהר גאַנצע סימפּאַטיע, איהר מיידעלשען חן,
און טויג שוין אויף אַ טישטשע כפרות"...

*

נו, ווי געפעלט דיר מיין באַסני? אַלע טראָגען זיך אַרום מיט איהר אין מאַריענבאַד. אַ סך האָבען זי אויסגעלערענט אויף אויס־ווענינ. און וואָס קאַסאַיעט זיך דער יאַמאַיטשיכע אַליין, האָט מען מיר פּערעדאַיעט פון איהר נאָמען, אַז מיין ראַדסטוועניצע סאָבּיראַ־יעט זיך דיר שרייבען אַ בריעף ווענען מיר. אַ פּאָטאָמו זאָלסט דו וויסען, אַז וואָס זי וועט דיר שרייבען אויף מיר, איז שוא ושקר. און אויב עס וועט זיך דיר מאַכען, וועסט זיין אויף דער חלאָדנע אוליצע, חאַפּ זיך אַריין אין דער רעדאַקציע און געב זיי איבער די באַסני, לאָזען זיי זי נאַפּעטשאַטעווען, נאָר מיט איין אוסלאָוויע: מיין נאָמען זאָלען זיי נישט אַרויסשטעלען. ס'איז מיר נישט לאָווקע, ווייל ס'איז אויף זשאַרגאָן...

דיינער, דושאַי אי טיעלאָם,

מ א ר ק ד א ו ו י ד א ו ו י ט ש מ א ר י א מ ט ש י ק.

.14

חוה'לע טשאפניק פון מאריענבאד צו איהר מאן בערעל טשאפניק אויף די נאלעווקים אין ווארשא.

ליעבער בערנארד!

דו דארפסט מיר פערצייהען, וואס איך האב דיר די גאנצע צייט געשריבען נאר געלד און געלד. איך בין שולדיג געוועז, אז די האר זענען נישט מיינע. איצט האב איך מיך שוין אביסעל ארומגעצאהלט און דאנק דיר פיעל מאל, וואס דו האסט זיך געשטויסען מיר ארויסשיקען דאס געלד טעלעגראפיש. אנישט, ווייס איך נישט, וואס איך וואלט געטהאן. מאריענבאד איז א פוסטקע. אהן א שיעור ווארשעווער דאמען, מייסטענס פון די נא־לעווקים, און ס'איז נישטא, ביי וועמען זיך די הענד צעפיהרען. אויך מיר דאמען! איינס און איינס. איך האב שוין, גלויב מיר, קיין זייטען פון זיי. זאלסט זעהען זייערע פיהרעכטסען דא, זייער אנטהון זיך, זייער ארט לעבען. זאלסט הערען זייערע געשפרע־כען, זאג איך דיר, אז מע קאן מאכען פון זיי א בוך. וואס זאג איך א בוך? צעהן ביכער! וואו זענען אט די אלע שרייבערס, וואס שרייבען אזוי שען אויף די גאזעטען? פאר וואס קומען זיי נישט אהער, אין די קוראָרטען, אין די בעדער: קיין מאריענבאד, קיין קארלסבאד, פראנצענסבאד, קיין וויסבאדען, עמס, קראנץ אדער אסטענדע, חאטש אויף איין זומער, וואלטען זיי דאך געהאט שטאף נאכדעם אויף דריי ווינטערען!

אשטייגער, נעם מיין קרובה, בעלצי קורלענדער. כלומרשט א גביר'טע און א ציטעריגע ביי איהר מאן, דעם קורלענדער שוטה. זי וואלט געקאנט, דאכט מיר, שטעהן אין מאריענבאד ווי א מענש, און לעבען ווי א מענש, און עסען ווי א מענש. זאלסט דו זעהען, האט זי זיך געדונגען א צימערעל אין האטעל — א שטייג, וואו מע דארף האלטען עופות, אונטער'ן סאמע דאך. עס באקט אזוי אז

דורכ׳ן טאָג די זון, אַז מע דאַרף דריי מאָל אַ נאַכט חלש׳ען פאַר היץ. עס קאָסט אָבער וואָלוועל. דערפאַר, אַז זי קומט־אַרויס אין דער פריה צום ברונען, גערט זי אָנגעטהאָן אַזוי שרייענדיג שען, מיט אַזוי פיעל שמוק און בריליאַנטען, אַז די דייטשען מיינען, אַז דאָס איז אָדער אַ רוסישע פירשטין, אָדער אַ שאַנסאָנעטין. היינט זאָלסט דו זעהען איהר עסען אין כשר׳ען רעסטאָראַן. פון אַ פערטעל עוף הייסט זי זיך בעהאַלטען אַ שטיקעל אויף דער נאַכט. עס פלאַמט מיר פשוט דאָס פנים פאַר׳ן קעלנער. אנומעלטען האָט זי זיך גע־הייסען דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער, האָט מען איהר אויפגעעפענט אַ פלעשעל „ניסהילבער“. אַז ס׳איז געקומען צו דער רעכענונג און זי האָט דערהערט, אַז מע הייסט זיך בעצאָהלען פאַר דאָס גלאָז וואַ־סער, איז זי געוואָרען אָנגעצונדען! אַ גליק, וואָס איך בין מיט איהר געזעסען ביי איין טישעל, האָב איך איהר אויף פויליש אויפ־געקלערט, זי זאָל בעצאָהלען און מאַכען אַ שווייג, וואָרום עס קאָן דערפון אַרויס אַ סקאַנדאַל. וויפיעל מאָל מיר זיצען אין קאַפע „ענגערלענדער“, האָט זיך נאָך נישט געטראָפען, אַז זי זאָל בע־צאָהלען פאַר דער טיי. אָדער חיים סאָראָקער צאָהלט, אָדער אונזער אָדעסיט מאיר׳על מאַריאַמטשיק. דיביידע קאַוואַליערסטוועווען מיט איהר אויף וואָס די וועלט שטעהט, און זי נעמט דאָס אָן פאַר גוט געלד, און מאַכט זיי ביידען אַזעלכע חנ׳דלעך, אַז מע קאָן שטאַרבען! אַצינד איז שוין דאָ אַ דריטער, וואָס צאָהלט. עפּיס איינער אַ קעשעניעווער דאַנטיסט, וואָס שדכנ׳ט זיך צו יאַמאַיטשי־כע׳ס טעכטער. די יאַמאַיטשיכע איז דאָ אין מאַריענבאַד מיט אַלע דריי טעכטער און זוכט חתנים מיט ליכט, יאָגט זיך נאָך זיי אין די גאַסען און שלעפּט זיי פאַר די פּאָלעס. דער קעשעניעווער פראַנט איז אָבער קיין נאַר נישט. נדן וויל ער טאַקי זאָל איהם געבען די יאַמאַיטשיכע, און שמייכלען זאָל צו איהם בעלצי. יאַמאַיטשיכע אָבער גיט אַכטונג. יאַמאַיטשיכע איז נישט אַזאַ אידינע, וואָס מע נאַרט זי. זי האָט איין אויג, וואָס זעהט, און אַ נאָז, וואָס שמעקט. זי שמעקט אָן אַ זאַך פאַר אַ מייל. זי ווייסט אַקוראַט פון

דער ערשטער מינוט, וועלכער בחור ס'איז אַ חתן און וועלכער נישט. איך האָב געוואָלט זיך אַריינלעגן אין אַ שידוך פאַר איהר עלטערער טאָכטער מיט איינעם אַ מאָסקווער יובעלירער, זעהר אַ רייכער יונגערמאַן און וואַרפט מיט געלד. האָט זי מיר באַלד געזאָגט: „נשמה'ניו, זאָגט זי, ס'איז נישט פאַר מיר קיין חתן, זאָגט זי; זיין כלה, זאָגט זי, איז אין קיעוו; אָט וועט איהר זעהען, זאָגט זי, אַז היינט־מאָרגען איז אַ וואָרט". און אַזוי ווי זי איז געווען דערביי. דער שדכן סווירסקי האָט זיך שוין בעריהמט פאַר מיר, אַז ער האָט היינט אין דער פריה צענויפגעפיהרט צוויי שטעדט, מאָסקווע מיט קיעוו, און פערדיענט דערביי אַ שענע מטבע. אָט דער סווירסקי פערדיענט דאָ שטיקער גאָלד! זאָלסט זיך נישט בייזערען אויף מיר, טייערער, וואָס איך בין געוואָרען אַ שדכנ'טע אויף אַ ווייַלע. איך ווייס, אַז עס קומט דיר אָן נישט גרינג. עס טריקענט דיר גוט דער מח, ביז דו שיקסט מיר אַרויס געלד, האָב איך געוואָלט דיר קומען צו הילף. און אגב ווילט זיך מיר טאַקי אַ טובה טהון דער יאַמאַיטשיכע. פאַר וואָס נישט? יענע חלש'ט, געהט אויס אַ שידוך! און ס'איז טאַקי אַ מצוה אויך. שוין צייט... בלעבען, די יאַמאַיטשיכע איז, ווי דו קוקסט זי אָן, אַ סך לייטישער פון איהר קרוב, דעם אָדעסער שאַרלאַטאַן מאיר'על מאַריאַמטשיק, און אַפילו פון מיין קרובה די גביר'טע, איך מיין טאַקי בעלצי. איך ווייז איהר דיין בריעף, וואו דו שרייבסט מיר, אַז נאָך שבת שיקסט דו מיר אַרויס געלד, ווערד זי רויט, דערנאָך בלאַס, און שווערט זיך, אַז זי האָט נישט אַפילו קיין צעהן קרוין, ווערענד איך ווייס, — חיים סאַראָקער אַליין האָט מיר געזאָגט — אַז ער האָט איהר ערשט נעכטען אַרויסגעגעבען אויף איהר מאַנ'ס רעכענונג פינף הונדערט קרוין נאָך מיט עפּיס. פון די לייט קאָן מען זיך דערוואַרעמען. בראָני לויפּערמאַן, אַז זי דערזעהט מיך נאָר, הויבט זי שוין אָן צו בעקלאָגען זיך אויף איהר מאַן, אַז ער שיקט איהר קיין געלד נישט. זאָג איך צו איהר: „ווער פרעגט אייך, און אַקעגען וואָס דערצעהלט איהר עס מיר?" זאָגט זי, אַז זי

דערצעהלט עס גלאט אזוי, אקעגען איהר מאן, וואס די גאנצע וועלט ווייסט, אז ער האט געוואונען אויף דער לאטעריע, פאר וואס זשע זאל ער איהר נישט שיקען געלד צו דער צייט?... איך ווייס, און אלע ווייסען, אז ס'איז שוא ושקר. איהר חבר'טארין און איהר פריינדין לאה'צי ברויכשטוהל האט מיר איבערגעגעבען בסוד סודות, אז זי האט אליין געזעהען ביי בראני'ן א פול בייטעלע מיט גאלד, און שווערט מיט שבועות. אוודאי דארף זי מיר דערצעהלען, און אז נישט, הייסט עס, ווייס איך נישט!... פרעג איך דיך, איז נישט גלייבער, אז די יאמאיטשיכע האט מיר אפגעענטפערט גלייך, אהן חנ'דלעך און אהן חכמות: „נשמה'ניו, זאגט זי מיר, זאלט איהר מיר געזונד זיין, זאגט זי, ביי מיר וועט איהר, זאגט זי, קיין געלד, זאגט זי, נישט לייהען, וואָרום איך וועל אייך נישט לייהען, זאגט זי. איהר ווייסט אליין, זאגט זי, אז אייער מאן, זאגט זי, זאל געזונד זיין, איז גענוג שולדיג מיין מאן. אויב איהר ווילט, זאגט זי, פערדיענען שענע עטליכע הונדערט קרוין, העלפט מיר צו מיט'ן קעשעניעווער שידוך". העלף איך איהר, ווי ווייט איך קאן. איך רעד איהם צו, דעם קעשעניעווער דאנטיסט, ער זאל זיך שוין ער־קלערען צו יאמאיטשיכע'ס א טאכטער, און איין עק זאל עס האָ־בען! זאגט ער: „עס האט נאך צייט. לאזען זיי נאך אביסעל צו־וואכסען"... א ריינער אומגליק: אלע ווייסען, אז יאמאיטשיכע'ס טעכטער זענען נישט זשעדנע אין קיין יאהרען...

דערווייל שארט זיך אט דער קעשעניעווער פויגעל ארום מיין בעלצי'ן און מיינט, אז דא חאפט ער דעם טאטער. האב איך איהם געגעבען אנצוהערעניש, אז ס'איז אומזיסט זיין טרחה, וואָרום אט יאס שענע ווייבעלע, זאג איך איהם, וואס פיסקעלט זיך, און חנ'ט זיך, בענשט, נישט דא געדאכט, אלע ערב שבת ליכט און טראגט, נישט פאר מיר געדאכט, זאג איך, א פרעמדען שיניאן אויפ'ן קאפ... איז ער אבער אזוי פערברענט אין איהר, אז ס'איז איהם גארנישט אפצוווענדען! איך ווייס נישט, וואס מיט איהר איז, מיט אט דער בעלצי'ן: וואו ערגיץ א מאנספארשוין איז ער נאך איהר די כפרה,

און מעהר פון אלעמען, דאכט מיר, אט די צוויי שוואגערס: חיים סאראקער און דער אדעסער מאריאמטשיק. מילא, מאריאמטשיק איז געווען א שארלאטאן, אז ער איז נאך געוועזען אין אדעס. אבער חיים סאראקער, א איד א סוחר, האט שוין דערוואכסענע קינדער! דו מיינסט, איך האב איהם נישט געפרעגט? „ווי שעמט איהר זיך נישט, זאג איך איהם, א איד, א טאטע פון קינדער, נאכ־לויפען, ווי אייער שוואגער, דער אדעסער שארלאטאן, נאך שענע ווייבלעך? דערויף איז ער דאך, זאג איך, איין ארעסיט און הייסט, זאג איך, מארק דאווידאוויטש"...

א שענעם נאמען האט דא אט דער מארק דאווידאוויטש. ער מעג זיך בענראבען, און עס וואלט געווען א מצוה, אז זיין חנצי זאל עס וויסען. איך וואלט זעהר נעוואלט דערלעבען און דעם ארעסים א נקמה, נאר דערפאר, וואס ער בערעדט דיך פון קאפ ביז פיס. ער שווערט, אז זיין חנצי שרייבט איהם, אז זי האט געזעהען ביי אסתר סאראקער א בריוועל, וואס חיים סאראקער האט איהר צוגעשיקט פון מאריענבאד. דאס בריוועל איז געשריבען פון שלמה קורלענדער פון ווארשא צו חיים סאראקער קיין מאריענבאד. שטעהט דארט געשריבען המנ'ס מסירות אויף דיר, בערנארד, און אויף מיר און אויף אונז ביידען. עס שטעהט דארט בעשריבען אפילו די וועטשערינקע, וואס צו מיין געבורטסטאג, און אז דו האסט נישט בעצאהלט העקסעלמאנ'ען פאר דער וועטשערע, און אז דו ביזט גע־זעסען ביי שלמה'ן אין דער דירה און נישט אפגעצאהלט איהם קיין דירה־געלד פאר א גאנץ יאהר, און אז דו זיצסט שוין צוואנציג יאהר אין ווארשא און קיינער וויסט נישט, ווער דו ביזט און וואס דו ביזט און מיט וואס דו בעשעפטיגסט זיך. און נאך אזעלכע זאכען שרייבט ער אויף דיר. און מארק דאווידאוויטש פוילט זיך נישט און ווייזט אלעמען זיין חנצי'ס בריוועל. דערפאר וואס אט דער אדעסער שארלאטאן געהט דא ארום און קלאפט מיט דער צונג אויף דיר און אויף מיר און אויף אונז ביידען, וואלט געווען א גרויסער יושר, אז דו זאלסט איהם דארט צושטעלען א בענקעלע

פאַר זיין חנצי'ן, עס זאָל איהם אַזעלכעס פּערגעהן, אַז ער זאָל פּער־געסען אָן אונז. און אַ בענקעלע קאָנסט דו איהם צושטעלען זעהר אַ שענס. איך שיק דיר דאָ זיינע אַ פּאָר ליעבע־צעטעלעך, וואָס ער האָט געהאַט געשריבען דאָ אין מאַריענבאַד צו צוויי נאַלעווקער ווייבלעך, צו דער שערענצים און צו דער פּעקעלים. געבאַך כשר'ע נשמות. ביי אונז אויף די נאַלעווקים געהען זיי אַלע שבת אין דער פריה אין שוהל אַריין דאַוונען, און בייטאָג אין זאַקסישען גאָרטען, נישט אַליין, מיט זייערע איטשע־מייערס; נאָר די איטשע־מייערס בלייבען אויף יענער זייט, וואָרום מע לאָזט זיי נישט אַריין איבער די לאַנגע קאָפּאָטקעלעך. דאָ האָבען די דאָזיגע צנועות אַראָפּגע־וואָרפען, זאָלסט זעהן, די פּאַריקלעך און ווילען געניסען מאַריענ־באַדער פּערגעניגען און ווייסען נישט ווי אַזוי. מיר האָבען זיי זיך פּערטרויט, ווי פּאַר איין אייגענער שוועסטער, און מעגסט זיי גלויבען אויף נאמנות, אַז ווייטער פון די בריוולעך איז ביי זיי נישט געגאַנגען. איך בין דיר ערב פּאַר זיי, ווי פּאַר זיך אַליין, און טאַקי די בריוולעך אַליין זענען דער בעסטער בעוויז. נאָר איינס צום אַנדערען געהער זיך נישט אָן. ס'איז נויטיג, ווי אין לעבען אַריין, אַז מאיר'על'ס ווייב, הנצי, זאָל די דאָזיגע ליעבע־צעטעלעך זעהן און אַביסעל קלויבען נחת פון איהר תכשיט... איך מיין, אַז זי וועט באַלד דערקענען איהר מאַרק דאַווידאָוויטש'עס האַנדשריפט מיט זיין אַדעסער אידיש, און לאָז זי זיך נאָר גוט צוקוקען צום דאַטום, אַז די צעטעלעך זענען געשריבען געוואָרען נישט פּאַר חמעלניצקי'ס צייטען חלילה, און נישט אין אַדעס אויפ'ן לימאַן, נאָר היינטיגען זומער, טאַקי דאָ אין מאַריענבאַד. זאָלסט נאָר זעהען אַזוי, אַז אויסער הנצי'ן זאָל קיינער דערפון נישט וויסען, וואָרום די צעטעלעך זענען פּערטרויט געוואָרען נאָר מיר, און איך האָב זיי געגעבען מיין עהרענוואָרט, אַז קיין פויגעל וועט נישט וויסען. זיי מיר געזונד, בערנאַרד. איך ערוואַרט פון דיר גוטע נאַכריכטען און פּערבלייב דיין דיך ליעבענדע פרוי

חוה טשאַפּניק.

.15

פאַיו מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו דער מאַדאַם שערענצים און מאַדאַם פעקעלים אין מאַריענבאַד.

אויב איך אַשיבאַיע מיך נישט, האָבען מיר זיך מיט אייך זוכטרעטים פּאַראַיאָהרען אין וואַרשאַ אין שווייצאַרסקי דאָלינע אויף אַ אידישען ליטעראַטורנע וועטשער. אַ סימן: איהר זענט געזעסען אין צווייען מיט אייער פּאָדרוגע און האָט זיך געשמאָלצען פאַר געלעכטער. ס'איז געווען דעמאָלט דער „זיידע“ פון אונזער אָדעס, און וואַרשאַ האָט איהם געטשעסטעוועט. נאָך אַ סימן: איך בין צוגעגאַנגען צו אייך דעמאָלט און האָב אייך אַ פרעג געגעבען אויף רוסיש: „פּאַזוואָלטי אוזנאַט פּריטשינו וואַשיי ראַדאָסטי?“ האָט איהר מיר געענטפערט האַלב אויף פּויליש, האַלב אויף רוסיש: „דליאַ טעגאָ משטאָ נאַם וועסאָלאָ“. און איהר האָט זיך איבערגעקוקט מיט אייער פּאָדרוגע, און אַך! איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען דעם בלעסק פון אייערע שענע אויגען!... גאָכדעם זענען מיר געגאַנגען אין דרייען — געדענקט איהר — פון די לאַזענקים ביז יערוסאַלימסקי אַלעע און אַביסעל ווייטער. איך האָב געבאָלטאַיעט, דערצעהלט אַנעקדאָטען, און איהר האָט געלאַכט... און נאָכדעם האָט איהר מיך געבעטען, איך זאָל אייך אָפּסטאַוועט. האָב איך אייך אָפּסטאַוועט, נאָר מיט איין אוסלאָוויע, אַז מיר זאָלען זיך ווסטרעטשאַיען נאָך אַ מאָל. איצט, אַז מיר האָבען זיך ווסטרעטיט ביי'ם קרייצברון, האָט איהר זיך געמאַכט גלייך ווי מיר זענען גאָרנישט זנאַקאָמע... איך האָב זיך באַלד געשטויסען, אַז עס פּאַסט אייך נישט מסתמא פאַר פּאָסטאָראָני. און דאָס איז די פּריטשינע, וואָס איך אַבראַשטשאַיע זיך צו אייך דורך אַ זאַפּיסקע. איהר קאָנט אייך גאָרנישט פּרעדסטאַווען, ווי ווייט איהר האָט זיך ביידע איזמעניאַיעט, קאָניעטשנאָ, צו גוטען. איך זאָל וויסען, אַז מיינע ווערטער וועלען נישט קלינגען ווי אַ קאָמ־

פּלימענט, וואָלט איך אייך געזאָגט פּאַ סעקרעטו, אַז איך וויים נישט, ווער פון אייך ביידע איז יונגער און ווער איז שענער. עס איז בעשערט געוועזן, אַז אונזער צווייטע ווסרעטשע זאָל זיין זאַגראַניצע, און איך בין זעהר ראַד. וואָרום זאַגראַניצע איז נישט וואַרשאַ, און מאַריענבאַד איז נישט די נאַלעווקיס. איך פּאָזדראַווע אייך און אייער פּאַדרוגע מאַדאַם פּעקעלים מיט אייער פּריעזד קיין מאַריענבאַד. און איך בעט אייך, איהר זאָלט זיין אַזוי ליובעזנע צונעמען פון מיר דעם בוקעט פון פרישע ראָזעס אינאיינעם מיט מיינע בעסטע פּאָזשעלאַניעס.

אייער פּאָקאָרני סלוגאַ

מ אַ ר ק ד אַ װ י ד אָ װ י ט ש מ אַ ר י אַ מ ט ש י ק.

---

.16

מאיר מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו דער מאַדאַם שערענציס און מאַדאַם פּעקעלים אין מאַריענבאַד.

אָטשען ראַד, וואָס איהר האָט מיך פערשטאַנען, נאָר איהר אָשיבאַיעט זיך, אויב איהר פּרינימאַיעט עס פאַר אַ קאָמפּלימענט. איך אוווערעיע אייך, אַז איך בין וואָבשטשע אַ מענש אַ איס-קרענער. אַלע אַדעסיטען זענען אַזוי. ביי אונז אין אָדעס זענען נישט פּאַרהאַן קיין דוואוליטשנאָסטען. און וואָס איהר נאַמיעקע-וועט אויף מיין דאַילני ראָדסטווענניצע, אויף דער יאַמאַימשיבע און אויף דער מאַדאַם טשאַפּניק און נאָך אַזעלכע... (דאָ איז אויסגע-מעקט אַ וואָרט), איז ביי מיר נאַפּליעוואַט! אַ קוראָרט איז נאַ-זנאַטשעט געוואָרען אויף ראַזוולעטשעניעס, נישט אויף מאָראַל. איך זעה נישט אַיין אין דעם קיין שום פּרעסטופּלעניע, וואָס איהר ווסטרעטשאַיעט זיך מיט אַיין אָבראַזאָוואַטען מענשען. זאָגט מיר,

פּאָזשאַלאָסטאַ, פאַר וואָס קומט אייך, איהר זאָלט סטראַדאַיען מעהר פאַר דער גאַנצער וועלט? פאַר וואָס איז ביי אונז אין אָדעס יעדע זשענשטשינע סוואָבאָדנע און ווייסט נישט פון קיין ראַבסטוואָ? איך בין וואָזמושטשאָן, זאָג איך אייך, דאָ גלוביני דושי אי אָב־ראַטנאָ! נאָר אויב איהר ווילט, מיר זאָלען ראַזסווזשדאַיען וועגען דעם מעהר פּאָדראָבנע, זייט היינט פון דריי ביז פיער אין „קאַפּע־מיניאָן", וואָרום אין „קאַפּע־ענגעךלענדער" איז צופיעל האַרמידער, נאָך ערגער ווי ביי אייך אין ווארשאָ אויף די נאַלעווקים. ווענען האָט איהר דאָרט נישט געזעהען?

מיט דער גרעסטער ניעטערפּעניע וואַרט איך אויף אייך ביידען. גריסט דער מאַדאַם פּעקעלים.

מ. ד. מ.

---

.17

מאיר מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו דער מאַדאַם שערענציס און מאַדאַם פּעקעלים אין מאַריענבאַד.

נאַפּראַסנע האָט איהר מיך פּאָדאָזרעוואַיעט. איך פּערזיכער אייך, אַז דאָס, וואָס איך האָב אייך געזאָגט היינט ביי'ם ברונען, איז ווייט פון אַ קאָמפּלימענט. איהר מעגט מיר גלויבען פּאָסאָ־וועסטי. איך ציעניווע אין יעדער זשענשטשינע וואָפּערוויך שכל, וואָווטאָריך טאַקט, און ווטרעטיך אָבראַזאָוואַניע. איך האָב מיט אייך ווינציג גערעדט, אָבער גלויבט מיר: איך קען אייך ביידען אַזוי אָסנאָוואַטעלנע, גלייך ווי מיר וואָלטען זיין זנאַקאָמע פון יאָהרען. און דאָס, וואָס איהר מיינט, אַז איך בין רעוונױווע, — די מאַדאַם פּעקעלים האָט מיר דאָס צוויי מאָל נאַמיעקעוועט — שווער איך אייך, אַז איהר אָשיבאַיעט זיך. איך האָב נאָר גע־זאָגט: וואָס האָט אַזאַ קעשעניעווער גאוס, אַזאַ פּראָווינציאַל,

צו אוחאַזשעווען נאָך אונזערע נאַלעווקער ווייבלעך? און דאָס, וואָס איך בין אַזוי ליובעזנע מיט דער מאַדאַם קורלענדער, בעדאַרף אייך נישט אודיווליאַען. איך אווועראַיע אייך, אַז איך בין צו יעדער זשענשטשינע אַזוי. ס'איז ביי מיר אַזאַ פּריוויטשקע. אַלע אַדרעסיטען זענען וואָאַבשטשע ועזשליווע און אַטקראָווענע. און איך זאָג אייך אַטקראָווענע, אַז די מאַדאַם קורלענדער איז נישט ווערטה אייער מיזיניעץ. אייך וויים איך, פּאָקראַיני מיעריע, אַז מע האָט אייך נאַוויאַזעוועט צוויי „איטשי־מאַיערס", און איהר סטראַדאַיעט נעבאַך און קומט־אָפּ פּאַר פרעמדע זינד. די מאַדאַם קורלענדער אָבער האָט זיך אַליין פערקויפט צוליעב געלד. און דאָס, וואָס די מאַדאַם פּעקעלים נאַפּאָמינאַיעט מיר אַלע מאָל, אַז איך בין אַ זשענאַטער, איז דאָס, פּאָ מאָיעמו, איין איבעריגער יםרוד. איך אַטריצאַיע דען, אַז איך האָב אַ פרוי? איך זאָג נאָר, אַז דאָס מעשאַיעט מיר נישט צו זיין דרוזשנע מיט שענע קלוגע אָבראַזאָוועטע דאַמאָטשקעס, אויף וויפיעל ס'איז נאָר וואָזמאָזשנע. פּאָלגט מיך, אַ גוטען פריינד, און פּאָלזעוועט זיך מיט אייער פּרעביוואַניע דאָ אין מאַריענבאַד... מעזשדו פּראָטשים, ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך שרייב באַסנים? די מאַדאַם טשאַפּניק, צי די מאַדאַם קורלענדער? און וואָס האָבען זיי אייך געזאָגט? וואו זעהען מיר זיך היינט?

אייער מ. מ.

---

.18

**מאיר מאַריאַמפּאָלער פון מאַריענבאַד צו דער מאַדאַם שערענציס און מאַדאַם פּעקעלים אין מאַריענבאַד.**

אונזער קרוזשאָק אין מאַריענבאַד האָט גערעשעט יעדינאָגלאַסנע, אַז אייער פּריסוטסטוויע איז אַזוי פּריאַטנע, אַז מיר אַסמעליוועו

זיך צו פריגלאַשען אייך אינאיינעם מיט אייער פּאַדרוגע, מאַדאַם פּעקעלים, אויף אונזער פראָגולקע מאָרגען קיין עגער. דאָרט וועלען זיין אַלע אונזערע אינטימע בעקאַנטע, און מיר וועלען פערברענגען די צייט זעהר פריאַטנע. מיר וועלען זיך קאַטאַיען אויף אַ לאָדקע, און איך וועל לייענען מיינע אַ באַסני, וואָס איך האָב סאָטשיניאַעט אויף יאַמאַיטשיכע׳ם טעכטער, און איך נאַדעיע זיך, אַז איך וועל אייך דאָסטאַווען איין אמת׳ע אודאָוואָלסטוויע. איך מיין, אַז ווי באַלד די מאַדאַם קורלענדער סאָגלאַסעט זיך, דאַרפט איהר און אייער פּאָדרוגע זיך אויך סאָגלאַסען. מיר געפינען זיך אין מאַ־ריענבאַד, נישט אין וואַרשאַ אויף די נאַלעווקים, און דאַרפען זיין ווייט פון אַלערליי פּרעדראַזסודקעס.

איך גריס אייך ביידען גאָר פריינדליך.

אייער מאַרק דאַווידאָוויטש מ.

---

.19

שלמה קורלענדער פון די נאַלעוואָקים אין וואַרשאַ צו זיין ווייב בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

לזוגתי היקרה מרת בעלצי שתחי׳.

איך האָב דיין בריעף מקבל געווען און איהם דורכגעלייענט פון אָנהויב ביז׳ן סוף און געטראַכט זיך, אפשר ביזט דו גערעכט? אפשר בין איך טאַקי, ווי דו זאָגסט, אין די זאַכען אויסגעוועבט? אפשר בין איך טאַקי, ווי דו זאָגסט, אַ מענש פון דער אַלטער וועלט און וויים נישט, וואו איין און וואו אויס? מעגליך, אַז איך בין נישט שטאַרק איבערגעשפּיצט, האָטש אפילו די וועלט האַלט מיך, דאַכט זיך, נישט פאַר אַזאַ גרויסען נאַר. מעגליך, אַז דו ביזט גע־רעכט, אַז יעדער פלאַכט און יעדער שמייגער, ער מעג זיין איין

אַלטער בחור, און מעג האָבען ווייספּערלעך אויף דער נאָז, און מעג רייסען פון טוידט און פון לעבעדיג, נאָר קוים זיצט ער אין בערלין, איז ער שוין אַ קאַוואַליער און מעג דערצעהלען פרעמדע ווייבלעך, אַז זיי זענען איהם פון דעם ערשטען טאָג אָן געפעלען, און חאָטש מע זאָגט איהם אין די אויגען, אַז ער איז אַ אידיאָט און אַ נאַחאַל, פון דעסטוועגען איז ער מיך מכבד אויף מאָרגען מיט בוקעטען און מיט בלומען, און איך דאַרף עס אָננעמען פאַר ליעב, און איך טאָר זיי איהם נישט ווארפען אין פנים אריין. מעגליך, אַז דו ביזט גע־רעכט: אַז איך פאָהר אין וואַגאָן, דער רוח ווייסט מיט וועמען, און איך ווייז זיי דאָס קידושין־פינגערעל און זיי האַפּען מיר קושען די האַנד, טאָר איך זיי נישט ברעכען די ביינער, אָדער ארויסוואַרפען פון וואַגאָן, אָדער, לכל הפחות, אריינרופען דעם קאָנדוקטאָר און הייסען ארויספיהרען, נאָר איך דאַרף זיי נאָך, אדרבה, אויסנוצען, זיי זאָלען מיר העלפען ארויסוואַרפען די פּעקלעך פון וואַגאָן, און איך בין מחויב אויסהערען פון זיי בעת־מעשה טויזענד קאָמפּלי־מענטען, וואָס שלאָגען צו דער גאַל... מעגליך, אַז איך בין איין אויסגעוועבטער פון דער אַלטער וועלט און הויב נישט אָן צו פער־שטעהן, אַז עס קומט מיר ארוים אַקעגען אויפ׳ן וואָקזאַל אַ יונגער־מאַן, איין אַדעסיט, וואָס איך ווייס, אַז ער האָט אַ שם פון אַ שאַר־לאַטאַן, און שטעלט זיך אַוועק מיך אויספרעגען ווער איך בין און וואָס איך בין, טאָר איך איהם נישט זאָגען: „ווער זענט איהר, יונגערמאַן, און וואָס זענט איהר?“ ניין, חס ושלום. אדרבה, איך דאַרף איהם מאַכען טאַקי באַלד אויפ׳ן אָרט פאַר אַ קאַוואַליער און אויפזעצען זיך מיט איהם אויף איין פוהר און העצקען זיך מיט איהם פונ׳ם וואָקזאַל ביז׳ן שטאָדט אריין, אַזוי, אַז נישט נאָר די יאַמאַיטשיכע, וואָס בעשטעהט אַליין פאַר אַ גאַנצע וועלט, נאָר טאַקי די גאַנצע וועלט זאָל זעהען, ווי שלמה קורלענדער׳ס ווייבעל פון די נאַלעווקים פאָהרט אין מאַריענבאַד מיט איין אַדעסער שאַר־לאַטאַן פראַנק און פריי, און שטעלט ארוים דער וועלט אַ גרויסע פייג. דאָס אַליין איז אָבער נאָך ווינציג. אַז מאיר׳על שאַרלאַטאַן

איז אַזוי פֿריינדליך און איז זיך מטריח און קומט אַרויס מיך אָפּ־
נעמען פֿון דער באַהן, און העלפֿט מיר ביי׳ם געפּעק, און זעצט זיך
אויף מיט מיר אויף איין פֿוהר, טאָר איך נישט פֿערפֿאַהרען אַהין
וואו איך וויל, חס ושלום! נאָר איך מוז, מע נויט מיך פֿון קהל,
איך זאָל מיך אַפּשטעלען דוקא אינ׳ם אייגענעם האָטעל, וואו דער
אַדעסיט, דוקא מיט איהם געהן אָנקוקען מאַריענבאַד, און דוקא
פֿון איהם לאָזען זיך פֿיהרען אין אַ רעסטאָראַן אַריין, און מסתמא
מיט איהם ביי איין טיש זיך אוועקזעצען עסען, אַזוי, אַז לאָז די
יאַמאַיטשיכע, מיט דער טשאַפּניק, מיט דער לויפּערמאַן, מיט דער
ברויכשטוהל, מיט דער שערענציס, מיט דער פּעקעלים, — דאָס
הייסט, אַלע נאַלעווקים, פֿון איין עק ביז׳ן אַנדערען עק, — לאָזען
זעהען, מיט וועמען שלמה קורלענדער׳ס וויב בעלצי עסט אַ דיי־
טשען וואַרעמעס! און פֿערקעהרט, אַז עס קומט דעם מאַנ׳ס אַ
גוטער פֿריינד און וויל מיר איבערגעבען אַ גרוס פֿון מאַן, דאַרף
איך איהם זעהען וואָס גיכער משלח זיין, וואָרום דעם מאַנ׳ס גוטער
פֿריינד איז דאָך נישט קיין קאַוואַליער, און יענער איז אַ קאַוואַ־
ליער, און איין אַדעסיט, און אַ דזשענטעלמאַן, און גלאַט אַ יונגער־
מאַן אַ תכשיט, וואָס אַבי מע האָט איהם אָפּגעגעבען דאָס נדן,
היינט וואָס געהט איהם אָן אַ ווייב, אַז ס׳איז פֿאַרהאַן אין מאַ־
ריענבאַד שענערע ווייבלעך, עלענדע, וואָס מוזען נעבאַך אויסשטיי־
גען איינע אַליין אין אַ פֿרעמדער שטאָדט, זיך אויפֿזעצען אַליין אויף
אַ פֿוהרעל און פֿערפֿאַהרען אַליין אין אַ האָטעל, און געהן אַליין
אין אַ רעסטאָראַן מיטאָג עסען אָהן אַ שום קאַוואַליער — געשיקט
זיך עס? אי, טאָמער איז יענער איין אויסוואורף פֿון דער נאַטור,
וואָס גאַנץ וואַרשאַ האָט מיט איהם צו טהון — וואָס געהט עס
מיך אָן?

נאָר למאי זאָל איך רעדען, בעלצי היקרה, אויף אַ מענשען
לשון־הרע גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין? אמעהר, נאַ, אָט האָסט
דו דיר דאָ די בריעף פֿון מיין פֿריינד, חיים סאָראָקער, און זעה,
וואָס ער, איין אייגענער שוואָגער, שרייבט אויף דיין שענעם קאַ־

וואַליער און אויף דיין דזשענטעלמאַן, וואָס האָט נישט קיין אַנדער נאָמען ביי אונז אויף די נאַלעווקים, אויסער מאיר'על שאַרלאַטאַן.

איך בין זיכער, בעלצי היקרה, אַז דו וועסט דורכלייענען סאָראָקער'ס בריוועלעך, וועסט דו אַליין זעהן, אַז עס וואָלט פאַר דיר פיעל געזינטער געווען, ווען דו פאָלגסט מיך און האַלטסט זיך בעסער ביי מיינע גוטע פריינד, נישט ביי די אַדעסער שאַרלאַטאַנעס, וואָס וואַרפען אַוועק זייערע ווייבער און פליהען אַרום איבער מאַריענבאַד און קוקען אַרויס, טאָמער דאַרף קומען צו פאָהרען אַ שען ווייבעל, זאָלען זיי זיך אָננעמען איהר קריוודע. און וואָס די יאַמאַיטשיכע וועט דיר דערצעהלען מעשיות אויף מיין פריינד חיים סאָראָקער, אַז ער שפּיעלט טאָג ווי נאַכט אין זעכס-און-זעכציג מיט דיין קרובה חוה'לע טשאַפּניק, זאָג איך דיר, בעלצי היקרה, אַז, ערשטענס, איז דאָס אַ ליגען. און צווייטענס, טאָמער אפילו איז דאָס איין אמת, איז שולדיג אין דעם דיין קרובה, נישט ער. אַ סימן — נאַ זעה, וואָס חיים סאָראָקער שרייבט מיר טאַקי וועגען דעם. זיי מאַכען אַ מאָל אַ זעכס-און-זעכציג, ווייל ס'איז איהם סקוטשנע, נישטאָ מיט וועמען צו שפּיעלען, שפּיעלט ער מיט איהר. נאָר ער וויל אַזוי שפּיעלען מיט איהר, ווי איך וויל טאַנצען, וואָרום, אַז זי פערשפּיעלט, צאָהלט זי נישט. לייען איבער גוט חיים סאָראָקער'ס בריוועלעך, וועסט דו זעהן, וואָס ער שרייבט מיר פון אַלסדינג, ער לאָזט נישט דורך קיין ברעקעל. און אַז דו וועסט איבערלייענען די בריוועלעך, זאָלסט דו זיי מיר אָפּשיקען צוריק, ווייל איך האָב איהם געגעבען מיין עהרען-וואָרט, אַז קיין פויגעל זאָל נישט וויסען, וואָס ער שרייבט מיר.

איך מיין, אַז דו פערשטעהסט אַליין, אַז ער איז גערעכט, וואָס ער שרייבט מיר, וואָרום ער איז מיר אַ גוטער פריינד באמת און איז שוין נישט קיין „אויסגעוועבטער". ער איז שוין יאָ אַ קלוגער מענש און אַ פּראַקטישער. ער פערשטעהט שוין דוקא יאָ, וואו איין און וואו אויס. על-כן בעט איך דיך, בעלצי היקרה, זאָלסט, למען השם, ווי נאָר דו וועסט ערהאַלטען דעם דאָזיגען בריעף,

באַלד זעהען זיך מיט מיין פריינד חיים סאַראַקער, איהם נישט דערצעהלען, וואָס און ווען, ער זאָל גאָר אַפילו ניט איבערקלערען, אַז דו ווייסט פון זיינע בריוולעך צו מיר. זאָלסט איהר נאָר לאָזען גריסען פון מיר גאָר פריינדליך, און זאָלסט נעמען געלד ביי איהם אויף מיין רעכענונג, וויפיעל דו בעדאַרפסט. זאָלסט זיך נישט קווייקלען אין דער סומע, נאָך אַ פינף־און־צוואַנציגער און נאָך אַ פופציגער. ממה־נפשך — עס קאָסט שוין אַזוי פיעל!... זאָלסט נאָר געדענקען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איך זשאַלעווע דיר, חלילה, נישט דעם גראָשען דאָרט, וואו עס געהט אין דיין געזונד, וואָרום סוף־כל־סוף איז מיר דיין געזונד טייערער פון אַלץ אויף דער וועלט.

גם זיי וויסען, בעלצי היקרה, אַז עס איז געווען ביי מיר אַ גאַסט, דיין פעטער משה פון ראַדעם, און האָט מיך אָפּגענודעט אַ גאַנצען טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט. ער וויל, איך זאָל איהם געבען אַ שטעלע ביי מיר אין דעם נייעם הויז. האָב איך איהם געגעבען אַ פיינע נדבה. האָט ער קיין נדבה נישט געוואָלט נעמען. ער איז נישט קיין מקבל, זאָגט ער, און, חלילה, נישט קיין מחזיר על הפתחים. ער וויל, זאָגט ער, כשר פערדיענען זיין שטיקעל ברויט. ווייס איך נישט, וואָס ער מיינט „כשר“, און וואָס מע טהוט מיט איהם. און פון דיין פעטער נחמן פון קוטנע האָב איך געהאַט אַ בריעף, שרייבט ער, אַז ער איז אָפּגעברענט געוואָרען אין דער גרויסער שרפה, אַרויס מיט ווייב און קינדער ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, און בעט הילף. האָב איך איהם אַרויסגעשיקט וויפיעל איך האָב געקאָנט, חאָטש, דעם אמת זאָגענדיג, איך לייען צייטונגען, איך האָב אין ערגיץ נישט געזעהען, אַז קוטנע זאָל האָבען געהאַט אָפּגעברענט. הכלל, געלד געהט אַזוי ווי רויך, און דירה־געלד, ביז מע רייסט־אַרויס ביי די לאָקאַטאָרען, קומט־אָן מיט ווערים. און דאָס נייע הויז האָט מיך שוין אַריינגעשלעפּט אַזוי ווייט, אַז איך פיהל, גלייך ווי איך טרינק מיך. נאָר זאָלסט נישט איבערטראַכטען, אַז איך שרייב דיר התנצלות, בכדי ס'זאָל ביי דיר

ווינציגער אוועקגעהן. חס וחלילה! זאָלסט דיר נישט אָפּזאָגען פון קיין זאַך. רק זאָלסט זיך היטען פון שלעכטע מענשען, פון לעדיגגעהערס, פון שאַרלאַטאַנעס, וואָס האָבען נישט אין זינען זייערע אייגענע ווייבער און קוקען אויף שענערע. און זאָלסט דיך אַנהאַלטען בעסער אָן מיינע אמת'ע גוטע פריינד, און זאָלסט אָפּהיטען די קור, און זאָלסט מיר זיין געזונד, און קומען געזונדערהייד, אם ירצה השם, אהיים, ווי עס ווינשט דיר באמת

בעלך שלמה קורלענדער.

---

.20

אסתר סאַראַקער פון די נאַלעווקים אין וואַרשאַ צו איהר מאַן חיים סאַראַקער אין מאַריענבאַד.

ליעבער חיים!

עס וואונדערט מיך, וואָס איך האָב שוין לאַנג פון דיר קיין שום ידיעה. פון יענעם בריעף אָן, וואו דו בעקלאָגסט זיך אויף דעם „וויסטען" מאַריענבאַד, אַז ס'איז דאָרט נישטאָ וואָס צו טהון, ביזט דו מיט אַ מאָל אַנשווויגען געוואָרען, וועהרענד צו אַנדערע, האָב איך געהערט זאָגען, שרייבסט דו זעהר אָפט און זעהר אַ סך... איך ווער געוואָהר דורך פרעמדע, אַז דו ביזט דאָרט, מיט גאָט'ס הילף, אַ קאַוואַליער אין דעם מאַריענבאַד, וואָס פערמאָגט, ווי איך האָב געהערט זאָגען, אַזוי ווינציג מאַנספּאַרשוינען און אַזוי פיעל פרויענצימערס! איך דענק, חיים, אַז עס דאַרף צו זיין גאַנץ אַנגענעהם זיך פיהלען, ווי מע זאָגט ביי אונז, „איין זכר אין מאָסקווע"... אמת, מע דאַרף זיין דערצו זעהר געשיקט און מע מוז בעזיצען געוויסע פעהיגקייטען צו קאָנען יוצא זיין פאַר אַזוי פיעל דאַמען, קיין

עין־הרע... נאָר נישט פון דעם רעד איך. דו ווייסט, חיים, אז איך בין נישט אזוי דום, איך זאָל זיין אייפערזיכטיג, ווי אַנדערע פרויען, ווי מיין שוועסטער חנצי, למשל, אז אַך און וועה איז צו איהר מזל, זי האָט אויך גוטע גרוסען פון מאַריענבאַד. גוטע פריינד שלאָפען נישט, געבען זיך מיה צושטעלען איהר אַלע מאָל נייע סיורפריזען פון איהר תכשיט, בריוולעך און ליעבע־צעטעלעך צו אַלערליי „דושינקעס" און „ליובינקעס". אַ נחת צו האָבען אַזאַ שוואָגער, ווי אונזער מאַרק, און אַ תענוג איז דאָס אַ גרויסער, אַז מע האָט די זכיה איהם פאַר אַ מאַן צו האָבען. ווען דו זאָלסט זיין אין דער היים, וואָלטען מיר אינאיינעם פאָרט געזעהען עפּיס איין עצה, וואָס טהוט מען מיט דעם פּאַרפּאָלק, אַ ביטערער רחמנות אויף מיין שוועסטער! אפשר וואָלטען מיר דאָס פּאָרעל אָפּגע'גט, טראָץ דעם, וואָס חנצי איז אין איהם צו די צרות פערליעבט, זאָגט, אַז זי קאָן אָהן איהם נישט לעבען. פערפינסטערט איז זי געוואָרען! האָב קיין פּאַראיבעל נישט, חיים, וואָס איך דול דיר אַ קאָפּ. ווי טאָר איך פון דיר פערלאַנגען, אַז דו זאָלסט אין זינען האָבען פּאַ־מיליען־זאַכען, אַז דו האָסט אויף זיך דאָרטען אזוי פיעל פליכטען?... נאָר איך קעהר מיך אום צו דיין בריעף.

דו בעקלאָגסט זיך פאַר מיר, חיים, און בעדויערסט, וואָס דו ביזט נישט קיין שרייבער. ווען דו זאָלסט זיין אַ שרייבער, זאָגסט דו, וואָלסט דו געהאַט פון מאַריענבאַד צו שרייבען און צו שרייבען. וועלטען וואָלסט דו איבערגעקעהרט! איך מיין, אַז דו זאָגסט עס גלאַט אזוי, ווייל דו ביזט זעהר בעשיידען. אומגעקעהרט, איך דאַרף דיר מאַכען אַ קאָמפּלימענט, אַז איך האָב מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיין מאַן זאָל האָבען אַזאַ טאַלאַנט צום שרייבען. דיינע בריעף, חיים, זענען, אָהן אַ טראָפּען חניפה גערעדט, אַ מוס־טער פון אַ בריעפענשטעלער. אויסערדעם, וואָס זיי זענען אזוי שען געשריבען, זענען זיי נאָך דערצו פערשיעדענאַרטיג, יעדער בריעף מיט איין אַנדער טאָן און מיט איין אַנדער אינהאַלט, טראָץ דעם, וואָס זיי זענען אַלע כמעט אין איין און דערזעלבער צייט געשריבען.

צום ביישפּיעל, דיינע בריעף, וואָס דו שרייבסט צו דיין פרוי, זענען נישט אַזעלכע, ווי די, וואָס דו שרייבסט צו דיינע גוטע פריינד. אין די בריעף, וואָס דו שרייבסט צו דיין פרוי, בעקלאָגסט דו דיך אויף דעם „וויסטען" מאַריענבאַד, אַז דו טהוסט נישט קיין זאַך, אויסער דעם, וואָס די דאָקטוירים הייסען דיך. נישט דו עסט, זאָגסט דו, נישט דו זיצסט אויף איין אָרט, נישט דו ריהרסט דיך צו, חס ושלום, צו אַ קאָרט, — מיט איינעם וואָרט, דו „קורירסט" זיך און קומסט נעבאַך אָפּ אויף דער וועלט און ליידסט גלות מאַ־ריענבאַד. וועהרענד דיינע בריעף, וואָס דו שרייבסט צו אַנדערע, זענען אַ סך לעבעדיגער, אַ סך פריילי‌כער, און לייענען זיך, ווי אַ פעליעטאָן. פון דיינע בריוולעך, וואָס דו שרייבסט צו אַנדערע, איז צו זעהען, ערשטענס, אַז דו שטעלסט די דאָקטוירים אַ פייג, און אַז דו עסט, קיין עין־הרע, דוקא מיט אַ רעכטען אַפּעטיט, און שפּיעלסט, דאַנקען גאָט, גאַנצע טעג אָדער אין דרייען פרעפעראַנס אָדער, פּאַר נויט, אין צווייען אין זעכס־און־זעכציג. לאַנג לעבען זאָל די מאַדאַם טשאַפּניק, וואָרום וואָס וואָלט איך געטהאָן, ווען זי זאָל, חס ושלום, אויך נישט זיין אין דעם „וויסטען" מאַריענבאַד? מיט וועמען וואָלסט דו געשפּיעלט אין זעכס־און־זעכציג?... און, צווייטענס, איז צו זעהען פון דיינע בריעף, וואָס דו שרייבסט צו פרעמדע, ווי געטריי דו האָסט גענומען אויף זיך די אויפזיכט אויף יענע אומגליקליכע ווייבלעך נעבאַך, וואָס פאָהרען אַרוים דאָס ער־שטע מאָל אויף דער גרויסער וועלט, און ווי נאָהענט דו נעמסט זיך צום האַרצען, וואָס די דאָזיגע עלענדע ווייבלעך שפּאַציערען אַרום איבער מאַריענבאַד נישט מיט דעם, וואָס מע דאַרף, און געהען אין רעסטאָראַן עסען נישט מיט דעם, וואָס עס פּאַסט פאַר זיי, און שטעהען נישט אין דעם געוווינשטען האָטעל. באשר בכן, דאַרפסט דו אָוועקלעגען דאָס געזונד, איבערפעקלען די פערבלאָנזעטע נשמות אין איין אַנדער האָטעל און למען השם געבען צו וויסען זייערע מאַנען, אַז זיי זאָלען נעבאַך האָבען עגמת־נפש און אויסגעהן מיט אַלע כחות?... ניין, חיים, מפקיר זיין זיך שוין טאַקי גאָר איני־

גאַנצען פון יענעמס וועגען איז אויך נישט כדאַי. דו טאָרסט נישט פערגעסען, אַז דו ביזט אויף דער „קור", דאַרפסט זיך אַזוי נישט אָפּעסען דאָס האַרץ, חיים. גלויב מיר, די עלענדע ווייבלעך וועלען, מיט גאָט'ס הילף, קומען בשלום אַהיים, צו זייערע מאַנען, וואָס האָבען קיין צייט נישט געהאַט און האָבען זיך געאײַלט חתונה האָבען באַלד נאָך שלשים, און איצט ציטערט אויף זיי דאָס לייב, זייערע ווייבלעך זאָלען, חלילה, נישט געשטרויכעלט ווערען... נאַ־רישע מענער! זיי זאָלען מיך פרעגען, וואָלטען זיי בעדאַרפט די דאָזיגע ווייבער לאָזען לויפען. האַלטען צוגעבונדען אויפ'ן שטריק קאָן מען נאָר אַ קוה, און דאָך טרעפט זיך אַ מאָל, אַז זי געהט אין שאָדען...

נאָר מיין נישט, חיים, אַז דאָס, וואָס איך שרייב דיר דאָ אין אַזאַ טאָן, איז, ווייל עס פערדריסט מיך. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין נישט גלייך צו מיין שוועסטער חנצי, וואָס וויינט און קלאָגט אויף איהרע יאָהרע און טעג און פערשעלט זיך דאָס געביין. איך וויל דיר נאָר בעמערקען איין זאַך, אַז די „קור" אין מאַריענ־באַד קאָן נישט געהן גוט, אַז מע פאָלגט נישט דעם דאָקטאָר און אַז מע שפּיעלט גאַנצע טעג אין קאָרטען און מע עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ פאַר פרעמדע ווייבלעך, וואָס מע דאַרף אויף זיי השגחה געבען, זיי זאָלען, חלילה, נישט געהן אין שאָדען...

לייענענדיג, חיים, דיינע שענע גרויסע בריעף, וואָס דו שרייבסט צו דיינע „גוטע פריינד", האָב איך מיך דערמאַנט אין די אַמאָליגע גליקליכע צייטען, וואָס וועלען זיך שוין ליידער קיינמאָל נישט אומ־קעהרען... אַמאָל, געדענק איך, פלעגסט דו מיר אויך שרייבען גרוי־סע ליעבע האַרציגע בריעף; היינט שרייבסט דו אַזעלכע בריעף צו אַנדערע, און מיך פּטר'סט דו אָפּ מיט עטליכע שורות, אָדער עס געהען־אַוועק וואָכען און דו שרייבסט גאָרנישט. נאָר שאַ, איך האָב גאָר פערגעסען אַז דו האָסט קיין צייט נישט. האָסט נעבאָך אויף זיך אַזוי פיעל זאָרגען אין דעם „וויסטען" מאַריענבאַד, דער אויבערשטער זאָל טאַקי שומר ומציל זיין אַלע אידען!...

זיי געזונד, חיים, און פערגעס נישט פון דעסטוועגען מיר אויך אמאל אריינווארפען א בריוועל האטש פון יוצא וועגען. לאז זיך דיר דאכטען, עלעהיי איך בין אויך פון די „גוטע פריינד" דיינע, וואס דו שרייבסט צו זיי אפט און א סך, אמת בסוד סודות... און איך ווינש דיר ערפאלג אין זעכס־און־זעכציג און אין פרעפע־ראנס, אזוי ווי אין אלע דיינע איבעריגע מאריענבאדער געשעפטען און אונטערנעמונגען...

**אסתר.**

---

## .21

**די יאפאיטשיכע פון מאריענבאד צו איהר מאן וועלוועל יאמאיקער אויף די נאלעווקיס אין ווארשא.**

וועלוועל! וואס פרעסט דו די נשמה אונז זעצסט מיט בריעף, איך זאל דיר שרייבען און שרייבען? איך שרייב דאך דיר, דאכט מיר, אלע וואך, אז ס'איז דערווייל נישטא גארנישט וואס צו שריי־בען, ווארום מיר זענען אין מאריענבאד, נישט אין קארלסבאד. און איך שרייב דיר, וועלוועל, אז עס בלאזט דערויף, אז מיר זאלען שוין דא בלייבען ווינטערען אין מאריענבאד, און לאזען אונזערע שונאים שוין אזוי לעבען, ווי איך וועל דא עפּיס מאכען. און אלץ איבער וועמען? איבער דיר מיט דיין עקשנות און מיט דיין שכל הישר, וואס וועט אונז פערפיהרען אלעמען, הלואי איך זאל ליגען זאגען, דער שווארץ יאהר ווייסט וואוהין, ווארום אז מאמער וואלט איך שוין געווען פארטיג האטש מיט איינעם, איך מיין מיט'ן ביאליסטאקער, איז ביז איך האב זיך א קעהר געגעבען, איז דער־ווייל אונטערגעשפרונגען באזעל. א היץ אין באזעל, א קאנגרעס פון ציוניסטען. האט דאס איהם אוועקגעטראגען קיין באזעל מיט נאך עטליכע יונגע לייט און בחורים, וואס זענען צום מיינסטען אויף מיין פינסטער מזל אלע ציוניסטען. א גליק האטש, וואס דער

קעשעניעווער פון קעשעניעוו איז נישט קיין ציוניסט. ער לאַכט פון די ציוניסטען. ער זאָגט, אַז ס'איז נאָר איין אָנשטעל. פּונקט ווי די, וואָס פאָהרען זיך קורירען. דער גאַנצער מיין, זאָגט ער, איז חתנים און כלות. ווי באַלד אַזוי, טהוט מיר טאַקי באַנג, פאַר וואָס בין איך געפאָהרען קיין מאריענבאַד און נישט קיין באַזעל. ווען איך וויים פריהער פון אַ קאָנגרעס און פון אַ באַזעל, וואָלט איך בעסער געפאָהרען קיין באַזעל, ווארום די גאַנצע וועלט, זאָגט מען, וועט זיין אין באַזעל. און איך שרייב דיר, ווען לוועל, אַז איך וויים פריהער, וואָס דו וועסט מיר דערויף שרייבען. דו וועסט מיר שרייבען, איך זאָל דיר נישט שרייבען פון באַזעל, ווארום נאָך דיין שכל הישר קומט דאָך אוים תמיד קאַפּויר, מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פים אַרויף. דערפאַר וויל איך דיר גאָרנישט שרייבען פון באַזעל, ווארום איידער דיך איבערשפּאַרען איז שוין גרינגער איבער־טראָגען מאריענבאַד אויף די נאַלעווקים, אָדער די נאַלעווקים קיין מאריענבאַד. און איך שרייב דיר, ווען לוועל, אַז דו וועסט זיין ערגער פון ערגער, אַז דו וועסט זיך נישט זעהען דאָרטען מיט די איטשע־מייערם, איך מיין הירש לויפּערמאַנ'ען, קלמן ברויכשטוהל, יצחק־מאיר שערענצים און יצחק־מאיר פּעקעלים, און דער עיקר מיט שלמה קורלענדער, און פרעגען ביי זיי, וואָס איז די גדולה, וואָס זיי האָבען אוועקגעשיקט זייערע ווייבער אויף הפקר און אַליין זענען זיי געבליבען אין דער היים? פאַר וואָס זאָלען זיי בעסער נישט קומען אהער צו פאָהרען האָטש קלייבען נחת, זעהען, ווי זייערע ווייבער פערנעמען זיך דערמיט, וואָס זיי האַפּען איבער פרעמדע חתנים, רעדען־אָפּ יונגע לייט, אַז זיי זאָלען נישט חתונה האָבען. מע איז זיך אָביסעל אָנגעפאָהרען אהער! קלאָמפּערשט אויף דער „קור" ! ווער מיר קור? אַז טאָג ווי נאַכט נאָר מע זוכט קאַוואַליערען. אַ בחור איז אַ בחור, איין אַלמן איז איין אַלמן, אַ גרוש איז אַ גרוש, אַ בעווייבטער איז אויך גוט, אַבי אַ זכר. זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פים — נאַ דיר אַ באָד. ביז מע דערלעבט צו זעהען אַ שטיקעל מאַנספּאַרשוין, בע־

פאַלען איהם אונזערע נאַלעווקער ווייבלעך, אַזוי ווי די פליעגען, און מע הויבט־אָן פריהער מיט די פיסקעלעך און מיט די צינגעלעך זיסע רעדעלעך: העטי — פעטי — מעטי — וועטי, און דוקא אויף דייטש, אַנדערש לוינט זיך נישט, און נאָכדעם געהט מען אַלע אינ־איינעם פאַרלעכוויז, קלאָמפּערשט טרינקען קאווע, נאָר דער עיקר'שט איז העטי — פעטי — מעטי — וועטי. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע מאַכט אַ פאָהר־אַרויס ערגיץ העט הינטער דער שטאָדט אַרויס, און דאָרטען אָדער מע געהט אין וואַלד, אָדער מע שיפט זיך אויף שיפלעך, אָדער דער שוואַרץ יאָהר ווייסט זיי, וואָס זיי טהוען דאָרטען! און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז דו שרייבסט מיר, איך זאָל דיר שרייבען פונ'ם קעשעניעווער שידוך, וואָס פון קעשעניעוו, — שרייב איך דיר, אַז איך האָב דיר שוין געשריבען. וויפיעל מאָל דאַרף מען דיר שרייבען? הייסען הייסט ער זיידענער, און אַליין איז ער אַ צייהן־דאָקטאָר, און אויפ'ן פּנים איז ער אַ שענער, אַ פאַרשוין קאָן מען זאָגען, און טהוט זיך אָן שען, אַז ס'איז אַ פערגעניגען צו קוקען, אַלסדינג גוט אַרום און אַרום. און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז דער שדכן האָט אַוועקגעשריבען שוין צוויי בריעף קיין קעשעניעוו, מע זאָל איהם שרייבען, ווער און וואָס דער זיידענער איז, שרייבט מען איהם פון דאָרטען, אַז ער איז טאַקי אַ צייהן־דאָקטאָר און אַ גוטער צייהן־דאָקטאָר, שרייבט מען, און האָט זעהר אַ שענעם קאַבינעט, און איז זעהר אָנגענומען, און פערדיענט זעהר שען געלד, שרייבט מען. און מע זעהט טאַקי, אַז געלד איז ביי איהם בלאָטע, און ער רעדט אפילו גאָרנישט פון קיין געלד, ווי אַנדערע, למשל, דער ביאַליסטאָקער, וואָס דינגט זיך מיט מיר שוין פון צוויי וואָכען, ווי איבער אַיין אָכם. דאָס הייסט, נישט ער דינגט זיך, נאָר דער שדכן דינגט זיך. און אַליין שטעהט ער כלומר'שט ביי דער זייט, ער מישט זיך נישט, הייסט עס, אין אַזעלכע זאַכען... און איך שרייב דיר, וועלוועל, אַז דער קעשע־ניעווער דאַנטיסט געפעלט מיר זעהר. איך רעכען אַוועקגעבען איהם נאָך דער חתונה אונזער יענקלען, טאָמער וועט ער איהם מאַכען

פּאָר אַ שטיקעל מענש. און איך שרייב דיר, װעלװועל, אַז דו האָסט נישט װאָס צו זעצען מיט בריעף, אַז איך זאָל דיר שרייבען, װאָרום איך האָב דערווייל גאָרנישט װאָס צו שרייבען. אַז ס'װעט זיין װאָס צו שרייבען, װעל איך דיר אַליין שרייבען, אָדער קלאָפּען אַ דעפּעש, זאָלסט קומען אויפ'ן גרייטען. און איך שרייב דיר, װעל־װעל, אַז איך האָב צוגעשלעפּט צום קעשעניעװער שידוך אונזער טשאַפּניטשקע. לעבען לעבט זי גרויס און קיין געלד האָט זי נישט, האָב איך איהר צוגעשאַרט אַ פּערדיענסטעל. למאַי זאָל דער סוויר־סקי, דער װעלט־שדכן, װאָס איך האָב דיר געשריבען, צונעמען די גאַנצע פּוטער? װאָס װעט מיך אהרען, אַז די טשאַפּניטשקע װעט אויך עפּיס נאַשען? הלואי זאָל זיך עס נאָר אויסקייטלען, אם ירצה השם, אין אַ גוטער שעה, איך זאָל דיר קאָנען שרייבען נייעס. און איך שרייב דיר, װעלװעל, זאָלסט זיך מאַכען צייט און למען־השם זיך זעהען דאָרטען מיט לויפּערמאַנ'ען און מיט ברױכשטוהל'ען, און דער עיקר מיט דעם קורלענדער אָכס, און איהם אויפּעפּענען דעם מוח אויף זיין בעלצי'ן, אַז ס'איז גלייבער, ער זאָל בעסער אַכטונג געבען אויף זיין װייב איידער אויף זיינע הייזער. די הייזער װעט דער רוח נישט נעמען, און זיין בעלצי מאַכט דאָ חנ'דלעך מיט פּרעמדע חתנים און מיט פּרעמדע מאַנען, װעלכע שלאָגען זיך גאָר פּאַר איהר, װי פּאַר עפּיס רעכטס. ס'איז חולשי חלשות, אַ בזיון מיט אַ האַרצװעהטיג אינאיינעם. װאָרום װען נישט אָט די נאַלעװקער װייבלעך, װאָלט אָט דער קעשעניעװער שידוך שוין לאַנג געװען אַ שידוך. און איך שרייב דיר, װעלװעל, אַז איך קאָן דיר גאָר אַזוי פיעל נישט אַרויסשרייבען, און זיי געזונד, און גרים די קינדער, יענקלען און מענדלען, גאָר פריינדליך.

**פון מיר דיין פרוי פּ ע ר ע ל י אַ מ אַ י ק ע ר.**

---

.22

**חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו זיין פריינד שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקיס אין וואַרשע.**

**ידידי!**

איך וואָלט דיר בעדאַרפט אָפּשפּיעלען אַ פריהמאָרגען גאָר אויף איין אַנדער אופן. אָדער נאָך בעסער וואָלט געווען, איך זאָל דיר גאָרנישט שרייבען, וואָרום דו ביזט דאָס נישט ווערטה. אויף אַזאַ פּרא־אָדם, ווי דו, אָהן ביידע זאַכען: אָהן שכל און אָהן יושר, איז אָסור לרחם! אז די וועלט זאָגט, אַז די קורלענדער זענען חכמים בלילה, איז דאָס, אַפּנים, נישט אומזיסט. אַ וועלט איז נישט משוגע.

איך פרעג דיך אַליין, ביזט דו נישט קיין פערד, חאָטש דו ביזט שוין אַ איד קרוב צו ששים: בערעכען דיך, אויב דו האָסט נאָך אַ שטיקעל קלעפּקע אין קאָפּ, וואָס האָסט דו געטהאָן? דו געהסט און שרייבסט מיר אריין אַ בריעף אַזוי און אַזוי, און בעטסט מיך רחמים, עס האָט דיך געטראָפען אַ צרה, דיין בעלצי פאָהרט קיין מאַריענבאַד דאָס ערשטע מאָל אויף איהר לעבען און קען נישט די שפּראַך און ווייסט נישט, ווער עס האָט זי געשלייערט, על־כן זאָל איך זי מקרב זיין, אויף איהר השגחה געבען, אויסלייהען איהר געלד און נאָך אַזעלכע זאַכען. און דו אַליין לעגסט מיר נאָך אריין אַ פינגער אין מויל אריין, איך זאָל זעהן, אַז זי זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט פון איהר קרובה, חוה'לע טשאַפּניק, און כדומה אַזעלכע זאַכען. און בעטסט מיך נאָך אַליין, ס'זאָל זיין בסוד. און איך בין אַזאַ שוטה, און גלויב דיר, וואָס דו שרייבסט מיר, און האָב אויף דיר רחמנות, און שרייב דיר אַוועק אַ בריעף און נאָך אַ בריעף, און געב דיר איבער אַלסדינג מיט אַלע פּישטשעווקעס,

און זאָג דיר אָן צעהן מאָל, אזוי ווי דו שרייבסט מיר בסוד, אזוי אויך דאָס, וואָס איך שרייב צו דיר, בעדארף זיין א הייליגער סוד, וואָס נאָר צווישען אונזביידען זאָל עס בלייבען, און קיין פויגעל זאָל נישט וויסען אפילו, אז דו שרייבסט צו מיר און אז איך שרייב צו דיר. לסוף וואָס טהוט אזא חכם, ווי דו? געהסט דו, קורלענדער אינדיק וואָס דו ביזט, און טראָגסט אוועק מיינע בריעף גלייך צו מיין אסתר׳ען, — ביזט דו נישט ווערטה, אז מע זאָל דיך אנידערלעגען אין מיטען די נאַלעווקיס און אָפּציטבלען דיך, ווי עס געהער צו זיין, אָדער שניידען פון דיר פּאַסען? איך פרעג דיך, משוגענער לעקיש, ווער טהוט עס? דאָס טהוט דאָך נישט דער ערגסטער הולטיי שבהולטייעס! נישט אומזיסט זאָגט די וועלט א ווערטעל, אז א נאַר איז טויזענד מאָל ערגער פון א הולטיי. ניין, איך פרעג דיך איין אנדער קשיא: וועלכער רוח האָט דיך געטראָגען, אז דו זאָלסט זיך צו מיר אָנשלאָגען מיט דיין בעלצי׳ן? און וואָס געהט מיך אָן, צי דיין בעלצי פּאָהרט דאָס ערשטע מאָל קיין מאַריענבאַד, צי דאָס לעצטע מאָל? ווער האָט געבענגט נאָך איהר אָט דאָ אין מאַריענבאַד און ווער האָט ארויסגעקוקט אויף איהר, א חוץ מיין שוואָגעריק, דער שאַרלאַטאַן? ווייס זשע, דו קורלענדער בהמה, אז דיין בעלצי איז דאָ, חלילה, נישט קיין עלענדע; א חוץ מיין שוואָגעריק, דעם אדעסער תכשיט, טאַנצען ארום איהר נאָך שאַרלאַטאַנעס, און מעהר פון אלעמען איינער א קעשעניעווער פּראַנט מיט ווייסע הויזען, א דאַנטיסט, וואָס האָט בעדארפט די טעג א חתן ווערען. די מאַדאַם טשאַפּניק איז געוועזן די גאַנצע שדכנ׳טע און געזאָלט האָפּען דערביי א גראָבס, נאָר ס׳איז צו־נישט געוואָרען, מע ווייסט נישט איבער וואָס, מע האַלט דאָס בסוד. נאָר דיין בעלצי ווייסט פונ׳ם סוד, וואָרום קיינער איז מיט איהם אזוי נישט נאָהענט, ווי דיין בעלצי... זיי שפּאַציערען ארום שטענדיג אינאיינעם, טרינקען אין איין צייט דאָס וואַסער ביי׳ם ברונען, און עסען אין רעסטאָראַן ביי איין טיש... האָט דאָס מסתמא רעכט פערדראָסען מיין שוואָגעריק דעם אדעסיט.

האָט ער זיך זאַטשעפּעט מיט'ן קעשעניעווער דאַנטיסט, האָט איהם דער דאַנטיסט געשיקט זאָגען, אז ער רופט איהם אַרויס אויף אַ דועל, און עס וויעגט זיך מאַריענבאַד, און די וועלט געהט חאָדאָראָם! מיט איין וואָרט, ס'איז אַ גאַנצער ראָמאַן, און דיין בעלצי איז פון איהם די העלדין, און דו זיצסט אויף די נאַלעווקים און היטסט די הייזער. הימ־הימ, קורלענדער לעמעשקע, זיי זאָלען נישט אַנטלויפען! פאַר דיין בעלצי'ן זאָלסט דו דיך נישט זאָרגען. זי וועט נישט פערפאַלען ווערען. איך האָב געהערט זאָגען, אז זי פאָהרט אַריבער פון דאַנצען אין איין אַנדער באַד. וואוהין — ווייס איך נישט. איך האָב געהערט, אז קיין אָסטענדע. און זי מהוט זעהר גלייך. משנה מקום, משנה מזל... יעדענפאַלס, דאַרפסט דו קיין יסורים נישט האָבען. זי פאָהרט נישט אַליין. זי פאָהרט איינצווייען... נאָר וואָס געהט עס מיך אָן? פון מיינעטוועגען מעגען זיי פאָהרען אַפּילו אין דרייען. וואָרום, אז דו האָסט געקאָנט האָבען אין זיך אַזאַ יושר און געהן ווייזען מיין אַסתר'ען די בריעף, וואָס איך שרייב צו דיר בחדר"ג, ביזט דו אַ פּעטאַך און איין אַלטער בעזעם און אַ שמינדער בגעץ און אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, און ביזט נישט ווערטה, וואָס די ערד טראָגט דיך, און איך וויל מיט דיר מעהר קיין מגע־ומשא נישט האָבען!

איך וואָלט דיר, אייגענטליך, געקאָנט שרייבען איצטער נייעס און נייעס, טאַקי פון בעלצי'ן מיט דעם דאָזיגען קעשעניעווער פויגעל... נאָר איך וויל מיך שוין מעהר נישט אַריינמישען אין אַזעלכע עסקים און וויל אַפּילו אין דיינע ד' אמות נישט שטעהן! געננוג. איך האָב מיך שוין אָפּגעבריהט מיט דיר איין מאָל — מעגסט שוין איבערגעהן אויף אַנדערע הענד. מיך זאָלסט דו מעהר נישט פרעגען גאָרנישט, און נישט שרייבען צו מיר, וואָרום איך וועל דיר נישט ענטפערען. איך בין שוין מעהר נישט דיין בעל־יועץ מיט דיין בעל־סוד, און דול מיר נישט קיין קאָפּ און דרעה מיר נישט קיין ספּאַדיק. איך וויל דיך נישט קענען, אַזוי ווי איך האָב דיך נישט געקענט.

דאָס געלד, וואָס איך האָב דאָ געגעבען דיין בעלצי'ן אויף דיין רעכענונג, קאָנסט דו מיר אָפּשיקען אַהער, אויב דו ווילסט, און אז נישט, וועסט דו מיר בעצאָהלען אין וואַרשאַ, אחת ואחת. נישׁ־קשה, ביזט ביי מיר אַ בטוח. און אפשר וועסט דו מיר נישט וועלען צאָהלען פאַר דיין בעלצי'ן? אדרבה, לאָז דיר גאָט געבען אַזאַ מחשבה. איך האָב דיין בריעף, וואו דו שרייבסט מיר בפירוש, איך זאָל אַרויסגעבען דיין ווייב געלד אויף דיין רעכענונג, וויען נאָר זי וועט בעדאַרפען און וויפיעל זי וועט פאָדערען. און לאָמיר זעהען, דו זאָלסט אָפּלייקענען, וועסט דו נאָך האָבען בזיונות אויך, וואָרום איך וועל דיין בריעף געבען איבערזעצען אויף רוּ־סיש, — ער איז ביי מיר אַ דאָקומענט...

און האָרך אויס, חכם מיינער, אַזוי ווי דו ביזט, ווי איך זעה, אַ מענש, וואָס דו קאָנסט נישט האַלטען קיין סוד אין זיך, וועסט דו דאָך אוודאי וועלען אָפּטראָגען מיין ווייב, וואָס איך שרייב צו דיר אצינד, זאָג איך דיר, אז דו קאָנסט דאָס טהון מיט'ן גרעסטען כבוד. נאָר איידער איך געזעגען מיך אָפּ מיט דיר, דאַרף איך דיר נאָך אַ מאָל זאָגען אָפּענטליך, אז דו ביזט אַ קורלענדער לעמעשקע, און איין אָפּגעריסענער נאַר, און אַ שמענדריק, און אַ בהמה בצורת פערד, און אַ דאָס, וואָס מע טאָר נישט אויסזאָגען...

פון מיר דיין געוועזענער גוטער פריינד, וואָס דו ביזט נישט ווערטה זיין פּאָדמעטקע.

חיים סאַראַקער.

---

23.

שלמה קורלענדער פון די נאַלעווקיס אין וואַרשאַ צו זיין פריינד חיים סאַראַקער אין מאַריענבאַד.

לכבוד ידידי היקר מוהר"ר חיים נ"י.

ווי בוימעל אויפ'ן פייער און ווי זאַלץ אויף אַ וואונד, אַזוי איז געווען דיין בריעף צו מיר. וואָס האָט מיר צוגעלעגט צו מיינע צרות

נאָך אַ צרה און צו מיין עגמת־נפש, וואָס איך האָב, נאָך מעהר עגמת־נפש, אַז ממש איך געה אַרום אָהן אַ קאָפּ, און ווייס שוין גאָרנישט, וואָס איך זאָל טהון. לא־די, וואָס איך האָב אַזעלכע גוטע ידיעות פון מאַריענבאַד, בעדאַרף איך נאָך האָבען חרפּות־בושות פון דיין אסתר'ען, און עס דאַרף מיר פּלאַמען דאָס פּנים פאַר אַ בערעל טשאַפּניק, וואָס איך היט זיך פאַר איהם, ווי פאַר פייער. איך זאָל נעמען אויסדערצעהלען דיר מיין געשוואָלען האַרץ, מיט די צרות און געבראָטענע לייד, וואָס איך שטעה־אויס פון זינט מיין בעלצי איז אין מאַריענבאַד, וואָלט איך געהאַט דיר צו שרייבען און צו שרייבען. נאָר דו האָסט נישט פערדיענט ביי מיר, חיים, איך זאָל דיר אפילו ענטפערען אויף דיינע זידלערייען און זלזולים. ווי מיר האָבען היינט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט, אַז דו ביזט קענגען מיר אומגערעכט אַרום און אַרום, און אַז דו ווערסט איבערלייענען מיין בריעף, ווערסט דו אַליין זאָגען, אַז דו האָסט געהאַנדעלט אַקעגען מיר נישט ווי אַ גוטער פריינד און איין אָרענט־ליכער מאַן, נאָר ווי אַ שונא און ווי אַ נידרעטרעכטיגער מענש מיט אַ פערדאָרבענעם כאַראַקטער. נאָר לאָמיר געהן בההדרגה און לאָמיר דיר אָפּענטפערען פריהער אויף דיין בריעף, על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון.

מילא, וואָס דו זידעלסט מיך, ווי אַ יאַטקע־אידינע, און רופסט מיך אָן מיט אַזעלכע נעמען, וואָס מע האָט נאָך נישט געהערט צווי־שען סעדיכעס אויף דער זשעליאַזנע בראַמע, — דאָס בין איך דיר מוחל. איך געפין אויף דיר אַ זכות — מסתמא האָסט דו בעקומען אַ רעכטע פּאָרציע פון דיין אסתר'ען, וואָס ס'איז איהר נעבאַך וויסט אויפ'ן האַרצען, ביזט דו געגאַנגען און האָסט אויסגעלאָזט דעם גאַנצען צאָרן אויף מיר, חאָטש גאָט איז יודע דעם אמת, אַז איך בין ריין, איך זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס. און לאָם איך אַזוי דערלעבען זעהן מיין בעלצי'ן בקרוב צוריק אין וואַרשאַ, — ס'איז ביי מיר אַ גוטע שבועה, — ווי איך האָב נישט מזכיר געווען פאַר דיין אסתר'ען קיין חצי דבור פון דיינע בריוולעך צו מיר אָדער

פון מיינע בריוולעך צו דיר. אָסור, אויב איך הויב אָן צו פֿער־שטעהן, ווי אַזוי קומען זיי צו דיין אסתר'ען? אדרבה, איך האָב שוין לאַנג חושד געווען דיך, אַז דו האָסט דיין אסתר'ען מיינע בריעף צו דיר יאָ בעוויזען, וואָרום פון וואַנען דען ווייסט דיין אסתר, אַז איך האָב דיר פֿערטרויט מיין בעלצי'ן אין מאַריענבאַד, אַז דו זאָלסט אויף איהר השגחה געבען, אויסלייהען געלד און נאָך אַזעלכע זאַכען? איך קום צו געהן איינמאָל צו דיר אַהיים זעהען, וואָס מאַכט דיין אסתר, און איבערגעבען איהר אַ גרוס פון מיין בעלצי'ן, רופט זיך אָן צו מיר דיין אסתר: „איהר האָט נישט גע־האַט, זאָגט זי, אין מאַריענבאַד קיין נעהענטערען גוטען פריינד, זאָגט זי, איהר זאָלט איהם מאַכען פאַר איין אָפּעקון, זאָגט זי, אויף אייער בעלצי'ן, אַ חוץ מיין חיים'ען?“... איך האָב באַלד פֿער־שטאַנען, וואוהין דער ווינד בלאָזט, נאָר איך האָב מיך אָנגענומען מיט הארץ און האָב איהר אָפּגעענטפערט: „זאָלט איהר מיר גע־זונד זיין, זאָג איך, געבען אייער מאַן איין אָנווייזונג אויף געלד, זאָג איך, ווערד שוין אָנגערופען ביי אייך, זאָג איך, אָפּעקון?“ הערט זי מיך אויס און מאַכט צו מיר: „ווייסט איהר וואָס, רב שלמה? לאָמיר, זאָגט זי, דערפון נישט רעדען מעהר“...

נאָך אַזעלכע רעד דאַרף מען זיין, דאַכט מיר, אַ לעהמענער גולם, אַז מע זאָל נישט פֿערשטעהן, אַז אָדער דו האָסט איהר איבערגעשיקט מיינע בריעף, וואָס איך האָב צו דיר געשריבען, אָדער דו האָסט איהר גלאַט אַזוי איבערגעגעבען אַלסדינג, וואָס איך האָב דיר געשריבען וועגען מיין בעלצי'ן, חאָטש איך פֿערשטעה נישט, צו וואָסער אַ צוועק? נאָך אַ סימן האָב איך געהאַט, אַז דיין אסתר ווייסט פון מיינע בריעף צו דיר: אַז איך האָב געהאַלטען שוין ביי אַוועקצוגעהן, רופט זיך אָן צו מיר דיין אסתר: „לאָזט גריסען אייער בעלצי'ן, און שרייבט איהר, אַז זי וועט פאָהרען צוריק פון מאַריענ־באַד, זאָגט זי, איבער בערלין און וועט זיין ביי ווערטהיימער'ען, זאָל זי מיר אויך, זאָגט זי, אין זינען האָבען“... פון וואַנען ווייסט דיין אסתר, אַז מיין בעלצי איז געווען ביי ווערטהיימער'ען? אַ

נביא'טע איז זי, צי א פויגעלע האָט עס איהר געבראַכט צו טראָ־
גען פון מאַריענבאַד?

נאָר דאָס אַליין וואָלט געווען א האַלבע צרה. האָסט מיר גע־
וואָלט פערשוואַרצען דאָס פּנים פאַר דיין אסתר'ען, ביזט דו גע־
גאַנגען און האָסט איבערגעגעבען אַזעלכעס, וואָס דו האָסט נישט
געטאָרט איהר איבערגעבען בשום אופן. נאָר גאָרנישט. אָפּגעטהאָן,
איז פערפאַלען. וואָס האָסט דו אָבער געהאַט צו מיר, זאָלסט מיר
אָנשיקען אויף מיין קאָפּ א נייעם אומגליק? איך רעד פון בערעל
טשאַפּניק. פון וואַנען ווייסט עס אָט דער אַפּעריסט, וואָס איך
האָב געשריבען צו דיר וועגען איהם און וועגען זיין מאַדאַם, אז זיי
וואָהנען שוין צוואַנציג יאָהר אין וואַרשאָ און קיין בן־אָדם ווייסט
נישט, ווער איז טשאַפּניק, און פון וואַנען לעבט אָט דער טשאַפּניק,
און נאָך אַזעלכע זאַכען? אויף אַזאַ מין אָנשיקעניש האָב איך זיך
קיינמאָל נישט געקאָנט ריכטען. ווי אין איין אויג א שטאָך, אַזוי
היט איך מיך מיט א וואָרט קעגען דעם דאָזיגען אידען, און איך
קאָן געהן שווערען אין טלית און אין קיטעל, אז אויסער דיר האָב
איך וועגען איהם קיינעם קיין שלעכט וואָרט פון מיין מויל נישט
אַרויסגעזאָגט. ער ווייסט נישט, זאָגט ער, וואָס איך האָב צו
איהם? דאַכט זיך, מיר האָבען קיינמאָל, זאָגט ער, זיך נישט גע־
קריעגט. און טאָמער איז געווען צווישען אונז א שטיקעל רעכע־
נונג (דו הערסט? א שטיקעל רעכענונג!) וועגען דירה־געלד, זענען
מיר, זאָגט ער, לעבעדיגע מענשען, ער האָפּט, זאָגט ער, נאָר אין
גיבען, מיט'ן אויבערשטען'ס הילף, זיך צערעכענען מיט אַלעמען,
און מיט מיר צום אַלעם ערשטען, ווייל ער האַלט מיך, ערשטענס,
פאַר א פיינעם און איין אָרענטליכען און א גוטען מענשען מיט א
ווייכען כאַראַקטער (דו הערסט, צי ניין?), און והשנית, זאָגט ער,
זענען מיר דאָך איצטער עפּיס שטיקלעך קרובים...

„קרובים?" — דאָ בין איך שוין געוואָרען אָנגעצונדען. מילא,
א ווייכען כאַראַקטער אז איך האָב און נאָך אַזעלכע זאַכען — קאָן
מען נאָך ווי עס איז אַריבערטראָגען, נאָר אז בערעל טשאַפּניק

האלט שוין ביי אויסרעכענען זיך מיט זיין קרובה׳שאפט — שמעקט דאס שוין געווים מיט א גמילות־חסד. צום סוף לאזט זיך אויסעט, אז איך האב א טעות געהאט. דאס הייסט, מיט א גמילות־חסד האט זיך עס טאקי געענדיגט, נאר דער עיקר׳שט פון זיין ארייגקו־מען, זאגט ער, איז נאר איין זאך: „פאר וואס זאלט איהר מיך האלטען, זאגט ער, שטענדיג אין מויל, זאגט ער, און מיך בערעדען פאר דער גאנצער וועלט, אזוי, אז גאנץ מאריענבאד זאל, זאגט ער, וויסען, אז איך זיץ, זאגט ער, צוואנציג יאהר אין ווארשא און צאהל נישט קיין דירה־געלד, און אז איך צאהל נישט דעם קצב פאר פלייש, זאגט ער, און אפילו העקסעלמאנען פאר דער וועטשערע, זאגט ער, האב איך אויך נישט בעצאהלט?“...

ווי אזוי מיר איז געווען אויפ׳ן הארצען נאך אזעלכע רעד — בעדארף איך דיר נישט דערצעהלען, חיים. דו ביזט דאך שוין נישט קיין קורלענדער, וועסט דו שוין אליין ווי עס איז פערשטעהן מיט דיין אייגענעם שכל. נאר וואס דען? איך פרעג דיך, איז דאס א יושר, נעמען מיינע בריעף, וואס איך שרייב צו דיר בסוד סודות, און בעווייזען זיי דער מאדאם טשאפניק, זי זאל זעהן, וואס איך שרייב צו דיר אויף איהר מאן? און נאך אזא מעשה נורא געהסט דו און טראכסט אוים אויף מיר א בלבול, אז איך האב בעוויזען דיין אסתר׳ען די בריעף, וואס דו שרייבסט צו מיר, און פאלסט אן אויף מיר מיט זידלערייען און בעלעדיגסט מיך, ווי דעם לעצטען שבלעצטען!! ניין, חיים, איך וועל דיך נישט זידלען, אזוי ווי דו זידעלסט מיך. איך בין נישט דו. נאר זאגען וועל איך דיר, אז דו ביזט א נידעריגער מענש מיט א געמיינעם פערדארבענעם כאראק־טער, און דערצו נאך א שטיק משוגע׳ער, א כהן, צווישען כהנים א כהן! און מעהר איז נישטא מיט דיר וואס צו רעדען. „איין אכם, זאגט מען, האט א לאנגע צונג און קאן קיין שופר נישט בלאזען“...

ידידך שלמה קורלענדער.

.24

א.

חנצי מאריאמטשיק פון די נאלעווקיס אין ווארשא צו איהר מאן מאיר מאריאמ־טשיק אין מאריענבאד.

טייערער מאַרק!

אומזיסט איז דיין טרחה, און דיינע זיסע בריוולעך צו מיר, וואו דו ערקלערסט זיך מיר אין ליעבע, זענען ארויסגעוואָרפען. איך ווייס שוין, צוליעב וואָס דו ביזט געפאָהרען אין אויסלאַנד. איך ווייס שוין, צוליעב וועמען דו האָסט זיך אזוי געריסען קיין מאַ־ריענבאַד. צו שפּעט האָב איך דאָס ערפאַהרען, אז אָך און וועה איז מיר. איך זאָל נישט זיין קיין נאַר, וואָלט איך עס בעדאַרפט ארוים־זעהן א סך פריהער, נישט גלויבען אזא אפּעריסט, ווי דו ביזט, אז דער דאָקטאָר הייסט דיר פאָהרען קיין מאַריענבאַד. איך שיק דיר דאָ, מאַרק, א מתנה — א בריעף, וואָס שלמה קורלענדער שרייבט צו אונזער חיימ׳ען, און א בריעף, וואָס אונזער חיים שרייבט צו זיין פריינד שלמה קורלענדער. פון די דאָזיגע בריוולעך וועסט דו שוין פערשטעהן, פון וואַנען איך ווייס אַלסדינג, וואָס קומט פאָר ביי אייך אין מאַריענבאַד. עס שטעהט מיר פאַר די אויגען די דאָזיגע הולטייקע, וואָס שלמה קורלענדער האָט געבראַכט צו פיהרען די דריטע וואָך נאָך זיין ווייב׳ס טוידט, געגומען זי, א מכּה איהם, ווי זי שטעהט און געהט פאַר איהר שען פענעצעל. אצינד איז שוין רעכט. אצינד פערשטעה איך שוין אַלץ. און זייַ זיכער, מאַרק, אז איך וועל שוין לאַנג דיר נישט שטעהרען. גיך־גיך וועל איך דיר אויפבינדען די הענד. גיך־גיך וועל איך דיך בעפרייען. עס איז געוועזען ביי מיר היינט צוויי מאָל דער דאָקטאָר. ער זאָגט, אז איך בין רעכט קראַנק, אז ס׳איז ביי מיר געריהרט די לעבער, און אז איך בעדאַרף האָבען קאַרלסבאַד, ווי מע בעדאַרף לעבען. נאָר איך וועל קיין קאַרלסבאַד נישט פאָהרען. דו הערסט, מאַרק? אין

דער ערד אַריין וועל איך דיר ליעבער פאַהרען, ניט קיין קאַרלס־באַד, איך זאָל זעהן דאָרט, ווי דו ביזט די כפּרה נאָך אויסגעלאַ־סענע ווייבלעך, ווי דו פליהסט זיי אָפּנעמען פון דער באַהן און ווי דו ברענגסט זיי צו פיהרען צו זיך אויף דער סטאַנציע, און ווי דו שפּאַציערסט מיט זיי איבער מאַריענבאַד, און ווי דו פיהרסט זיי אין קינעמאַטאָגראַפס און אין טהעאַטערס און אין רעסטאָראַנען. וועה, צו וואָס איך האָב מיך דערלעבט! טאַטע־מאַמע זאָלען איצט אויפשטעהן פון קבר און אַ קוק טהון אויף זייער מיזינקע חנצי, וואָס פון איהר איז געוואָרען! פאַר וואָס בין איך נישט אויסגע־דונען ביי דער מאַמע אין בויך, איידער איך האָב דיך דערקענט! אַ בייזער טוידט וואָלט געמעגט קומען אויף דיינע קרובים וועלוועל יאַמאַיקער מיט זיין יאַמאַיטשיכע, וואָס האָבען דיך אויסגעשרי־בען אַהער פון אַדעס! פערשאָלטען וואָלט געמעגט ווערען דער טאָג, וואָס איך האָב מיך מיט דיר געטראָפען! נישט אומזיסט האָט מיר מיין אסתר וויפיעל מאָל געגעבען אָנצוהערעניש, איך זאָל דיר נאָכקוקען, וואוהין דו געהסט און מיט וועמען דו בעגעגענסט זיך אין וואַרשאָ. איך האָב געוואוסט, אַז דו זוכסט פויגעלעך; נאָר געה טרעף, אַז שלמה קורלענדער׳ס ווייבעלע וועט זיך מיט איהם אויפרעדען, מע זאָל פאָהרען אינאיינעם קיין מאַריענבאַד! וואו זענען געוועזען מיינע אויגען? וואו איז געוועזען מיין שכל? און וואָס טראַכסט דו דיר, מאַרק? איך ווייס דיין פּלאַן — גלויב מיר, איך ווייס. איך קאָן דיך אויסגעבונדען. דו רעכענסט, אַז אָט דער קור־לענדער שוטה וועט געוואָהר ווערען פון דיין ראָמאַן, וועט ער מסתמא האַפּען זיך גט׳ען מיט בעלצי׳ן, און דו וועסט זיך גט׳ען מיט מיר, און איהר וועט זיך חתונה האָבען ביידע אין אַ מזל־דיגער שעה? אַ מכה! נישט שלמה וועט גט׳ען זיין ווייבעל, נישט איך וועל נעמען ביי דיר גט. גיכער וועל איך דיר שטאַרבען פון דער לעבער, איידער איך זאָל דיך מיט מיין גוטען ווילען בע־פרייען, זאָלסט קאָנען חאַסלירע האָבען מיט דער פּאַסקודסטווע, וואָס האָט זיך פערקויפט פאַר געלד צו איין אַלטען שקראָב, וועל־

כער האָט עלטערע טעכטער פון איהר! איך שטעל מיר פאָר דיין טרויער, ווען איך נעם און שטאַרב אַוועק, חלילה, דיין וויינען, וואָס דו וועסט זיך אָנוויינען נאָך מיר! איך ווייס גאָרנישט, אויב דו וועסט עס אויסהאַלטען אפילו... פון דעסטוועגען, מאַרק, זיי נאָר נישט אַזוי פריילידָ, וואָרום נישט אַזוי גיך שטאַרב איך דיר. איך וועל דיך נאָך פריהער אַביסעל אָנמוטשען גוט. וועסט ביי מיר פריהער צוקרענקען. גרוי און אַלט וועסט דו ביי מיר ווערען. סיי־דען דו וועסט זיך מיט איהר אויפהויבען, מיט אָט דער כל־בו'ניצע, און אַנטלויפען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַכסט, ערגיץ קיין אמעריקאַ. האָט איהר אָבער קדחת מיט וואָס צו פאָהרען. נישט זי, נישט דו. איהר שיקט דער מאַן געלד דורך אונזער חיים'ען אַלע שעה איין עס־לעפעל, ווי דו זעהסט פון די בריוולעך, וואָס איך שיק דיר דאָ. און דו? דו רעדסט מיך צו, איך זאָל איבערטרעטען מיין חלק ירושה צו חיים'ען און נעמען געלד, בכדי דו זאָלסט האָבען מיט וואָס צו שאַרלאַטאַנעווען. נישט דערהאַרען וועסט דו דאָס! איך האָב בעסער אַרויסגערופען אַהער דיין פאַפּאַשאַ פון אָדעס. היינט־מאָרגען קומט ער צו פאָהרען. לאָז ער זעהען, וואָס פאַר אַ זוהן ער האָט, און לאָז ער אָנקוקען, וואָס דו האָסט פון מיר געמאַכט אין אַזאַ קורצער צייט. אפנים, איך קאָן דען בעווייזען זיך אויף דער גאַס פון בזיון? בערעל טשאַפּניק פון איין זייט און וועלוועל יאַמאַיקער פון דער אַנדערער זייט געהען אַרום און קלאָפּען מיט די צינגער, געבען־אָפּ גרוסען פון דיר און פון מיין שוואָגער חיים און פון אונזערע נאַלעווקער ווייבלעך, וואָס האָבען זיך פערקלויבען מיט אייך קיין מאַריענבאַד און לעבען דאָרט אַ גוטען טאָג. און טאָמער איז קאַרג די בזיונות, וואָס איך האָב פון דיר, מיט'ן האַרצוועהטיג, האָסט דו מיר נאָך בעדאַרפט פערשוואַרצען דאָס פנים פאַר פרעמדע מענשען מיט דיין „פעררישענער כלה“, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט. און איך, שטיא, פאָלג איהם און נעם די „פעררישענע כלה“ און טראָג זי אָפּ אין דער רעדאַקציע, — האָט מען געמאַכט פון מיר אַ בער. מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר גע־

לעבטער און אָפּגעגעבען מיר צוריק. „די מעשה, זאָגען זיי, האָט שוין אַ באָרד“... וואָס זיי מיינען דערמיט — ווייס איך נישט, נאָר איך האָב קוים געטראָפען צו דער טיר. אַ רעשטעל צו די צרות! איצט זיץ איך און קוק־אַרויס אויף דיין פּאַפּאַשאַ, ער זאָל שוין קומען צו פאָהרען, וועט ער דיך אַרויסרופען פון מאַריענבאַד. גע־נוג דיר שוין צו זיצען דאָרטען אין אויסלאַנד אויף דער קור, דו האָסט דיך שוין אויסגעקורירט. קום שוין בעסער, מאַרק, צו פאָה־רען אַהיים צו דיין קראַנקען ווייב, אפשר וועסט דו זי שוין טרע־פען אויפ׳ן טוידטען בעט...

חנצי.

---

.25

דוד מאַריאַמטשיק פון אָדעס צו זיין זוהן מאיר מאַריאַמטשיק אין מאַריענבאַד.

מיין טייערער זוהן מאַרק!

נאָר־וואָס האָב איך בעקומען צוויי בריוולעך פון וואַרשאַ, איז מיר פינסטער געוואָרען אין מיינע אויגען, און איך רוף אויף זיך דעם טוידט. איך ווייס נישט, וואָס דו האָסט צו מיר, וואָס דו פערזאוּמערסט מיר מיין לעבען? גוטע צוויי בריוולעך! זיי קאָנען ביידע אַריינטרייבען אין קבר אריין. איין בריוועל איז פון עפּיס איינעם אַ וואַרשעווער מיט׳ן נאָמען טשאַפּניק. שרייבט ער מיר אַ גאַנצע מגילה, אַז ער האָט אויף דיר אַ בייטש, אַ פּעקעל מיט בריוולעך דיינע, וואָס דו שרייבסט אין מאַריענבאַד צו צוויי יונגע ווייבלעך פון די נאַלעווקיס. ער האָט געוואָלט, שרייבט ער, ווייזען די בריוולעך דיין חנצי׳ן, האָט ער רחמנות אויף איהר, זי זאָל, חלילה, נישט בעקומען דעם שלאַג אויפ׳ן אָרט. זי איז אַזוי אויך, שרייבט ער, אַ קראַנקע נעבאַך. אַלזאָ, שרייבט ער מיר, איך זאָל קומען צו פאָהרען קיין וואַרשאַ, וועט ער מיר די בריוולעך בעוויי־

זען און וועט מיר געבען איין עצה, שרייבט ער, וואָס צו טהון... איך ווייס נישט, ווער דער טשאַפּניק איז. ער שיינט מיר איין אַפּעריסט צו זיין; איך ווייס נישט, ווער די נאַלעווקער ווייבלעך זענען, און איך ווייס נישט, וואָס האָסט דו דאָס מיט זיי פאַר געשעפטען אין מאַריענבאַד. איך ווייס נאָר, אַז דו ביזט מיר מקצר ימים זינט דו ביזט געבוירען געוואָרען אויף דער וועלט. לערנען האָסט דו נישט געוואָלט, און צום געשעפט טויגסט דו נישט; קאָנסט נאָר אויסברענגען געלד און שען אָנטהון זיך און שפּיעלען ביליאַרד, און ווייטער קאָנסט דו גאָרנישט. האָב איך געמיינט: איך וועל דיך חתונה מאַכען, וועסט דו זיך אויסמענטשלען. נישט געזשאַלעוועט דיר קיין נדן, אַריינגעגעבען אין אַ לייטיש הויז, צווי־שען פיינע רייכע לייט. צום סוף זעה איך, אַז דו ביזט דער זעלבער פּרא־אדם, וואָס בחור׳וויז אין אַדעס. איך ווייס גאָרנישט, וואָס דו טראַכסט זיך!

דאָס אַנדערע בריוועל איז פון דיין חנצי. זי רופט מיך קיין וואַרשאָ. איך זאָל, למען השם, שרייבט זי, קומען קיין וואַרשאָ וואָס פריהער. זי האָט, שרייבט זי מיר, אַ בעוויז אויף דיר, אַז דו האָסט זיך אויפגערעדט אין וואַרשאָ מיט עפּיס אַ ווייבעל פון איין אַלטען מאַן און ביזט מיט איהר, שרייבט זי, אַנטלאָפען קיין מאַ־ריענבאַד, און עס האַלט שוין, שרייבט זי, ביי אַ גט. דער אַלטער מאַן, הייסט עס, וויל אָפּ׳גט׳ען זיין ווייבעל, און דאָס ווייבעל, שרייבט זי, צווינגט דיך, אַז דו זאָלסט אָפּ׳גט׳ען חנצי׳ן און חתונה האָבען מיט׳ן ווייבעל — דער רוח ווייסט, וואָס פאַר זאַכען מע שרייבט מיר אויף דיר! און איך האָב עס דערלעבט אַ נחת אויף דער עלטער צו הערען אַזעלכע גוטע בשורות פון דיר. קאָנסט דו פערשטעהן מיין עגמת־נפש מיט מיינע יסורים, אַז ממש איך ווייס נישט, וואָס צו טראַכטען. וואָלט חאָטש די מאַמע דיינע געלעבט אַצינד, וואָלט איך זי אַוועקגעשיקט קיין וואַרשאָ, אָדער איך וואָלט אַליין זיך דורכגעפאָהרען זעהען, וואָס טהוט זיך דאָרט ביי אייך. ווי קאָן איך אָבער אַוועקוואַרפען די געשעפטען, מפקיר זיין די

קינדער סאַמע איצט פאַר זייער אַריינטרעטען אין גימנאַזיע? איך ווייס נישט וואָס פריהער: צי איך זאָל געהן אויף דער בערזע מאַ־כען געשעפטען, צי איך זאָל זעהען אַ חתן פאַר פאַני׳ן, זי איז שוין אַ מיידעל צו לייטען, צי איך זאָל אַ שפיי טהון אויף אַלץ און פאָה־רען קיין וואַרשאַ היילען די צרות, וואָס דו האָסט דאָרטען אָנגע־מאַכט? בערעכען דיך, מאַרק, וואָס וועט זיין פון דיר? שוין צייט, זאָלסט ווערען אַ שטיקעל מענש. שוין צייט, זאָלסט אויפ־הערען טרייבען אין דער ערד אַריין דיין פאָטער

דוד מאַריאַמטשיק.

---

## 26.

דאָקטאָר זיידענער פון מאַריענבאַד צו זיין קאָלעגא אין קישעניעוו.

טייערער קאָלעגא!

וועלכער רוח זיצסט דו אין קעשעניעוו? מע דאַרף זיין אַ רוצח, אַ קוילער, מע זאָל זיצען אין קעשעניעוו, אַז ס׳איז דאָ אַ מאַריענבאַד אויף דער וועלט! פאָלג מיך, קום בעסער צו פאָהרען אַהער קיין מאַריענבאַד, וועסט דו וויסען פון אַ וועלט צו זאָגען. וועסט זיך אַביסעל אויסרוהען, אָפּטרייסלען פון זיך דעם קעשע־ניעוועֶר שטויב, אָנקוקען אַ וועלט און זיך פיהלען גאָר איין אַנדער מענש. איך אַליין בין אַהער געקומען אויך גאַנץ אומגעריכט. איך האָב גאָר געזאָלט פאָהרען קיין עמס אָדער קיין וויסבאַדען. בע־דאַרף זיך טרעפען, אַז איך פאָהר פון וויען אינאיינעם מיט אַ קאָמ־פּאַניע קאָמיוואָיאַזשערען פון לאָדז. דאָס הייסט, איינער איז אַ קאָ־מיוואָיאַזשער, דער אַנדערער איז איין אַפּטייקער, דאכט זיך, אין לאָמזשע. האָבען מיר דעם גאַנצען וועג געהאַקט אין „פינף־הונדערט־איינס". זיי שפּיעלען ביידע „פינף־הונדערט־איינס" אַזוי קונציג, אַז

ס'איז געפעהרליך, איך האָב מורא, אויב זיי זענען נישט קיין שור־ליערס. מיר איז באַלד נישט געפעלען זייער איבערקוקען זיך און זייער שפּראַך. בעת זיי דינגען זיך, רעדען זיי אויף אַ מאָדנער שפּראַך. פרעג איך זיי: „וואָס פאַר אַ שפּראַך איז דאָס, קינדער?“ זאָגען זיי: „לשון־קודש“. און האַקען ווייטער: „ששים ושש“... „מאה וחמישים“... „שלי — שלי“... רוף איך מיך אָן צו זיי: „קינדערלעך, ווילט איהר, מיר זאָלען, זאָג איך, שפּיעלען אין „פינף־הונדערט־איינס“, זאָלט איהר רעדען אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך איהר ווילט, זאָג איך, נאָר נישט קיין לשון־קודש, וואָרום איך בין, זאָג איך, נישט קיין ציוניסט“. לאַכען זיי און הערען אויף צו רע־דען לשון־קודש, נאָר וואַרפען זיך איבער גלאַט מיט מאָדנע ווער־טער. צום ביישפּיעל, אַז איינער פון זיי הויבט אויף די דריי צו־געדעקטע קאָרטען, טהוט ער אַ זאָג: „דאַנקען און לויבען יאָסקי דעם טויבען, איך האָב שוין איינגעהאַנדעלט גוטע דריי קאָרטען — זאָדיק לאַקריץ בנימין“. אָדער: „מזל טוב! איטשעמייער האָט אַ שידוך געטהאָן מיט זיין חעמעלען פאַר דער לודמערער מויד“... איצט ווייס איך שוין דעם פּשט פון די סיגנאַלען, אַז זאָדיק איז צעהנטעל רויט, לאַקריץ — נייענטעל טרעף, בנימין — וואַלעט פּיק, די לודמערער מויד — דאָס איז מלכה שערעל, אי טאַק דאַלי... דער חסרון איז, וואָס איך בין עס געוואָהר געוואָרען ערשט העט־העט, אַז חברה האָבען מיך שוין געהאַט גוט אָפּגערייניגט. פון דעסטוועגען זענען מיר זיך צעגאַנגען דוקא די בעסטע גוטע פריינד, וואָרום איך האָב שוין לאַנג אַזעלכע וואַרעמע יונגלעך און פער־שלעפּטע קרענק נישט בעגעגענט. איינער דערצעהלט אַנעקדאָטען, און דער אַנדערער זינגט ליעדלעך — קאָן מען שטאַרבען. שוין אַז מיר האָבען געהאַלטען ביי צעפאָהרען זיך, איז געוואָרען אַ רעד: „וואוהין פאָהר איך און פון וואַנען?“ זאָג איך: „פון קעשעניעוו קיין עמס“. זאָגען זיי: „נאַראָנים פאָהרען קיין עמס“. זאָג איך: „איך פאָהר נישט קיין עמס, איך פאָהר קיין וויסבאַדען“. זאָגען זיי: „משוגעים פאָהרען קיין וויסבאַדען“. זאָג איך: „און קלוגע

מענשען וואוהין פאָהרען?" זאָגען זיי: „קלוגע מענשען פאָהרען קיין מאַריענבאַד". זאָג איך: „וואָס איז אין מאַריענבאַד?" זאָגען זיי: „וואַרשעווער ווייבלעך". זאָג איך: „מיט וואָס עסט מען דאָס?" זאָגען זיי: „פאָהרט, וועט איהר זעהן". קורץ, פון זייערע רעד און פון זייערע אויגען האָב איך ארויסגעזעהן, אַז מע דאַרף פאָהרען קיין מאַריענבאַד. האָב איך גענומען אַ קאַרטעל און האָב אוועקגעשריבען צו מיין ווייבעלע: אַזוי און אַזוי, זאָלסט מיר נישט שרייבען קיין עמס, זאָלסט מיר שרייבען קיין מאַריענבאַד, וואָרום פאָהרענדיג אין וועג האָב איך מיך בעקענט מיט צוויי בעריהמטע דאָקטוירים, איינער פון זיי איז אַ פּראָפעסאָר, האָבען זיי מיך אויסגעהערט און געזאָגט, אַז די קעשעניעווער דאָקטוירים זענען שוסטערם. עמס, זאָגען זיי, איז פאַר מיר אַ סם און וויסבאַדען אַ טוידט. איך בעדאַרף האָבען, זאָגען זיי, מאַריענבאַד, אַזוי ווי מע בעדאַרף לעבען אויף דער וועלט, און וואָס פריהער איז בעסער, אי טאַק דאַלי...

און אָט אַזוי, ווי דו זעהסט, בין איך אויסגעוואַכסען אין מאַריענבאַד און בין אריין גלייך אין גן־עדן אריין. ווילסט דו דאָך מסתמא, איך זאָל דיר בעשרייבען דעם גן־עדן? אַ מכה! ביזט נישט קראַנק קומען צו פאָהרען אהער. וואָס וועסט דו אויסזיצען אין קעשעניעוו? זאָלסט אָנקוקען ווייבלעך! נישט קיין ווייבלעך, זאָג איך דיר, נאָר פערשקעס, ארץ־ישראל־עפּעלעך. און דוקא אין פאַריקלעך, טהוען זיך אָן אַ סך שענער, ווי אין אָדעס. און אַליין זענען זיי שען, איינע שענער פון דער אַנדערער. פאַרהאַן דאָ איינע איין אתרוג'על. בעלצי רופט מען זי. זאָלסט אַ קוק טהון אויף דעם באַמבאַנטשיקעל, וואָלסט דו זיכער איינגענומען אַ מיתה משונה. איך וועל זי דיר אָפּמאָהלען: אויגעלעך — שוואַרצע קאַרשען, בעקעלעך — רויטע פלוימען, ציינדלעך — ווייסע פערעלעך, אַ נעזעל — אויסגעטאָקט, אַ העלזעל — עלפענביין, און אָנגעטהאָן געהט דאָס — דער רוח זאָל מיך נעמען! בעדאַרף אַזאַ בוטאַנטשיק איינשטעהן, מסתמא, ביי איין אַלטען שטורמאַק. אַלע זענען דאָ

נאָך איהר די כפּרה. און מעהר פון אַלעמען טאַנצט אַרום איהר אײנער אײן אַדעסיט, טאַקי אַ װאַרשעװער אײדעם, מאַריאַמטשיק רופט מען איהם, אַ בעריהמער, אַ ליגנער, װאָס אין דער קאָרט, און זעהט אויס, װי אַ קאַדעט. איך האָב געהאַט מיט איהם אַ שטיקעל אינצידענט. שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען אַ דועל. איבער אַ נאַ־רישקייט, נאָר ס'איז כדאי צו דערצעהלען.

אין מאַריענבאַד איז דאָ אײנע אַ װאַרשעװערין, יאַמאַיטשיכע רופט מען זי. האָט זי דרײ טעכטער, שוין אַ ביסעל איבערגעװאַכ־סענע, האָבען זײ פּעררים־ענע נעזלעך און זוכען חתנים. און אַזױ װי בײ מיר אויף דער נאָז שטעהט נישט אויפגעשריבען, אַז איך בין אַ בעװײבטער, האָבען זײ מיך אָנגענומען פאַר אַ חתן, און די מאַמע מיט די דרײ טעכטער קײכלען מיך, װי אַ בן יחיד. און דער שדכן דולט מיר אַ ספּאָדיק, און אַלע בעקאַנטע האַלטען מיך פאַר אַ חתן און געבען מיר אונטער קוראַזש. מעהר פון אַלע רעדט מיך צו אײנע, אויך פון די װאַרשעװער װײבלעך, אַ רעכטע אַװאַנטור־ריסטקע, רויכערט פּאַפּיראָסלעך און שפּיעלט מיט מאַנסבילען אין פּרעפּעראַנס, מאַדאַם טשאַפּניק רופט מען זי. די דאָזיגע טשאַפּניק דערגעהט מיר די יאָהרען. זי זאָגט, אַז די יאַמאַיטשיכע איז רײך, אַזױ װי קורח, האָט אײגענע מױערען אין װאַרשאַ מיט קלײטען מיט מאַיאָנטקעס, אי טאַק דאַלי. קורץ, מע רעדט מיר אַ שידוך. מאַך איך מיך גע'פגר'ט. אַ שידוך איז אַ שידוך. װאָס אַהרט עס מיך? טרעפט זיך אַ מעשה, אַז אָט דער אַדעסיט, װאָס איך שרײב דיר, איז זיך מײשב און לאָזט־אַרויס אויף די יאַמאַיטשיכעס טעכטער אַ ליעדעל אויף זשאַרגאָן, אַ פּרעמדס, און גיט עס אַרויס פאַר זײנס, אַז ער האָט דאָס גע'לקח'ענט, איבערגעניצעװעט, אי טאַק ס'איז געקומען צו אַ דועל. זײן גליק, װאָס ער האָט מיך איבער־געבעטען און מודה געװען פאַר אַלעמען, אַז דאָס ליעדעל איז נישט זײנס, אַז ער האָט דאָס גע'לקח'ענט, איבערגעניצעװעט אי טאַק דאַלי. קורץ, איך לעב דאָ אַ גוטען טאָג און האָב געװוּס קײן חרטה נישט, װאָס איך בין אין מאַריענבאַד, נישט אין עמס. פאָלג מיך

און קום צו פֿאָהרען. און זאָג סעריאָזשע׳ן, ער זאָל אויך קומען אהער קיין מאַריענבאַד. וואָס וועט איהר אויסזיצען אין דעם שטויביגען קעשעניעוו? מע שרייבט מיר, אַז איהר פערנעמט זיך דאָרטען מיט פּוסטע זאַכען. איהר פּאַרט, זאָגט מען, קיין פּעטערבורג מיט אַ דעפּוטאַציע וועגען די „פּאַטיעשנע". צו וואָס? עס וואָלט אודאי געווען אַ יושר, מע זאָל דערלאָזען אידישע קינדער אין די „פּאַטיעשנע פּאָלקען". עס איז אָבער אַרויסגעוואָרפען. אונזער וואָלאָדקע (פּורישקעוויטש) וועט נישט שלאָפען. שרייב מיר, וואָס הערט זיך אין קלוב? וועמען געהט דאָס גלאָט און ווער ווערד בעגראָבען? איך שפּיעל דאָ זעלטען אין קאָרטען. דאָ שפּיעל איך מעהר אין פֿלירט, און עס געהט מיר — הלואי ווייטער. שרייב מיר אָפּטע בריוולעך. נאָר בעסער וואָלט געווען, זאָלסט אַליין קומען צו פֿאָהרען. און נישט אַליין, נאָר מיט סעריאָזשען.

איך קוש דיך.

**דיין פריינד אַלפֿרעד זיידענער.**

---

.27

בעלצי קורלענדער פֿון מאַריענבאַד צו איהר מאַן שלמה קורלענדער אויף די נאַלעווקים אין וואַרשאַ.

לבעלי היקר מוהר״ר שלמה נ״י.

איך קום דיר צו מעלדען, אַז עס געהט מיר דאָ זעהר נישט גוט. הייננו, איך פֿיהל מיך נאָך מעהר נערוועז, ווי איך בין געווען אין וואַרשאַ. איך האָב מורא, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפען מיין גאַנצע קוראַציע מיט׳ן גאַנצען מאַריענבאַד. און ווער איז שולדיג, אַז נישט דו? וואָרום וויבאַלד איך בין אין מאַריענבאַד אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען, בין איך דאָך נישט זיכער מיט׳ן לעבען. איך

האָב גאָרנישט געוואוסט, שלמה, אַז איידער איך בין נאָך געקומען קיין מאַריענבאַד, האָסט דו דיך שוין בעוואָהרענט מיט שומרים, וואָס זאָלען מיר היטען די טריט, וואו איך שטעה און וואו איך געה, וואָס איך עס, ווען איך טרינק און מיט ווען איך רעד. ס׳איז טאַקי זעהר שען פון דיין זייט, כלעבען, אַז דו בעקלאָגסט זיך פאַר דיין גוטען פריינד אויף דיין ווייב, וואָס זי איז איין אויסברענגערין, און בעטסט איהם, אַז ער זאָל מיך אויפקלערען, אַז דיינע געשעפ־טען געהען דיר נישט גוט... און ער, דיין „גוטער פריינד“, איז טאַקי אַזוי שען און פיין און איידעל און נעמט דיינע קלוגע בריוולעך, וואָס דו שרייבסט צו איהם בסוד־סודות, און שיקט זיי איבער צו זיין אסתר׳ען, און זיין אסתר נעמט און גיט זיי איבער צו איהר שוועסטער חנצי, און חנצי נעמט און שיקט זיי איבער אהער קיין מאַריענבאַד צו איהר מאַן מאיר׳על מאַריאַמטשיק, אָדער, ווי דו רופסט איהם אָן, דער „אָדעסער שאַרלאַטאַן“. און דער „אָדעסער שאַרלאַטאַן“ איז, אויב דו ווילסט וויסען, אַ סך פיינער פון דיין „גוטען פריינד“, חאָטש ער איז אַ שאַרלאַטאַן. וואָרום ווען נישט ער, וואָלט איך נישט געוואוסט, אַז דו האָסט דאָ שפּיאָנען אין מאַ־ריענבאַד מיט „גוטע פריינד“, וואָס היטען מיר די טריט. אַ גליק, וואָס דיינע בריוולעך זענען חאָטש נישט אַריינגעפאַלען צו דער יאַמאַיטשיכע אין די הענד אַריין. די גאַנצע וואַרשעווער נאַלעווקים וואָלטען שוין געוואוסט דיינע סודות, וואָס דו פערטרויסט צו דיינע „גוטע פריינד“, וואָס זענען גרייט דיך צו קויפען און צו פערקויי־פען, און דו ביזט אין זיי פערגלויבט, ווי אין גאָט. אַז ס׳איז יאָ אַזוי, בעדאַרף איך דיר עפענען די אויגען, שלמה, זאָלסט וויסען, ווען מע מעג פערטרויען און ווען נישט. איך שיק דיר דאָ אַ פּאָר בריוולעך פון דיין „גוטען פריינד“, וואָס זענען געווען גע־שריבען צו מיר באַלד נאָך מיין אָנקומען אהער קיין מאַריענבאַד. לייען אַקאָרשט איבער אָט די צעטעלעך — וועסט דו הנאה האָבען. איך פערהאָף, אַז נאָך אַזאַ מעשה וועסט דו צו איהם מעהר קיין בריוולעך נישט שרייבען, קיין סודות נישט פערטרויען, און מיך

וועסט דו אויפהערען עסען, למאי איך קען זיך מיט אדעסער שאר־
לאטאנעס, מיט קעשעניעווער שלים־מזל׳ען, מיט לאדזער פאצעט־
לעך און נאך אזעלכע זאכען. ווארום דיין בעל־סוד, חיים סארא־
קער, איז, אויב דו ווילסט וויסען, טויזענד מאל ערגער פון זיין
שוואגער מאריאמטשיק, חאטש ער איז א שארלאטאן און האט זיך
מיר צוגעגעסען מיט זיינע בריוולעך אזוי ווייט, אז איך האב איהם
געמוזט בעטען, ער זאל זיך נישט דערוועגען מעהר מיר שרייבען
אזעלכע בריוולעך, ווארום איך וועל זיי אריבערשיקען צו זיין חנצי׳ן.
איך שיק זיי דיר דא אינאיינעם מיט חיים סאראקער׳ס בריוולעך,
בכדי זאלסט זעהן, אז דער רוח האט זייביידען נישט גענומען, אז
דו בעדארפסט נישט האבען דא קיין אפיטרופסים, קיין שפיאנען
און קיין שיצערס. איך קאן מיט גאט׳ס הילף מיין שטעדטעל אליין
בעשטעהן. למשל, נעם אט די צוויי שלים־מזל׳ען, וואס זענען גע־
פאהרען מיט מיר פון בערלין און אפגעזעגענט זיך אין מאריענבאד
אויפ׳ן באהנהויף. דו מיינסט אפשר, אז איך האב מיך נישט בע־
געגענט מיט זיי נאכדעם דא אין מאריענבאד? אזא מכה זיי. איצ־
טער זענען זיי שוין נישטא. נאר די ערשטע צייט האבען זיי זיך
מיר געפלאנטעט פאר די אויגען. פערשטעהסט זיך, אז איך האב
מיך אפגעקעהרט פון זיי, געמאכט ווי איך האב זיי נישט דערקענט...
מיינסט דו דאך, אז זיי זענען בדלות? האב קיין יסורים נישט.
זיי האבען זיך נישט ארומגעדרעהט דא אליין. פארהאן דא גענוג
דאמען מיט גענוג וווייבלעך. ס׳איז פארהאן א בראני לויפערמאן מיט
א לאה׳צי ברויכשטוהל, מיט א שערענצים מיט א פעקעלים, און
נאך אזעלכע צנועות, וואס קלויבען נישט איבער, אבי א יונגערמאן,
וואס טראגט א קאפעליש, איז שוין ביי זיי א קאוואליער. ובפרט
אזעלכע קאוואליערען, ווי אט די צוויי שלי׳ד־מזל׳ען, פערשלעפטע
קרענק, וואס מע קריגט זיי נישט. איינער פון זיי, דער, וואס
האט מיך א קוש געגעבען און געהאפט פון מיר א פאטש, דער־
צעהלט אנעקדאטען, אז מע קאן שטארבען אונטער זיינע הענד, און
דער אנדערער זינגט לידלעך — א כפרה אונזער עליזעאום־טהעא־

טער! קאָנסט פערשטעהן, אַז אַפילו יאַמאָיטשיכע האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיי געמאַכט חנ׳דלעך ביי׳ם ברונען און האָט זיי דאָרט בעקענט געמאַכט מיט איהרע טעכטער. ערשט שפּעטער איז זי געוואָהר געוואָרען פונ׳ם שדכן, אַז די שלים־מזל׳ען האָבען ווייבער, האָט זי זיי געגעבען דעם וועג. אַי, וועסט דו פרע־גען, פאַר וואָס האָבען זיי באַלד נישט געזאָגט, אַז זיי זענען בע־ווייבטע? למאי מאַריאַמטשיק? און למאי דיין בעל־סוד חיים סאָ־ראָקער? ער איז דאָך שוין אודאי אַ בעווייבטער, און האָט שוין גאָר קינדער כמעט אַזעלכע, ווי איך, — ווי קומט דאָס צו איהם, ער זאָל שרייבען אַזעלכע ליעבע־צעטעלעך, און צו וועמען? צו זיין גוטען פריינד׳ס ווייב, וואָס איז איהם אָנגעטרויעט געוואָרען, ער זאָל אויף איהר אַכטונג געבען? !... גלויב מיר, שלמה, וואָס איך האָב אויסגעוויינט נעכטיגען טאָג, מעגען די טרערען פאַלען אין ים אריין. אַז איך דערמאָן מיך, צו וואָס האָב איך בעדאַרפט נעמען אַ מאַן אַ גביר? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, איך זאָל געווען נעמען מיין גלייכען? אַי, איך וואָלט אַצינד גישט געווען אפשר אין מאַריענבאַד? אַ שענע ריינע כפּרה! בסך הכל האָט מיר דאָס מאַריענבאַד, אויב דו ווילסט וויסען, נישט געגעבען גאָר־נישט. אדרבה, זינט איך בין דאָ, האָב איך נאָך פערלוירען העכער צוויי פונט. איך האָב געפרעגט דעם דאָקטאָר, וואָס טהוט מען דער־צו, זאָגט ער: „מעהר עסען, ווינציגער שפּאַציערען, און דער עיקר — נישט אָפּעסען זיך דאָס האַרץ, נישט האָבען קיין יסורים“. אַ חכם אַ דאָקטאָר! דאָס ווייסט מען דאָך אָהן איהם. איך פרעג איהם: אפשר וואָלט פאַר מיר גלייכער געווען, איך זאָל פאָהרען קיין פראַנ־צענסבאַד? זאָגט ער, אַז ער האָט קעגען דעם גאָרנישט. וויבאַלד אַזוי, פאַר וואָס זאָל איך מיך נישט דורכפאָהרען קיין פראַנצענס־באַד? מע זאָגט, אַז פראַנצענסבאַד איז פון דאַנען אַ געלעכטער. פראַנצענסבאַד איז אַ באָד פון סאַמע פרויענצימער. און עס קאָסט דאָרט, זאָגט מען, אַלסדינג וואָלוועל, בזיל הזול. בראָני לויפערמאַן קלייבט זיך שוין לאַנג קיין פראַנצענסבאַד, און לאַה׳צי ברויכ־

שטוהל — אויך אחין. און די שערענצים מיט דער פּעקעלים וועלען, מסתמא, אויך נאָכשלעפּען זיך. זיי טהוען מיר נאָך. וואוהין איך געה, געהען זיי אויך, און וואָס איך טהו־אָן, געפעלט זיי. זייערע מאַנען, די איטשעמאַיערס, זאָלען זעהען, ווי זייערע ווייבלעך פיהרען זיך אויף דאָ אין מאַריענבאד, וואָלטען זיי זיך מחיה געווען. נאָר איך וויל מיך נישט מישען אין פרעמדע געשעפטען. איך האָב מיינע אייגענע צרות מיט מיינע אייגענע שלעק. איך זאָל געוועז וויסען, אַז איך וועל האָבען אַזאַ קור אין מאַריענבאַד, וואָלט איך אָהער נישט געפאָהרען פאַר קיין געלד. איך וואָלט נישט צוגעהערט זיך צו מיין קרובה און וואָלט בעסער געפאָהרען קיין וויסבאַדען אָדער קיין אָסטענדע. דאָרט איז האָטש פאַרהאַן אַ ים און מע קאָן זיך באָדען. און דאָ וואָס? מע ווערד פערבערענט פון די היצען און בערערט פון נאַלעווקער ווייבער, און איבער וועמען? איבער דיר מיט דיינע „גוטע פריינד“, וואָס דו ביזט אין זיי פערגלויבט, ווי אין אַ רבי׳ן. נאָכדעם ווי דו וועסט האָבען דורכגעלייענט זיינע „ליעבע־צעטעלעך“ צו מיר, וועסט דו, האָפענטליך, ארויסזעהען, ווער חיים סאַראַקער איז, און וועסט איהם אויפהערען שרייבען בריוולעך און האַלטען איהם פאַר אַ בעל־סוד. און אַז דו וועסט מיר ווע‌לען שיקען געלד, איז דאָ אַ פּאַסט. און וואָס דו שרייבסט מיר וועגען מיינע פעטערס, זאָל דיך גאָט היטען זיי געבען שטעלעס, וואָרום טאָמער מאַכט זיך נאָכדעם עפּיס נישט אַזוי, וועסט דו האָבען וואָס מיר אויפצוווארפען, אַז איך און מיין משפחה צעטראָגען דיר די ביינער. געב זיי בעסער צושטייער אויף דער הוצאה, לאָזען זיי אוועקפאָהרען קיין אַמעריקאַ, וועסט דו וויסען, אַז דו ביזט פּטור געוואָרען איין מאָל פאַר אַלע מאָל — און איין עק. און איך בעט דיך, זאָלסט מיר נישט שיקען מעהר קיין אָנווייזונגען צו דיינע „גוטע פריינד“ און „בעלי־סודות“. און, למען השם, געב אַכטונג אין שטוב און זאָג שבע־רחל׳ען, זי זאָל זיך נישט חאַפּען שטעלען אונערקעס אויפ׳ן ווינטער אַצינד אין די היצען, ווען אונערקעס זענען מיט גאָלד גלייך. און שרייב מיר, אויב ס׳איז אין

ווארשאַ אויך אַזוי חיים, ווי דאָ, וואָס מע קאָן זיך אַפילו נישט אָנ־
טהון ארויסצוגעהן, ווי עס געהער צו זיין. איך זאָל שוין דערלע־
בען אוועקצופאָהרען פון דאַנען געזונדערהייד ערגיץ אין איין אַנ־
דער קוראָרט. דאָס מאריענבאד מיט די נאַלעווקער קאוואַליערען
מיט זייערע ליעבע־צעטעלעך האָבען זיך מיר שוין אַזוי צוגעגעסען,
גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאַר די רעד, אַז איך קאָן שוין אויף
זיי נישט קוקען.

פון מיר דיין פרוי ב ע ל צ י ק ו ר ל ע נ ד ע ר.

---

.28

חיים סאראַקער פון מאריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאריענבאַד.

זעהר געעהרטע מאַדאַם!

איך בין נישט גאָט'ס סטראַפּטשע, איך זאָל אַכטונג געבען אויף
פרעמדע ווייבלעך און אויסזעצען יענעמס פעהלערען. דאָך קאָן איך
מיך נישט איינהאַלטען, נאָך אייער נעכטיגען קאַלטען אויפנעמען
מיך, און מוז אייך אויפקלערען, ווער דער פּארשוין איז, מיט וועל־
כען איך האָב אייך נעכטען געטראָפען. אפשר ווייסט איהר נישט,
ווער ער איז, עס איז מיר אַפילו זעהר נישט אַנגענעהם צו בערע־
דען איין אייגענעם — ער איז מיינער אַ שוואָגער, — נאָר ווייל ער
איז מיר אַ שוואָגער, דעריבער קען איך איהם אַזוי גוט. עס איז
איינפאַך אַ שאַנדע מיט איהם זיך צו בעגעגענען, און ווער שמועסט
נאָך שפּאַציערען אויף דער גאַס. אַ חויז, וואָס ער האָט אַ מיאוסען
נאָמען נאָך פון אַדעס, איז ער דערצו נאָך אַ ווילדער בעריהמטער
און אַ מסובכ'ענער סקאַנדאַליסט. איך שרייב אייך די דאָזיגע ווער־
טער נאָר, אום צו בעהיטען אייער עהרע און דעם כבוד פון אייער
מאַן, וואָס איז מיר נאָהענט, ווי מיין אייגענער כבוד. איך האָב

געטהאָן מיין הוב נאָר אוים פערזענליכע סימפאַטיע צו אייך. איהר קומט פון בערלין, קעהרט איהר אודאי דאַרפען געלד? איך און מיין קאַסע זענען תמיד אָנגעברייט פאַר אייך.

א פריינד פון אייער מאַן ח. ס.

---

.29

מאיר'על מאריאמטשיק פון מאריענבאד צו בעלצי קורלענדער אין מאריענבאד.

מיין ליעבע מאַדאַם קורלענדער!

איך זעה, אז איהר איזבעגאַיעט מיך, דעריבער מוז איך מיך אָבראשטשאַיען צו אייך דורך דער פּאָסט. איך פערשטעה נישט, וואָס סטעסניאַיעט איהר זיך אזוי? אויב עס איז אייך נישט לאָוו־קע צו ווסטרעטשאַיען זיך מיט מיר אינ'ם אידישען רעסטאָראַן, אָדער אין קאפע „עגערלענדער", קומט בעסער אין „קאפע פראַנסע", דאָרט, וואו איהר זענט געווען נאַ דניאָך מיט אייער ראָדסטווענניצע מאַדאַם טשאַפּניק. בעסער וואָלט געוועזן, איהר זאָלט היינט קומען אהין אליין. איך האָב אייך צו סאָאָבשטשאַיען אַ פיינע זאַך פון מיין שוואָגער חיים סאַראַקער... קסטאַטי, וואָס פאַר אַ סעקרעט האָט ער דאָס מיט אייך היינט גערעדט ביי'ם ברונען? ניעאוזשעלי וועט איהר דאָפוסקאַיען, אז אזאַ ראָסטאָווטשיק, ווי מיין שוואָ־גער, זאָל נאָך אייך אוחאַזשעווען? פון וואָס וועט ער מיט אייך רעדען? פון דער „אָקע", וואָס ער שפּיעלט דאָ גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט? אָדער פון די וועכסעלעך מיט די געשעפטלעך אויף די נאַלעווקים?... איך אָזשידאַיע אייך צווישען פיער און פינף.

דאָ פריאַטנאַוואָ סווידאַניאַ.

מ. מ.

---

איז פאַרהאַן וואָס צו זעהען. אויב איהר וועט זיך פּריסאָיעדיניאיען צו אונזער אָבשטשעסטווע, וועל איך אייך איבערגעבען די דאָקלאַד־טעלסטוועס, וואָס איך זאָג אייך. אַ פּאָקאַ, פּערבלייב איך אייער בעסטער פריינד.

מ. ד. מ.

---

.32

חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

איין אומגליק מיט די נאַלעווקער ווייבלעך. אין דער היים זעהט מען זיי מעהר נישט אַז שבת בייטאָג אין זאַכסישען גאָרטען. און קומען זיי אהער קיין אויסלאַנד, וויסען זיי אַליין נישט, וואוהין זיי זאָלען זיך וואַרפען. איך זאָג אייך נישט קיין מוסר און האַלט אייך נישט פיר. עס וואונדערט מיך נאָר, פאַר וואָס, אַז איך האָב אייך געבעטען זיין אין „מיראַמאָנט", — איך האָב אייך געוואָלט זאָגען אַ נויטיגע זאַך — זענט איהר נישט געקומען, און מיט דער קאָמפּאַניע זשוליקעס קיין עגער זענט איהר יאָ געפאָהרען. מסתמא איז אייך מיט זיי מעהר אנגענעהם די צייט צו פערברענגען — זאָל אייך גאָט העלפען... אפשר בעדאַרפט איהר נאָך געלד? היינט פאַרנאַכט האָף איך אייך צו בעגעגענען אויף דער פּראָמענאַדע.

אייער בעסטער פריינד חיים סאַראַקער.

---

.33

מאיר'על מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

טייערע בעלצי!

איזוויניטיע, וואָס איך פּאַזוואָלי מיר אַזאַ פּאַמיליאַרנאָסט, חאָ־טיא מיר זענען נאָך נישט אַזוי בליזקע. ביי מיר איז אַזאַ פּריי־

וויטשקע: דעם, וואָס איך אוואַזשאַיע, מוז איך אָנרופען ביי'ם נאָמען, ובפרט אייך, וואָס איהר האָט מיך אַזוי אָטשאַראָוועט פון דער ערשטער ווסטרעטשע!! זאָגט מיר, דושינקע, ניעאָוזשעלי איז דאָס אמת, וואָס אייער ראָדסטווענניצע טשאַפּניק האָט מיר דערצעהלט אויף אייך, אַז איהר בענטשט בודטאָ־בי ליכט אַלע פרייטאָג אויף דער נאַכט? אויף דער מאַדאַם שערענצים און אויף דער מאַדאַם פּעקעלים וואָלט איך עס געגלויבט, וואָרום זיי זענען זעהר נישט אָבראַזאָוועט און טאַקי גלופּאָוואַטע אויך. חאָטיאַ איך וויים אַ פאַקט, און נישט איין פאַקט, נאָר עטליכע פאַקטען, אַז די שערענצים מיט דער פּעקעלים זענען אויך נישט אַזוי רעליגיאָזנע, ווי זיי זענען אין וואַרשאָ אויף די נאַלעווקים. דאָרט פאַר די אַי־טשע־מייערם פאַסט זיי בענטשען ליכט פרייטאָג פאַר נאַכט. און דאָ וועל איך אייך וויזען אַ דאָקאַזאַטעלסטווע, אַז איך וועל זיך מיט זיי קאַטאַיען אום שבת אויף אַ לאָדקע — אַנישט, זאָל מיין נאָמען נישט הייסען מאַרק דאַווידאָוויטש! זאָגט מיר, דושינקע, אָטקראָווענע: נאָך די בריעף, וואָס איך האָב בעוויזען, האָט איהר אייך שוין אובעזשדאַיעט, ווער מיין שוואָגער איז? עס איז זעהר פּריסקאָרבנע, וואָס איך מוז מיך פּערעפּיסעווען מיט אייך דורך צעטעלעך, נאָר וואָס זאָל מע טהון, אַז מע לאָזט אונז נישט נאַ־יעדיניע אַפילו אויף איין סעקונדע! ווי געפעלט אייך מיין באַסני, וואָס איך האָב סאָטשיניאַיעט אויף די יאַמאַיטשיכע'ס טעכטער? שרייבט מיר אַ פּאָר ווערטער חאָטש נאַ פּאַמיאַט. ניעאָוזשעלי האָט איהר מורא, אָדער איהר דאָווערייאַיעט מיר נישט איצט אויך, פּאָסלע טאַווּאָ, וואָס איך האָב אייך געגעבען אַזעלכע דאָקאַזאַ־טעלסטוועס?

אייער מ א ר ק.

---

.34

חיים סאראקער פון מאריענבאד צו בעלצי קורלענדער אין מאריענבאד.

איהר פאָדערט פון מיר דורכאויס, אז איך זאָל אייך זאָגען דאָס וואָרט, זאָג איך עס אייך: עס איז מיר אנגענעהם מיט אייך זיך צו בעגעגענען א סך מעהר, ווי מיט אלע אונזערע נאַלעווקער ווייבּ־לעך צוזאַמען גענומען. זענט איהר שוין צופריעדען? צי איהר ווילט, איך זאָל אייך נאָך זאָגען דאָס, וואָס איך האָב אייך שוין כמעט ווי געזאָגט און אויפ'ן איבעריגען האָט איהר אייך אליין געשטויסען?... אצינד פערשטעהע איך שוין, וואָס אייער מאַן צי־טערט אזוי איבער אייך. אז מע האָט אזא שאַץ, קאָן מען רוהיג נישט שלאָפען... איהר ווייסט, אז איך בין נישט קיין מענש פון קאָמ־פלימענטען. נאָר פון דעם אמת קאָן מען נישט אַוועקגעהן. צו אייער פּנים ווען איהר האָט נאָך א ביסעל א ווייכער האַרץ, נעמט איהר דאָך איין די גאַנצע וועלט... ווען זעהען מיר אונז? וויפיעל דאַרפט איהר נאָך האָבען געלד? איך וועל אייך אָפּוואַרטען אין אידישען רעסטאָראַן ביי'ם טישעל, וואו איך זיץ תמיד.

אייער חיים.

---

.35

מאיר'על מאריאמטשיק פון מאריענבאד צו בעלצי קורלענדער אין מאריענבאד.

דושינקע! ליובעניו!

ספּאַסיבאַ, וואָס איהר האָט אזוי ריעזקאָ אָפּגעהאַקט די פליג־לען מיין שוואָגער חיים. ער וועט שוין וויסען דאָס אנדערע מאָל, ווי אזוי צו פּערסליעדעווען אייך. וואָס זאָגט איהר אויף דעם אומ־

גליק? קאַרג אוחאזשאַרען ביי אייך, האָט דער רוח אָנגעטראָגען א דאַנטיסט פון קעשעניעוו. איך פערשטעה נישט, ווי אַזוי מע פרעזיראַיעט נישט אַזאַ ניטשטאָזשעסטווע! מע פרעדלאַגאַיעט איהם איינע פון די דריי יאַמאַיטשיכע׳ס טעכטער — טודאַ יעמו אי דאָראָגאַ! וואָס האָט ער צו אוחאזשעווען נאָך אונזערע וואַרשע־זוער ווייבלעך? מע האָט מיר פערעדאַיעט, אַז ער איז שטאַרק וואָזמושטשאָן פון מיין באַסני, וואָס אַלע טראָגען זיך איצט מיט איהר ארום. ער געהט ארום איבער מאַריענבאַד און ראַספּראָסטראַניאַעט לאָזשנע סלוכען, אַז די באַסני איז נישט מיינע, און וויל מיך ארויסרופען פון דעסטוועגען אויף א דועל. אַט א טשודאַק! ממה־נפשך, איז זי נישט מיינע, פּריטשאָם איז דאָ א דועל? וואָ־אָבשטשע, עס ווילט זיך מיר נישט מאַראַיען, ווייטער וואָלט איך אויף איהם אַליין סאָטשיניאַיעט א באַסני, וואָלט זי דאָסטיגאַיען פון דאַנען ביז קעשעניעוו. ביי מיר סאָטשיניאַיען א באַסני איז גרינגער, ווי אויסרויכערען א פּאַפּירָאָס. אַז איך בין געווען נאָך אין אָדעס, פלעג איך סאָטשיניאַיען אַלע טאָג ניע מעניעיע פון צוויי טוץ באַסנים. און נישט נאָר באַסנים אַליין, — איך פלעג שרייבען פעליעטאָנען, ראָמאַנען, קאָמעדיעס. „קאָמעדיע בראַקאַ" האָט איהר געזעהן אַמאָל? איז דאָס מיין סאָטשיניעניע. פּאַרהאָן ביי יושקע־וויטש׳ען אויך א „קאָמעדיע בראַקאַ", טויג זי אויף טישטשע חלשות! וואָאָבשטשע, איך וויל זיך פאַר אייך נישט ריסעווען, נאָר איהר קאָנט מיך נאָך גאַר ווינציג. איך נאַדעיע זיך, אַז איהר וועט מיך אוזנאַיען נעהענטער, וועט איהר איזמעניאַיען אינגאַנצען אייער ווזגליאַד מיט אייערע אָטנאָשעניעס צו מיר.

**אייער מאַרק.**

---

.36

שלמה קורלענדער פון די נאַלעווקים אין וואַרשאַ צו זיין ווייב בעלצי קורלענדער
אין מאַריענבאַד.

לזוגתי היקרה מרת בעלצי שתחי'.

איך האָב דיין בריעף מקבל געווען און דאָס שענע פּעקעל מיט די זיסע ליעבע־צעטעלעך פוןביידע שוואָגערס האָב איך דורכגע־לייענט. מה נאמר ומה נדבר — וואָס זאָל איך דיר זאָגען, בעלצי היקרה? ס'איז עק וועלט! וויבאַלד, אַז בעוויבטע אידען, טאַטעס פון קינדער, קאָנען היינטיגע ביטערע צייטען אין זינען האָבען אַזעלכע פּוסטע זאַכען, נאָכלויפען נאָך פרעמדע ווייבלעך, — איז מען טאַקי, ווי דו זאָגסט, נישט זיכער מיט'ן לעבען. גוואַלד, וועה געשריגען! ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויסגעטראַכט אָט דאָס אויסלאַנד? וואָלט נישט גלייכער געווען, עס זאָל געווען איינגעזונקען ווערען, אַזוי ווי קורח, אָדער פערברענט ווערען, ווי סדום, נאָך איידער איך האָב גאָר געהערט דעם נאָמען אויסלאַנד אפילו? איך זעה אַרויס, בעלצי היקרה, אַז דאָס מאַריענבאַד האָט זיך אויף מיר גענומען נישט אויף קאַטאָוועסען און וויל מאַכען פון מיר א תל. איך זאָל נישט שטעהן איצט אין רעכטען בויען, — מע האָלט שוין ביי'ם דעקען — וואָלט איך נישט געקוקט אויף קיין זאַך, איך וואָלט מפקיר געווען אַלסדינג, לאָז דאָס געהן אין דער ערד אריין, און וואָלט מיך דורכגעפאָהרען צו דיר קיין מאַריענבאַד, זעהען, וואָס איז דאָרטען פאַר איין אומגליק אויף מיר, וואָס וואו ערגיץ אַ שלאַק, וואו ערגיץ אַ צרה — דיך אויסמיידען קאָן עס נישט. וואָס איז עפּיס געפאַלען דער גורל אויף דיר? פאַר וואָס טרעפען זיך מיט מיר נישט אַזעלכע נסים? פאַר וואָס שרייבט מען נישט צו מיר אַזעלכע חניפה־בריוועלעך, ווי צו דיר? און פאַר וואָס האָסט דו איהם באַלד נישט אָפּגעענטפערט אויפ'ן אָרט, איך

מיין טאַקי אָט דעם גראָבען פּעמפּיק, חיים סאָראָקער? וואָס האָסט דו בעדאַרפט וואַרטען ביז דער בעסאַראַביער היהנערפרעסער וועט מיר שרייבען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל? און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ השגה ביי אייך דאָרטען געבען צו לייזען דער פּאָסט, שרייבען בריוולעך, אַז מע זיצט אין איין שטאָדט? ממה־נפשך, זעהסט דו איהם אין גאַס, קאָנסט דו דאָך איהם אָפּשטעלען און אַ זאָג טהון: „רב חיים! אָדער פּאַניע סאָראָקער! זאָגט, וואָס ווילט איהר? איהר לערענט זיך שרייבען בריוולעך אויף דער עלטער, אָדער איהר האָט נישט וואָס צו טהון? איז דאָ איין עצה — מע שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט"... מאָהל דיר, בעלצי היקרה, די דאָזיגע חניפה־בריוועלעך וועלען איהם אויספּאַלען באַקאָם. האָטש ער זאָגט, אַז די קורלענדער זענען נישט דערזאַלצען און האָטש דו שרייבסט מיר, אַז איך בין אויסגעוועבט, וועל איך דיר ווייזען, אַז די בעסאַראַביער פערמאָגען נישט אין קאָפּ, וואָס אַ קורלענדער האָט אין דער פּיאַטע. איך בין געפאַלען אויף איין אויבער־הסברה און אָפּגעאַרבייט אַ שטיקעל מלאכה, זאָג איך דיר, אַז ס'איז ווערטה אַ דרייערעל. די גאַנצע נאַלעווקים מיט גאַנץ וואַרשאַ וועלען לעקען די פינגער! מילא, אָט דעם שאַלטיק מאַריאַמטשיק'ס בריוולעך — די האָב איך גלייך אָוועקגעטראָגען צו זיין חנצי'ן — לאָז זי זיך קוויקען. האָט זי גע'חלש'ט דריי מאָל. מע האָט זי קוים אָפּגעמינטערט, אָראָפּגעבראַכט דעם דאָקטאָר... און מיט חיים סאָראָקער'ס בריוולעך האָב איך אָפּגעטהאָן אַזאַ מין שפּיצעל. אָט וועסט דו הערען אַ שענס: אַזוי ווי אויף זיינע בריוולעך צו דיר איז נישט דערמאָנט נישט דיין נאָמען, נישט מיין נאָמען, און אָרט איז אויף זיי פאַרהאַן געווג, בין איך געגאַנגען און האָב אויסגעשטעלט די ערשטע צוויי בריוולעך אויף די נעמען פון בראָני לויפערמאַן און לאה'צי ברויכשטוהל, און די אַנדערע צוויי אויף דער שערענציס מיט דער פּעקעלים, און איבערגעגעבען די בריוולעך צו זייערע מאַנען, איטליכען בעזונדער זיינס, און לאָזען זיי זיך קראַצען. וואָרום וואו שטעהט עס, אַז נאָר איך

בעדאַרף האָבען צרות? לאָזען זיי אויך נישט שלאָפען קיין נעכט, אַזוי ווי איך. לאָזען זיי אויך אָפּקומען חבוט־הקבר, אַזוי ווי איך, און פּיהלען דעם טעם גיהנם, וואָס הייסט מאַריענבאַד... און פאַר דעם סאַראָקער פּעמפּיק וועט דאָס זיין אָפּגעגעבען ברויט, עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש, אָדער, ווי זאָגט אַ גוי אַ שפּריכ־וואָרט: „כטאָ יאַמע קאָפּאַיע, טאָ סאַם אופּאַדאַיע"... ווי געפעלט דאָס דיר? איאָ, איין איינפאַל? און דוקא אַ קורלענדער!

אַצינד, בעלצי היקרה, וועלען מיר אָוועקלעגען די דאָזיגע כלבים מיט זייערע ליעבע־צעטעלעך און מיר וועלען אַביסעל שמועסען פון דיר, פון דיין קור און פון דיינע נייע בעקאַנטע אין מאַריענבאַד. טאָ־מער איז ווינציג חיים סאַראָקער מיט מאיר'על שאַרלאַטאַן, האָט זיך פּרילענטשיט צו דיר אַ נייער שלים־מזל. איך מיין טאַקי ווידער אַ מאָל דעם קעשעניעווער דאַנטיסט. גלויב מיר, איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז ס'איז בלאָטע שבבלאָטע. ער וועט דיר נישט אָפּ־בייסען, ווי דו זאָגסט. ער וועט האָבען פון דיר דאָס אייגענע, וואָס חיים סאַראָקער און וואָס מאיר'על שאַרלאַטאַן האָבען פון דיר געהאַט. דאָס הייסט, ער וועט דיר מסתמא אַריינשרייבען אַ פּאָר ליעבע־בריוועלעך מיט חניפה־צעטעלעך — און דערמיט וועט זיך אויסלאָזען. נאָר וואָס דען? איך פרעג דיך, צו וואָס דאַרף איך דאָס? צו וואָס נוצט עס מיר, אַז גאַנץ מאַריענבאַד און גאַנץ וואַרשאָ זאָלען וויסען, אַז ס'איז דאָ אין קעשעניעוו אַ דאַנטיסט, וואָס רייסט זיך מיט מאיר'על מאַריאַמטשיק פאַר די נעז איבער שלמה קורלענדער'ס ווייבעל? קיין סודות, זאָג איך דיר, איז נישטאָ. זאָלסט וויסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אַלסדינג, וואָס מע רעדט אין מאַריענבאַד, הערט מען אין וואַרשאָ. און לאָז עמיצער געבען ביי אייך אין מאַריענבאַד אַ ניס, וועט מען איהם פון די נאַלעווקיס ענטפערען: „צו געזונד". די וועלט זאָגט אַ שפּריכ־וואָרט: „וואָס דער מענש זוכט — דאָס געפינט ער, און וואָס פאַר אַ גוט־שבת — אַזאַ גוט־יאָהר"... פאָהרט מען אין אויסלאַנד זיך קורירען, דאַרף מען אין זינען האָבען די קור. דיר געפעלט נישט,

זאָגסט דו, מאַריענבאַד און ווילסט משנה מקום זיין? — הערסט דו, מיר איז דאָס מאַריענבאַד פון אָנהויב־אָן נישט געפעלען, און איך וואָלט זעהר צופריעדען געוועזן, ווען דו פאָהרסט אריבער אויף איין אַנדער קור־אָרט. נאָר וואָס דען? איך פערשטעה דיך נישט, בעלצי היקרה. דו אליין שרייבסט מיר, אז פון מאַריענבאַד קיין פראַנצענסבאַד איז א שפרונג, נעמט מען און מע שפּרינגט אריבער. צו וואָס בעדאַרף מען קלאָגען און וויינען? איך שיק דיר דאָ געלד און איך בעט דיך: טהו מיר נישט אָן קיין בזיונות, און פאָהר אריבער באַלד קיין פראַנצענסבאַד, נאָר אָהן בעגלייטערס, אָהן שטי־גוטערס און אָהן אונטערפיהרערס... איך וועל דיר געבען איין עצה, וואָס דו זאָלסט טהון: הויב דיך אויף גאַנץ פריה, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, זעץ דיך אויף און פאָהר אריבער, און נעם דיך צו דער קור צוריק פון׳ם אלף־בית, און פערגעס, אז ס׳איז פאַרהאַן א מאַריענבאַד אויף דער וועלט מיט קאַוואַליערען, אַדעסיטען, דאַנ־טיסטען און נאָך אַזעלכע שאַרלאַטאַנעס. טהו מיר צוליעב חאָטש איין מאָל, וועסט דו אַליין זעהען, אז איך בין דיר מעהר גוטער פריינד פון זיי אַלע. איך זאָג עס דיר נישט, חלילה, ווייל איך טראַכט־איבער אויף דיר, אָדער ווייל איך האָב עפּיס צו זיי, וואָ־רום וואָס האָבען זיי מיר געטהאָן און וואָס אַהרט עס מיך, אז זיי דרעהען זיך דאָרט אַרום דיר? לאָזען זיי זיך דרעהען אַרום דעם מלאך־המות. נישטמעהר, איך וויל דיך פערהיטען פון אידישע מייַ־לער. איך וויל נישט, אז יאַמאַיטשיכע זאָל האָבען וואָס צו רעדען, און מאיר׳על שאַרלאַטאַן זאָל האָבען וואָס צו פּאַטשקען מיט דער פען, און אפילו אַזאַ בעסאַראַביער מאַמעליגע, ווי חיים סאָראָקער, זאָל זיך נישט דערוועגען מעהר שרייבען ליעבע־צעטעלעך צו פרעמ־דע ווייבער... אויף איהם וואָלט איך מיך געריכט גיכער א פּגירה, איידער אַזאַ זאַך. הייַנט געה טרעף, ווער ס׳איז א גוטער פריינד און ווער ס׳איז א שונא. בערעל טשאַפּניק איז דאָך עפּיס גאָר א גאַלד אָקעגען איהם. און איך בין געוועזן אַזאַ שוטה און בין געגאַנגען און האָב זיך איהם פערטרויעט און אָנגערעדט אויף

טשאפּניק׳ען וואָס אין דער קאָרט, איז ער נישט פּויל געווען אויף דער פּען און האָט, אַפּנים, אַלסדינג בעוויזען דער טשאַפּניטשקע — איצט איז אויף מיר אַ פייער, זאָל גאָט היטען! בערעל טשאפּניק איז געקומען צו מיר צו לויפען מיט אַ צעיושעטען קאָפּ און האָט אויסגעמאַנטאַטשעט ביי מיר אַ גמילות־חסד אויף צו פערפאָלען. מאָהל דיר, דער סאָראָקער חזיר האָט זיך פון מיר אויך נישט גע־נאַרט. איך האָב איהם אַריינגעהאַקט אַ בריעף די טעג און אָנגע־ריבען אַ מאָרדע, אַז ער וועט שוין פערזאָגען קינדס־קינדער! און האָב קיין מורא נישט — וועגען זיינע בריוולעך צו דיר האָב איך איהם אַפילו נישט מזכיר געווען. און איך בעט דיך, בעלצי היקרה, זאָלסט מיר שרייבען, וויפיעל האָסט דו אָנגענומען ביי איהם דורך דער צייט אויף מיין חשבון, און צי האָסט דו איהם גע׳חתמ׳עט קוויטלעך, צי ער האָט דיר געגעבען נאָר אַזוי, אויפ׳ן וואָרט? עס וואָלט געווען אַ מצוה גדולה אָנצולערנען אַזאַ כלב שבכלבים, ער זאָל נישט בילען. און פאָלג מיך, בעלצי היקרה, פאָהר אַוועק פון דעם פערשאָלטענעם מאַריענבאַד, פערשאָלטען זאָל דאָס ווערען. נאָר פאָהר נישט מיט קיינעם, פאָהר אַליין, און שרייב מיר, וויפיעל רעכענסט דו נאָך צו פערברענגען אין אויסלאַנד און ווען רעכענסט דו צו קומען, אם ירצה השם, אהיים געזונדערהייד? און וואוהין רעכענסט דו צו פאָהרען? — דו שרייבסט מיר, אַז קיין פראַנצענס־באַד, און ווערליג איך האָב געהערט (נישטאָ קיין פערבאָרגענע זאַך אויף דער וועלט), קלויבסט דו דיך גאָר קיין אָסטענדע! שרייב מיר, וואו ליגט עס ערגיץ, דאָס אָסטענדע? און שרייב מיר, מיט וועמען פאָהרסט דו קיין אָסטענדע? אוודאי מיט אַ בעקאַנטער מאַדאַם? און זיי מיר געזונד, און גאָט זאָל מיר העל־פען, איך זאָל שוין דערלעבען דיך זעהען געזונדערהייד צוריק פון דער קור, בין איך מנדר דיינע ביידע פּעטערס צושטייער אויף הוצאות, זיי זאָלען אַריבערפאָהרען אין אַמעריקאַ, וואָרום עס איז נישט אויסצושטעהן פון זיי, מע רייסט פון אַלע זייטען. די היצען זענען גרויס, און דער יקרות איז נאָך גרעסער, און קבצנים זענען

דאָ אַזוי פיעל, אַז ס'איז גאָרנישט אויסצובעהאַלטען זיך פון זיי...
שרייב מיר באַלד אַ קבלה אויפ'ן געלד און, למען השם, ווינציגער
געשפּאַציערט און מעהר געקורירט, וואָרום דיין געזונד — דאָס איז
ביי מיר דער עיקר.

בעלך שלמה קורלענדער.

---

.37

הערש ליפּערמאַן פון די נאַלעווקים אין וואַרשאַ צו חיים סאַראַקער אין
מאַריענבאַד.

להנגיד המפורסם מוהר"ר חיים סאַראַקער נ"י.

עס וועט אייך אודאי זאַן אַ חידוש נפלא, ווי קים איך פּליצים
צינאַך מיט אַ בריעף, אַז אינז האָבען מיר קיינמאָל נישט געהאַט
קיין שום געשעפטען צווישען זעך, און אויב איהר ווילט, זענען מיר
אַפילו גאָרנישט אַזוי נאָהינט בעקענט, אויסערדעם וואָס אינז דאַוו־
נען מיר ימים נוראים אין איין שטיבעל. נאָר אויב ס'איז אייך אַ
ווינדער, איז מיר אַ סך מעהר ווינדערליך, ווי קימט אַ איד, אַ בעל־
הבית, אַ סאָלידער סוחר און אַ טאַטע פין קינדער, זעך ערלויבען
אַזוי צי האַנדלען מיט יענעמס וואַב, איהר שראַבען ליבעצעטעלאַך
גאָר און אַפּירלעגען געלד? ווער דאַרף אייך מיט אייער געלד? נישט
שוין זשע ווייסט איהר נישט, אַז ערשטענס בין איך אפשר אַזוי ראַך
אין מזומן געלד, ווי איהר? און אויב איהר ווילט, בין איך, האָט
קאָן פּאַראיבעל נישט, אפשר נאָך ראַכער פין אייך. וואָרום אַז אינז
זאָלען מיר זעך וועלען גיט אויסרעכענען, ליגט איהר צעשטעקט
מיט אייער פערמעגען באַ לאַטען און ווער ווייסט, וואָס קאָן זאַן
אין אַ יאָהר אַרים, חלילה, באַ אַ קריזיס? איך בין מיט גאָט'ס הילף
אַ מזומנ'ער עושר, וואָרום די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז איך האָב

גאָט זיי דאַנק אויסגענימען אין דער וואַרשעווער לאָטעריע מזומנ׳ע קערבלעך, אין עך קאָן מיר, ברוך השם, ערלויבען אויסהאַלטען מאַן וואָב נישט נאָר אין מאַריענבאַד, נאָר אפילו אין פּאַריז. אין צוויי־טענס, איז מאַן וואָב, חלילה, נישט גלאַך צי אַנדערע וואַבער, ווי, למשל, די מאַדאַם טשאַפּניק, אָדער ווי קורלענדער׳ס וואַבעלע, וואָס אייער שוואָגער, דער אָדעסער פּאַצעטעל מאַריאַמטשיק, מאַכט דאָר־טען מיט איהר, ווי עס לאָזט זיך הערען, שענע משא־ומתנ׳ס... איהר ערלויבט אַך צי שראַבען צי מאַן וואָב, האָט מיר קאָן פּאַר־איבעל נישט, אַזעלכע נאַרישקייטען אין אַזעלכע נידערטרעכטיגע אָנציהערענישען, וואָס אַ לאַטישען מענשען וועט עס קיינמאָל גאָר אויף די געדאַנקען נישט קימען. דערביי זענט איהר זעך פּאַר איהר מודה, אַז איהר זענט נישט גאָטס סטראַפּטשע, אין דאָך האַלט איהר זי פיר, למאַי זי בעגעגענט זיך מיט אַזעלכע נישט ווירדיגע פּאַרשווינדלאַך, ווי אייער שוואָגערעל. אין נאָך דעם אַלעם פּער־גינט איהר אַך צי זאָגען מאַן וואָב, אַז איהר אין אייער קאַסע זענט אָנגעבערייט !... דאָס איז שוין פין אייער זאַט, האָט מיר קאָן פּאַר־איבעל נישט, אַזאַ שווינערייַ, וואָס דאָ אויפ׳ן אָרט קריגט מען פּאַר אַזאַ זאַך געבראָכען די באַינער... אין איהר האָט נאָך אַזעלכע פּער־שטאָכענע אויגען בעריהמען זעך פּאַר מאַן וואָב, אַז מיר זענען מיט אַך נאָהינטע שמעלקעס אין איהר האָט אַ העזה זעך אינטער־צישרייבען „אייער מאַנס פּראַנד". כ׳בייט אַך, זאָלט איהר מיר געזינד זאָן, פון ווען אָן זענט איהר עס מאַנער אַ פּראַנד געוואָרען ? ווי זענט איהר געוועזען אין יענע צאַטען, ווען עך בין, נישט פּאַר איצט געדאַכט, געלעגען אין דער ערד און געבאַקען באַיגעל ? מיר שאַנט, אַז עך האָב געהאַט אַ זכיה, אַז איהר האָט מיר געענטפּערט אויף מאַן גיט־שבת מיט מאַן גיט יום־טוב. און עך בייט אַך, ווער בעדאַרף עס אַזוי נויטיג אייער גיט־פּראַנדשאַפּט ? קאָן קרעדיט האָב עך באַ אַך קאַנמאָל נישט געהאַט אין נישט געזיכט, אין איצט, מיט דער הילף פון קודשא־בריך־הוא, דאַרף עך אייער קרעדיט אודאי נישט. ווייסט איהר, וואָס עך וועל אַך זאָגען ? אַזעלכע

ברייוולעך, ווי איהר שראַבט, זעגען, האַט מיר קאַן פּאַראַיבעל נישט, אַנגעמאַסטען נאָר פאַר אַזעלכע פּאַנע בריה׳ס, ווי די מאַדאַם טשאַפּניק אין נאָך אַזעלכע הפקר־וואַבלאַך, אָבער נישט פאַר אָנ־שטענדיגע פרויען פון אַנשטענדיגע לאַט.

דאָס איז אַלעס, וואָס עך האָב געפינען פאַר נויטיג אַך צו זאָגען אויף דער הייסער שעה. דאָס איבעריגע וועל עך אַך אויס־לומר׳ען, אם ירצה השם, אז איהר וועט קימען געזינטערהייד אהאָים אין אינז וועלען מיר זעך זעהן פּנים אל פּנים. דערוואַל זאַט׳ס מיר אין האָט׳ס מיר.

ממני צבי הירש לויפערמאַן.

---

.38

הירש לויפערמאַן פון די נאַלעווקיס אין וואַרשאַ צו זיין ווייב בראַני לויפערמאַן אין מאַריענבאַד.

בראַנישי !

וואָס איז די מעשה, וואָס די שראַבסט מיר די גאַנצע צאַט, עך זאָל דיר שיקען געלד און געלד, און אַז די האָסט דאָרט אין מאַריענבאַד בעקימען, קיין בייז אויג, אַזאַ קרעדיט — פין דעם שראַבסט די מיר גאָרנישט. אַ גליק, וואָס עך האָב בעקימען זאַן ברייוועלע צי דיר, אַנישט וואָלט עך גאָרנישט געוויסט, ווי אַזוי די פערברענגסט דאָרט די צאַט, אין וואָס פאַר אַ גיטע פראַנד די האָסט דאָרט געפינען, וואָס זיי אַליין אין זייער קאַסע זענען אַנגע־ברייט פאַר דיר! מילא, אַז ער איז דיר אַ גיטער פראַנד — דאָס זעהט מען פין זאַן ברייוועלע צי דיר. אָבער פין ווען אַן בין עך געוואָרען זאַנער אַ גיטער פראַנד, וואָס ער וויל פערהיטען מאַן

כבוד? פאַר וואָס האָב עך נישט געהערט פין זאַן גיטפראַנדשאַפט דעמאָלט, ווען עך בין, נישט פאַר איצט געזאָגט, אויסגעריסען געוואָרען אין אַרימגעלאָפען איבער וואַרשאָ מיט איין אַרויסגעשטעלטער צינג זיכען אַ דראַערעל? איצט זענען זיי שוין אַלע געוואָרען מאַנע גיטע פראַנד. פין בערעל טשאַפּניק שמועסט מען נישט. דער איז באַלד נאָכ'ן געווינס געקימען צי לויפען מיט אַ גדולה אין אויפגעדעקט מיר אַ סוד, אַז ער האָט מעך תמיד געהאַלטען פאַר אַ פעהיגען מענשען, אין אויסגעלאָזט האָט זעך עס מיט אַ גמילות-חסד'על. נאָר אַפּילו אַזאַ איד, ווי רב וועלוועל יאַמאַיקער מיט'ן שענעם באָרד, טראָגט מיר האַנט דעם „גיט-מאָרגען" אָקעגען. עך בין מיט אַ מאָל אויסגעוואַכסען, געוואָרען אַ גאַנצער יש, אַ העלד אין מיטען דרינען! דאַכט זעך, דער אייגענער הערש לויפערמאַן וואָס פריהער, אין דאָך נישט דער. אַפּילו די צאַטינגען האָבען געהאַט צי טהין די ערשטע צאַט מיט'ן נייעם גביר פין די נאַלעווקים. נאָר לאָמיר דאָס אַוועקלעגען אויף אַ זאַט. זאָג מיר, בראָנישי, ווי דערלאָזט די עס גאָר, מע זאָל צי דיר שראַבען אַזעלכע בריוועלאַך? למאַי האָסט די אַליין נישט אָפּגעשיקט צי מיר זאַן בריוועלע? אין וואָס האָסט די איהם אָפּגעענטפערט אויף זאַן בריוועלע? אין שראַב מיר, אויב ס'איז אמת, אַז די קענסט זיך דאָרטען מיט זאַן שוואָגער דעם שאַרלאַטאַן? אין אויב ס'איז אמת, אַז די געהסט מיט איהם שפּאַציערען אויף דער גאַס? אין ווי קימט עס, וואָס פּאַדליג ער שראַבט, האָסט די איהם געגעבען אַ קאַלטען אויפנאַהם, לסוף לעגט ער דיר פאָר, אַזוי ווי די פאָהרסט פין בערלין, קעהרסט די דאַרפען געלד, על-כן, שרייבט ער דיר, אַז ער אין זאַן קאַסע זענען תמיד אָנגעברייט פאַר דיר!? אַזאַ חוצפה איז נאָך נישט געהערט געוואָרען אין דער וועלט. אויסערדעם, וואָס עך שראַב צי איהם אַליין אַ רעכט בריוועל, וואָס עס וועט איהם פינסטער ווערען אין די אויגען, וועל עך נאָך זאַן מיט זאַן בריוועלע צי דיר באַ זאַן וואַב — לאָז זי זעהן אין לאָז זי אויך וויסען, ווי אַזוי איהר מאַן האַלט די „קור" אין מאַריענבאַד!

עך בײם דעך, בראַנישי, זאָלסט מיר באַלד שראַבען װעגען איהם װאָס אין װען, װאָרים עך װעל אַזאַ זאַך נישט פערשװאַגען! אין פין דאַן געזינד זאָלסט די מיר שראַבען אין פין אַלסדינג זאָלסט די מיר שראַבען.

פין מיר דײן געטרײער מאַן הערש לױפערמאַן.

---

### 39.

קלמן ברױכשטוהל פון די נאַלעװקים אין װאַרשאַ צו חיים סאַראַקער אין מאַריענבאַד.

לכבוד הגביר המפורסם מוהר"ר חיים סאַראַקער נ"י.

דער צװעק פון דיזען בריעף איז אָנצופרעגען זיך בײ אײך, איהר זאָלט זײן אַזױ גוט מיר ענטפערען גאַנץ אױפריכטיג און קלאָר, נישט געדרעהט זיך און אָהן קונצען: װאָס פאַר געשעפטען האָט איהר דאָס מיט מײן פרוי, װאָס איהר שרײבט צו איהר שלום־לאהובי־בריװעלעך? איהר רופט זי אַרױס צום ברונען און אין „מי־ראַמאַנט" אַרײן צו שמועסען מיט איהר אונטער פיער אױגען?! איהר לײגט איהר פאַר געלד, און איהר פאָדערט פון איהר, זי זאָל אַריבערפאָהרען צו אײך אין אײער האָטעל פון איהר טובה װעגען?!... און דער עיקר, װאָס פאַר אַ סודות האָט איהר עס צו דערצעהלען אױף מיר???!... אין אײער בריװעלע צו מײן פרוי װינקט איהר אָן, אַז איך האָב נישט פײנט קײן קערטעל און אַז איך שפּיעל אין „אָקע". אױב דאָס איז אײער סוד, װאָס איהר האָט אױסצוזעצען אױף מיר, האָט איהר נישט געטראָפען די סטאַנציע. גאַנץ װאַרשאַ װײסט, אַז איך אין „אָקע" שפּיעל נישט. איך שפּיעל אַמאָל אַ באַנטשאָק אָדער אײן אַנדער שפּיעל, און לעב נישט פון קײן קאָרטען. איך בין נישט

בערעל טשאפניק, איך האָב אַנדערע געשעפטען. אַלזאָ, וואָס קאָנט איהר אויף מיר דערצעהלען פאַר מיין פרוי? און וואָס פאַר אַ אינטערעס קאָנט איהר האָבען דערביי? אַ מאַן, וואָס שרייבט אַזעלכע בריוועלעך צו אַ פרעמדער פרוי, מוז האָבען וויכטיגע אור־זאכען און איין ערנסטען צוועק. אַז איהר זענט איצט נישט שוה בשוה מיט אייער פרוי — דאָס וויים איך שוין לאַנג, מע רעדט ביי אונז אויף די נאַלעווקיס דערפון גאַנץ געשמאַק. וועלוועל יאַמאַיקער האָט מיר דערצעהלט אויף אייך גאַנץ שענע זאַכען, אויף אייך און אויף אייער שוואָגער מאַריאַמטשיק. מע שמועסט, אַז איהר ביידע האַלט ביי גט'ען זיך מיט אייערע ווייבער. אויב אַזוי, ווינש איך אייך, ס'זאָל זיין אין אַ גוטער שעה. איצט בלייבט איבער נאָר איין זאַך: וואָס האָט איהר קיין צייט נישט געהאַט שוין אַזוי גיך זיך בעוואָהרענען מיט אַ צווייטער פרוי, וועהרענד יענע האָט נאָך אַ מאַן ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר? אָדער אפשר ווייסט איהר פון דעם סוד, אַז עס האָט ביי אונז אויך געהאַלטען אַמאָל אויף אַ גט? איז, ערשטענס, געהער זיך עס אָן נאָר מיט מיר און מיט מיין פרוי, און צווייטענס, האָט איהר בעדאַרפט וועניגסטענס אָנ־פרעגען זיך ביי מיר דורך אַ בריעף, נישט געהן מיט אַזעלכע וועגען, ווי איהר געהט... אַגב, אַז עס האַלט שוין דערביי, בעדאַרף איך אייך זאָגען גאַנץ אויפריכטיג, אַז אויב איך וועל מיך אַנטשליסען צו שיידען זיך מיט מיין פרוי, וועל איך עס אַנדערש נישט טהון, נאָר מיט אַ תנאי, וואָס בעשטעהט אין צוויי פונקטען: 1) איך וועל איהר די קינדער נישט אוועקגעבען פאַר כל הון דעלמא. 2) די קינ־דער מוזען מיר זיין בעוואָהרענט מיט אַ געוויסער סומע אויף זייער נאָמען, אריינגעטראָגען אין גאָסודאַרסטווענע באַנק. איהר זענט אַ איד אַ סוחר און אַ בר־דעת, און איהר האָט, אפנים, דאָס זעלבע פעקעל, וואָס איך — אַ וויב אַ צרה, — בעדאַרפט איהר אָבער פער־שטעהן, אַז צווישען אייך און מיר איז אַ גרויסער אונטערשיעד. איהר זענט אַ איד אַ קאַפּיטאַליסט, און אייערע קינדער זענען גע־זיכערט, און איך בין נישט איהר. איך געב אייך מיין עהרען־וואָרט,

אַז איך וועל דאָס צווייטע מאָל נישט הייראַטען. איין מאָל אָפּגע־בריהט זיך — גענוג.

אַלזאָ, ידידי, אויב איהר האָט איין ערנסטען קוק, זאָלט איהר מיר תיכף ומיד ענטפערען, וואָס און ווען און ווי אַזוי. און אויב עס איז ביי אייך מעהר נישט ווי אַזאַ מין ספּאָרט, ווי ביי אייער שוואָגער דעם שאַרלאַטאַן, וואָס וועדליג מע שרייבט אונז פון מאַ־ריענבאַד, האַלט ער אין איין נאָכלויפען נאָך פרעמדע ווייבלעך און שרייבען זיי ליעבע־בריוולעך, פערשטעה איך נישט, ווי ערלויבט זיך עס אַזאַ זאַך אַ איד אַ סוחר, אַ טאַטע פון קינדער, ער מעג זיך זיין אַפּילו אַ גביר און אַפּילו אַ מיליאָנער? זעלבסטפערשטענדליך, אַז איך וועל אַזאַ זאַך נישט פערשווייגען, און עס קאָן אַרויס דער־פון אַ גרויסער סקאַנדאַל. איך ערוואַרט פון אייך יעדענפאַלס איין ענטפער, אָבער קלאָר און דייטליך, אָהן המצאות און אויבערקעפּ־לעך... איך האָב נאָר־וואָס אָוועקגעשריבען אַ בריוועל אויך צו מיין פרוי קיין מאַריענבאַד, זי זאָל מיר שרייבען, אויב ס'איז אמת, אַז זי האָט געשיקט צו אייך אַ שליח נאָך געלד? און פאַר וואָס האָט זי זיך נישט אָנגעפרעגט פריהער ביי מיר? און וואָס איז דאָס פאַר אַ מיראַמאָנט, וואָס איהר רופט זי אָהין אַרויס? און וואָס פאַר סודות האָט איהר ענטדעקט אויף מיר? און ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל האָבען בעקומען איהר ענטפער, וועל איך וויסען, וואָס איך האָב צו טהון. דערווייל זעהט מיר אויס דער גאַנצער חלום אַ רעטעניש.

איך פערהאָף, אַז אויב איהר האָט אין זיך חאָטש אַ ברעקעל אָנשטענדיגקייט, בעדאַרפט איהר באַלד איהר שוין געבען אַ קלאָרע תשובה אויף דעם אַלעם און זאָגען מיר דייטליך און אויסדריקליך, וואָס האָט איהר געמיינט מיט אייער פערשטעלטען בריעף צו מיין פרוי? וואָס איז אייער כונה און אייער מיין? און דער עיקר, וואָס פאַר סודות האָט איהר אויסצוזעצען אויף מיר, אויף אייער אומבע־קאַנטען

קלמן ברויכשטוהל.

## .40

קלמן ברויכשטוהל פון די נאַלעווקעס אין וואַרשאַ צו זיין ווייב לאה ברויכשטוהל אין מאַריענבאַד.

צו מיין ליעבער פרוי לאה'צי לעב וואָהל!

עס איז נישט גלייך, לאה'צי, וואָס איך האָב בעדאַרפט גע־וואָהר ווערען פון אַזאַ וויכטיגער זאַך און פון אַזאַ ערנסטען שריט דורך דער דריטער האַנד. מיר שיינט, ס'וואָלט געווען פיעל גע־זינטער פאַר אונז ביידען, ווען איך ערפאַהר עס דירעקט פון דיר. איך האָב אַפילו בעמערקט שוין לאַנג, אַז דו האָסט עפּיס אויף דער נשמה, נאָר דו פערבאָרגסט עס פון מיר אַזוי ווייט ווי מעגליך. דיין פּלוצימדיג אָפּרייזען קיין אויסלאַנד, דיין אויסוועהלען מאַריענ־באַד — וואָס עפּיס גראָד מאַריענבאַד? פאַר וואָס נישט איין אַנדער באָד? — און דיינע זעלטענע און קורצע בריוולעך צו מיר די לעצטע צייט — דאָס אַלעס האָט בעדאַרפט זיין אויפפאַלענד אין מיינע אויגען. נאָר ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „דער מאַן ווערד געוואָהר אַלע מאָל צום לעצטען"... איך וואָלט דאָס קיינמאָל אויף דיר נישט געגלויבט, — און גלויב אויך איצט נישט — אַז דו זאָלסט אַזוי נידעריג פאַלען און ערלויבען זיך צו שיקען לייהען געלד אָהן מיין וויסען ביי אַזאַ מאַן, וואָס גראָבט זיך אונטער מיר און זוכט אויף מיר בלבולים, אום צו דערגרייכען זיינע נידעריגע צוועקען. לאָז שוין זיין אַפילו, ווי דו האָסט מיר נישט איין מאָל געזאָגט, אַז איך האָב דיר פערפינסטערט דיין וועלט (אָבוואָהל ס'איז נישט אַזוי די מעשה: מיין וועלט איז פערפינסטערט גע־וואָרען דורך דיר), נאָר יעדענפאַלס וואָלט געווען אַ סך עהרליכער פון דיר, ווען דו זאָלסט מיר שרייבען: „אַזוי און אַזוי, קלמן־לעב, איך וויל זיין פריי, ווייל ס'איז מיר נמאס געוואָרען צו לעבען אין שטענדיגען געלד־מאַנגעל און דעסגלייכען"... וואָלט איך דיר אָפּ־

געענטפערט דאס זעלבע, וואס איך האב דיר געזאגט שוין לאנג, נאך ביי אונזער ערשטען צעפאהרען זיך, — געדענקסט דו? — אז ס'איז פארהאן א רוסיש ווארט: „נאסילאו מיל ניע באודעש"... אויך איצט זאג איך דיר, לאה'צי, ווי איין אמת'ער גוטער פריינד און ווי א פאטער צו זיינע קינדער, אז אלע וועגען זענען פאר דיר אפען. איך וועל דיר געבען פולע פרייהייט, נאר מיט איין תנאי: אזוי ווי דו ווייסט, ווי טייער עס זענען ביי מיר די קינדער, אז איך וועל זיך מיט זיי נישט שיידען פאר קיין געלד אין דער וועלט, און אזוי ווי ער איז א איד איין עושר, חוץ זיין שאדען אויף מיר געזאגט געווארען האטש האלב, על־כן זאל ער בעוואהרענען פריהער דיך, דערנאך אונזערע קינדער. פון זיך רעד איך נישט. מיך וועט גאט אויספיהרען אהן איהם. דו ווייסט, אז קיין גרויסער איבערקלויבער בין איך קיינמאל נישט געווען, און איצט אודאי נישט. אבי איך זאל וויסען, אז דיר וועט זיין גוט, און אז אונזערע קינדער וועלען, חלילה, נישט דארפען אנקומען צו א שטיפטאטען. דאס איז אלעס, וואס איך האב דיר צו זאגען. איין אנדער מאן אויף מיין ארט וואלט דיר געמאכט איין אוואנטורע מיט א סקאנדאל. איך בין נישט קיין מענש פון קיין אוואנטורעס און פון קיין סקאנדאלען. דעריבער שרייב איך דיר געלאסען און אויפריכטיג. און אויך צו איהם האב איך היינט אוועקגעשריבען א בריעף, און איך פערלאז מיך אויף זיין אנשטענדיגקייט, אז ער וועט מיר געבען א קלארע תשובה, און די זאך וועט רעגולירט ווערען אויפ'ן אנשטענדיגען ארט, און עס וועט נישט קומען, חלילה, צו לייטיש געלעכטער און צו סקאנדאלען, ווי עס ווינשט דיר

דיין באמת געטרייער מאן, וואס איז יעדענפאלס דיין בעסטער פריינד,

**קלמן ברויכשטוהל.**

---

## 41.

איטשע־מאיר שערענצים און איטשע־מאיר פעקעלים פון די נאלעווקים אין ווארשא צו חיים סאראקער אין מאריענבאד.

(איבערזעצט פון העברעאיש).

פריעד צום פיעלגעעהרטען געהויבענעם און געאכפערטען העררע, דעם געלעהרטען און אויפגעקלערטען רב חיים סאראקער — פריעד אהן איין עק.

נאכדעם, ווי מיר בעגריסען דעם געעהרטען העררע, ווי דער מנהג איז, טהוען מיר זיך נעמען צום אלעם ערשטען ערלויבונג צו ווינשען איהם א גיכע היילונג און א רפואה שלמה, הן אין זיין קערפער והן אין זיין געלד, און דער אלמעכטיגער זאל איהם ברענגען אין פריעדען אהיים צו דער רוהונג און צו דער ערבשאפט אין גיכע צייטען, און ער זאל נישט וויסען מעהר פון קיין שום קרענק און פון קיין שום שמערצען מיט'ן כלל ישראל פון היינט און ביז אייביג — אמן.

אצינד טהוען מיר מאכען פאלען אונזער געבעט פאר די הויכקייט פון אונזער העררע, ער זאל אראפנויגען זיין אויהער און צוהערען צו אונזער קול, צום קול פונ'ם בלוט פון דיין ברודער, וואס טהוט שרייען פון א וויט לאנד אויף דעם אומרעכט, וואס ווערד אונז געטהאן אהן א שום עולה אין אונזערע הענד. מיר האבען געזאגט, לאמיר דערצעהלען חאטש א טויזענד־חלק פון אונזערע יסורים און הארצוועהטיג — איז אבער מיער יעדע צונג צו רעדען, יעדע פעדער צו שרייבען, און ס'איז קורץ די דעק אויף צו פערשפרייטען. און נאר אין קורצע ווערטער וועלען מיר זיך פרובען געבען א ווידער־קול פון אונזער אויסגעשרעה, וואס רייסט זיך

אַרוים מיט אַ גוואַלד פון די ווענד פון אונזער האַרץ. הערט אונז אוים, וועט אייך אויסהערען גאָט.

מיר, די אונטערגעשריבענע אויף דעם דאָזיגען בריעף, זענען וואַרשעווער יונגע־לייט, וואָס זענען נישט לאַנג אַראָפּ פון'ם טיש פון זייער פאָטער און האָבען געשיקט אין האַנדעל זייערע הענד, און גאָט האָט געבענטשט דאָס טהועבץ, וואָס זיי האָבען געטהאָן, און זייער אַרבייט האָט געמאַכט וואַכסען פּירות, און זייער נאָמען האָט זיך געשטאַרקט אויף דער וועלט, און ווי דער מנהג איז פון אונזערע ברידער, די קינדער פון ישראל: ווי באַלד נאָר די זון פון הצלחה טהוט אַ לייכט צו זיי מיט איהר פּנים, אַזוי הויבען זיי אָן צו פערשווענדען דאָס, וואָס זיי האָבען אָנגעזאַמעלט מיט די מיעדקייט פון זייערע הענד, און געלד איז ווי גאָרנישט ביי זיי אין די אויגען, און מעהר פון אַלץ ברענגען זיי זיך אוים אויף די וויי־בער פון זייער יוגענד, און זייערע ווייבער הויבען אָן פיהלען מיט אַ מאָל אַלערליי וועהטיגען אין זייערע אַלע איברים און זיי הויבען אָן פאָרשטען צו די אָפּגעטער פון דער מעדיצין, וועלכע צעשיקען די דאָזיגע קראַנקע אין אַלע עקען פון דער וועלט צו זוכען אַ תרופה צו זייער וואונד, און מעהר ווי אומעטום ווערען זיי געשיקט אין יענעם מאָדנעם קוראָרט, וואָס איז בעוואוסט מיט'ן נאָמען מאַריענ־באַד.

עס פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט, אַז מיר האָבען מקיים געווען דעם דין פון מאַריענבאַד מיט אַלע פונקטען און פּישטשעווער־קעס און מיט אַלע זעכס הונדערט און דרייצעהן מצוות, וואָס העג־נען אָפּ אין דעם. נישט געשווינט האָט אונזער אויג אויף קיין געלד, און אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: טהו — דאָס האָבען מיר געטהאָן. און מיר האָבען אַרויסבעגלייט אונזערע געליעבטע ווייבער קיין מאַריענבאַד, און געלד האָבען מיר געטהאָן אין זייערע כלים, און מיר האָבען צו זיי געזאָגט: „געהט־אויף אין אַ גוטער שעה און אין אַ גליקליכער אין יענעם פרוכטבאַרען לאַנד, וואָס טהוט רינען מילך און האָניג, און געפינט דאָרט אייער היילונג,

נייערט איהר זאָלט אונז נישט פערגעסען און זאָלט פון צייט צו צייט מאַכען פליהען צו אונז אייערע צייכענס און אייערע נאַכריכ־טען פון אייער פריעדען און פון אייער וואָהל־זיין, ביז עס וועט קו־מען דער גליקליכער טאָג פון אייער צוריקקעהרען אין אייער נעסט אריין צו אייערע מאַנען, די הערן פון אייער יוגענד".

אזוי האָבען מיר געזאָגט צו אונזערע געליעבטע ווייבער און זיך אָפּגעזעגענט מיט זיי, און זיי האָבען פערלאָזט מיט פריעדען דאָס לאַנד פון זייער געבורט און זענען געקומען אין דעם לאַנד, וואָס זיי האָבען אויסדערוועהלט, דאָס הייסט קיין מאריענבאַד, און האָבען אונז צוגעזאָגט צו שיקען נאַכריכטען פון צייט צו צייט, און האָבען געהאַלטען וואָרט, געשריבען אונז בריעף פון דעם שטאַנד פון זייער געזונד, און פון די וואַ־סערען, וואָס זיי טהוען דאָרט שעפּען פון די קוואַלען פון הילף. נאָר פּלוצים איז פערשטאָפּט געוואָרען יעדע זעהונג פון זיי. די פּאָסט האָט פערמיטען צו ברענגען אונז זייערע נאַכריכטען. פער־אָרעמט און אויסגעטריקענט זענען געוואָרען אַלע קוואַלען פון זיי־ערע שרייבעכצען, וואָס זיי פלעגען צו אונז שרייבען, ביז מיר האָבען פערלוירען אונזער קאָפּ און מיר זענען געוואָרען אין אונ־זערע אויגען גלייך, ווי מיר חלומ'ען. און פּלוצים האָט מען אונז אויפגעעפענט אונזערע אויגען און ס'איז אונז פערענטפערט גע־וואָרען אַלע קשיות. מע האָט אונז בעוויזען שוואַרץ אויף ווייס, ווער ס'איז דאָ דער שולדיגער און ווער ס'איז דאָ דער בייזער שליח. אין לעבען וואָלטען מיר נישט געגלויבט, ווען מיר זאָלען נישט זעהען מיט אונזערע אויגען און נישט דערקענען אייער האַנדשריפט און די האַנדשריפט פון אייער געעהרטען שוואָגער, געקריצט אויף פּאַפּיער. זעהר געעהרטער און געהויבענער הערר! מיט די גלאַט־קייט פון אייערע צינגער און מיט די זיסקייט פון אייערע רעד האָט איהר ביידע זיי געטהאָן פאַנגען אין אייער נעץ. פולע הויפענס ליעבשאַפט האָט איהר געטהאָן אויסגיסען אין זייער שויס אריין און איהר האָט געמיינט, ווייזט אויס, אַז קיין מענש וועט נישט

וויסען, קיין בעשעפעניש וועט נישט זעהען. אוי־וועה געשריגען! ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז דאָרט אין דעם ווייטען מאַריענבאַד וועט זיין אָנגעגרייט נאָך פון נעכטען דער גיהנם? ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אונזערע ריינע פרומע ווייבער, וואָס אין דער־היים אין וואַרשאַ וואָלטען זיי אויסגעלעבט זייערע יאָהרען און וואָלטען נישט געוואוסט פון קיין זינד, זאָלען אַזוי געשטרויכעלט ווערען? ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אין אַזאַ צייט, וואָס איז אַ צרה פאַר יעקב'ן, און ישראל איז אָוועקגעגעבען געוואָרען צו רויבער, אין אַזאַ צייט, ווען אידיש בלוט גיסט זיך, ווי וואַסער, אין הויפט פון אַלע גאַסען, ווען שונאים פרעהען זיך און טאַנצען אויף אונזער חרפּה, ווען די פיילען ווערען געשאַרפט אויף אונז פון אַלע זייטען און שווערע וואָלקענס רוקען זיך אָן אויף אונזער הימעל — אין אַזאַ צייט זאָלען אידען, בעווייבטע אידען, טאַטעס פון קינדער, אין זינען האָבען טהון אַזעלכע אומווירדיגקייטען, פערנאַרען פרעמ־דע ווייבלעך ערגיץ אין אויסלאַנד, און אונטער'ן דעקטוך פון הייליגע און לעבעדיגע וואַסער טרינקען זיך נעמען אַראָפּפיהרען זיי פונ'ם גלייכען וועג און פערפיהרען זיי אין אַ אָרט, וואָס פון דאָרטען וועלען זיי זיך שוין נישט אומקעהרען—אַ! שטוינט איהר הימלען! מיר האָ־בען געמיינט, אַז נאָר אייער געעהרטער שוואָגער, דער מאַן פון איי־ער ווייב'ס שוועסטער, וואָס האָט אַ שם אין דער וועלט פאַר איין אויסגעלאַסענעם מענשען, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון דרך־ארץ און אַנשטענדיגקייט, איז פעהיג צו טהון אַזעלכע מיאוסע זאַכען — שרייבען בריוולעך צו פרעמדע ווייבלעך. זיינע בריוולעך, וואָס ער האָט געטהאָן לויפען צו אונזערע ווייבער, איז אונז געראָטען אָפּצוהאַנדלען פאַר רעכט געלד ביי איינעם אַ פּאַר־שוין, וואָס מיר זענען נישט מחויב צו פערעפענטליכען זיין נאָמען. מיר האָבען געמיינט, אַז דערמיט האָט זיך געענדיגט די דאָזיגע הימעלשרייענדיגע טראַגעדיע. צום סוף האָבען מיר דערזעהען, אַז מיר זענען געווען בלאָנזענדיגע אין אַ מדבר, אַז דער אמת'ער פיינד לאָקערט נאָך פון זיין בעהעלטעניש — און דער דאָזיגער פיינד

דאָס זענט איהר, געעהרטער און געאַכפּערטער הערר, איהר און נישט קיין אַנדערער. ווארום אויב אייער געעהרטער שוואָגער, דער מאַן פון אייער ווייב׳ס שוועסטער, האָט געטהאָן שרייבען צו אונ־זערע ווייבער פיעל נארישקייטען און פּוסטע רעד פון חנופה מיט אַ גרינגען קאַפּ, האָט איהר, זעהר געעהרטער הערר, געהאַט איין עזות צו זאָגען אונזערע ווייבער, אַז איהר וועט טהון מאַכען רינען געלד פון אייער בייטעל פון זייער טובה וועגען. אַ! פערשאָלטען וואָלט געמעגט ווערען די האַנד, וואָס האָט אַזעלכעס געקאַנט צייכענען! פערשאָלטען וואָלט געמעגט ווערען די צונג, וואָס איהרע גלאַטע רעד זענען גיפט און די זיסקייט פון איהרע ווערטער איז דער גיהנם.

דאָס אַלעס האָבען מיר, די אונטערגעשריבענע, געפונען פאַר נויטיג, זעהר געעהרטער הערר, אויסצוגיסען אין אייער שוים און צו בעטען פון אייך מיט אַלע מינים געבעט — איהר זאָלט רחמנות האָבען הן אויף אונזער כבוד, הן אויפ׳ן כבוד פון אונזערע ווייבער, והן אויף אייער אייגענעם כבוד, און איהר זאָלט אויפהערען צו טהון אייערע אומווירדיגע זאַכען. מיר זענען אייך מוסר מודעה, זעהר געעהרטער הערר, אַז באַם איהר וועט נישט צוהערען צו אונ־זער קול און וועט נישט פערמיידען ווייטער צו טהון אייערע אומ־ווירדיגקייטען אין דער פערבאָרגעניש, דאַן וועט ביטער זיין אייער סוף און איהר וועט בעקומען אייער לוין און אייער צאָהלעכטס בכפל כפלים, ווארום ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און ס׳איז נאָך פאַרהאַן אַ געזעץ און אַ ריכטער אין ישראל!

מיר בעטען ביי אייך, איהר זאָלט קיין פּאַראַיבעל נישט האָ־בען, וואָס מיר פערלענגערען נישט אונזערע רעד, ווייל מיר האָבען זעהר קיין צייט נישט! און האָפּעגדיג, אַז איהר וועט טהון אַ גע־העריג אויהער צו אונזערע ווערטער, וואָס טריפען פון אַ ריכטיגען קוואַל און פון אַ האַרץ פול בלוט, און איהר וועט נישט דערלאָזען צו גרעסערע בזיונות, פערקירצען מיר אונזערע רעד און צייכענען

מיט פיעל כבוד און מיט אַ בענטשונג פון גוטע פריינד, וואָס ווינ־שען אייך פיעל גליק און רייכקייט ביז אָהן אַ שיעור.

די רעד פון: יצחק מאיר שערענציס.

און די רעד פון: יצחק מאיר פעקעלים.

---

.42

אלעכסאנדער סווירסקי פון באזעל צו דער יאמאיטשיכע אין מאריענבאד.

גנעדיגע פרוי!

איך האבע די עהרע איהנען מיטצוטיילען, דאסס איך אין באזעל אויף דען צעהנטען ציוניסטען־קאָנגרעס גליקליך אנגעקאָמען בין, און ווי מיר די זאכע בעאבערעדעט האבען, האבע איך מיך צו מיינע געשעפטען מיט פלייס גענאָמען, די פאסיגע פארטיען פאר איהרע ווערטהע טעכטער נאכצוזעהן, און מוז בעהויפטען, דאסס צו מיינען גרעסטען בעדויערען האבע איך דאס געוואונשטע פיר זיע לייר דער ניכט געפונדען, וייל דער גרעסטער טייל געסטע צום צעהנטען ציוניסטען־קאָנגרעס בעשטעהט פון מענער, וועלכע לײדער שוין לאנג פערהייראטעט זינד. דען אונפערהייראטעטע גיעבט עס לייר דער ניכט אונטער דען ציוניסטען. די אורזאכע איז וואהרשיינליך די, דאסס די ציוניסטען לײדער פריה הייראטען, אונד פיעלייכט זינד דא נאך אורזאכען, אבער דער טהאט איזט פעסטגעשטעלט, דאסס מיין רייזע נאך באזעל ואר גאנץ אומזאנסט, אונד עס טהוט מיר ווירקליך לייד די שפעיזען, וואס זי מיר נעגעבען האבען. אבער איך קאָן מיך רעכטפערטיגען, דאסס איהרע שפעיזען זענען דאך ניכט גאנץ אומזאָנסט הערויסגעשמיסען, דען איך האבע מיך היער אין באזעל אינפארמירט וועגען איהר קישיניעווער פארטיע אונד איך

האבע צו מיין גרעסטער ערשטוינונג ערפאהרען, דאסס דער הערר זיידענער איזט ווירקליך איין זעהר טיכטיגער דאנטיסט, וועלכער אין קישיניעוו די גרעססטע פּראקטים האט, אבער ער איזט לײדער שוין לאנג פערהייראטעט אונד האט צו הויזע איינע זעהר נעטטע פרוי אונד קינדער, אונד עס וואונדערט מיך וואהרהאפטיג, ווי האַבען וויר דאס געקאָנט זיך זאָ ביטערליך ענטוישען, דאסס די זאכע זאָ ווייט געגאנגען איזט, דאסס ער אין איהרע אלע דריי ווערטהע טעכטער זיך פערליעבט האט, אונד איך איהרע ווערטהע טעכטער איהם זאָ ווייט סימפּאטיזירען, דאסס גאנץ מאריענבאד שוין אלס ריכטיגע פּארטיע זי בעטראכטעט האט! אונד וואס מיר בעזאָנדערס פערדרוס מאכט איזט דער פאקט, דאסס דיעזער הערר זיידענער שיינט מיר איין געמיינער בעטריגער צו זיין, דען דיעזער שורקע האט ביי מיר אייניגע טויזענד קראָנען אויף איינע קורצע צייט אלס גמילות־חסד גענאָמען, אונד אלס איך איהם צוויי מאל טעלעגראפיש געמעלדעט האבע, דאסס ער מיר דיעזע פּאאר טויזענד קראָנען זאָפאָרט טעלעגראפיש נאך באזעל איבערוויזען זאל, בלייבע איך גאנץ אָהנע אנטווארט, אונד האבע איך הייטע צו מיינע גרעסטע ערשטוינונג איינע נאכריכט בעקאָמען, דאסס דער הערר זיידענער נאך אָסטענדע צוזאמען מיט פרוי קורלענדער אבגערייזט האט, אונד דאסס דער הערר מאריאמטשיק איזט צוזאמען מיט פרוי שערענצים אונד פרוי פּעקעלים אויך נאך אָסטענדע אבגעריייזט, אונד אויך דיעזער לייכטזיניגער הערר מאריאמטשיק איזט מיר איין פּאאר הונדערט קראָנען שולדיג געבליבען נאכדעם, ווי וויר צוזאמען אייניגע מאל אין אָקע געשפּיעלט האבען. אבער דיעזע פּאאר הונדערט קראָנען פאָן העררן מאריאמטשיק זינד מיר ניכט זאָ פיינליך וויע יענע דרייטויזענד קראָנען פאָן העררן זיידענער, דען דאס איזט בלויז קארטענשולד, אונד דאס איזט לײדער בארעס געלד, מיט בלוט אונד שוויים פערהאַרעוועט, — אויסקרענקען זאל ער דאס, אזא איין אויסוואורף! א ממזר! אזעלכע בלוטיגע קראָנען, ווי שדכנות־געלד ביי א שדכן, איידער מע זעצט דורך ביי

אידען א שידוך קומט אָן מיט גרינע ווערעם, קומט צו געהן א דאנ־
טיסט, א שווארץ יאָהר פון קעשעניעוו, וועלכער איינע פרוי אונד
צוויי קינדער האט, אונד זיך אלס אונפערהייראטעטער קאוואליער
מעלדעט — איזט דאס טהאטזעכליך צו שטוינען אונד צו בעדויי־
ערען, דאסס אין אזא צייט זאָל זאָ עטוואס פאָרקומען קענען אין
צוואנציגסטען יאהרהונדערט ביי אלגעמיינער ציוויליזאציאָן פון
באהנען, טעלעגראף, טעלעפאָן, עלעקטריע, פאָנאָגראף עט צעטערא,
עט צעטערא! אונד דא איך פאָן היער דירעקט נאך אָסטענדע אב־
רייזע, אום דיעזען ניעדערטרעכטיגען בעטריגער צו פאקען אונד
גלייכצייטיג פיר איהרע ווערטהע טעכטער אנשטענדיגע פארטיען
נאכצוזוכען, פערבלייבע איך מיט פאָרציגליכער האָכאכטונג אונד
מיט די בעסטע גרוסען צו איהרע ווערטהע טעכטער

א ל ע ק ס א נ ד ע ר ס ו ו י ר ס ק י.

---

.43

בראָני לויפערמאַן פון מאריענבאד צו איהר מאַן הירש לויפערמאַן אויף די נאלעווקים אין ווארשא.

לבעלי מוהר"ר הערש נ"י.

וואָס ס'האָט זיך מיר גע'חלומ'ט די נאכט און יענע נאכט און א גאנץ יאָהר זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ און צו זייערע הענד און פיס און לייב און לעבען! די יאמאיטשיכע זאָל אזוי וויסען פון איהר חיות און די טשאפּניטשקע פון איהר געזונד, ווי איך הויב אָן צו פערשטעהן אפילו, וואָס דו שרייבסט און פון וועמען דו שרייבסט און צו וועמען דו שרייבסט?! דאָס האָט אודאי די יאמאיטשיכע דורך איהר וועלוועל יאמאיקער אָנגעפיהרט א רכילות'על? אָדער די טשאפּניטשקע דורך איהר בערעל טשאפּ־

ניק, וואָס וויל ביי דיר אויסנאַרען אַ גמילות־חסד? ער בעדאַרף טאַקי נעבאַך זעהר נויטיג האָבען, וואָרום זיין מאַדאַם האָט זיך דאָ פערשפּיעלט אין „אַקע“, געֿפּטר׳ט וויפיעל זי האָט געהאַט, און איצט לויפט זי אַרום צווישען אונזערע וואַרשעווער זוכען אַ נאַר, וואָס זאָל איהר אויסלייהען אויף אַ קורצע צייט. איז אָבער נישטאָ קיין נאַראָנים אין מאַריענבאַד. אַ סך זענען צעפאָהרען, ווער קיין פראַנצענסבאַד, און ווער קיין אָסטענדע. שלמה קורלענדער׳ס ווייבעלע איז שוין אין אָסטענדע. נישט אַליין; דער קעשעניעווער, וואָס איך האָב דיר געהאַט געשריבען, איז אויך דאָרטען. וואו זי, דאָרט איז ער. אפנים, אַ כישוף?... נאָר איך קעהר מיך אום צוריק צו דיין בריעף. איך לייען איהם און לייען און ווער שיער נישט משוגע! וואָרום איך הויב דען אָן צו פערשטעהן, וואָס דו מיינסט? ווער איז דער „ער“, וואָס דו שרייבסט מיר, אַז ער איז מיר אַ גוטער פריינד און אַז איך האָב ביי איהם קרעדיט? וואָסער קרעדיט? איך האָב דאָ נישט קיין קרעדיט אין ערגיץ אויף קיין צעהן העלער אפילו! געהט אוועק די וואָך, אַזוי ווערד צוגעשטעלט אַ רעכענונג, און מע מוז צאָהלען. דאָס איז מיט דער סטאַנציע. און פאַר׳ן עסען אין כשר׳ען רעסטאָראַן ווערד געצאָהלט ביי יעדען מאָהלצייט. היינט וואָס וואַרפסט דו מיר אוים קרעדיט? און וואָס דערצעהלסט דו מיר, אַז דו האָסט געזעהן זיינע בריוועלעך צו מיר? וועמענס בריוועלעך? אַ חוץ דיינע קלוגע בריוולעך און אַ חוץ די בריוולעך פון מיין מאַמע, האָב איך פון קיינעם קיין וואָרט נישט ערהאַלטען. און וועמען האָב איך דאָ געגעבען אַ קאַלטע אויפנאַהם? און וועמענס קאַסע, זאָגסט דו, איז פאַר מיר אָפען? כלעבען, הערש, דו רעדסט, ווי אַ דולער, אָדער ווי אַ שיכור׳ער. דו מישט צענויף קאַשע מיט באָרשטש און דערמאָנסט זיך מעשיות פון אַמאָל, נישט היינט געדאַכט, און פרעגסט מיך, אויב ס׳איז אמת, אַז איך געה מיט איהם שפּאַציערען אויף דער גאַס? אויב דו מיינסט דאָס דעם אָרעסער שאַרלאַטאַן, מאיר׳ל מאַריאַמפּאָלער, איז ווען נישט לאָה׳צי ברויכשטוהל, וואָלט איך איהם שוין לאַנג אָנגעשפּיגען אַ

פּולען פּנים. זי שטעלט זיך איין פאַר איהם. זי זאָגט, ס'איז אַזוי אויך אויף איהם אַ גאָט'ס רחמנות. ער האָט זיך פערליאַפּעט אין שלמה קורלענדער'ס ווייבעל, שוין געוועזן מיט איהר אויף אַ דרך, איז אונטערגעשפּרונגען אָט דער קעשעניעווער דאַנטיסט, וואָס איז אַנט־לאָפען מיט איהר קיין אָסטענדע, אַפּנים, זיך בעהאַלטען פאַר אונז, וואָרום מיר זענען פאַר זיי אַ שעטנז... מיר רעכענען אָבער, איך און לאה'צי ברויכשטוהל, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, נאָך שבת־דיגע וואָך אויך אַ פאָהר טהון קיין אָסטענדע, וואָרום דאָ איז שוין באַלד אויס סעזאָן, און דאָרטען הויבט זיך ערשט אָן סעזאָן. איך וואַרט נאָר אויפ'ן געלד, וואָס דו האָסט מיר אַרויסגעשיקט. און איך בעט דיך, הערש, זאָלסט מיר באַלד אַרויסשרייבען דייטליך און קלאָר, נישט ווי אַ משוגענער, וואָס און וועמען דו האָסט געמיינט טרעפען מיט דיין בריעף, וואָרום ס'זאָל נישט שטעהן אויף איהם מיין נאָמען, וואָלט איך געמיינט: אָדער ער איז נישט צו מיר געשריבען, אָדער דו ביזט, חלילה, אַראָפּ פון זינען? און איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, אַז זינט עס האָט דיר בעגליקט און ס'איז אַרויס דאָס געווינס, ביזט דו טאַקי געוואָרען איין אַנדער מענש... געהסט אַרום טאָג ווי נאַכט און רעדסט פון דיין געווינס, און עס דאַכט זיך דיר אויס, אַז די גאַנצע וועלט איז דיר מקנא, און אַלע זענען דיר שונאים, און קיינער פערגינט דיר נישט, און אפילו דיין אייגען ווייב גלויבסט דו שוין אויך נישט און שרייבסט אַזעלכע זאַכען, וואָס מע קאָן משוגע ווערען! אַז איך וועל ערהאַלטען דאָס געלד און אַריבערפאָהרען קיין אָסטענדע, וועל איך דיר געבען צו וויסען מיין אַדרעס דורך אַ דעפּעש. דערוויילּ פערבלייב געזונד און גליקליך און זיי נאָר נישט אַזוי צעטראָגען, ווי עס ווינשט דיר דיין פרוי

בראָני ליפּערמאַן.

## 44.

לאה'צי ברויכשטוהל פון מאריענבאד צו איהר מאן קלמן ברויכשטוהל אויף די נאלעווקים אין ווארשא.

נעעהרטער הערר ברויכשטוהל!

פערצייהע, — נאך אזא בריעף, ווי דו האסט מיר געשריבען, קאן איך דיך מיט קיין אנדער נאמען נישט אנרופען, נאר „געעהר־טער הערר". איך בין נישט גלייך צו דיר. דאס קאנסט דו נאר, שרייבענדיג מיר אזא בריעף, אנרופען מיך „מיין ליעבע פרוי לאה'־צי". ווי קאן איך דיר זיין א „ליעבע פרוי", אז איך טהו־אפ אזעל־כע זאכען, ווי דו שרייבסט מיר? איך וואלט נאר ווען וויסען, ווער איז דער מאן, וואס זוכט אויף דיר בלבולים און וואס איך שיק צו איהם לייהען געלד? אויב דו מיינסט דאס מיין פעטער יונה פון פעטריקאוו, איז, ערשטענס, מעג איך, דאכט זיך, צו מיינעם א פעטער שרייבען, וואס איך וויל, און, צווייטענס, האב איך איהם פון קיין געלד אפילו נישט דערמאנט, ווארום איך ווייס, ס'איז אומזיסט. ארויסגעווארפען א מארקע. דער פעטער יונה האט שוין גענוג יוצא געווען, גענוג געגעבען, דו אליין קאנסט דאס אויך נישט אפלייקענען. עס וועט זיין גענוג, אז ער וועט מיך אין זינען האבען פאר'ן טוידט ביי דער צוואה; גלויב איך אויך נישט: די קינדער וועלען איהם מסתמא נישט דערלאזען... פערשטעה איך נישט אלזא, ווער איז דער מאן, וואס דו מיינסט? נאר אפשר מיינסט דו דאס שלמה קורלענדער? האב איך צו איהם קיינמאל נישט געשריבען וועגען געלד לייהען און וועל נישט שרייבען. איך געדענק דען נישט, אז דו ביזט ביי איהם געווען פאר מיין אפפאהרען קיין אויס־לאנד, און ער האט דיר אפגעזאגט? זעהסט דו, זיין בעלצי'ן האב איך דא יא איינמאל אנגעמוט מיט א גמילות־חסד, האב איך אויך חרטה. דאס איז א סחורה! — זי מעג שוין זיין די כפרה פאר

איהר מאַן אויך. ער איז טאַקי אַ קורלענדער חכם, אָבער איין עהר־ליבער, און זי פיהרט דאָ אויף אַזעלכע שטיק, אַז ס׳איז פּשוט אַ בזיון פאַר לייטען! נאָר האַפּט זי דער וואַטענמאַכער, האַטש איך וויים, איך שטוים מיך אָן, אַז דאָס וואַכסט פון איהר. דאָס האָט זי מסתמא אָנגעפיהרט ביי דיר אַ רכילות, אָדער אַליין, אָדער דורך איהר מאַן דעם חכם, און דו האָסט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, ווי אָן עפּים רעכטס, אבי איין אויסרעד אויף גט׳ען זיך... פערשטעה איך נישט, וואָס עפּים איצטער אין מיטען דרינען? און וואָס ביזט דו אַזעלכעס געוואָהר געוואָרען אויף מיר, וואָס דו זאָגסט, אַז „דער מאַן דערוויסט זיך אַלע מאָל צום לעצט“?... דו שרייבסט מיר, אַז דו בעפרייסט מיך מיט דיין גוטען ווילען, דאַנק איך דיר זעהר פאַר דיין גוטסקייט. היינט שרייבסט דו מיר, אַז דו ווילסט, מע זאָל בעוואָהרענען פריהער מיך, דערנאָך די קינדער. איז דאָס אודאי זעהר שען פון דיין זייט. די פראַגע איז נאָר: ו ו ע ר זאָל עס בעוואָהרענען? און ווער איז דער „ער“, וואָס דו שרייבסט, אַז ער איז איין עושר? אַלץ דער פעטער יונה? וואָס געהער זיך עס אָן מיט דיר? וועט ער ווען, וועט ער בעוואָהרענען, וועט ער נישט וועלען, וועט ער נישט בעוואָהרענען — וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו גט׳ען זיך?... דו שרייבסט, אַז איין אַנדערער וואָלט מיר געמאַכט איין אַוואַנטורע מיט אַ סקאַנדאַל! מיר דאַכט, אַז קיין גרעסערער סקאַנדאַל פון דיין איצטיגען בריעף קאָן שוין גאָר נישט זיין, וואָרום ווי באַלד, אַז איך האָב שוין קיין רעכט נישט צו שרייבען אַ בריעף צו איין אייגענעם פעטער, לאָזען זיך שוין אוים אַלע זאַכען!

ווי באַלד אַזוי, האָב איך דאָ נישט וואָס צו טהון און דאַרף מיך נישט קורירען מעהר. איך האָב געהאַט גערעכענט פאָהרען פון דאַנען מיט בראָני ליפערמאַן קיין אָסטענדע. איצט אָבער טהו איך אַ שפּיי אויף אַלעם און פאָהר אַוועק צו מיין פעטער יונה קיין פעטריקאָוו, און וויל דיך מעהר נישט קענען! דו האָסט מיר אויפגעדעקט מיין אַלטע וואונד — מסתמא ווילסט דו דאָך עס...

ביי דיר איז עס נישט דאָס ערשטע מאָל... זייַ געזונד. אַז דו וועסט האַלטען ביי שרייבען מיר בריעף, קאָנסט דו מיר שרייבען קיין פּעטריקאָוו.

פון מיר דיין געוועזענער פריינד, וואָס האָט נישט פערדיענט אַזעלכע בריעף.

ל א ה.

---

45.

חיים סאראקער פון מאריענבאד צו הירש ליפערמאן אויף די נאלעווקיס אין ווארשא.

להגביר החדש מוהר״ר צבי הירש ליפערמאַן!

אייער בריעף האָב איך ערהאַלטען. עס טהוט מיר זעהר לייד, נאָר איך מוז אייך זאָגען, איך בעדויער אייך מיט אייער געווינס, וואָרום דאָס געווינס האָט אייך, ווי עס שיינט, אַראָפּגעפיהרט פונ׳ם דרך הישר, דאָס הייסט, איהר זענט נעבאָך געוואָרען גערירט פונ׳ם זינען. איהר שרייבט מיר, אַז איהר זענט רייכער פון מיר. עס קאָן זעהר מעגליך זיין. איך האַלט גאָרנישט דערביי, איך זאָל מיך וועלען אויסרעכענען מיט אייך אין פערמעגען, און איך גלויב אייך, אַז איהר קאָנט אויסהאַלטען אייער ווייב, ווי איהר זאָגט, אפילו אין פּאַריז. לאָז אייך גאָט העלפען, ווי איהר ווינשט אייך אַליין. נאָר איך בעט אייך, וואָס געהער זיך עס אָן מיט מיר? ווען האָב איך געשריבען צו אייער ווייב בריוועלעך, אַז איך קען מיך גאָר אפילו נישט מיט איהר? נישט זי האָט ביי מיר געלד פערלאַנגט, נישט איך האָב איהר געלד פאָרגעלעגט, און איך האָב מיך קיינמאָל נישט בעריהמט מיט אייער בעקאַנטשאַפט, און פאַר אייערען אַ פריינד האָב איך מיך קיינמאָל נישט אַרויסגעשטעלט. דאָ האָט געמוזט אַרויס אַ מיאוסער טעות. איהר האָט נישט געטראָפען צו דער טהיר. איהר

האָט אוודאי געמוזט זעלען אויסזידלען מיין שוואָגער מאַריאַמ־טשיק? ער איז יאָ אַ נאָהענטער שמעלקע מיט אייער ווייב. ער איז איצט מיט איהר, ווי איך האָב געהערט זאָגען, אין אָסטענדע. אהינצו קאָנט איהר צו זיי שרייבען בריוולעך און זיך בעריהמען מיט אייער רייכקייט, און מיך לאָזט צורוה, וואָרום אזוי ווי איך בין געווען, אזוי בין איך געבליבען אייער אונבעקאַנטער פריינד, וואָס ווינשט אייך, איהר זאָלט ווערען געזונד...

**חיים סאַראַקער.**

---

.46

חיים סאַראַקער פון מאַריענבאַד צו קלמן ברויכשטוהל אויף די נאַלעווקיס אין ווארשא.

מיין אונבעקאַנטער פריינד.

איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל אייך ענטפערען אויף אייער בריעף. איך קאָן אייך נאָר געבען אַ ראַט, איהר זאָלט זיך מטריח זיין צום דאָקטאָר, ער זאָל אויסהערען אייער גייסטיגען צושטאַנד, נאָר בכדי עס זאָל אייך נישט זיין לאַנגווייליג, זאָלט איהר זיך זעהען פריהער מיט הירש ליפערמאַן, דער, וואָס האָט געוואונען דאָס גרויסע געווינס און איז דורך דעם קראַנק געוואָרען אויף דעם זעלבען חולאת, וואָס איהר... וואָרום וואָס דען קאָן איך אויף אייך אַנדערש איבערטראַכטען נאָך דעם, אַז איהר שרייבט מיר, אַז איך וויל אַריבערנאַרען אייער ווייב אין מיין האָטעל **פון איהר טובה וועגען**, און אַז איך האָב איהר דערצעהלט אויף אייך, אַז איהר שפּיעלט אין „אָקע“?... אויב איהר שפּיעלט אין „אָקע“, אָדער נאָר אין „באַנטשאָק“, ווי איהר זאָגט, — דאָס ווייס

איך נישט, נאָר אַז איהר זענט נישט בײ'ם גאַנצען פערשטאַנד — דאָס זעהט מען אַרויס פון אײער בריעף. איהר שרײבט, אַז איהר װײסט שוין לאַנג, אַז איך בין מיט מײן װײב נישט שוה בשוה, און איהר שטעלט מיר פאַר אײן עדות רב װעלװעל יאַמאיקער. עס קאָן זײן, אַז רב װעלװעל יאַמאיקער װײסט בעסער, װי אַזוי איך בין מיט מײן װײב אַלס איך אַלײן, נאָר דאָס, װאָס איהר זאָגט, אַז איך װײס פון דעם, אַז איהר האַלט בײ גט'ען זיך מיט אײער װײב — דאָס רעדט איהר שוין, זײט מיר מוחל, װי אײן אמת'ער משוגענער. נישט נאָר איך װײס נישט פון אַזעלכע סודות, װאָס צװישען אײך און אײער װײב, איך קען אַפילו נישט אײער װײב און נישט אײך, און איהר בײדע אינטערעסירט מיך אַזױ װיניציג, אַז איהר האָט אײך געמעגט גט'ען נאָך אײדער איהר האָט אײך דערקענט. אין אײנעם בין איך יאָ מיט אײך אײנפערשטאַנדען: איהר זאָלט דאָס צװײטע מאָל, װי איהר שרײבט, נישט הײראַטען. אַזאַ מענש, װי איהר, האָט נישט געטאָרט הײראַטען דאָס ערשטע מאָל אויך, װאָרום ס'איז רחמנות אויף אײער װײב, חאָטש איך קען זי נישט...

איהר בעט מיך, איך זאָל אײך שרײבען אויפריכטיג, װאָס איז מײן קוק און צוליעב װאָס רוף איך אַרויס אײער װײב אין „מיראַ־מאָנט" — שרײב איך אײך קלאָר און דײטליך און אָהן „המצאות" און „אויבערקעפּלעך", װי איהר פערלאַנגט, אַז אָדער אײער װײב איז, זאָל מיר מוחל זײן, אַ ספּלעטניצע און אַ ליגנערין, אָדער, װי איך האָב אײך געזאָגט אין אָנהויב פון מײן בריעף, איהר זענט נישט בײ אַלע געדאַנקען. דאָס צװײטע איז, רעכען איך, מעהר װאַהרשײנליך...

װי איהר זעהט, האָב איך אײך געגעבען אַ קלאָרע תשובה אויף אַלעס. עס בלײבט מיר איבער נאָר אײן זאַך — װינשען אײך אַ רפואה שלמה...

**חיים סאָראָקער.**

---

## .47

**בערעל טשאַפּניק פון די נאַלעווקים אין וואַרשאַ צו זיין פרוי חוה'לע טשאַפּ אין מאַריענבאַד.**

טייערע עווא!

דו מוזט מיר פערצייהען, וואָס מיט די לעצטע געלד־זענדונגען קומט־אָן אביסעל שווערליך.

די לעצטע צייט איז אין וואַרשאַ געוואָרען שווער צו בעקומען א הונדערטער אָדער א פופציגער איינפאַך כקריעת ים־סוף. איך האָב געמוזט זיך דורכפאָהרען קיין לאָדז און דאָרט איז מיר געראָטען דורכצוזעצען מאַנכע געשעפטלעך, אפילו מיט גרויסער שוועריגקייט, און דאַדורך האָט עס זיך אזוי פערצייגערט, און דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָס איך האָב דיר אזוי שנעל נישט געאַנטוואָרטעט. מיט די צוויי „איטשעמייערס", וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט די „ליעבע־בריוולעך" צו זייערע ווייבלעך, האָב איך לײדער גאָרנישט געקאָנט מאַכען. איינער פון זיי, שערענצים, דער וואָלט נאָך געווען נישקשה. ער פירכטעט פאַר א סקאַנדאַל; ער האָט מורא, עס זאָל איהם נישט שאַדטען צו קרעדיט. דאַפיר איז אָבער דער יונגערער, אָט דער פעקעלים, איינפאַך א פּרא־אָדם. ער אליין האָט דאָס צעשמירט איבער די נאַלעווקים, דערצעהלט איטליכען בעזונדער אין געהיים, אַזוי, אַז ביז איך בין געקומען צו דער פרוי סאָראָקער מיט די בריוולעך, לאָזט זיך אויס, אַז זי און איהר שוועסטער חנצי זענען שוין קלאָר אין מאַריאַמטשיק'ס בריוולעך אויף אויסענווענינ. איינפאַך נישט כדאַי געווען מיט זיי אָנצופאַנגען. און דאַצו האָב איך נאָך אָנגעטראָפען אין א צייט, וואָס ביי פרוי סאָראָקער האָט זיך אָפּגעשפּיעלט איינע גאַנצע טראַגעדיע, אין וועלכער עס איז פערמישט איהר חיים, און שלמה קורלענדער, און לוי־

פערמאַן, און ברויכשטוהל — די גאַנצע נאַלעווקים. עס איז מיר איינפאַך אַ וואונדער, אַז דו זאָלסט דאָס נישט וויסען. די געשיכטע איז אַ איינפאַכע געשיכטע. חיים סאָראָקער האָט זיך דאָרט אין מאַריענבאַד, נישט האָבענדיג וואָס צו טהון, איינפאַך מתקנא געווען אין זיין שוואָגער און האָט זיך אויך גענומען שרייבען ליעבע־בריוו־לעך צו די נאַלעווקער ווייבלעך: צו בעלצי קורלענדער, צו בראָני לויפערמאַן, צו לאה׳צי ברויכשטוהל און צו דער שערענצים מיט דער פּעקעלים, — נישט דורכגעלאָזט קיינעם. מע ווייסט נישט גענוי ווי אַרום, נאָר די אַלע בריוולעך, וואָס איך האָב דיר אויס־גערעכענט, זענען אַריינגעפאַלען צו די מאַנען אין די הענד אַריין, און ס׳איז געוואָרען אַ חתונה, איינפאַך עס קאָכט וואַרשאָ! און דאָ איז אָנגעקומען אַ דעפּעש פון דער יאַמאַיטשיכע פון מאַריענבאַד, אַז אונזערע נאַלעווקער ווייבלעך זענען אַלע מיט אַ מאָל פערשוואונ־דען געוואָרען, אָפּגערייזט קיין אָסטענדע, און מיט זיי חיים סאָ־ראָקער און מאיר׳על מאַריאַמטשיק. איינפאַך אַ ראָמאַן! און ווען קומט־אָן אַזאַ דעפּעש? פּונקט אויף מאָרגען, נאָכדעם, ווי די יאַמאַיטשיכע האָט שוין גראַטולירט די פאַמיליע מיט אַ מזל־טוב און אויפגעפאָדערט דעם הערר יאַמאַיקער, ער זאָל קומען נאָך מאַ־ריענבאַד. וועלוועל יאַמאַיקער איז שוין אויף דער רייזע; דאָס איז אָבער נישט וויכטיג. די הופּט־זאַך איז, וואָס די פרוי סאָראָקער איז פאַר צרות קראַנק געוואָרען צו בעט, מע זאָגט, זאָגאַר, גע־פעהרליך. און לויפערמאַן לויפט אַרום, ווי אַ משוגענער, שוועהרט, אַז לאָז נאָר חיים סאָראָקער קומען אַהיים, מוז ער איהם אָנפאַטשען אין מיטען די נאַלעווקים, דאָס הייסט, נישט אין די נאַלעווקים, נאָר אין די באַקען! און ברויכשטוהל האָט איצט איין אויסרעד אויף צו שיידען זיך מיט זיין מאַדאַם, אָדער שלעפּען געלד ביי איהר דרייכען אָנקעל פון פּעטריקאָוו. קורץ און גוט, ביי אונז אויף די נאַלעווקים איז לעבעדיג, פריילין, איינפאַך ליהודים! און שרייב מיר, ווען רעכענסט דו צו קומען אַהיים, און אויב עס איז דיר גע־נינענד דאָס געלד, וואָס איך שיק דיר? אַנישט, וועל איך זעהן

דיר שיקען נאָך, אז איך וועל נאָר האָבען. וואהרשיינליך, וועט נאָט העלפען. זיי געגריסט גאַנץ ליעבליך.

פון מיר דיין איבערגעבענסטער בערנארד.

---

.48

איים סאראַקער פון מאריענבאד צו איטשע־מאיר שערענצים און איטשע־מאיר פעקעלים אויף די נאַלעווקים אין ווארשא.

מיינע ליעבע פריינד שערענצים און פעקעלים!

שאדע, וואָס איך בעזיץ נישט די לשון־קודש'דיגע שפראַך, אזוי ווי איהר, און קאָן אייך נישט אָפּענטפערען אויף אייער מליצה־בריעף מיט אזא שענער מליצה, ווי איהר שרייבט צו מיר. און ווייל איך בין געצוואונגען צו רעדען מיט אייך מאַמע־לשון, וועל איך מיר שוין ערלויבען צו רעדען מיט אייך פשוט'ע דבורים און זאָגען אייך, אז איהר זענט, איך בעט איבער אייער כבוד, א פּאָר „איטשעמייערס", נאַלעווקער פּלאָכטען, און מע דאַרף אייך ביידען געבען קייען שטרוי. אז נאָט האָט אייך יאָ בעוויליגט מיט אזא מתנה, אזעלכע שענע ווייבלעך, און איהר ציטערט איבער זיי, איז אָדער איהר בעדאַרפט זיי נאָכפאָהרען פון הינטען, אזוי ווי איהר געהט זיי נאָך שבת בייטאָג, בעת זיי לאָזען זיך אין זאַכסישען גאָרטען אויפ'ן שפּאַציער, אָדער האַלטען זיי פערשפּאַרט ביי זיך אויף די נאַלעווקים, ווי מע האַלט עופות פאַר א יום־טוב, געבען זיי עסען און טרינקען און אזוי ווייטער. וועלכער גוטער יאָהר האָט אייך געהייסען, איהר זאָלט זיי אַרויסלאָזען אויף גאָט'ס וועלט, אַזש אין מאריענבאד? אָדער איהר מיינט, אז ס'איז דאָ פאַרהאַן ווינציג אָהן זיי? צי איהר מיינט טאַקי באמת, אז איך האָב מעהר

נישט וואָס צו טהון, נאָר שרייבען „ליעבע־צעטעלעך מיט חניפה־בריוולעך“, ווי איהר זאָגט, צו אייערע ווייבלעך? זייט זשע וויסען, מיינע ליעבע איטשעמייערס, אז בסך־הכל האָב איך מיט אייערע ווייבלעך קיין האלב וואָרט נישט אויסגערעדט זינט איך בין דאָ און זינט איך לעב! בסך־הכל האָב איך זיי געזעהן אפשר צוויי־דריי מאָל ביי׳ם ברונען מיט נאָך א סך אזעלכע ווי זיי, וואָס דרעהען זיך דאָ ארום אזוי פיעל, אז עס ווערד נמאס, האָט קיין פּאַראיבעל נישט, צו קוקען אויף זיי. וואָרום איך קען זיי. איך מיין נישט דוקא אייערע ווייבלעך, איך מיין אלע נאַלעווקער ווייבלעך, וואָס אז זיי פאָהרען אוועק פון זייערע איטשעמייערס פון וואַרשאָ קיין אויסלאַנד, וואָלטען זיי וועלען געניסען אלע פער־געניגענס פון דער וועלט, נאָר בתנאי, אז קיינער זאָל נישט זעהען און קיינער זאָל נישט וויסען, אפילו זיי אליין אויך נישט... רעדען מיט א פרעמדען מאַנספּאַרשוין, אָדער חאָטש קוקען אויף איהם, איז ביי זיי שוין א גאַנצער עסק. ביי אייך אויף די נאַלעווקים האָבען זיי דאָס אויך נישט. איך קאָן אייך זאָגען בהן שלי, אז איך זעה, ווי וויט מעגליך, אויסצומיידען אזעלכע בעגעגענישען, וואָס ברענגען גאָרנישט איין, אויסער מיאוסע רעד און רכילות. איך אנטלויף פון אזעלכע ווייבלעך, וואָס אין דערהיים בענשען זיי ליכט, און דאָ וואַרפען זיי אראָפּ די פּאַריקלעך. זיי זענען א סחורה פאַר מיין שוואָגער מאַריאַמטשיק, נישט פאַר מיר, און איך ווייס נישט, ווער עס האָט געהאַט איין עזות אייך אָנצוווייזען אויף מיר, אז דאָס בין איך, וואָס שרייב צו זיי „חניפה־בריוולעך מיט ליעבע־צעטעלעך“? איך פערנעם זיך נישט מיט אזעלכע נאַרישקייטען. נאָך ווינציגער קאָנט איהר אויף מיר רעכענען, אז איך זאָל האָבען צוגעזאָגט אייערע ווייבלעך, ווי איהר דריקט זיך אויס, „מאַכען רינגען גאָלד פון מיין בייטעל פאַר זייער טובה וועגען“. איך בין נישט פון די צוואָרפענע מענשען, און האָב אין זינען אייך מיט אייערע ווייבלעך אין דער לינקער פּיאַטע. און אויב עמיצער האָט אייך אָנגעוויזען אויף מיין שוואָגער, „דעם מאַן פון מיין ווייב׳ס

שוועסטער", האָט איהר געקאָנט טרעפען צו איהם, אָדער צו מיין ווייב'ס שוועסטער, נישט צו מיר, וואָס געהער זיך מיט זיי גאָר־נישט אָן. מע קאָן זיך טאַקי זיין גאַנץ אָנשטענדיגע יונגע לייט און אומשולדיגע איטשעמייערס, ווי איהר זענט, נאָר קיין פּרא־אָדם'ס זענט איהר דאָך נישט מחויב צו זיין, און דאַרפט נישט דראָהען מיט קיין געזעץ און מיט קיין שטראָף, נישט אויף דער וועלט און נישט אויף יענער וועלט.

אייער אומבעקאַנטער פריינד, וואָס ראָט אייך זיין פאָרזיכטיג מיט מליצות,

חיים סאַראַקער.

---

## .49

**חוה'לע טשאַפּניק פון אַסטענדע צו איהר מאַן בערעל טשאַפּניק אויף די נאַלעווקיס אין וואַרשאַ.**

מיין טייערער בערנאַרד!

עס איז מיר צוואַר זעהר נישט אָנגענעהמען, נאָר איך מוז דיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל שרייבען, זאָלסט מיר קריגען געלד אויף אָוועקפאָהרען פון דאַנען, ווארום פון אַלע גליקען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, און נאָך מיט אַ גרויסען סקאַנדאַל, אז דו וועסט הערען, וועסט דו שטוינען! שטעל דיר פאָר אַ קאָמעדיע — וואָס זאָג איך אַ קאָמעדיע? אַ טראַגעדיע, אַ בלוטיגע טראַגעדיע. נאָר לאָמיך דיר דערצעהלען אַקוראַט פון אָנהויב ביז'ן סוף. ס'איז אַ מעשה פון טויזענד־איין־נאַכט.

ווי דו ווייסט, האָט מיך די יאַמאַיטשיכע געבעטען, איך זאָל איהר מיטהעלפען מיט'ן קעשעניעווער שידוך, און צוגעזאָגט דערביי,

אויסער וואָס איך וועל פערדיענען, עקסטראַ אַ שענע מתנה פון איהר אַליין. האָב איך זי געפּאָלגט, און האָב מיך אַריינגעלעגט אינ'ם דאָזיגען שידוך און געאַרבייט, ווי ווייט איך האָב געקאָנט, און עס איז מיר געראָטען. דער עסק איז געגאַנגען אויף אַ גאַנג, דאָס הייסט, נישט אַזוי גיך טהוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך. איך בין געווען אויסגעריסען געוואָרען איבער בעלצי'ן, ווי איך האָב דיר שוין געשריבען פריהער, וואָרום דער חתן, מיין קעשעניעווער דאַנ־טיסט הייסט עס, האָט זיך נישט אויף קאַטאָוועסען פערקאָכט אין אונזער שלמה קורלענדער'ס ווייבעלע, שיער נישט געפּאַטשט זיך איבער איהר מיט מאיר'על מאַריאַמפּטשיק אין מיטען מאַריענבאַד. קורץ, מיט צרות, מיט לייד, מיט אינטריגעס — איך האָב קוים גע'פּועל'ט ביי מיין קעשעניעווער דאַנטיסט, ער זאָל זיך ערקלערען פאַר יאַמאַיטשיכע'ס עלטערע טאָכטער, אַז ער ליעבט זי, און די יאַמאַיטשיכע האָט מיך אַזש אַרומגעכאַפּט קושען, און האָט שוין אַוועקגעקלאַפּט אַ דעפּעש צו וועלוועל יאַמאַיקער, ער זאָל קומען אַהער אויף קנס־מאָל, און מיר איז דאָס נאָך געראָטען אַרום און אַרום: דער וועלט־שדכן, סווירסקי, דער גאַנצער מאַכער פונ'ם שידוך, איז אָפּגעפּאָהרען קיין באַזעל, בין איך דאָ געבליבען איינע אויפ'ן יריד... איז דאָך פאַרהאַן אַ בעלצי אויף דער וועלט. פּער־גלוסט זיך אונזער קורלענדער'ס ווייבעלע אַוועקפאָהרען פּלוצים פון דאַנען קיין אָסטענדע. אפילו נישט געזעגענט זיך מיט קיינעם, פּערגעסען דעם זייי־געזונד. מילא, אַוועקגעפאָהרען, איז אַוועקגע־פאָהרען. קיין יונגערער, ווי זאָגט מען, זאָל נישט שטאַרבען. איז זיך אָבער מיישב מיין חתן, דער קעשעניעווער דאַנטיסט, און הויבט זיך אויף און פאָהרט אַוועק אויך קיין אָסטענדע. פון וואַנען ווייס איך דאָס? פון מאיר'על מאַריאַמפּטשיק'ען. איך קום אַרויס צום ברונען, בעגעגענט מיך מאַריאַמפּטשיק, אַ צעטראָגענער סכנות, און געזעגענט זיך מיט מיר: „זייט געזונד". — „פאָהרט געזונד. וואָר־הין איז?" — „קיין אָסטענדע". — „וואָס עפּיס פּלוצים קיין אָסט־ענדע?" זאָגט ער: „אַלע פאָהרען קיין אָסטענדע" זאָג איך:

„ווער איז דאָס די אַלע?“ זאָגט ער: „ערשטענס, די מאַדאַם קור־לענדער, צווייטענס, די מאַדאַם לויפּערמאַן, דריטענס, אייער חתן, דער קעשעניעווער דאַנטיסט“... ווי ער האָט דאָס מיר אַרויסגע־רעדט, האָב איך שוין גאָרנישט געוואָלט הערען, און בין אַוועק גלייך צו דער יאַמאַיטשיכע. לאָזט זיך אויס, אַז זי ווייסט נאָך נישט פון וואָס צו זאָגען! זענען מיר אַוועק ביידע מיט איהר זיך נאָכפרעגען אין האָטעל אויפ׳ן קעשעניעווער חתן, זאָגט מען אונז, אַז אַוועקגעפאָהרען איז ער, נאָר וואוהין ווייסט מען נישט. פאַלט מיר די יאַמאַיטשיכע אויפ׳ן האַלז: נשמה׳ניו, הארצעניו, ליובע־ניו! איך זאָל פאָהרען גלייך אהינצו, קיין אָסטענדע, זי וועט מיר געבען צושטייער אויף הוצאות, זי וועט מיר אַזוי און אַזוי! און נעמט אַרויס הונדערט קרוין: „נאַט אייך און פאָהרט און קלאַפּט אַ דעפּעש, און אַז מע וועט דאַרפען נאָך, וועל איך אייך שיקען נאָך“... וואָס טהוט מען? אַ רחמנות אויף דער אידינע! איך האָב דאָס געלד גענומען, און ביז איך האָב מיך אַרומגעקוקט אַהין — אַהער, איז שוין פון דעם קיין סימן נישט געבליבען. אַז איך בין שולדיג — די האָר זענען נישט מיינע! וואָס וועט זיין ווייטער? וואָלט נאָך דאָס אַליין געווען אַ האַלבע צרה, ס׳זאָל זיך נישט טרעפען אַ גרעסערער אומגליק. אָט וועסט דו הערען אַ שענס:

זיץ איך מיר אַזוי ביי זיך אין האָטעל, האָב מורא בעווייזען זיך פאַר דער יאַמאַיטשיכע, און טראַכט מיר: וואו נעמט מען געלד? פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: חיים סאַראַקער! ער איז טאַקי, צווישען אונז רעדענדיג, אַ איד אַ חזיר, נאָר איך האָב צו איהם איין עצה. איך וועל איהם זאָגען, אַז איך פאָהר אהיים קיין וואַרשאַ און וועל זיין ביי זיין אסתר׳ען אָפּגעבען איהר אַ ג ר ו ס פ ו ן מ אַ ר י ע נ ב אַ ד, וועט ער זיך שטויסען, וואָס פאַר אַ מין „גרוס“ דאָס וועט זיין. איך האָב איהם שוין לאַנג געגעבען אָנצו־הערעניש, אַז איך ווייס, אַז ער איז די כפרה נאָך בעלצי׳ן און אַז ער לייהט איהר כלומרשט גמילות־חסדים אויף איהר מאַנ׳ס רע־כענונג, און נאָך אַזעלכע זאַכען — איך שעם זיך נישט פאַר איהם...

קורץ, איך הייס אָנקלינגען אין טעלעפאָן און אַרויסרופען מיר דעם הערר סאָראָקער, זאָגט מען מיר, אַז דער הערר סאָראָקער איז „הייטע מאָרגענס אבגערייזט נאָך אָסטענדע!“... רבונו של עולם! וואָס טהוט זיך דאָ? איך חאַפּ אויף זיך די מאַנטיליע און וויל שוין לויפען, איך ווייס אַליין נישט וואוהין, זאָגט מען מיר: אַ דאַמע פרעגט זיך נאָך אויף מיר... וועה איז מיר, אַ דאַמע? מסתמא יאַמאַיטשיכע, פערפינסטערט בין איך געוואָרען! הויב איך מיך אָן צו פרעגען: וואָס פאַר אַ דאַמע? זאָגט מען מיר: אַ יונגע דאַמע... אַ יונגע דאַמע? רופט זי אריין! און עס עפענט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ דאַמע — אַ בילד! אַ יונגעטשקע — בלוט און מילך! און אָנגעטהאָן — אַ קייזערין! עס שעמערירט און סע פינקעלט! „איהר זענט, זאָגט זי, די מאַדאַם טשאַפּניק פון וואַרשאַ?“ „איך בין, זאָג איך, די מאַדאַם טשאַפּניק פון וואַרשאַ; און ווער זענט איהר?“ „איך בין, זאָגט זי, די מאַדאַם זיידענער פון קעשעניעוו“. „עס פרעהט מיך זעהר, זאָג איך. זיצט, זאָג איך, מאַדאַם זיידענער פון קעשעניעוו. וואָס ווענט איהר זאָגען גוטס?“ טהוט זי אַ זיפץ און מאַכט צו מיר: „מע האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זענט בעקאַנט מיט מיין מאַן“... „איך בין, זאָג איך, בעקאַנט, זאָג איך, מיט אייער מאַן? ווער איז אייער מאַן?“ ווערד זי רויט און מאַכט צו מיר: „מיין מאַן איז זיידענער פון קעשעניעוו“... „אָט דער דאַנטיסט?!“... „יאָ, ער איז אַ דאַנטיסט“...

וואָס ווייטער איז געווען — דאַרף איך דיר נישט דערצעהלען. עס האָט מיך געוואָרפען, ווי אין אַ פיעבער. דאָס רחמנות, וואָס אויף דעם ווייבעל, לאָזט זיך דען בעשרייבען? מיר זענען געוואָרען אין איין האַלבע שעה צוגעקלעפּט איינע צו דער אַנדערער, ווי שוועסטער, נעהענטער ווי שוועסטער, און נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך מיך צענויפגעפּאַקט — אויף צעצאָהלען זיך האָט מיר אויסגעליהען די מאַדאַם זיידענער — און מיר האָבען זיך אוועקגעלאָזט ביידע קיין אָסטענדע. געקומען קיין אָסטענדע און אָפּגעשטעלט זיך אין אַ האָטעל, איינגעוואַשען זיך און אָנגעטהאָן פיין,

שען, נעמען מיר אַ פּיאַקער און הויבען אָן אַרומפֿאָהרען פֿון איין האָטעל צום אַנדערען נאָכפֿרעגען זיך אויף איינעם אַ הערר מיט׳ן נאָמען זיידענער, און אויף אַ דאַמע מיט׳ן נאָמען קורלענדער — ווער? וואָס? ווען? נישטאָ אין ערגיץ, נישט זיידענער, נישט קורלענדער. מיר טהוען זיך אַ נעם צו דער קורליסטע — נישט קיין סימן אפילו פֿון אַ זיידענער און פֿון אַ קורלענדער! וואָס טהוט מען ווייטער? ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט די נאַכט — בין איך שטאַרקער פֿון אייזען. דאָס ווייבעל איז נעבאַך שיער פֿון זינען אַראָפּ. איך האָב זי גערעטעוועט, אַראָפּגעבראַכט דעם דאָקטאָר — זי איז פֿערביי, אָט־אָט עקט זי זיך. קוים געפֿאַלען אויף איין עצה, זי זאָל געבען אַ דעפּעש אַהיים קיין קעשעניעוו, געבען צו וויסען, אַז זי איז קראַנק, טאָמער וועט עמיצער קומען צו פֿאָהרען פֿון דאָרטען. צו וואָס דאַרף איך האָבען אויף זיך אַזאַ פּעקעל?... קומט נישט אָן פֿון דאָרטען אַ דעפּעש, און נאָך אַ סראָטשנע דערצו? און דוקא פֿון איהר מאַן, פֿון זיידענער׳ען אַליין, אַז ער איז אין קעשעניעוו און בעט זי, אַז זי זאָל קומען אַהיים!... בעקומען אַזאַ מין דעפּעש, האָבען מיר ביידע נישט געוואוסט, וואָס מיר זאָלען טהון: צי מיר זאָלען לאַכען, צי מיר זאָלען וויינען? און ס׳איז געבליבען, אַז מיר זאָלען נאָך אַ מאָל טעלעגראַפֿירען קיין קעשעניעוו, אויב ס׳איז אמת, אַז ער, דער דאַנטיסט זיידענער, איז אין קעשעניעוו? און ווען איז ער געקומען? און צי איז ער געקומען אַליין, צי נאָך מיט עמיצען?... ענטפֿערט ער אונז, אַז ס׳איז אמת, אַז ער איז אין קעשעניעוו, אַז ער איז געקומען ערשט נעכטען פֿון מאַריענבאַד איינער אַליין און אַז ער פֿערשטעהט נישט, מיט וועמען זאָל ער קומען און וואָראָרום קומט זיין ווייב אין אָסטענדע?

ערשט דעמאָלט האָב איך פֿערשטאַנען, אַז דאָס האָט מיך דער אַדעסער מאַריאַמטשיק, דער שאַרלאַטאַן, אַראָפּגעפֿיהרט פֿונ׳ם וועג, אויסגעטראַכט אַזעלכעס, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפֿלויגען. איצט בלייבט איבער נאָר איין זאַך: ווי באַלד, אַז די מעשה מיט

אַסטענדע איז אײן אױסגעטראַכטע זאַך, און װי באַלד דער דאַנ־טיסט זײדענער איז אין קעשעניעװ, טאָ װאָס איז מיט בעלצי'ן און װאו איז זי אַהינגעקומען? אָט דעריבער האָב איך דיר גע־טעלעגראַפירט: „װאו איז בעלצי, און װאו זענען די איבעריגע װאַר־שעװער װײבלעך?" האָסט דו מיך, אַפּנים, נישט פערשטאַנען און האָסט מיר אָפּגעענטפערט: „צו װאָס דאַרף איך בעלצי'ן? און װאָס טהו איך אין אָסטענדע?" האָב איך דיר דערױף געענטפערט נאָר געצעהלטע װערטער: זאָלסט מיר אַרױסשיקען געלד. װײסט דו פאַר װאָס? װאָרום אױף אַ סך װערטער האָב איך קײן געלד נישט געהאַט און האָב איצט אױך נישט. מײן מאַדאַם זײדענער, אַז זי האָט נאָר בעקומען די גוטע ידיעה, אַז איהר שאָדען האָט זיך אָפּגעזוכט, האָט זי זיך אױפגעהױבען און איז אַװעקגעפאָהרען אַהײם, צוגעזאָגט מיר שרײבען פונ'ם װעג און פון דער הײם — און װער? װאָס? אַ נעכטיגער טאָג! דערװײל בין איך געבליבען דאָ אײנע אַלײן אָהן אַ קאָפּיקע געלד. אַ גליק, װאָס איך בין דאָ אין דעם האָטעל אױף פולען פּאַנסיאָן און מע מאָהנט מיך נישט. נאָר מסתמא װעט מען מיך באַלד מאָהנען. און איך װײס גאָר נישט, װאָס איך װעל טהון? איך האָב שױן געשריבען צו דער יאַמאַיטשיבע קײן מאַריענבאַד, געטעלעגראַפירט אױך, — ענט־פערט די װאַנד? איך האָב שױן געפּרובט שרײבען צו חיים סאָ־ראָקער קײן מאַריענבאַד, איז מיר אָנגעקומען צוריק מײן בריעף מיט אַ בעמערקונג פון דער פּאָסט, אַז דער אַדרעסאַט איז אָפּגע־פאָהרען קײן אָסטענדע. װיעדער אַ מאָל אָסטענדע? איך װער שיער נישט משוגע. איך נעם זיך צו דער קורליסטע װיעדער אַ מאָל, איך זוך דעם נאָמען סאָראָקער, איך טהו אַ קוק — אין אײן האָטעל שטעהט פערשריבען „סאָלאָמאָן קורלענדער, קױפמאַן אױס װאַר־שאָ", און אין צװײטען האָטעל — „אַלעקסאַנדער סװירסקי אױס מאַ־ריענבאַד"! װאָס איז דאָס פאַר אַ סורפּריז? איך לױף אַװעק אין אײן האָטעל, אינ'ם צװײטען האָטעל, ערשט איך װער געװאָהר, אַז עס זענען דאָ געװען און אָפּגעזעסען אַ פּאָר טאָג שלמה קורלענדער

און, אַפּנים, דער לאַנד־שדכן, סווירסקי. ווער דען זאָל דאָס זיין? בין איך שוין גאָר צעדרעהט און וויים נישט, וואו איך בין אין דער וועלט.

האָב איך דיר בעשריבען, ליעבער בערנאַרד, אַלסדינג, אַ גאַנצע מעשה פון טויזענד־איין־נאַכט. אַצינד זיי אַזוי גוט און שרייב מיר, ערשטענס, וואָס איז מיט בעלצי'ן און מיט די איבעריגע נאַ־לעווקער ווייבלעך? און וואָס האָט דאָ געטהאָן שלמה קורלענדער? און וואָס איז מיט חיים סאָראָקער און מיט מאַריאַמטשיק'ען? וואו זענען זיי אַצינד און וואו איז יאַמאַיטשיכע מיט איהרע טעכטער? און צי איז נישטאָ דאָרט אין וואַרשאָ מיט זיי דער לאַנד־שדכן סווירסקי? איך דאַרף עס וויסען, וואָרום אָט דער סווירסקי האָט מיט מיר אָפּגערעדט און געגעבען זיין עהרענוואָרט, אַז וואָס פאַר אַ שידוך ס'זאָל זיך נישט מאַכען ביי יאַמאַיטשיכע'ן, האָב איך אַ חלק. און דער עיקר זאָלסט דו קריגען געלד און מיר למען־השם אַרויסשיקען וואָס גיכער, איך זאָל דאָ נישט פערבלייבען, חלילה, אויף יום־טוב. עס געהט צו ימים נוראים, וועל איך קיין טרפה'ס נישט עסען. איך וועל אָפּזוכען אַ כשר'ען רעסטאָראַן, און אין אַ כשר'ען רעסטאָראַן קאָן מען אויף קרעדיט נישט עסען. און אין אַ שוהל וועל איך אויך וועלען געהן, און פאַר איין אָרט הייסען די דייטשען זיך בעצאָהלען פריהער. און אַ ווייסע הוהן אויף שלאָגען כפּרות וועל איך מסתמא אויך הייסען צוגרייטען — און איך האָב נישט אַ גראָשען ביי דער נשמה! וואָס איך האָב געקאָנט פערזעצען, האָב איך פערזעצט. איך האָב דיר נישט געוואָלט אָנטהון קיין יסורים. איך וואָלט דיר איצט אויך נישט געשריבען, ווען ס'זאָל זיך נישט געווען צענויפקומען עטלכע אומגליקען מיט אַמאָל.

זיי געזונד, מיין טייערער בערנאַרד. גאָט זאָל אָנצייכענען אונז אַ גוט קוויטעל. און אַזאַ יאָהר מיט אַזאַ אויסלאַנד, ווי איך האָב געהאַט אַצינד, זאָל זיך גאָר נישט אומקעהרען, רבונו של עולם!

דיין געטרייע פרוי חוה.

ט ע ל ע ג ר א פ י ש.

50.

פרוי זיידענער, אסטענדע, צו הערר זיידענער, קישיניעוו.

נעבטען אנגעקומען מאריענבאד אסטענדע. אלפרעדען דא אויך נישט געטראפען. קראנק געווארען. דראטעט בעלוויו. — ר ע־ וו ע ק א ז י י ד ע נ ע ר.

51.

חוה'לע טשאפניק, אסטענדע, צו פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

זיידענער אסטענדע נישט געטראפען. דראטעט. — ע ו ו א ט ש א פ נ י ק.

52.

הערר זיידענער, קישיניעוו, צו פרוי זיידענער, אסטענדע.
(ד ר י נ ג ע נ ד).

גליקליך געקומען קישיניעוו. איבערראשט. נישט געטראפען רעוועקען אין דערהיים. קום זאפארט. דראטע. — א ל פ ר ע ד ז י י ד ע נ ע ר.

53.

חוה טשאפניק, אסטענדע, צו יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

זיידענער — קישיניעוו. בריעף פאלגט. — ט ש א פ נ י ק.

54.

שלמה קורלענדער, ווארשא, צו בעלצי קורלענדער, מאריענבאד.

לאנג קיין בריעף. וואוהין שרייבען: מאריענבאד? פראנ־ צענסבאד? אסטענדע? אונרוהיג. דראטע. — ס א ל א מ א ן.

.55

חוה׳לע טשאפניק, אסטענדע, צו פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

דראטעט אסטענדע בעלוויו. וואו בעלצי סאראקער מאריאמ־
טשיק ליפערמאן שערענציס פעקעלים? אסטענדע נישמא. —
עווא טשאפניק.

.56

פרוי זיידענער, אסטענדע, צו הערר זיידענער, קישיניעוו.

דראטעט אויב אמת אלפרעד קישיניעוו ווען געקומען? אויב
אליין געקומען אדער מיט עמיצען? רעוועקא.

.57

הערר זיידענער, קישיניעוו, צו פרוי זיידענער, אסטענדע.

נעכטען געקומען אליין. פערשטעה נישט מיט וועמען? צו
וואס געפאהרען אסטענדע? בעט באלד ארויספאהרען. ווארט
אונגעדולדיג. דראטע דרינגליך. — אלפרעד.

.58

אסתר סאראקער, ווארשא, צו חיים סאראקער, מאריענבאד.

לאנג קיין בריעף פון דיר. אונרוהיג. דראטע. — אסתר.

.59

שלמה קורלענדער, ווארשא, צו בעלצי קורלענדער, אסטענדע.

יאמאיטשיכע דראטעט ביזט אסטענדע. דראטע אדרעסע אויף
געלד שיקען. אונרוהיג. — סאלאמאן.

.60

חנצי מאריאמטשיק, ווארשא, צו דוד מאריאמטשיק, אדעס.

מאריענבאד דראטעט, מארק אפגעפאהרען מיט נאלעווקער ווייבלעך אסטענדע. זאפארט קומט צו פאהרען ווארשא. דראטעט. — א נ נ א .

.61

אסתר סאראקער, ווארשא, צו דוד מאריאמטשיק, אדעס.

חנצי געפעהרליך קראנק. קומט זאפארט ווארשא. דראטעט. — א ס ת ר .

.62

פרוי זיידענער, אסטענדע, צו הערר זיידענער, קישיניעוו.

פאהר שנעלצוג קישיניעוו. איך קוש. — ר ע ו ו ע ק א .

.63

מאדאם טשאפניק, אסטענדע, צו בערעל טשאפניק, ווארשא.

דראטע אסטענדע בעלוויו. וואו בעלצי סאראקער מאריאמטשיק איבעריגע נאלעווקער ווייבלעך? — ע ו ו א .

.64

וועלוועל יאמאיקער, ווארשא, צו פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

בריעף ערהאלטען. — שידוך קעשעניעוו געפעלען. געדראטעט מזל־טוב. איך פאהר קוריערצוג מאריענבאד. — ו ו א ל ף .

.65

דוד מאַריאַמטשיק, אדעס, צו חנצי מאַריאַמטשיק, וואַרשע.

כ'פאָהר מיט'ן קוריער וואַרשאָ. דראַטע ברעסט געזונדהייט. — ד א ו ו י ד.

.66

אלעכסאַנדער סווירסקי, אַסטענדע, צו פּערעל יאַמאַיטשיכע, מאַריענבאַד.

געקומען אָסטענדע. זיידענער קורלענדער נישט געטראָפען. פּיעלייכט מאַריענבאַד? דראַטעט פּאָסטרעסטאַנט. — ס ו ו י ר ס ק י.

.67

פּערעל יאַמאַיטשיכע, מאַריענבאַד, צו אלעכסאַנדער סווירסקי, אַסטענדע.

זיידענער קעשעניעוו. קורלענדער פערשוואונדען. דראַטעט. — פּ ע ר ע ל י א מ א י ק ע ר.

.68

בערעל טשאַפּניק, וואַרשע, צו חוה טשאַפּניק, אַסטענדע.

צו וואָס בעלצי? נאַלעווקער ווייבלעך? וואָס טהוסט דו אָסטענדע? דראַטע. — ב ע ר נ א ר ד.

.69

מאַדאַם טשאַפּניק, אַסטענדע, צו בערעל טשאַפּניק, וואַרשע.

זאָפּאָרט שיקען געלד. בריעף פאָלגט. גרעסטע פערלעגענהייט. דראַטע. — ע ו ו א.

### 70.

פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד, צו וועלוועל יאמאיקער, ווארשא.

שידוך בוידעם. קעשעניעוו בעווייבט. נישט קום מאריענבאד. בעלצי בראָני סאַראָקער מאריאמטשיק פערשוואונדען. רעכען פאָהרען ווארשאָ. דראטע. — פ ע ר ע ל.

### 71.

חיים סאראקער, מאריענבאד, צו אסתר סאראקער, ווארשא.

קור געענדיגט. איך פאָהר בערלין ווארשאָ. דראטע בערלין סאוואָי געזונד. איך קוש. — ח י י ם.

### 72.

שלמה קורלענדער, ווארשא, צו חיים סאראקער, מאריענבאד.

אנטוואָרט בעצאָהלט. האָט רחמנות. דראטעט וואו בעלצי? מאריענבאד אָדער אָסטענדע? — ס אָ ל אָ מ אָ ן ק ו ר ל ע נ ד ע ר.

### 73.

שלמה קורלענדער, ווארשא, צו פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

אנטוואָרט בעצאָהלט. דראטעט אויב אמת בעלצי סאַראָקער מאריאמטשיק פערשוואונדען? זייער אדרעסע? האָט רחמנות. גרייט פאָהרען מאריענבאד אָסטענדע. — ס אָ ל אָ מ אָ ן ק ו ר־ ל ע נ ד ע ר.

### 74.

בעלצי קורלענדער, אלעקסאנדראווא, צו שלמה קורלענדער, ווארשא.

געפאָהרען פון מאריענבאד בערלין ווארשאָ. געטראָפען איין אומגליק. זאכען פערהאַלטען גרעניץ. פאָהר־צו מיט געלד, אָדער שיק ארויס אלעקסאנדראָווא דריי הונדערט. דראטע - ב ע ל צ י.

.75

אסתר סאַראַקער, וואַרשאַ, צו חיים סאַראַקער, בערלין.

צו וואָס איילען וואַרשאַ? בעלצי בראַני נאָך נישטאָ. שע־רענצים פּעקעלים אויך נישט. לאה'צי ברויכשטוהל פּעטריקאָוו. מחותן מאַריאַמטשיק געקומען נט'ען חנצי'ן. קאָנסט דאָס זעלבע. גרויסער אויסוואַהל. — א ס ת ר.

.76

בעלצי קורלענדער, אַלעקסאַנדראָווא, צו שלמה קורלענדער, וואַרשאַ.

נעכטען געדראַטעט קומען אַלעקסאַנדראָוואָ אָדער שיקען דריי הונדערט. פאַר וואָס קיין ענטפער? דראַטע. — ב ע ל צ י.

.77

פּערעל יאַמאַיטשיכע, מאַריענבאַד, צו וועלוועל יאַמאַיקער, וואַרשאַ.

נעכטען געדראַטעט נישט קומען מאַריענבאַד. שידוך בוידעם. בעלצי בראַני כאַראַקער מאַריאַמטשיק אָסטענדע נישטאָ. איך קינ־דער פאָהרען בערלין וואַרשאַ. דראַטע. — פּ ע ר ע ל.

.78

יצחק־מאיר שערענצים און יצחק־מאיר פּעקעלים, וואַרשאַ, צו יאַמאַיטשיכע, מאַריענבאַד.

אַנטוואָרט איינגעצאָהלט. משאַפּניק געדראַטעט וואו שערענצים פּעקלים. דראַטעט אויב שיינצי קריינצי נישטאָ מאַריענבאַד. פאָה־רען אָסטענדע? אונרוהיג! — ש ע ר ע נ צ י ם פּ ע ק ע ל י ם.

.79

בעלצי קורלענדער, אלעקסאנדראווא, צו שלמה קורלענדער, ווארשא.

פאר וואס קומסט נישט אלעקסאנדראווא? שיקסט נישט דריי־הונדערט? פערפאלען אלע זאכען. גרויסער היזק! אונרוהיג. דראטע. — בעלצי.

.80

מאדאם שערענצים און מאדאם פעקעלים מאריענבאד, צו שערענצים און פעקעלים, ווארשא.

פאהרען ווארשא. אויסשטייגען בערלין ווערטהיים. גריסען. — שיינצי קריינצי.

.81

אלעכסאנדער סווירסקי, קישיניעוו, צו פערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

געלר פערפאלען. אומזאנסטע שפעיזען. אבער גראסער שקאנדאל. פראפאניער בריעפליך דריי פארטיען איהרע דריי טעכטער. דראטעט קאממען מאריענבאד אדער ראנדעוואו וויען האטעל נאציאנאל? ווארע ערשטער זארט. איין ארצט צוויי יוריסטען. בעסטע רעפערענצען. — סווירסקי.

.82

קלמן ברויכשטוהל, ווארשא, צו לאה׳צי ברויכשטוהל, פעטריקאוו.

דערנאנגען קורלענדער געפעלשט סאראקער׳ס בריעף בעלצי׳ן. סאראקער קלאגט קורלענדער געריכט. מיך עדות. קורלענדער אסטענדע. זוכט בעלצי׳ן. בעט פערצייהונג. קום ווארשא. איך קוש. — קלמן.

.83

בראני לויפערמאז, בערלין, צו הירש לויפערמאן, ווארשא.

טעלעגראם מאריענבאד ערהאלטען דא. דריטען טאג בערלין. מארגען ווארשא. זיי אלעקסאנדראווא. דראטע למאי לאה׳צי פעט־ריקאוו? וואו בעלצי? איך קוש. — בראני.

.84

בערעל טשאפניק, ווארשא, צו חוה טשאפניק, אסטענדע.

בריעף ערהאלטען. אלעס קלאר. געלד ארויסגעשיקט. בעלצי געקומען. דריי טעג אלעקסאנדראווא גרעניץ סקאנדאל. קורלענדער אויסלאנד. זוכט בעלצי׳ן. סאראקער געקומען געטראפען אסתר פערביי. וויל איינגעבען קורלענדער פעלשונג בריעף. לויפערמאן ברוויכשטוהל אויך איינגעגעבען קורלענדער. שערענצים פעקעלים עדות. בעלצי אויסער זיך. געבעטען מאכען שלום. איך פערלאנג דריי טויזענד וועל צערייבען. מאריאמטשיק גט׳ען. לאה׳צי פעט־ריקאוו רייכען פעטער. יאמאיקער מאריענבאד קנס־מאל. יאמאי־טשיכע טעכטער ווארשא. מאריאמטשיק פאטשען יאמאיטשיכע. סווירסקי נישטא. קום ווארשא. דראטע. איך קוש. — בערנארד.

.85

שלמה קורלענדער, מאריענבאד, צו אהרן סאראקער, ווארשא.

— מאריענבאד נישט געטראפען קיינעם. פאהר אסטענדע. דרא־טעט פאסטרעסטאנט. — קורלענדער.

.86

הירש לויפערמאן, ווארשא, צו בערעל יאמאיטשיכע, מאריענבאד.

איהר דראטעט פרוי פערשוואונדען? פרוי דראטעט בערלין קומט ווארשא. שאנטאזש. קלאגען געריכט. — לויפערמאן.

### 87.

וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד, צו וועלוועל יאמאיקער, ווארשא.

געקומען מאריענבאד קנס־מאָל. קיינעם געטראָפען. געזאָגט אָפּגעפאָהרען ווארשאָ. דראטעט וואו פערעל? קינדער? וואו חתן קעשעניעוו? אונרוהיג. — וואָלף.

### 88.

פערעל יאמאיטשיכע, ווארשא, צו וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד.

למאי געפאָהרען מאריענבאד? געדראטעט נישט פאָהרען. חתן קעשעניעוו ווייב צוויי קינדער. צוריק ווארשאָ. דראטע. — פערעל.

### 89.

שלמה קורלענדער, אסטענדע, צו אסתר סאראקער, ווארשא.

אָסטענדע אויך נישטאָ קיינער. רעכען פאָהרען צוריק מאריענ־באד. פון דאָרטען קעשעניעוו. דראטעט. — קורלענדער.

### 90.

וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד, צו פערעל יאמאיטשיכע, ווארשא.

דעפעש ערהאלטען. נישט פערשטאנען. למאי חתן קעשע־ניעוו? למאי צוויי קינדער? וואו דריטע? ווער צוריק ווארשאָ? דראטע. — וואָלף.

### 91.

פערעל יאמאיטשיכע, ווארשא, צו וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד.

געדראטעט אוים שידוך. חתן קעשעניעוו בעווייבט. נישט פאָהרען מאריענבאד. געפאָהרען מאריענבאד. נישט געדראטעט. אומזיסטע שפעיזען. געדראטעט פאָהרען צוריק ווארשאָ. איך קינדער ווארשא. דראטע. — פערעל.

### 92.

וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד, צו פערעל יאמאיטשיכע,ווארשא.

דראטעסט נישט געדראטעט? צוויי מאָל געדראטעט: געדראַטעט מזל־טוב. געדראטעט ארויספאָהר. פאר וואָס נישט געדראַטעט באלד חתן קעשעניעוו בעווייבט? פאר וואָס נישט געוואָרט מאריענבאד? וואו שדכן? וואו טשאפניק? וואָס בעלצי? דראטע. — וועלוועל.

### 93.

פערעל יאמאיטשיכע, ווארשא, צו וועלוועל יאמאיקער, מאריענבאד.

ביז וואנען דראטען? געדראטעט בעלצי געקומען. קורלענדער מאריענבאד — אָסטענדע, זוכט בעלצי'ן. מאריאממשיק אָפגע'גנט. לויפערמאן מיר סקאנדאל, וויל פאטשען קורלענדער. אסתר פערביי. סאָראקער געריכט קורלענדער פאָדלאָג. ברוויכשטוהל, שערענצים, פעקעלים עדות. טשאפניק שלום. סווירסקי דראטעט קעשעניעוו דריי שדוכים. גענוג דראטען. פאָהר זאָפאָרט אהיים. דראטע. — פערעל.

### 94.

שלמה קורלענדער, מאריענבאד, צו שלמה קורלענדער, ווארשא.

יאמאיטשיכע געדראטעט פלוצים פערשוואונדען בעלצי. געוועז מאריענבאד, געוועזן אָסטענדע. געקומען צוריק מאריענבאד. געזוכט בעלצי. אלעמען געדראטעט. קיינער דראטעט נישט. ווער אין שטוב? דראטעט וואו בעלצי? זאָל איך פאָהרען קעשעניעוו? דראטעט דרינגליך. — סאלאמאן קורלענדער.

.95

בעלצי קורלענדער, ווארשא, צו שלמה קורלענדער, מאריענבאד.

יאמאימשיכע אויסגעטראכט ליגען. געפאהרען מאריענבאד — בערלין — ווארשא. געוועז פערהאלטען גרעניץ אלעקסאנדראווא. דריי מאל געדראטעט שיקען געלד. אלע זאכען פערפאלען. איצט געקומען. וואס האסט דו געטהאן? איבער דיר ברויכשטוהל גט'ען. מאריאמטשיק שוין גע'גט. אסתר געפעהרליך קראנק. סאראקער סטראשעט קרימינאל שאנטאזש פאדלאג. לויפערמאן, ברויכ־שטוהל, שערענצים, פעקעלים עדות. טשאפניק גאראנטירט צע־רייבען. וויל 3000. דראטע. — ב ע ל צ י.

.96

שלמה קורלענדער, מאריענבאד, צו בעלצי קורלענדער, ווארשא.

טויזענד דאנק. גוטע נאכריכט! כ'האָרך סאראקער קאטער. כ'געב לויפערמאן פייג. טשאפניק 3000 מכות. כ'פאהר שנעל־צוג בערלין — ווארשא. כ'קוש. — ס א ל א מ א ן.

# אינהאַלט

# שלום־עליכם!

— שלום־עליכם!

— עליכם־שלום!

— פון וואנען פאהרט מען?

— פון ווארשא.

— וואס איז אייער געשעפט?

— איך בין א אידישע צייטונג.

— מה שמכם?

— א י ד י ש ע פ א ל ק ס צ י י ט ו נ ג. און איהר, פון וואנען זענט איהר?

— פון וואנען זאל איך זיין? פון יעהופעץ.

— וואס איז א י י ע ר געשעפט?

— וואס זאל זיין מיין געשעפט? איך בין א אידישער שרייבער.

— מה שמכם?

— שלום־עליכם.

— שלום־עליכם? קומט דאך אייך שלום־עליכם.

— עליכם ועל בניכם.

— וואס־זשע מאכט איהר עפים, פאני שלום־עליכם?

— וואס זאלען מיר מאכען? מע שרייבט.

— וואס שרייבט מען?

— וואָס זאָל מען שרייבען? וואָס מע זעהט, דאָס שרייבט מען.

— וואָס האָט איהר פון אייער שרייבען, וואָס איהר שרייבט?

— וואָס זאָל מען האָבען? צרות האָט מען, בויכוועהטיג, הארצקלעהמעניש, בזיונות, יסורים, אנגסטען, גריזאָטע...

— אָט דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָט איהר געוואָלט?

— איך מיין...

— כבוד? אָהן א שיעור און אָהן איין ערך! קיין שרייבער אויף דער וועלט האָט נים אַזוי פיעל כבוד, וויפיעל א אידישער מחבר. א קליינינקייט ביי אידען א שרייבער, א מענש וואָס שרייבט?

— איהר מיינט דאָס ערנסט?

— וואָס דען, אין שפּאָס? קוקט זיך צו, וואָס סע טהוט זיך אָפּ אויף אונזערע יובילעיען: ווינשעוואַניעס מיט „אַטקריטקעס“ פון פערעהרער, פון הייסע חסידים און גלאָט פון געטרייע לעזער שיטען זיך פון אַלע עקען וועלט: פון כתרילעווקע, פון טונעיאָ־דעווקע, פון טעטרעוועץ, פון שלש־סעודות'שאָק, פון גאָלאָנאָנישאָק און פון סטרישטש — און פון וואַנען ניט? היינט די קאָרעספּאָנ־דענציעס, וואָס דער יובילאַר אַליין שרייבט אַריין אין די בלעטער! היינט די סעודות, די באַנקעטען, די טאָסטען — הינט טראָגען גאַנצע קעפּ! היינט די סטיפּענדיעס, די צדקה, וואָס סע ווערד בשעת מעשה צעטהיילט אין ארץ־ישראל לטובת הפועלים!... איהר שפּיעלט זיך מיט'ן כבוד פון א אידישען מחבר?

— ניין, ניט דאָס מיין איך; איך מיין...

— פרנסה? מיט'ן פולען מויל, אַבי ער האָט צייט און קאָן נאָך זיין דערצו א מלמד, א קרעמער, א מעקלער, א שדכן, אָדער אַזוי א איד א מקבל, וואָס קאָן געהן איבער די הייזער צונויפ־

מאַכען אויף זיין בוך... איהר שפּיעלט זיך מיט אַ אידישען מחבר? אַ אידישער מחבר איז אַ בעוואָהרענטער מענש.

— וואָס הייסט, ער איז אַ בעוואָהרענטער מענש?

— ער איז בעוואָהרענט פוןביידע וועלטען: פון עולם הזה און פון עולם הבא; ער איז בעוואָהרענט פון ברויט און פון געזונד, פון גוטע פריינד, פון ווייב און קינדער און פון לייב און לעבען...

— מיר דאַכט, פּאַני שלום־עליכם, איהר רעדט שוין מיט דער גאַל, איהר פערקריכט שוין אהין, ווי יענער, וואָס אין יענעם „דור“?... נישט גוט אַזוי. נישט שען פאַר אַ אידישען שרייבער, וואָס שרייבט פאַר'ן פאָלק, ער זאָל אַזוי ליאַפּען אויף אידען. אַ איד איז מחויב אָננעמען אַלסדינג פאַר ליעב און זאָגען דריי מאָל אַ טאָג...

— גם זו לטובה?

— אודאי גם זו לטובה! וואָרום וואָס וואָלט געווען, איהר זאָלט דאָס אויך ניט האָבען? וואָס פאַר אַ פּנים וואָלטען מיר געהאַט צווישען די פעלקער, מיר זאָלען די איין־און־איינציגע קאַפּאַטע אויך אַראָפּוואַרפען פון זיך? מיר האָבען דען עפּיס איין אַנדער מלבוש, אַחוץ אונזער ליטעראַטור, מיט וואָס צו בעוויזען זיך פאַר דער וועלט?

— איהר זענט אפשר גערעכט.

— וואָס הייסט אפשר? געוויס! נאָר לאָמיר רעדען פון עפּיס פריילעכערס.

— ווען האָב איך יאָהרצייט?

— נישט דאָס. איך האָב צו אייך אַ שטיקעל...

— אַ שטיקעל בקשה? מסתמא עמיצען בעשרייבען אויף די גאַזעטען?

— חס ושלום! איך האָב צו אייך אַ שטיקעל געשעפט.

— מכח א שדוך?

— ניין... און אפשר יאָ, מכח א שדוך.

— ווער איז דער חתן? פון וואנען איז די כלה?

— דער חתן איז אין יעהופּעץ, די כלה איז פון ווארשאָ.

— אביסעל א וויימער שדוך. ווי אזוי רופט מען זיי?

— די כלה הייסט אידישע פאָלקסציימונג, און דער חתן — שלום־עליכם. געפעלט אייך דער פלאן?

— מהכתיתי, אבי...

— אבי וואָס?

— אבי גאָר ניט.

— האלבע ווערטער האָב איך פיינט. זאָגט, וואָס קוועטשט אייך?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אז עס קוועטשט מיך? עס הויבט מיך ניט אָן צו קוועטשען! הכלל, וואָס זשע ווילט איהר?

— וויל איך, אזוי ווי איך בין א אידישע גאזעט, און איהר זענט א אידישער שרייבער, זאָלט איהר שרייבען, און איך וועל דרוקען.

— וואָס זאָל איך שרייבען?

— פעליעטאָנען... אויף צו לאכען.

— לאכען? עס גלוסט זיך וויינען...

— איהר מעגט אייך וויינען, אבי דער עולם זאָל לאכען. איהר פערשטעהט, צי ניין?

— איך פערשטעה, פאר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן? איהר ווילט, איך זאָל מיך פערשטעלען פאר א מארשעלאָק, א פורים־שפּיעלער, א פּאיאַץ, א פערשלעפּטע קרענק, בכדי פרייליך מאכען דעם עולם...

— אָ! אָט דאָס הויבט זיך אָן מיט א אידישען מחבר!

ווער זאָגט דען מאַרשעלאָק, פּורים־שפּיעלער, פּאַיאַץ, פּערשלעפּטע קרענק ? איך האָב נאָר געוואָלט, איהר זאָלט שרייבען אַזוי, אַז ס'זאָל זיין מיט אַ שפּיצעל און מיט אַ וויצעל, מיט אַ גלעט און מיט אַ שטאָך, מיט איינעם וואָרט — דער עולם זאָל האָבען הנאה...

— און זאָגען : „אַ רוח אין זיין טאַטען אריין, אָט דעם שלום־עליכם'ען ! אַ האַנט — זי זאָל איהם נאָר אָפּדאַרען ! אַ צונג — זי זאָל איהם נאָר אָפּנעמען !"...

— היינט וויל איך, איהר זאָלט זיך אַביסעל אויס'טענה'ען מיט אונזערע אידען, און דוקא אויף זייער גלות־שפּראַך, אויף „מאַמע־לשון". איהר זאָלט זיי זאָגען, אַז איהר זענט טאַקי אַזעל־כע און אַזעלכע, איהר זענט אָבער אַזעלכע און אַזעלכע !... דאָס הייסט, איהר זאָלט זיי בעגראָבען — נאָר איידעל, פיין, לייטיש... איהר פערשטעהט, צי ניין ?

— איך פערשטעה, פאַר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן ? איהר ווילט, איך זאָל מיט זיי שפּיעלען אין יענעם שפּיעל, וואָס מע רופט דאָס „קעצעלע־מייזעלע" ?... מהכתיתי, פאַר וואָס ניט ? אבי...

— אבי וואָס ?

— אבי גאָר ניט.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך האָב פיינט האַלבע ווערטער. זאָגט, וואָס קוועטשט אייך ?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז עס קוועטשט מיך ? עס הויבט מיך ניט אָן צו קוועטשען. הכלל, וואָס ווילט איהר נאָך ?

— היינט וויל איך, איהר זאָלט זיי געבען בילדער.

— זיי זאָלען געהניצען ?

— דערצעהלען מעשיות...

— זיי זאָלען קאָנען גריננ אַנשלאָפען ווערען ?

— שרייבען א גרויסען ראָמאַן, א ראָמאַן מיט א ליעבע, מיט ריהרענדיגע סצענעס, ס'זאָל פערהאַפּען דעם אָטהעם, מיט איינעם וואָרט — ס'זאָל זיין א „ראָמאַן"...

— אין זעכס טייל מיט א פּראָלאָג און מיט איין עפּילאָג, א־לא שמ"ר? משונה־ווילדע אומגעלומפּערטע סצענעס, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, למשל: א מלמד פון נעסוויזש זאָל ראָמאַנסירען מיט א דיענסטמיידעל רבקה; ער זאָל שרייבען הייסע בריוולעך, און זי זאָל זינגען זיסע ליעדלעך; נאָכדעם זאָל ער אוועקפאָהרען קיין פּאַריז און אין נייען חדשים ארום קומען צוריק א באַראָן, א מיליאָנער, און טרעפען זיין געליעבטע אין קיך ביי אפרים שקאָנטיסט, א מערדער, א באַנדיט, און דאָרטען זאָל זיין צווישען זיי א דועל; וויל איהם אפרים דער שקאָנטיסט צע־שפּאַלטען אויף צוויי, לויפט אוועק דער נעסוויזשער באַראָן צום גובערנאַטאָר און האַפּט איהם אויף פונ'ם שלאָף און ברענגט איהם צו פיהרען מיט דריי זשאַנדאַרען; דערזעהען אזא מעשה, האַפּט דער שקאָנטיסט א מעסער און שטעכט זיך, און רבקה די מויד פאַלט אין אָהנמאַכט און זינגט בשעת מעשה אויף דייטש אזא „טראָוועררדיג" ליעד, אז א שטיין קאָן אויך צעגאָסען ווערען...

— שוין? האָט איהר שוין געענדיגט? מע בעדאַרף ניט קיין נעסווויזשער מלמדים זאָלען פאָהרען קיין פּאַריז, גובערנא־טאָרען זאָל מען אויפהאַפּען פונ'ם שלאָף, שקאָנטיסטען זאָלען זיך שטעכען און דיענסטמיידלעך זאָלען זינגען אויף דייטש „טראָ־ווערדיגע" ליעדער אין קיך. איך פערלאַנג פון אייך, איהר זאָלט געבען א ראָמאַן, נאָר א אידישען ראָמאַן, א פערליעבעניש, נאָר א אידיש פערליעבעניש. איהר פערשטעהט, צי ניין?

— איך פערשטעה, פאַר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן? איהר ווילט, איך זאָל אייך שרייבען פונ'ם לעבען, פונ'ם אמת'ען אידישען לעבען; איהר ווילט, איך זאָל אייך טאַקי שרייבען מיט נערוועו, מיט בלוט, טאַקי טיעף־טיעף פונ'ם הארצען, דאָס וואָס

סע קאָסט געזונד, דאָס וואָס סע מאַכט אַלט פאַר דער צייט, נעקנייטשט דאָס פּנים, גרוי די האָר — אָט דאָס ווילט איהר? מהכתיתי, פאַר וואָס ניט? אבי...

— אבי וואָס?

— אבי גאָר ניט.

— וויעדער האַלבע ווערטער? אמעהר זאָגט, וואָס קוועטשט אייך?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אז סע קוועטשט מיך? עס הויבט מיך ניט אָן צו קוועטשען! הכלל, וואָס נאָך ווילט איהר?

— איך וויל, איהר זאָלט זיך מטריח זיין חאָטש איין מאָל אין חודש דורכקוקען די אַלע ביכער און ביכלעך, וואָס די שרייבערס שרייבען...

— מאַכען קאַלי פּאַפּיער...

— די דרוקער דרוקען...

— אז מע שמירט, פאָהרט מען; אז מע צאָהלט, דרוקט מען...

— די בוכהענדלער קויפען...

— בייטען ספרים אויף ספרים, „שילאָ נאַ שוויקאַ"...

— און דער עולם לייענט...

— א ברירה האָט ער? מע גיט נישט דער בהמה קיין קלייען, קייעט זי שטרוי...

— זאָלט איהר זיך מטריח זיין אָט דאָס אַלסדינג דורכקוקען, איבערלייענען און איבערגעבען נאָכדעם אין קורצען דעם לייענער, איהם רעכט צעקייען, וועלכעס איז גוט און וועלכעס טויג אויף כּפּרות...

— א רחמנות אויפ'ן מאָגען...

— מיט איינעם וואָרט — איהר זאָלט שרייבען קריטיק.

— משטיינס געזאָגט! בין איך מיר אויך א בהמה און פּגר אויך אין דער טשערעדע...

— נאָר וואָס דען? איך וועל אייך בעטען, ס'זאָל זיין שטיל...

— וואָס בעדאַרף מען שרייען?

— און אָהן פייער...

— און אויך אָהן וואסער...

— און אָהן כעס...

— כעס איז עבודה־זרה...

— אייער קריטיק זאָל זיין אי לעבעדיג, אי נוצליך, אי ערנסט, אי וויצליך... איהר פערשטעהט, צי ניין?

— איך פערשטעה, פאר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן? איהר ווילט, איך זאָל פון די שמאַטעס, וואָס מע פערפלייצט מיט זיי אונזער ליטעראטור־מארק, מאַכען א גאַנצען צימעס. גריבלען זיך אין א קופּע מיסט און אויסזוכען אמאָל א פּערעל — א גרינגע ארבייט, מע קאָן פון איהר בלוי בעשטעהן, זעהר געזונד סאי פאר'ן גוף, סאי פאר דער נשמה. נו, מהכתיתי, פאר וואָס ניט? איך בין גרייט, אבי נאָר...

— אבי נאָר וואָס?

— אבי גאָר ניט.

— פע, פאַני שלום־עליכם! איך האָב אייך שוין וויפיעל מאָל געזאָגט, אז איך האָב פיינט האַלבע ווערטער; מיט מיר בעדאַרפט איהר רעדען פּראָסט; זאָגט, וואָס בעדייט דער „אבי"?... געלד?

— ווער רעדט פון געלד?

— וואָס דען? כבוד?

— ווער רעדט פון כבוד?

— וואָס דען ? געזונד ?

— ווער רעדט פון געזונד ?

— וואָס זשע דען זאָגט איהר „אבי" ?

— אבי מע זאָל לייענען !...

# ווי שען איז דער בוים!

איין עפּיזאָד מיט בּערן, דערצעהלט לכבוד דעם זיידען ר ב  מ ע נ ד ע ל י  צו
זיין פינף־און־זיבעציגסטען געבורטסטאג, פון זיין ערשטען אייניקעל.

געשריבען אין יאהר 1910.

# ווי שען איז דער בוים!

**איין עפּיזאָד מיט בארען, דערצעהלט לכבוד דעם זיידען רב מענדעלי, צו זיין פינף־און־זיעבעציגסטען געבורטסטאָג, פון זיין ערשטען אייניקעל***

---

אויב איהר ווילט זיך בעקענען מיט'ן זיידען נאָהענט, אויב איהר ווילט מיט איהם פערברענגען א שעה אין פערגעניגען, אויב איהר ווילט באמת הנאה האָבען, עפּיס נאַשען פונ'ם זיידען, — אין ניט אין א געזעלשאַפט, ניט אויף באַנקעטען, בעת מע דולט א קאָפּ מיט טאָסטען און מע שטורעמט מיט אפּלאָדיסמענטען און מיט הידדס.

אמת, ער וועט זיך אין א געזעלשאַפט ניט פערלירען. ער וועט זיך ניט בעהאַלטען אין א ווינקעלע און וועט זיך ניט שעמען פאַר קיינעם. ער וועט אייך אָפּענטפערען אויף אַלע אייערע טאָסטען און אויף אַלע רעדענישען, יעדען בעזונדער, און דוקא קלוג, און דוקא טיעף, און דוקא וויציג, און דאָס פּנים וועט איהם לייכטען, ווי א מנורה, און איהר וועט זיך פיהלען מיט איהם יום־טוב'דיג, ווי מע קאָן זיך נאָר פיהלען מיט איין אמת'ען תלמיד־חכם. דאָס וועט אָבער זיין, רבותי, מעהר נישט אַז רב מענדעלי מוכר־ספרים. דאָס וועט ניט זיין „דער זיידע".

---

* איך בין דאָ מוסר מודעה פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס האָב איך געקרוינט רב מענדעלי מוכר־ספרים מיט'ן נאָמען „זיידע". דאָס איז געווען מיט א פיערטעל יאָהרהונדערט צוריק. איך בין דעמאָלט געווען נאָך גאָר א קונדס און א „פאַרשייטער אייניקעל", ווי דער זיידע האָט מיך אָנגערופען אין איינעם פון זיינע בריעף צו מיר. פון דעמאָלט אָן איז אַוועק א גאַנג: זיידע! זיידעניו! — דער זיידע האָט דערלעבט, ברוך־השם, אייניקלעך א גאַנצען דור — כן ירבו וכן יפרצו!

**שלום־עליכם.**

„דעם זיידען" אויב איהר ווילט קענען, געהט מיט איהם, זייט מוחל, ארויס העט־ווייט הינטער דער שטאָדט ארויס, דאָרט אויף דער פרייער לופט, אונטער דער הימעל־יארמעלקע, דאָרט וואו עס וואכסט א בוים, וואו עס שפּראָצט א גרעזעל, וואו עס פּיטערט זיך א קעלבעל, וואו עס גרינט א וואלד, וואו עס דרעהט זיך א מיהל, וואו עס לויפט א קליינע וואו עס קוקעט א פויגעל, וואו עס שפרינגט א וועווריקעל, וואו עס פלאטערט א פערחעל, וואו עס שמוצערען היישעריגען, וואו פליעגעלעך האָבען זיך צונויפגענומען א גאנצע חאליאסטרע און זשומען, און וויעגען זיך, און ווידמענען זיך, און זאָגען שירה, געבען־אָפּ א לויבעניש צו גאָט — אהין, אהין זאָלט איהר איהם נעמען, וועט איהר זיך דאָרטען ערשט בעקענען מיט'ן „זיידען", וועט איהר דאָרטען ערשט געוואָהר ווערען אקוראט, ווער דער „זיידע" איז.

איהר וועט זעהען פאר זיך אין איין צייט אי א טיעפען דענקער, אי א מאָדנעם קינסטלער, אי א קינד פון דער נאטור. און ער וועט זיך אוועקזעצען מיט אייך אויף גאָט'ס ערד, אויף דער גרינער שמעקענדיגער קאָלדרע, וואָס איז בעשפּרענקעלט און בעצוויקעלט מיט אלערליי קווייטלעך. און ער וועט, קוקענדיג אין בלויען הימעל אריין, אייך ארויסזאָגען א טיעפען געדאנק, און ער וועט אייך אָפּמאָהלען א לעבעדיג בילד, און ער וועט אייך דערצעהלען א שענע מעשה פון אמאָל, און ער וועט אייך זאָגען א קלוגען, שארפען, א אידישען וויץ, און ער וועט זיך צעלאכען הילכיג אויף א קול, און ער וועט אייך מאכען צו גלייכער צייט דענקענדיג און לאכענדיג און פריילין, און איהר וועט זיך פיהלען אזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל ניט, און עס וועט אייך באנג טהון, פאר וואָס איהר האָט דאָס פריהער ניט געוואוסט, און איהר וועט חרטה האָבען, פאר וואָס איהר האָט ניט פערהאפּט מיט זיך קיין בליישטיפטעל אויף צו פערשרייבען ביי זיך די דאָזיגע טיעפע געדאנקען, מיט די דאָזיגע לעבעדיגע בילדער, מיט די דאָזיגע שענע מעשיות פון אמאָל, מיט די דאָזיגע שארפע קלוגע אידישע וויצען.

ניין. דער מענדעלי מוכר־ספרים אינ׳ם לעבען איז ניט דער מענ־דעלי מוכר־ספרים, וואָס אין בוך. מענדעלי מוכר־ספרים אין לעבען איז אליין אַ בוך.

פון דעם דאָזיגען בוך רייס איך אויס אַ בלעטעל און גיב עס דיר, פריינד לעזער, היינט, צום פינף־און־זיעבעציג־יאָהריגען יובילעאום פון אונזער זיידען, לכבוד אונזער אלעמענס יום־טוב, דעם יום־טוב פון דער אידישער ליטעראַטור.

בימים ההם — אין יענער צייט, ואני באדעסא — בין איך געזעסען אין אַדעס אויף אַ דאַטשע, ווייט הינטער דער שטאָדט, ביי׳ם ברעג פונ׳ם שווארצען ים, אויפ׳ן „פאָנטאַן". יאָהרען זענען געוועז גוטע (טאָלמאַטשאָוו איז נאָך דעמאָלט ניט געוועזען בעל־הבית...) — גוטע, גוטע יאָהרען! עס איז אָפּגעגאַנגען נאָר געסט, ליעבע גוטע געסט. און גאָט האָט מיר געהאָלפען. איך האָב געהאַט אַ גאַסט — דער זיידע איז צו מיר געקומען פון שטאָדט. געקומען צו־גאַסט. דער זיידע מענדעלי מיט זיין נושא־כלים, דעם פליגעל־אַדיוטאַנט, י. ח. רבניצקי.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען דעם זיידען מענדעלי אין אַדעס אָהן רבניצקי׳ן — פונקט ווי עס איז שווער אייך פאָרצו־שטעלען זיך, למשל, אַ לולב אָהן אַ הדס, אָדער אַ שטאָדט אָהן אַ „קאַזיאָנע ראַבינער", אָדער אַ וואַרשעווער דאָזאָר אָהן אַ זוהן אַ משומד, אָדער אַ רוסישען פּאַרלאַמענט אָהן אַ פּורישקעוויטשען... לאָז מיר הונדערט מאָל מוחל זיין מיין פריינד און מיין חבר רבניצקי פאַר דעם דאָזיגען פערגלייכען. איך האָב נישט געמיינט איהם, חלילה, פוגע בכבוד זיין. וואָס האָב איך צו איהם? נאָר — איהר ווייסט דאָך — אַ שרייבער אַז ער האַלט אין פערגלייכען, מאַכען פאַראַלעלען, חאַפּט ער וואָס עס קומט איהם פריהער אויפ׳ן זינען.

בקיצור, איך האָב געהאַט געסט: דעם זיידען מענדעלי און רבניצקי׳ן. אויסגעבאָדען זיך אינ׳ם שווארצען ים, וואו דער זיידע

האָט אונז בעוויזען, וואָס הייסט שווימען צו זעכציג יאָהר און וואָס הייסט מאַכען קונצען אויפ'ן וואַסער, האָבען מיר גענומען די פיס אין די הענד און געמאַכט אַ שפּאַציער פונ'ם קליינעם פּאָנטאָן אויפ'ן גרויסען און פונ'ם גרויסען פּאָנטאָן נאָך ווייטער — און בעת מעשה האָט אונז דער זיידע דערצעהלט מעשיות מיט מעשיות, און מיר האָבען געהערט און געוואונדערט זיך און געקוואָלען און געקליבען נחת, ווי אמת'ע גוטע געטרייע אייניקלעך. פּלוצים שטעלט זיך דער זיידע אָפּ:

— מה נאה אילן זה — וואָס זאָגט איהר אויף דעם בוים?

מיר הויבען אויף די אויגען — אַ בוים, שוין איין מאָל אַ בוים! ניט אַזוי דער בוים, ווי די בארען. אַי, בארען! בער-האַמאָטען! קיילעכיגע, געלע, פעטע זיסע, גלאַטע, ווייכע, הענגען-אַראָפּ אויף גראָבע צוגעברוימטע שטעקעלעך, שיקען-אַרוים פון זיך אַ ריח-ניחוח, קוקען אויף אונז פריינדליך, ווינקען צו אונז, בעטען זיך: „פערדיענט אַ מצוה, אידישע קינדער, מאַכט אויף אונז שהחינו"... און הינטער דעם בוים — נאָך אַ בוים, און נאָך אַ בוים, און אַלע אָפּגעשאָטען מיט בארען. אַ ים מיט בארען!

אָהן ווערטער האָט דער זיידע אָוועקגעשטעלט אויף אונז זיינע שאַרפע קלוגע אויגען דורך די גלאַנצענדיגע ברילען און מיט אַ מעפיסטאָפעל-שמייכעל אויף די דינע בעזילבערטע ליפּען האָט ער אונז דורכגענומען דורך און דורך, ווי איינער רעדט: „קינ-דערלעך, איך זעה — איהר זענט בעלנים אויף די דאָזיגע באַ-רען?"... און גלייך ווי מיר וואָלטען זיך אויפגערעדט פון פריהער אַלע דריי, איז געבליבען ביי אונז דער הסכם, אז מיר געהען אין גאָרטען אריין נאָך בארען.

אידען האָבען פיינט לאַנג טראַכטען: וואָס בארען? וועמעס בארען? — דאָס האָבען מיר געלאָזט פריי. מסתמא וועט זיך עס מיט דער צייט פערענטפערען. דער עיקר איז: געפינען אַ טויער, אַ גאַנג אין גאָרטען אריין, און דאָרט

ווי וועט זיך ניט געפינען א בעל־הבית, א סטרוזש, א גערטנער — פאר געלד וועלען מיר שוין קריגען בארען.

און כך הוה. מיר האבען געפונען א טויער. אויפ'ן טויער א בלעטעל. אויפ'ן בלעטעל — אנגעשריבען מיט גאלדענע אותיות: „אנאטרא". ווייסען מיר, הייסט עס, אז אנאטרא — דאס איז דער בעל־הבית פונ'ם גארטען.

געהערט האבען מיר, אז אנאטרא איז א גרעק, און א פיעל־פאכער מיליאנער, און א רשע. נאר צי ער פערקויפט בארען — דאס איז קיינער ניט מחויב צו וויסען. עס קאן זיין, אז ניין, און עס קאן זיין, אז יא. ער מעג זיך זיין א פיעלפאכער מיליא־נער, און די בארען פונ'ם גארטען זאל ער דוקא פערקויפען. דער שכל איז דאך מחייב: צו וואס דארף עס איין מענש אזוי פיעל בארען?...

אט אזוי טראכטענדיג, טרעטען מיר אריין פאוואלינקע אין א מחיה'דיגען גארטען, שפאציערען איבער אויסגעפוצטע סטעזש־קעס, געפלאסטערט מיט קליינע ים־שטיינדלעך און בעציערט פון ביידע זייטען מיט אונטערגעשווירענע בוימלעך, אונטער וועלכע עס קוקען ארויס שמעקענדיגע בלומען, וואס שמייכלען צו אונז און גריסען אונז גאר פריינדליך: „ברוכים הבאים! סקאצעל קומט! ווילקאמען!"... און מיר געהען ווייטער און ווייטער. פלוצים... פון וואנען האט זיך גענומען, מיט איין אימפעט און מיט א הוק, און גלייך אויף אונז — א הונד. אבער א הונד! א קאלב, ניט קיין הונד. א לייב. א לעמפערט! א געלע גלאנ־צענדיגע פעל. לאפעס ווייכע, קיילעכיגע, ווי ביי א טיגער. א מארדע א שווארצע, א נאסע, נאר א חנ'עוודיגע. צייהן ווייסע, שארפע. אויגען רויטע, פייעריגע, ווי ביי א גזלן. א פארשוין א הונד, נאר א הונד.

איך וויים ניט, ווי אזוי איהר, נאר איך — איך בין מיך מודה, וואס האב איך מיך דא צו שעמען? — איך האב פאר א

הונד מורא... שייך זאָגען מורא? דאָס וואָרט „מורא" איז צו שוואך אויף ארויסצוזאָגען אייך דאָס געפיהל, וואָס רופט ארויס ביי מיר א הונד. אַלע חיות אויף דער וועלט האָב איך ליעב, ליעב, גאָר אָהן א שום אויסנאַהמע. א הונד האָב איך אויך ניט פיינד. נאָר וואָס דען? איך בין מיט איהם ניט זיכער. איך, אז איך קום אין א שטוב אריין און דערזעה א הונד (ביי א כריסט, געוועהנליך, וואָרום ביי א אידען איז ניטאָ קיין הונד, און אויב ס'איז דאָ ביי אידען א הונד, איז דאָס ניט קיין הונד), אזוי הער איך שוין ניט, וואָס מע רעדט צו מיר. מיינע געדאַנקען זענען דאָרטען, ארום הונד... אז ער געהט צו מיר צו נאָהענט און שמעקט מיך ארום און לאַשטשעט זיך און דרעהט מיט'ן עק, איז מהכתיתי, זעהר פיין, מחותנים — אבי טשעפּע מיך ניט. זאָלסט נאָר ניט ארויפלעגען אויף מיר די קאַלטע לאַפּע דיינע און ניט שטופּען מיר די נאַסע מאָרדע אין פּנים אריין. איך האָב דיך ליעב, פערשטעהסט דו מיך, נאָר פון דער ווייטען...

פאר מיין חבר רבניצקי'ן וועל איך אייך ניט זאָגען. אפשר האָט ער מורא פאר א הונד נאָך מעהר פון מיר? ער וויל מיך איינרעדען אפילו, אז ער האָט ניט אזוי מורא. וואָס איז די מורא? ער האָט דען ניט קיין שירעם? נאָך א מין שירעם!... איך האָב אייך גאָר פערגעסען זאָגען, אז מיין פריינד רבניצקי געהט נישט ארוים מפתח ביתו אָהן א שירעם, סאַי זומער, סאַי ווינטער. אז איהר וועט זיין אין אדעס און וועט בעגעגענען אין גאַס א אידען מיט א רויט שיינענדיג פּנים, מיט גוטע, א ביסעל פערזאָרגטע אויגען, מיט א פערטראַכטען ווייסען שטערן און מיט א שירעם אונטער'ן אָרעם, חאָטש אין דרויסען איז ווינטער און דער פראָסט ברענט, זאָלט איהר וויסען, אז דאָס איז ער, רבניצקי הייסט עס. איך ווייס דעם סוד פונ'ם שירעם: ס'איז פאר א הונד. אי, די קשיא: פאר א הונד איז גאָר גוט א שטעקען? — האָט נאָר נישט קיין טבע פרעגען קשיות.

הקיצור, מיר ביידע, איך און מיין חבר רבניצקי, אז מיר האָבען דערזעהען דאָס בעשעפעניש מיט'ן אָפענעם מויל גלייך אויף אונז, האָבען זיך אונזערע נשמות אָפּגעטיילט פונ'ם גוף. אונזער ערשטער געדאנק איז געווען: לויפען! ס'איז אָבער גוט צו לויפען, אז ס'איז דאָ פיס. וואָס וועט איהר טהון, אז די פיס האָט מען ביי אייך אונטערגעהאַקט אקוראַט ביי די קנעבלעך, און דאָס הארץ הענגט ביי אייך אויף א פאָדעם, און די האָר שטעהען קאפּויר, און די אויגען — אָט־אָט שפּרינגען זיי אייך ארויס פון שטערן? ליעבער פריינד, איהר האָט אונז ניט וואָס צו מקנא זיין. וואו מיר האָבען ערגיץ א שונא, רבונו של עולם, זאָל ער איבערגעהן אויף דעם שטאנד, אין וועלכען מיר ביידע האָבען זיך געפונען אין יענער מינוט.

און דער זיידע? — יענעם מאָמענט וועל איך קיינמאָל, קיינמאָל ניט פערגעסען. ווי נאָר דער כלב האָט געעפענט דאָס מויל און א וואָרף געגעבען זיך אויף די אומגעבעטענע געסט, אזוי האָט דער זיידע צונויפגעלעגט די הענד אויפ'ן הארצען, צונויפגענומען די ליפען מיט א שמייכעלע, אריינגעקוקט א ווייַלע דעם הונד גלייך אין די אויגען אריין און אויסגעשאָסען א געלעכטער מיט א הילך — איך מעג שווערען, אז דער כלב האָט פערשטאנען דאָס געלעכטער. און ניט נאָר פערשטאנען — ער האָט זיך גע־פונען ווי בעלעדיגט. אקעגען א האלבע מינוט זענען זיי אזוי געשטאנען איינס אקעגען דאָס אנדערע און געקוקט זיך גלייך אין די אויגען אריין. און אפשר נאָך ווינציגער ווי א האלבע מינוט. נאָר ביי מיר האָט זיך עס געצויגען איין אייביגקייט. דאָס איז געווען א שווערער, א קריטישער מאָמענט. א מענש און א חיה האָבען זיך בעגעגענט און געמאָסטען איינס דאָס אנדערע מיט'ן קוק, ווער וועט וועמען גובר זיין... נאָכדעם איז דעם הונד, אפנים, נמאס געוואָרען די גאנצע מעשה, האָט ער אראָפּגעלאָזט די פייערינגע גזלנ'ישע אויגען זיינע, האָט געגעבען א געהניץ מיט'ן גאנצען מויל, זיך בעלעקט און אויסגעצויגען, אויסגעטרייסעלט

די געלע גלאַנצענדיגע פּעל, זיך אויסגעקערעוועט צו אונז, גאָר אַהן אַ שום דרך־ארץ, מיט'ן הינטען, און שמעקענדיג מיט דער נאָז זיינע אייגענע טריט, האָט ער זיך געלאָזט געהן זיין וועג.

יענעם טאָג האָבען מיר געגעסען בארען. נישט קיין שלעכטע בארען. נאָר דאָס זענען געווען בארען, וואָס מיין ווייב האָט גע־בראַכט צו פיהרען פון שטאָדט.

# אויטאָ־דאַ־פע

ערינערונגען לכבוד דעם ליטערארישען יום־טוב פונ׳ם זיידען מענדעלי מוכר־
ספרים, געשריבען פון זיין ערשטען אייניקעל.

געשריבען אין יאָהר 1910.

# אויטאָ־דאַ־פע

**עראינערונגען לכבוד דעם ליטעראַרישען יום־טוב פונ׳ם זיידען „מענדעלי מוכר־ספרים״, געשריבען פון זיין ערשטען אייניקעל.** *

---

דער בנוהג־שבעולם איז, אַז סע שטאַרבט — ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום אידען געדאַכט — אַ גרויסער מענש, בעקומט מען איהם ליעב און מע הויבט אָן נאָכזאָגען שבחים נאָך זיין בעט, און מע הויבט זיך אָן דערמאָנען און נאָכדערצעהלען פון איהם מעשיות, עפּיזאָדען, אַנעקדאָטען, אַפאָריזמען, געדאַנקען, ווערטלעך, גלייכווערטלעך, חכמות און נאַרישקייטען — אַלץ גיט אַהער, אַלץ איז אַ סחורה, אַלץ ווערד פערצוקערט. איך נעם מיר די שטאַרקייט צו זאָגען, אַז ס׳איז אַ נאַרישער מנהג, און אויב איהר ווילט — טאַקי אַ שטיקעל עולה אויך. אַ קונץ נאָכ׳ן טויט דערצעהלען שבחים? פאַר וואָס זאָל דער בעטרעפענדער אַליין אויך ניט געניסען פונ׳ם כבוד? פאַר וואָס זאָל ער אַליין ניט זעהן און ניט הערען די אַלע שבחים מיט די מעשיות, וואָס מע דערצעהלט זיך אָן פון איהם, מיט די עפּיזאָדען, אַנעקדאָטען, אַפאָריזמען, געדאַנקען, ווערטלעך, גלייכווערטלעך, חכמות און נאַרישקייטען? אדרבה, איך געה נאָך ווייטער: איך זאָג גאָר, אַז ס׳איז מעהר יושר פאַר׳ן לעבען אַלס נאָכ׳ן טויט צו איבערגעבען אַזעלכע זאכען, וואָרום טאָמער

---

* איך האָב שוין איין מאָל מוסר מודעה געווען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס בין איך געווען דער ערשטער, וואָס האָב אַנגערופען מענדעלי מוכר־ספרים מיט׳ן נאָמען „זיידע״, און ער מיך — „אייניקעל״. פון דעמאָלט אָן זענען מיט גאָט׳ס הילף אויסגעוואַקסען, קיין עין הרע, אַ גאַנצער דור מיט „אייניקלעך״ — כן ירבו!

שלום־עליכם.

חלילה — לא יעלה ולא יבוא — עס מאכט זיך אמאָל, איינער איז מגזם, דערצעהלט אויף איהם אזעלכעס, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, קאָן ער ארויסטרעטען אין דער עפענטליכקייט, ואין החי יכול להכחיש את החי, און זאָגען: „זייט זשע מוחל, רב איד, איהר האָט, דאכט זיך, אויסגעטראַכט אויף מיר, מחילה, א גרויסען ליגען“...

אויף איינעם א ליץ דערצעהלט מען, אז ער האָט זיך אוועק־געלאָזט למדינת הים, אין א ווייטען וועג אריין, און האָט ארויס־געלאָזט א קלאנג, אז דאָס שיף איז אונטערגעגאנגען און ער איז דערטרונקען געוואָרען. לאחר זמן קומט ער צו פאָהרען אהיים און טרעפט מסתמא איין איבערקעהרעניש: דאָס ווייב האָט צו־גענומען איין אנדערער, די שטוב האָט מען פערקויפט, מיט זיין גוטס האָבען זיך צעטהיילט זיינע גוטע פריינד — א חורבן! ער געהט ארום פון שמוני'ן צו בוני'ן: „האָט איהר געהערט איין אומגליק, אזא־נ־אומגליק?“ „צו וואָס האָט דאָס אייך געטויגט?“ „איך האָב געוואָלט הערען, וואָס וועט די וועלט זאָגען“...

א יובילעאום — דאָס האָבען שוין א סך חכמים געזאָגט — איז געגליכען, להבדיל, צו א לויה. בדידי הוה עובדא — איך אליין האָב איבערגעלעבט פאר א פּאָר יאָהרען אזא מין „לויה“, זיך אָנגעהערט אויף זיך אזעלכע שבחים, וואָס זענען מיר קיינמאָל ניט געקומען אין חלום. איין עבירה נאָר, וואָס דער עולם האָט זיך פערגעסען און גיך אנשוויגען געוואָרען... און מחמת איך ווייס דעם טעם פון „יובילעאום“, ווילט זיך מיר מהנה זיין דעם „זיידען“, און דעם זיידענ'ס פיעלע פריינד און פערעהרער, חאָטש מיט איינעם פון די פיעלע, פיעלע עפּיזאָדען, וואָס איך האָב וועגען דעם זיידען צו דערצעהלען און צו דערצעהלען.

די מעשה האָט זיך געטראָפען אין אדעס, ביי'ם ברעג פונ'ם שווארצען ים, אויפ'ן גרויסען פאָנטאַן, זומער אויף א דאטשע — מיט אלע סימנים, און דער בעסטער סימן וועט זיין דער נאָמען

פון דער דאַטשע „מאַנדראַזשי“ — און לאָז דער זיידע זיך דער־
מאָנען, ואין החי יכול להכחיש את החי!...

אין יענער צייט — אַ יאָהר צוואַנציג דאַרף שוין זיין אין
דעם — בין איך געווען אונטער'ן איינפלוס פונ'ם זיידען און גע־
שריבען אַ גרויסעם אַלעגאָרישעם ווערק, טאַקי אַ ראָמאַן, נאָר מיט
אַ פערשטעלעניש, כמו ווי להבדיל אַ מין „קליאַטשע“. און מחמת
מיר האָט זיך געגלוסט געבען איין אַלעגאָריע, דאָס הייסט, איך
האָב געהאַלטען פאַר די אויגען ניט דאָס ווירקליכע לעבען, נאָר
די „כנסת ישראל“, בין איך מסתמא פערקראָכען אין אלף השישי
אריין. און, ווי געוועהנליך, בין איך געווען פערליעבט אין דעם
דאָזיגען ווערק, ווי אַ חתן אין זיין כלה אין די געצעהלטע טעג
פאַר דער חופּה, געהאַלטען, אַז דערמיט ענדיגט זיך שוין די גאַנצע
וועלט! און עס האָט זיך מיר זעהר געוואָלט בעווייזען פאַר עמיצען
מיין געליעבטע כלה, מיין איך — מיין נייעס ווערק. ווער ווען זשע
בעווייזט מען אַזאַ אבן טוב, אַז ניט פאַר'ן זיידען? סטייטש,
איך האָב אַזאַ מבוא: סך הכל איין האַלבע שעה פון אדעס, און
דאָרט זיצט דער זיידע מענדעלי — ווי זאָגט מען: אַ כשר'ער
טאָפּ מיט אַ כשר'ען לעפעל... נאָר וואָס דען? ווי קומט די קאַץ
איבער'ן וואַסער? טראָגען דעם ראָמאַן צום זיידען — צו אַ גרויס
פּעקעל. מטריח זיין דעם זיידען צו זיך — עפּיס נישט קיין דרך־
ארץ. פאַלט אַ איד אויף אַ המצאה: זומער־לעבען, הייסע טעג,
מע בעדאַרף פערבעטען צו זיך אויף דער דאַטשע דעם זיידען —
געניסען לופט, זיך אָפּבאָדען אין ים, און אביסעל שמועסען. איז
אָבער אַראָפּברענגען דעם זיידען ניט אַזוי גרינג. מע בעדאַרף האָ־
בען אַ שעת־הכושר. גאָט האָט מיר געהאָלפען, עס האָט זיך גע־
פונען אַ שעת־הכושר — אַראָפּגעבראַכט דעם זיידען. אַ גאַסט
אויף אַ גאַנצען מעת־לעת.

די מצוה פון „הכנסת־אורחים“ איז, נאָך מיין נאַרישען שכל,
מעהר לוקסוס ווי מצוה, און אויב עס וואָלט מיר זיין ערלויבט צו

רעדען נאָך מעהר עפּענטליך, וואָלט איך זאָגען, אַז ניט דערמיט אַליין איז אברהם אָבינו געווען אַזוי גרויס, וואָס ער איז געווען אַ מכניס־אורח, וואָרום וואָס קאָן זיין מעהר אַנגענעהם ווי אויפ־נעמען געסט ?

נאָר אויב אויפנעמען געסט בכלל איז אַ פּערגעניגען, איז האָבען פאַר אַ גאַסט דעם זיידען רב מענדעלי — אַ יום־טוב. מענדעלי מוכר־ספרים אין אַ געזעלשאַפט איז אַזוי פיעל אָריגינעל, אייגענאַרטיג, ווי מענדעלי מוכר־ספרים אין דער ליטעראַטור, און אויב איהר ווילט, איז ער אין לעבען נאָך מעהר בולט, ווי אין בוך. אין דער צייט ווען אַז מיר בעגעגענען זיך מיט אַנדערע שריפט־שטעלער, טרעפט זיך אַמאָל, אַז מיר האָבען דערנאָך חרטה, למאי מיר האָבען זיי געזעהן אַזוי נאָהענט, איז דער זיידע מענדעלי פּונקט דער היפך: ער איבערטרעפט אין אַ פּערזענליכען בעגעגע־ניש אַלסדינג, וואָס איהר האָט אייך פאָרגעשטעלט פריהער אין אייער פאַנטאַזיע. נאַטירליך, ער איז ניט מיט הערנער — נאָר איהר דערזעהט פאַר זיך אַ פּאַרשוין איין אויסערגעוועהנליכען. דאָס איז ניט נאָר אַ זקן שקנה חכמה, דער אמת׳ער טיפּ פון דעם אידישען תלמיד־חכם; דאָס איז אַ מענש, וואָס איז פול מיט לעבען, מיט בעוועגונג, וואָס דאָס לעבען טריפט ביי איהם אין אַלע אָדערען, קוקט־אַרויס פון דעם שאַרפען בליק פון די קלוגע אויגען, פון די טיפע קנייטשען פון דעם הויכען שטערן, פון׳ם יונגען שמייכעל וואָס אויף די דינע ליפּען, און איהר פרעגט זיך: „אָט דאָס איז מענדעלי מוכר־ספרים?“... ביי מעהר נאָהענטע, אינטימע בעקאַנטשאַפט דערזעהט איהר פאַר זיך אַ אידען אַ קינד, אַ זקן אַ קונדס, וואָס וועט אייך בעווייזען וואָס הייסט מוסקולען, וואָס הייסט געהן גלייך ווי אַ סטרונע, וואָס הייסט קאָנען שפּאַנען, קאָנען לויפען, קאָנען שפּיעלען זיך מיט קינדער — און איהר וועט פרעגען ביי זיך: „אָט דאָס איז אַ אידישער מחבר, וואָס מע פייערט זיין פינף־און־זיבעציג־יאָהריגען יובילעאום?“ אין דער געזעלשאַפט פון אַזאַ גאַסט הויבט איהר אַליין אויך אָן פיהלען

זיך יונגער און פרישער און לעבעדיגער, און איהר פערגעסט מיט איהם, וואו די צייט קומט אהין, וואו דער טאָג געהט אוועק.

נאָר „שפּיעל, זאָגט מען, דעם חתן ווייגענדיגס, ער האָט זיך זיינס אין זינען". ווי גליקליך איך בין ניט געווען מיט'ן טהייערען גאַסט, ווי געשווינד די צייט איז נישט געלאָפען, איז מיר מיין ראָמאַן נישט ארוים פון זינען אפילו אויף איין מינוט. נאָר ווי טרעט מען צו צום עסק? ווי אזוי נעמט מען גלאַט אָט אזוי און מע טהוט א זאָג: „זיידע, איך וועל אייך לייענען מיין ראָמאַן?" — האָט אָבער גאָט געטהאָן א נס. דער זיידע אליין האָט ומיך א פרעג געגעבען, אויף דער נאכט איז דאָס געווען, נאָכ'ן עסען: „וואָס הערט זיך? וואָס שרייבט מען עפּים נייעס?" איך האָב דערפיהלט, ווי דאָס הארץ האָט מיר אָנגעהויבען קלאָפּען „טיק־טיק־טאַק". דאנקען גאָט, געקומען די מינוט. און איך האָב מיך אָנגעחאפּט מיטביידע הענד, ארויסגעצויגען מיין ליעבלינג פון שופלאָד, וואו ס'איז געלעגען צונויפגעקאַטשעט, ווי א הייליגע שריפט, איבערגעבונדען מיט א רויטען פאָדעם־זייד — איך בין שוין גרייט געווען צוטרעטען צום עסק, שוין געוואָלט אָנהויבען לייענען, — אָן מיר איז, הייסט עס, ניט געווען קיין שום מניעה, — האָט ומיך אָבער דער זיידע אָנגענומען ביי דער האנד: „איצט? ניין. איצט בעדארף מען געהן מקבל פּנים זיין די לבנה, וואָס געהט אויף פונ'ם ים".

שען איז דער ים, אז ער צעשפּיעלט זיך מיט אלע זיינע וועלען בייטאָג אויף דער שיין פון דער גינגאָלדענער זון. שען איז ער ביי'ם אונטערגאנג פון דעם רויט־פייעריגען קוגעל, וואָס לאָזט זיך אראָפּ, פאלט אריין אין אָפּגרונד אריין, און אלץ ווערד ווי מיט פייער בעגאָסען. אין א פּורפּור־מאַנטעל ווערד איינגעוויקעלט דער עק הימעל, און א קיהלע שטילקייט לאָזט זיך אראָפּ און געוועלטיגט און הערשט אויף דער ערד. טויזענד מאָל שענער איז אָבער דער ים ביינאכט, ווען עס שניידט זיך אוים און בעווייזט זיך אויפ'ן הימעל דאָס ווייסע בלאַט פון דער זילבערנער לבנה

און בעוויסט און בעזילבערט און בעגיסט מיט ווייסען חן און מיט זילבערנעם נאכט־כשוף די שטילע וואסערען פון בערוהיגטען ים, וואס קוים־קוים וואס ער ציטערט און שפּיעגעלט אָפּ אין זיך די אלפי אלפים ורבוא רבבות פינקעלדיגע שטערען. ניין, דער זיידע איז גערעכט. ניט איצט איז די צייט צו לייענען ראָמאַנען. עס גלוסט זיך אפילו ניט געהן אין שטוב אריין שלאָפען. איין עבירה, איין עבירה אזא נאכט! מיר פיקט אָבער אין קאָפּ אלץ דער ראָמאַן, אלץ דער ראָמאַן! פון וואס מע זאָל ניט רעדען, איך קום אויף מיינעם. איך וויל איהם חאָטש איבערגעבען די אידעע, איהם בעקענען מיט'ן אינהאלט. „צו וואס? — זאָגט דער זיידע. — אותיות מחכימות. מארגען אין דער פריה וועלען מיר זיך אוועקזעצען אינצווייען און איבערלייענען דעם ראָמאַן פון טאָוועל ביז טאָוועל". אך, ווי גוט! אך, ווי גוט!

יענע נאכט איז קיין שלאָף ניט געקומען אויף מיינע אויגען. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, וואס וועט זיין, למשל, אז איך וועל איהם שוין האָבען געהאט איבערגעלייענט מיין ווערק אינגאנצען? וואס וועט זאָגען דער זיידע? „איך בין ענטציקט"? „איך בין נתפּעל"? „איך בין איבערראשט"? ניין. ער איז ניט אזעלכער, וואס זאָל זיך צעגיסען אין סענטימענטען, צוקערדיגע ווערטער („לאקריץ" הייסט דאס אויף זיין לשון). עס וועט זיין געווג פון זיין זייט, אז ער וועט ארויסלעגען אויף מיר זיין האנד: „נו? יישר כח! שרייבט, שרייבט א סך אזעלכע ווערק, און לאָז דער זיידע האָבען נחת פון זיין אייניקעל"...

און אפשר קאָן זיין, אז ער וועט גאָר ניט זאָגען. לחלוטין גאָרנישט. ער וועט ניט האָבען קיין ווערטער. און דאס שווייגען זיינס וועט זיין פאר מיר אויך גאנץ גענוג. א „זיידע", וואס דער „אייניקעל" האָט איהם אריבערגעיאָגט (איך בין זיך מודה, אז דער געדאנק איז אויך געווען), וואס האָט ער צו זאָגען?... אביסעל האָט מיר וועה געטהאָן דאס הארץ אויפ'ן זיידען, וואס איך האָב

איהם אריבערגעיאָגט. ער איז דאָך עפּיס נישט קיין מאַן־דהוא, עפּיס אַ מענדעלי מוכר־ספרים! אַ קלייניגקייט?! קומט אַ יונגעל, אַ שנעק, אַ שלום־עליכם, און שרייבט אָן אַ בוך, וואָס שטעלט אוועק אזא ריעז אויף אַ זייט, לאָזט איהם איבער הינטער זיך, — נעבאָך, נעבאָך!...

יענע נאַכט איז דער זיידע אויך ניט געשלאָפען, נאָר ניט איבער מיין ראָמאַן — איבער איין אנדער מעשה: דאָס חדר, וואו מיר האָבען בעלעגט דעם גאַסט, איז געווען דאָס צווייטע פון׳ם קינדער־צימער, האָט דאָס קינד (דאָס „קינד" איז שוין איצ־טער אַ סטודענט) אַ גאַנצע נאַכט געשריען אויף צייהנדלעך, קיין אויג איהם נישט געלאָזט צומאַכען! — „וואָס איז דאָס ביי אייך דאָרט פאַר אַ מין שרייער? — האָט זיך דער זיידע פאַר אונז געקלאָגט אויף מאָרגען אין דער פריה. — און איך וואָלט וועלען וויסען, וואו נעמט זיך צו אַ קינד אַזוי פיעל כח, קיין עין־הרע ניט?"...

נאָך אַ ביסעל ווערטלען זיך איבער׳ן „שרייער" און נאָך טיי טרינקען, האָט מיר דער זיידע אַ וואונק געגעבען:

— נו?...

פון אַלע „נו׳ען" איז דאָס געווען דער סאַמע בעסטער, סאַמע זיסטער „נו". אַ גן־עדן־באַלזאַם איז זיך צעגאַנגען אין אַלע מיינע גליעדער, און איך האָב גענומען דעם זיידען און האָב מיך בעזעצט מיט איהם ביי זיך אין קאַבינעט, צוגעמאַכט דאָס פענסטער, פער־שלאָסען די טירען, ארויסגעצויגען די הייליגע שריפט פון שופלאָד, אויפגעבונדען דעם רויטען פאָדעם־זייד און...

— איך וועל מיך אוועקזעצען — זאָגט צו מיר דער זיידע — אָט דאָ ביי׳ם פענסטער אקעגען אייך, און איהר זעצט אייך אוועק אהער צו מיין לינקען אויער, איך זאָל אייך קאָנען בעסער האָרכען. נאָר פריהער דערצעהלט מיר, וואָס האָט איהר געוואָלט?

וואָס איך האָב געוואָלט? — דאָס איז געווען פאַר מיר ווי. אָפּגעגאָסען מיט איין עמער וואסער. וואָס איז שייך?...

— א שרייבער, אז ער זעצט זיך אוועק שרייבען א בוך, — גיט מיר דער זיידע צו פערשטעהן — בעדאַרף זיך פריהער פרעגען: „וואָס וויל איך?“

איך בין מיך מודה: פאַר מיר איז דאָס געווען דאָס אמת'ע אמעריקא אויפגעדעקט. שוין א יאָהר פינף אז איך שרייב, שוין אָנגעשריבען, ברוך השם, אזוי פיעל זאכען, און נאָך איין מאָל ניט געפרעגט ביי זיך: וואָס וויל איך? וואָס קאָן א שרייבער וועלען? א שרייבער וויל שרייבען, וואָרום ער זאָל ניט וועלען שרייבען, וואָלט ער דאָך קיין שרייבער ניט געווען... אויסגעדרעהט האָב איך מיך פון זיינע הענד מיט א תירוץ, אז ווייל דאָס, וואָס איך וויל איהם לייענען, איז איין אַלעגאָריע, וואָס טראָגט אין זיך א פערבאָרגענעם געדאַנק, וויל איך זעהן, צי וועט ער חאַפּען אליין דעם געדאַנק, איידער איך וועל האָבען געענדיגט דאָס גאַנצע ווערק. און איך האָב גענומען לייענען, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז ניט איך לייען, נאָר איין אַנדערער לייענט. איך האָב נישט דערקענט מיין קול — און דאָס האָט מיך געמאַכט אויפגערעגט, נערוועז. נאָר דאָס אליין וואָלט נאָך געווען א האַלבע צרה — האָט זיך סאַמע אין רעכטען פייער צעשריען מיין קדיש דער שרייער, חאָטש טהו זיך אָן א מעשה! אוי, וואָלט איך איהם בעוויזען א שרייען! איך בין גרייט געווען אַלע מינוט זיך אויפהויבען, אריינלויפען צום שרייער אין צימער אריין, איהם פערשטאָפּען דאָס מויל מיט וואטע. האָט מיך אָבער דער זיידע ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט מיך אָנגענומען ביי א האַנד, די אויגען האָט ער געהאַלטען צו — דאָס איז א סימן, אז ער הערט מיט קאָפּ — און געהייסען מיר, איך זאָל גאָרניט קוקען אויף קיין זאַך, איך זאָל נאָר לייענען.

וויפיעל איך האָב אזוי געלייענט — ווייס איך ניט. אויפ'ן זייגער האָב איך ניט געקוקט. איך האָב געקוקט נאָר אויפ'ן זיידען,

געוואָלט זעהן, ווי ווייט ער איז אַנטציקט, איז אָבער שווער געווען צו זעהן אויף זיין פּנים וואָס ער טראַכט. אַ מענש, אַז ער זיצט מיט צוגעמאַכטע אויגען, וועט איהר קיינמאָל ניט טרעפען, וואָס ער טראַכט. פּלוצים עפענט ער אויף די אויגען, נעמט מיך אָן ביי דער האַנד, קוקט אויף מיר אַריבער די ברילען מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען און טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד:

— הערט זשע, איך מוז אייך איבערשלאָגען אין מיטען דער מעשה. ווי מיינט איהר, קאָכט זיך שוין ביי אייך וואַרמעס אין קיך?

— וואַרמעס? געוויס. איהר זענט אפשר הונגעריג? וועל איך הייסען עפּיס געבען.

— הונגעריג? חס ושלום! איך וויל נאָר וויסען, אויב עס הייצט זיך דאָרט ביי אייך אין אויוועז?

— געוויס הייצט זיך אין אויוועז.

— אויב עס הייצט זיך, טאָ נעמט און וואַרפט אַריין, זייט מוחל, אָט דאָס גאַנצע העפט אין אויוועז אַריין און פערברענט דאָס אויפ׳ן פייער, ווארום דאָס איז ניט אייער זשאַנר. דאָס איז... דאָס איז — פּע!!!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר האָבען נאָך דעם ניט איין מאָל געזעהען זיך מיט׳ן זיידען, אסך מאָל גערעדט וועגען שרייבען, וועגען דעם, וועלכעס איז מיין זשאַנר און וועלכעס איז ניט מיין זשאַנר, — נאָר וועגען יענער מעשה מיט׳ן „פּע“ און מיט׳ן „אויטאַ־דאַ־פּע“ האָבען מיר קיינמאָל, קיינמאָל נישט גערעדט מעהר, קיינמאָל נישט מזכיר געווען אפילו. און דעריבער איז מיר ניט אויסגעקומען עד היום הזה אַרויסצוזאָגען דעם זיידען זאָל לעבען, וויפיעל איך בין איהם דאַנקבאַר! אַך, וואָלט מען בעדאַרפט האָבען, עס זאָל זיך אָפּט

הייצען ביי אונז אין אויוועז אין דער צייט, ווען מיר האלטען בײ׳ם פערענדיגען א בוך, וואס אונז ווייזט זיך אויס, אז ס׳איז אזוי גוט, וואס בעסער קאן שוין גארניט זיין...

נערווי (איטאליע), ז׳ חנוכה, התרע״א.

# מיין בעקאַנטשאַפט מיט
# א. ל. לעווינסקי

אונזער ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט דעם אזוי פריה אָפּגע־שטאָרבענעם לעווינסקי איז געווען, נאַטירליך, א ליטעראַרישע, און אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט א יאָהר צוואַנציג צוריק, אין דער צייט פון מיין „יודישע פאָלקסביבליאָטהעק“. אויף די בלע־טער פונ׳ם „המליץ“ (עליו השלום) האָבען מיר זיך בעגעגענט,ביידע אָנגעוואָפּענט מיט שטאָהלענע פעדערען און מיט איין אר־סענאַל פון מליצות, און האָבען מלחמה געהאַלטען אויף עטליכע נומערען „המליץ“, נישט געפּאַלען, חלילה, און נישט אונטערגע־געבען זיך איינער דעם אַנדערען, און אָהן א טראָפּען בלוט — ווי די אמת׳ע גבורי ישראל.

דעם ערשטען פּלוצליכען סטראַטעגישען אָנפאַל האָט ער גע־מאַכט אויף מיר. ער איז אַרויס מיט א „מאמר“ : „סטייטש, שלום־עליכם וויל אָפּ׳שמד׳ען אַלע בעסטע העברעער, מאַכען זיי פאַר זשאַרגאָניסטען ! שלום־עליכם צאָהלט אין טאָג אַריין ! צוואַנ־ציג קאָפּיקעס א שורה זשאַרגאָן ! שמע ישראל !!“ און גע׳חתמ׳עט איז געווען : א. ל. לעווינסקי פון גאָרנאָסטאַיעווקע.

בין איך אָבער אויך ניט קיין מלופים־קינד, האָב איך געגעבען א נעם אַרויס מיינע מליצה׳דיגע קוילען מיט מיינע העברעאישע פיילען, איינגעטונקען (אין גיפט ? חלילה !) אין טינט און — היידא מיט א „מאמר“ קעגען דעם לעווינסקי׳ן פון גאָרנאָסטאַ־יעווקע. פערשטעהט זיך, אז מעהר פון אַלע האָט בעקומען פון מיר א פּאָרציע גאָרנאָסטאַיעווקע. ביי יעדען זאַץ און ביי יעדער

פראזע איז געווען מיט א ביטערער איראָניע: „הסופר מגאָרנאָ־סטאַיעווקע". מיר צו הילף איז גיך אונטערגעקומען נאָך א גבור פון די גבורי־ישראל און גענומען בויקערען דעם גאָרנאָסטאַיעווקער אַנטיזשאַרגאָניסט פון הינטען און פון פאָרענט און פון אַלע זייטען. דער נאָמען פון דעם דאָזיגען גבור איז י. ח. רבניצקי. דער גאָרנאָ־סטאַיעווקער קונדס, אפנים, האָט זיך אָבער ווינציג־וואָס איבער־געשראָקען פאַר אונז ביידען און האָט גענומען שניידען א „מאמר" נאָך א „מאמר", און אַלע מאָל מיט מעהר פייער. און מערק־ווירדיג! וואָס שאַרפער דער דאָזיגער פייעריגער אַנטיזשאַרגאָ־ניסט איז אַרויסגעטראָטען קעגען אונז, מעהר היימישער איז ער אונז געוואָרען. עפּיס האָבען מיר אַלע געפיהלט, אז דער „שונא" טראָגט אויף זיך א פעל פון א טיגער און דאַרף זיין דערצו א גוט ברודערעל, „משלנו"...

און כך הוה. דאָס איבעריגע דאַרף איך ניט דערצעהלען. אַלע ווייסען, וואָס פאַר א מין „שונא", וואָס פאַר א מין „אנטי" א. ל. לעווינסקי איז געווען בכלל, ובפרט צו דער ליטעראַטור פונ'ם אידישען פאָלק, וועלכע איז איהם געווען נישט ווינציגער טייער ווי זיינע אייגענע קינדער. מיט א ברייט שמייכעל איבער'ן בריי־טען פּנים האָט ער מיך דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט אין אָדעס. דאָס האָט בעדאַרפט צו זיין אונגעפעהר מיט א יאָהר צוועלף צוריק. איהם האָט מיר פאָרגעשטעלט, אויב איך האָב קיין טעות, דער „אבי אבות הגוטברודערלעך", וואָס זיין נאָמען איז לובאַרסקי, נאָר מעהר בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „אונזער אברהם אליהו", וואָרום אברהם אליהו איז היימליכער אַלס לובאַרסקי... דעמאָלט איז לעווינסקי שוין נישט מעהר געווען א לעווינסקי פון גאָרנאָ־סטאַיעווקע, נאָר „א. ל. לעווינסקי", „רבי קרוב" — און אַך, וואָס מיר ביידע האָבען זיך אָנגעלאַכט, דערמאַנענדיג זיך אן אונזער דועל אויף די בלעטער פונ'ם „המליץ"! עס האָט זיך מיר אויס־געדאַכט, אז מיר זענען מיט איהם בעקאַנט שוין פון מי יודע ווען, און עפּיס א מאָרגע ווייבע וואָרעמקייט האָט זיך געפיהלט געבען

איהם. נישט געווען דאָס מאָל, וואָס ער זאָל זיין אין „מיין"
שטאָדט (אין קיעוו) און נישט זיין ביי מיר און ביי מיין גאַנץ
הויזגעזינד א ליעבער, א גוטער, א ווארעמער גאַסט. איך קאָן
ניט אָנווייזען פּינקטליך — ווען, פון וואָסער א מאָמענט, עס
האָט זיך פערבונדען אונזער גוטפריינדשאַפט. איך ווייס נאָר,
אַז דאָס איז געווען א ליעבשאַפט א לאַנגאָנענדיגע, איין אַלטע
ליעבשאַפט! זיין געטריישאַפט צו מיר (און מסתמא דאָס זעלבע
צו יעדען פון זיינע אינטימע פריינד) איז געווען כמעט א איבער־
נאַטירליכע. איך וועל געוויס זיין א חוטא פאַר'ן רבונו־של־עולם,
אויב איך וועל זאָגען, אַז איך האָב אויף גאָט'ס וועלטעל מעהר
שונאים ווי גוטע פריינד. אָבער אַזאַ גוטען פריינד, ווי לעווינסקי,
ווייס איך ניט, אויב איך האָב ווען געהאַט, און גאָט ווייסט, אויב
איך וועל איהם האָבען. איך זאָל, למשל, וועלען זאָגען, אַז לע־
ווינסקי איז מיר געווען געטריי, ווי א ברודער, וואָלט דאָס געווען
ניט נאָר באַנאַל — דאָס וואָלט זיין א בעלעדיגונג, א פּראָפּאַנאַציע
פאַר'ן געשטאָרבענעם. און איך האָב זעהר מורא, אַז דאָס זעלבע,
וואָס איהר הערט פון מיין מויל, קאָנט איהר הערען, ווי געזאָגט,
פון יעדען איינציגען פון אונזער ענגען קרייז, פון אונזער ליטע־
ראַריש קלייזעל. אַ גוטען פריינד, זאָגט די וועלט, דערקענט מען
אין איין „עת־צרה". מע בעדאַרף לייענען לעווינסקי'ס בריעף צו
מיר קיין אויסלאַנד אינ'ם בערימטען יאָהר 1905, בעת איך האָב
פערלאָזט דאָס „פּאָטערלאַנד" און בין אַוועק מיט'ן וואַנדערשטעקען
קיין אַמעריקאַ.

„איך האָב צו אַמעריקאַ גאָר ניט, — אַזוי אונגעפעהר שרייבט
צו מיר לעווינסקי קיין לעמבערג — נאָר איך פערגין ניט אַמעריקאַ
„אונזער שלום־עליכם'ן!" „דו פאָהרסט אַוועק פון אונז, —
שרייבט ער ווייטער — נאָר געדענקען זאָלסט דו, — מאַלע וואָס
סע מאַכט זיך — אַז ס'איז דאָ א שטאָדט אדעס, און דאָרטען
האָסט דו פריינד, וואָס ליעבען דיך און וואָס וועלען דיך קיינמאָל
ניט פערלאָזען!"... און זיין גדולה, זיין פרייד ביי מיין צוריק־

חפץ אנכי לקנות אותה, אם לא לצמיתות, אבל לעשרים שנה (!?) או פחות מעט... זהו, ידידי חיקר, מה שמצאתי נחוץ לכתוב לך עתה. את המחברת גופא אנכי שולח לך מחר. וחדשות, יקירי, אצלנו רק מעט. רבניצקי איז נאָך געל ווי געווען, ווערט אפילו אביסעלע גרויליך, אָבער נאָך אלץ געל, און שווייגט. ביאַליק איז נאָך אלץ ביאַליק, דאָס הייסט, ער שרייבט ווינציגער שירים און לאַכט פּיעל, און דער „זיידע" זיצט נאָך אין ווילנא... וכו'

בכל הברכות שלך

א. ל. לעווינסקי."

[פון די ארויסגעבער: מיר גיבען דאָ פאַר די לעזער די איבערזעצונג פון דעם בריעף אויף אידיש: ערשטענס און פריהער פון אלץ — א גמר חתימה טובה... נאַר איך וויל, אַז צו דעם „גמר חתימה טובה" זאָל מען דיר צולעגען נאָך עפּיס א קלייניגקייט: דו זאָלסט אויסנעמען דאָס גרויסע געווינס פון צוויי הונדערט טויזענד. איך מיין, אַז ביי דעם אויבערשטען, ווי, להבדיל, ביי בראָדסקי'ן, איז דאָס פון די קליינע זאַכען; ביי אַזאַ אידען אָבער ווי דו וועט דאָס זיין א ענין. ווי מיינסט דו? און ווייטער — אויב מיר וועט זיך איינגעבען צו זיין נעכסטען מאָנאַט אין אויסלאַנד, וועל איך זיך סטאַרען צו זעהען מיט דיר, אויב דו וועסט נאָך דעמאָלט זיין אין לוגאַנאָ. און מיר, מיין טייערער, האָבען ערוואַרט פון דיר „עפּיס" פאַר'ן ראש־השנה־נומער, אָדער, לכל הפחות, אויף סוכות, און דו, גזלן, האָסט געשוויגען. דו פערגינסט ניט אונזער אָדעס. און וואָס וועט זיין מיט אונזער „גוט־מאָרגען"* ווייס איך ניט. אפשר וועט ער אוועקשטאַרבען פאַר דער צייט פון געלד־מאַנגעל, אָדער פון בלוט־מאַנגעל... און דו דערווייטערסט זיך פון איהם. אַז דער בית־המקדש וועט אויפגעבויט ווערען, וועסט דו דאַרפען ברענגען א פעטען „קרבן־חטאת"!

* א טעגליכע צייטונג אין אָדעס, פון וועלכער דער פערשטאָרבענער לעווינסקי איז געווען דער רעדאַקטאָר־ארויסגעבער.

און דער עיקר, וואָס איך וויל דיר אצינד שרייבען, איז וועגען דיינע „שפּריכווערטער“.* ווי דו זעהסט, האָב איך צונויפגעזאַמעלט איינס צו איינס אַלע דיינע גלייכווערטלעך און גלאַט ווערטלעך און איך האָב בדעה זיי לאָזען דרוקען אין אַ זעהר שענעם ביכעל, מיט אַ הקדמה פון מיר אָדער פון איינעם פון אונזערע לייט, אַ קורצע הקדמה, נאָר אַיין אויספיהרליכע, און פערקויפען עס פאַר זעהר אַ נידעריגען פּרייז. און דו, מיין טהייערער, בעשטים דיין לוין, וויפיעל דו וועסט געפינען פאַר גויטיג, ווייל איך וויל דאָס אַוועקקויפען, אויב ניט אויף אייביג, איז אויף צוואַנציג יאָהר (!?), אָדער אויף אַביסעל וועניגער פון דעם... אָט דאָס איז, מיין טייערער פריינד, וואָס איך האָב געפונען פאַר נויטיג דיר צו שרייבען אַצינד. דאָס העפט גופא שיק איך דיר מאָרגען. און נייעס, מיין טייערער, איז ביי אונז גאָר וועניג...]

שפּעטער מיט אַ טאָג צוויי־דריי האָב איך ערהאַלטען פון איהם דאָס העפטעל. אין דעם זעלבען טאָג האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, אַז לעווינסקי איז געפעהרליך קראַנק. אויף מיין אָנפראַג־דעפּעשע: וואָס מאַכט לעווינסקי? האָב איך בעקומען פון מיינע פריינד פון אָדעס אַ קורצע תשובה:

דאָראָגאָי לעווינסקי סקאָנטשאַלסיאַ.

סך הכל דריי ווערטער, נאָר די דריי ווערטער האָבען צונעמען דריי יאָהר פון מיינע נישט פיעלע יאָהרען, וואָס מיר איז נאָך געבליבען זיך נאַריש צו מאַכען אויף דער דאָזיגער נאַרישער וועלט...

ביי׳ם סוף פון מיינע פערביילויפענדיגע רשימות גלוסט זיך

---

* א. ל. לעווינסקי האָט זיך אַ געוויסע צייט אָפּגעגעבען מיט׳ן צונויפזאַמלען אַלע שפּריכווערטער און גלייכווערטלעך פון שלום־עליכם׳ס ווערק — סיי די אָריגינעלע, שלום־עליכם׳דיגע, סיי די פאָלקס־ווערטלעך, וואָס שלום־עליכם האָט בעאַרבייט אויף זיין שטייגער — און האָט דאָס געוואָלט אַרויסגעבען אין אַ בעזונדער ביכעל. — דאָס מאַנוסקריפּט מיט די ווערטלעך געפינט זיך ביי שלום־עליכם׳ס פאַמיליע צווישען שלום־עליכם׳ס נאָכגעבליבענע שריפטען.

מיר פֿאַרשטעלען אין זכרון לעווינסקי'ס פּאָרטרעט מיט קורצע שטריכען, ווייל איך שרייב דאָס זעהר בחפזון'דיג און נאָך ליגענדיג דערצו: אַ גרויסער איד, אַ ברייטער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ ברייט שמייכעל אויפ'ן ברייטען פּנים און מיט ברייטע הענד, וואָס וואָלטען וועלען אַרומנעמען דאָס גאַנצע בינטעל אידישע שרייבערס מיט'ן גאַנצען אידישען פֿאָלק און אַריבערחאַפּען זיך אויף אַ ווײַלע קיין ארץ־ישראל — אינ'ם אידישען לאַנד — און דאָרטען געבען אַ לעב־אונטער, אָבער טאַקי וואָס לעבען הייסט, דהיינו: אַ גלעזעל כרמל־וויין, אַ גרויסען העברעאישען זשורנאַל, אַ גרויסע אידישע אַקאַדעמיע, אַ שפּאַציער מיט אידישע טעכטער אויפ'ן הר־הכרמל, און אַ פֿאָהר אויף די אייגענע אידישע באַהנען, אומעדום מיט אייגענע אידישע בופעטען, מיט אידישע קיאָסקען, וואו עס פֿערקויפֿט זיך כל ספרי מענדעלי מוכר ספרים מיט כל שירי ביאַליק — חי געלעבט, אַדנים סלאַוואָם!...

„אַדנים סלאַוואָם" — דאָס איז געווען לעווינסקי'ס פֿלוג־וואָרט, מיט וועלכען ער פֿלעגט אויסלאָזען יעדען שמועס און מיט וועלכען עס גלוסט זיך מיר פֿערענדיגען אויף די דאָזיגע שורות.

נערווי (איטאַליע), ו' מרחשון, התרע"א.

די אנמערקונגען אין דעם דאזיגען ארטיקעל, ווי אויך די איבערזעצונג פונ'ם העברעאישען בריעף, זענען געמאכט פון די ארויסגעבער.

# מ. מ. וואַרשאַווסקי און זיינע ליעדער

א.

## אַ פּאָר ווערטער צו וואַרשאַווסקי'ס ליעדער.

וואונדערבאר איז די געשיכטע פון אונזער פאָלק ישראל. וואונדערליך איז אונזער אידישע ליטעראטור. נאָר נאָך מעהר וואונדערליך איז די ביאָגראפיע פון אונזערע שרייבער, פּאָעטען און משוררים. אייגענטליך, איז ביי אונז, אידען, נישטאָ קיין שרייבער, ווי ביי ליוטען, דאָס הייסט, נישטאָ ביי אונז אזעלכע, וואָס זאָלען זיך אָפּגעבען נאָר מיט שרייבעריי אליין; מע קאָן זאָגען, אז ביי אונז איז כמעט נישטאָ קיין איינציגער שרייבער, וואָס זאָל לעבען פון דער פען. ביי אונז שרייבט יעדער ווער עס וויל, ניט דער וואָס קען, ווארום דער וואָס קען — יענער קאָן ניט שרייבען, מחמת ער איז פערטראָגען גאָר אין עפּיס אנדערש, אין דאגות־פרנסה, ער זוכט אַ שטיקעל ברויט... דעריבער וואַל־גערען זיך ביי אונז אָפטמאָל טאלאנטען, וואָס געהען לאיבוד, ווע־רען פערפאלען. מע בעדאַרף נישט מיינען פון דעסטוועגען, אז ביי אונז שרייבט מען חלילה וויניגער, ווי ביי אלע אנדערע פעל־קער; אדרבה, צווישען אידען געפינט איהר אַ סך, אַ סך אזעלכע, וואָס שרייבען און שרייבען און הערען ניט אויף צו שרייבען, פערגיסען טייכען טינט, פיהרען־איבער פאפּיער און פּענעס אומ־ברחמנות, און דרוקען ביכער און ביכלעך איז די טויזענדער. נאָר

נישט פון דעם מין שרייבער וויל איך רעדען אצינד. איך רעד פון די אמת'ע טאלאנטען, וואס ליגען אין דער פערבארגעניש, וואס יאגען ניט ארויסבעוויזען זיך אויף דער אידישער וועלט און וואס מע בעדארף זיי זוכען און געפינען.

איינער פון די דאזיגע טאלאנטען איז דער פערפאסער פון „אידישע פאלקס־ליעדער", מ. מ. ווארשאווסקי. דאס איז א נייער פארשוין, א גאסט אין אונזער פאלקסליטעראטור, און פערדיענט, מע זאל זאגען איבער איהם און איבער זיינע ליעדער עטליכע ווערטער.

מ. מ. ווארשאווסקי איז, ווי דאס רוב פון אונזערע שרייבער, א מענש א פערנומענער (ער איז א יוריסט), וואס האט נישט קיין צייט אפצוגעבען זיך מיט ליטעראטור; נאר אז ער האט א פרייע מינוט, זינגט ער זיך א אידיש ליעדעל, זיין אייגענע ארבייט, מיט א אידישער מעלאדיע, וואס ווערד ביי איהם בעשאפען אינאיינעם מיט די ווערטער. ער האט נישט אין זינען געהאט ארויסגעבען זיינע אידישע ליעדער פאר'ן פאלק, און אפילו אנשרייבען זיי אויף פאפיער, ביז עס האט זיך געמאכט, אז גאר אומגעריכט, צוריק מיט א יאהר דריי־פיער, האבען אייניגע פון זיינע בעקאנטע (און איך אויך בתוכם) דערהערט איהם זינגען און שפיעלען זיינע אידישע ליעדער — און מיר זענען אלע געוועזען אנטציקט. מיר האבען דערהערט א ניי מין געזאנג, מיר האבען דערפיהלט א פריש מין געשמאק, א בעזונדער מין זיסקייט, סאי אין די ווערטער, סאי אין דער מעלאדיע, און מיר האבען זיך צוגעזעצט צו איהם, ער זאל זיי ארויפשרייבען אויף פאפיער. — און פון יענער צייט אן קאן מען שוין הערען ווארשאווסקי'ס ליעדער זינגען אין א סך אידישע הייזער דא אין קיעוו, און אויך אין אנדערע שטעדט, וואס אין אונזער געגענד. מע זאל פערשטעהן אקוראט ווארשאווסקי'ס ליעדער, מוז מען זיי הערען זינגען, ווארום דאס זענען נישט גלאט אזוי שירים, וואס גראמען זיך — שטראם־גראם; דאס זענען ליעדער, און ליעדער פאר'ן פאלק: דאס זענען אזעלכע ליעדער, וואס

אין זיי שפּיעגעלט זיך אָפּ, ווי אין אַ לויטער וואַסער, דאָס גאַנצע לעבען פונ׳ם אידישען פאָלק מיט אַלע אידישע פריידען און ליידען, אידישע צרות, דער אידישער דלות, אידישע טרערען... וואַר־שאַווסקי׳ס ליעדער זענען נישט נאָר קינות, קלאָגליעדער אליין; אדרבה, מעהרסטענטהייל פון זיי זענען דוקא פריילִיכע, לעבעדיגע ליעדער, וואָס אפילו אַז זיי הויבען זיך אָן טרויעריג, מיט איין אומעטיגען מאָטיוו, לאָזען זיי זיך אָפּטמאָל אויס מיט אַ גע־לעכטער:

אַז מע צאַפּט פון מיר דאָס בלוט אַרויס
און מע מוטשעט מיך פאַמעליך,
לאַך איך מיך גוט פון מיינע שונאים אויס
און געה מיר גאָר אַ פריילִיך!...

נאָר אַז אָך און וועה איז צום געלעכטער! אין דער גאַנצער פריילִיכקייט הערט זיך אַ געוויין, אין זיין געלעכטער הערט מען טרערען... נאָר וואַרשאַווסקי׳ס העלדען האָבען פיינט בעקלאָגען זיך:

ווי פאַר׳ן עמוד
זינגען זיי תמיד...

זיי זענען, צום מיינסטען, טאַקי גרויסע אָרעמע לייט, נעבאָך קבצנים, נאָר פריילִיכע קבצנים:

חאָטש איך בין מיר אָרעם אידעל
און עס דאַרט מיר גוט דער מוח,
שמחת־תורה זינג איך אַ ליעדעל
און מאַך אַ גוטע כוסה אויך!...

זיי זענען, צום מיינסטען, גרויסע בעלי־בטחון, זיי גלויבען אין גאָט און זענען מקבל באהבה אויף זיך אַלע צרות, סאַי די וואָס פונ׳ם אויבערשטען, סאַי די וואָס פון מענשען, סאַי פון פרעמדע, סאַי פון אייגענע... זעלטען חאַפּט זיך אַרויס ביי איהם אַ קלאָג, אַז:

ביי יעדען איז אַ יום-טוב דאָס שטיקעלע לעבען —
ביי מיר איז דאָס לעבען שווארץ ווי די ערד...

זעלטען־זעלטען האַפּט זיך אַרויס ביי איהם אַ געוויין: „עס זינגט זיך ניט, עס זינגט זיך ניט!"... פּערקעהרט, ביי יעדען אומגליק, ביי יעדער צרה שלא תבוא, פערענטפערט ער דעם רבונו־של־עולם און זאָגט דעם געוויסען „גם זו לטובה":

איך בין קראַנק, איך שפּיי מיט בלוט,
אין בקור־חולים נעמט מען מיך ניט...
איך שטאַרב, איך געה־אויס, ווי אַ לעכט, —
שאַ! ברידער, גאָט איז גערעכט...

ער רעדט זיך אויס דאָס הארץ, אַז אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, איז געוועזן אַ סך — אַ סך ערגער, און ער טראָגט נישט קיין שנאה, קיין פּערדראָס אויף זיינע שונאים; אדרבה, ער וואָלט טרינקען מיט זיי „ברודערשאַפּט":

טהייערע מלכה,
געזונד זאָלסט דו זיין!
פאַר וועמען זאָל איך טרינקען
דעם דאָזיגען וויין? —
— — — — — — — —
איך וואָלט טרינקען פאַר מיינע שונאים,
נאָר זאָג זיי ניט אויס!
— — — — — — — —

וואַרשאַווסקי'ס העלד איז אַ גרויסער מאמין, און כאָטש די נאַכט איז לאַנג, כאָטש די נאַכט איז פינסטער, גלויבט ער פון דעסטוועגען, אַז אָט־אָט געהט־אויף די זון אין ציון; ער זעהט איהר שיין פון דער ווייטען, ער הערט הימעלשע געזאַנגען פון פייגעל, וואָס פליהען דאָ און דאָרט:

די הענד שוין אויפגעבונדען,
צעבראָכען ליגט די קייט...
דער גלות איז פערשוואונדען,
פערשוואונדען צער און לייד!...

וויבאַלד אזוי, איז ער דאָך גערעכט, אז ער זינגט:

וואָס זשע דאַרף מען, ברידער, אומעטיג זיין?
ס'איז איין עבירה, כלעבען, אַ גרויסע —
אַמעהר, טראָגט אריין איין עמער ווין,
לאָמיר מאַכען בעסער אַ כוסה! —
זיך מוטשען און זינגען ליעדער,
פּליעסקעט, פּליעסקעט, ברידער!...

וואָס נאָך פאַר אַ סוד ליגט אין וואַרשאַווסקי'ס ליעדער? — וואָס זיי זענען פּראָסט און עכט אידיש, נישט גע'מלאָכה'ט — און דאָס איז אמת'ע פּאָעזיע. וועמען פון אונז איז נישט בעקאַנט דאָס בילד פון'ם אידישען חדר:

אויפ'ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לעהרענט קליינע קינדערלעך
דעם אַלף-בית...

אָדער ווי געפעלען אייך, אשטייגער, „שרה און רבקה", די צוויי שוועסטער פון „ראַחמעסטריווקע"? און דאָס בריוועל פון אמעריקא, וואָס אַ זוהן שרייבט צו זיין מאַמע און גיט איהר אָפּ אַ גרוס פון יעדען בעזונדער: פון לאה'ניון און פון דבורה'לען, וואָס ווייזט מיט'ן גרויסען פינגער אויף דער באָבעניו'ס פּאָטרעט:

און מיין שענער יונג מיין סאָני
אַרבייט, גאָלדענע האָט ער הענט!
משה'לע זאָגט שוין „מודה אני",
רחל'ען וואָלסט דו ניט דערקענט...

אַט אַזוי זינגען זיך אידישע, באמת אידישע פאָלקסליעדער! אויך די שפּראַך פון וואַרשאַווסקי׳ס ליעדער איז די אמת׳ע פאָלקס־שפּראַך, אַ פּראָסטע אידישע קאָפּאָטע, נישט געקינצעלט, נישט פערדייטשערט. פּונקט אַזוי ווי מע רעדט ביי אונז אין אונזער געגענד.* איך בין רעכט איבערצייגט, אַז עס וועט גאָר נישט לאַנג געדויערען און וואַרשאַווסקי׳ס „אידישע פאָלקסליעדער" וועלען ווערען ביי אונז באמת פאָלקסליעדער, וואָס מע וועט זיי קאָנען הערען זינגען אומעדום, אין יעדער אידישער שטוב, דאָרט וואו מע הערט נאָך אַמאָל אַ אידיש וואָרט, דאָרט וואו מע שעמט זיך נישט מיט אונזער אָרעמער אידישער פאָלקסשפּראַך, וואָס מע רופט זי „זשאַרגאָן"...

אויגוסט 1900, קיעוו.

---

* מיר בעטען ביי די, וואָס די אויסשפּראַך איז ביי זיי אַ ליטווישע, זיי זאָלען מוחל זיין וואַרשאַווסקי׳ן די גראַמען: „וואונדער — קינדער, מוטער — ביטער, בלוט — ניט, צו — פריה, זיס — פוס", וכדומה אַזעלכע פערזען, וואָס פאַר׳ן ליטווישען לעזער קומען זיי אויס פּריקרע. דערפאַר זענען מיר מוחל די ליטווישע שרייבער זייערע גראַמען: „שונאים — פּנים", ווייל „פּנים" לייענט זיך ביי זיי ווי ביי אונז „שונאים", אָדער די גראַמען: „אויף — גיף", ווייל „אויף" לייענט זיך ביי זיי „עף" און „גיף" — „געף"... אויף די מאָס פון די פערזען איז ביי וואַרשאַווסקי׳ן נישט אויסגעהאַלטען אומעדום גלייך, ווייל ער געהט מיט דעם גאַנג, אַז אין ליעדער איז נישט די מאָס דער עיקר: ער בויעט זיינע ליעדער אויף דער אַרט, ווי עס האָט געשריבען גאָלדפאַדען, וועלכען ער שעצט גאַנץ הויך אַלס פאָלקסדיכטער און האַלט זיין שרייבען פאַר אַ מוסטער ביי׳ם צונויפלעגען פאָלקסליעדער אין זשאַרגאָן.

ב.

# די געשיכטע פון װאַרשאַװסקי'ס לידער.

(צו דער צװייטער אויפלאַגע).

דאָס איז געװען מיט א יאָהר פיערצעהן־פופצעהן צוריק. אין א געשפּרעך מיט א געשװאױרענעם אדװאָקאט אין קיעװ (מ. מ—ר) דערצעהלט מיר דער דאָזיגער אדװאָקאט א מעשה, אז יענע װאָך איז ער געפאָהרען מיט זיינעם א קאָלעגא, אויך א געשװאױרענער אדװאָקאט, מ. מ. װאַרשאַװסקי, פון קיעװ קיין װאַסילקאָװ אין געריכט אריין, האָט איהם אָט דער װאַרשאַװסקי דעם גאַנצען װעג געזונגען אידישע לידעלעך אין „זשארגאָן", נאָר אזעלכע, װאָס צעגעהען זיך ממש אין אלע איברים. בעזונדער איז איהם פערבליבען אין טעם א לידעל, װאָס הויבט זיך אָן מיט די װערטער:

„אוי, מאַכט חאַנצי בולקעס!
אוי, באַקט זי בייגעל!"...

— װעמעג'ס לידלעך זענען דאָס? װאו קריגט מען זיי און װאו זענען זיי געדרוקט?

— זיינע אייגענע לידלעך, אין ערגיץ ניט געדרוקט. ער אליין מאַכט די לידער, ער אליין בעשאַפט די מוזיק צו זיי און ער אליין זינגט זיי — אלסדינג אליין.

— סטייטש, װאָס־זשע שװייגט איהר? גיט איהם אהערצוצו, אָט דעם פויגעל!

און ס'איז געבליבען, אז אין א פרייען טאָג ברענגט ער מיר איהם צו פיהרען.

דער נאָמען וואַרשאַווסקי איז מיר געווען בעקאַנט פון לאַנג אין קיעוו. דאָס איז געווען אַ געשוואוירענער אַדוואָקאַט, אַ טיפּ פון יענעם מין געשוואוירענע אַדוואָקאַטען, וואָס האַפּען ניט קיין שטערען, קנאַקען ניט, לאָזען זיך ניט הערען אויף דער וועלט, זיצען זיך שטיל אין זייער קאַבינעט, קוקען לאַנג־לאַנג אַרום אויף אַ קליענט, נאָר אַז דער קליענט איז געקומען, איז ער שוין זיכער, אַז ער האָט געטראָפען ניט צו קיין אַדוואָקאַט, וואָס קוקט איהם אין דער האַנד אַריין און שאַצט איהם די קעשענע, נאָר צו אַ פריינד, צו אַ ברודער, וואָס וועט איהם אויסהערען ווי אַ פריינד און בעהאַנדלען ווי אַ ברודער.

פערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע מענשען פלאָגען זיך זייער גאַנץ לעבען, פיהרען אַ ביטערע מלחמה, קומען קוים־קוים אויס מיט׳ן שטיקעל ברויט און ווערען געעלטערט פאַר דער צייט.

אויף וואַרשאַווסקי׳ן איז דאָס אָבער געווען שווער צו דער־קענען. דאָס איז געווען אַ פאַרשוין אַ לעבעדיגער, איין אמת׳ער כתריליק — איין אָרעמס און אַ פריילכס, און צווישען חברה געשוואוירענע אַדוואָקאַטען — די נשמה. קיין אָבענד, קיין יום־טוב, קיין קערמעשעל איז זיך ניט בעגאַנגען אָהן מאַרק מאַרקאָ־וויטשען. וואָרום מאַרק מאַרקאָוויטש וואַרשאַווסקי האָט געהאַט אַ בעזונדערען טאַלאַנט אויף צו פריילין מאַכען דעם עולם מיט זיינע אויסגעצייכענטע הומאָריסטישע עקספּראָמטען אין ריימען, וואָס ער האָט אייך געקאָנט, ווען איהר ווילט, צוטראַכטען צו יעדען אייגציגען נאָמען, און מיט דער בעסטער כאַראַקטעריסטיק אָפּשילדערען אייך אַ מענשען אין דריי־פיער ווערטער.

קופּערניק מיט זיינע גלענצענדע רעדעס און וואַרשאַווסקי מיט זיינע עקספּראָמטען־קופּלעטען האָבען גע׳שמ׳ט אין שטאָדט, און ביידע זענען געווען געליעבט אין אַלע אינטעליגענטישע קרייזען פון קיעווער ראַיאָן. נאָר אַז דער זעלביגער וואַרשאַווסקי קאָן אויך אידישע ליעדלעך מאַכען אין „זשאַרגאָן“ — דאָס איז מיר

אפילו אויף די געדאַנקען נישט געקומען. מע קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלען, מיט וואָס פאַר אַ נייגיעריגקייט איך האָב אַרויסגע־קוקט אויף וואַרשאַווסקי'ן מיט זיינע לידלעך.

די עטליכע טעג זענען אַריבער — מע האָט מיר געבראַכט דעם פּוינעל.

אַ מענש פון אַריבער פופציג, קורצען וואוקס מיט קורצזיכ־טיגע, נאָר שמייכלענדיגע און אַ סך רעדענדיגע אויגען, גוט געפּאַקט, איין אָפּגעטראָגען רעקעל מיט אַ ביסעל אויסגעריבענע עלענ־בויגענס, איין אַלטגעזעסענער שניפּס, אַ גיך גענגעל, אַ שען קול און אַ שטאַרק הילכיגער געלעכטער — אָט דאָס איז וואַרשאַווסקי'ס פּאָרטרעט.

דער גאַסט האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען, זיך אוועק־געזעצט צום פּאָרטעפּיאַן און גענומען זינגען און זיך אַליין אַקאָמ־פּאַנירען זיינע שענע לידער מיט אַזוי פיעל הומאָר און געפיהל און מיט אַזאַ שענער, האַרציגער שטימע, אַז איך האָב איהם פּשוט אַרומגעחאַפּט קושען:

— גזלן! פאַר וואָס לאָזט איהר נים אָפּדרוקען די דאָזיגע לידער? ווען איך זאָל נים וויסען, אַז דאָס זענען אייערע אייגענע, וואָלט איך געמעגט שווערען, אַז איך האָב זיי אַמאָל געהערט זינגען פון מיין מאַמען!

אַזוי פיעל פאָלקסטהימליכקייט האָט זיך געפונען אין די ווער־טער און אַזוי פיעל פּראַסטקייט אין זייערע מעלאָדיעס!

דער געדאַנק פון לאָזען דרוקען די לידער איז אָבער געווען פון וואַרשאַווסקי'ן אַזוי וויים, אַז ער האָט גאָרנים געוואָלט הערען דערפון. און דערצו האָט ער זיך מיר מודה געווען, אַז חאָטש ער האָט אַמאָל געשטודירט אין דער ראַבינער־שולע (אין זשיטאָמיר), האָט ער אידישקייט געלערענט אַזוי ווייניג און פערגעסען אַזוי

פיעל, אז ס׳איז איהם שווער אפילו אנצושרייבען זיינע ליעדער אויף פאפיער.

קענען דעם האט זיך אבער געפונען א מיטעל — און מיר האבען איהם גענומען אטאקירען פון אלע זייטען אזוי לאנג, ביז מע האט ביי איהם גע׳פועל׳ט, ער זאל מיר דיקטירען דעם טעקסט, און פאר א מוזיקער — די נאטען, און דער ערשטער באנד ווארשאווסקי׳ס ליעדער איז למזל צונויפגעשטעלט געווארען, און מע האט זיך גענומען זיי ארויסגעבען על חשבון החברה פון קיעוו.

יענע צייט איז געווען די צייט פון „ציוניזם“: ציוניסטישע אבענדען, פערזאמלונגען און דיסקוסיעס. און אזוי ווי די פערזאמלונגען זענען בעשטאנען פון סאמע הייסע דעבאטען און טרוקענע — אפטמאל אביסעל צו טרוקענע — רעדעס, האט מען זיך שטארק גענויטיגט אין א פערבייסעכטס, אין א מין קאמפאט — „פאור לא באן באוש“, ווי דער פראנצויז דריקט זיך אויס.

דער דאזיגער קאמפאט איז געווען די ערשטע צייט שלום־עליכם׳ס „מעשיות“, און דערנאך איז צוגעקומען אויך ווארשאווסקי׳ס ליעדער.

ס׳איז כמעט ניט אוועקגעגאנגען איין אבענד, איין ציוניסטישע פערזאמלונג, מע זאל אונז ניט שלעפען פון „קרעשטשאטיק“ אויף „פאדאל“ און פון „פאדאל“ אויף „קרעשטשאטיק“. איך האב געמוזט עפּיס פארלייענען, און ווארשאווסקי האט געמוזט עפּיס זינגען — און ניט „עפּיס“ זינגען, נאר טאקי א סך זינגען! אלסדינג, וויפיעל ער האט פערמאגט, האט ער געמוזט אויסזינגען, גאר אהן א שום תירוץ, — חאטש נישט מיין לייענען, נישט ווארשאווסקי׳ס געזאנג האבען זיך אנגעקעהרט מיט׳ן ציוניזם. ס׳איז שוין אבער געווארען אזא רגילות — פערפאלען! אנגערעדט זיך ווי די פויקען און אנגעגעסען זיך מיט דעבאטען, האט מען אוועקגעשטעלט א טישעל, צונויפגערוקט די בענקלעך, אוועקגעזעצט שלום־עליכמ׳ען אויבענאן, און די ערנסטע פער׳עסק׳טע פנימ׳ער

האָבען שוין בעצייטענס, אויף קרעדיט, געשענקט א שמייכעל, און ס'איז ארוים אויף דער סצענע כתרילעווקע, און דער עולם האָט זיך געפיהלט גאַנץ יום־טוב'דיג.

נאָר דער אמת'ער יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבען ערשט דער־מאָלט, אז װאַרשאַװסקי האָט זיך אװעקגעזעצט ביי'ם ראָיאַל. באַלד נאָך די ערשטע צװיי־דריי לידער האָבען אָנגעהויבען פליהען בעשטעלונגען פון אַלע זייטען, װי פון געבעטענע בעלי־בתים אויף א חתונה:

— „טייערע מאַמע"!

— „א גוט מאָרגען, יענקעלע"!

— „תנחום דער טרובאַטש"!

— „די מיזינקע"! „די מיזינקע"!

— „שמחת־תורה"! „שמחת־תורה"!

און דער גוטער װאַרשאַװסקי, װאָס האָט ניט געװאוסט װאָס הייסט אָפּזאָגען, אז יענער װיל, האָט אויסגעהערט אַלע בעלי־בתים און מיט פערגעניגען געגעבען יעדען בעל־הבית, װאָס ער פערלאַנגט, נעבאָך גוט געשװיצט, גלייך װי מע װאָלט איהם גע־צאָהלט דערפאַר מי יודע װיפיעל!

נישט איין מאָל, געהענדיג פון די אסיפות ביינאַכט צו־פוס (אויף צו בעשטעלען פאַר די אומזיסטע „ארטיסטען" א פאַיעטאָן — דערװייל איז קיינער ניט געפאַלען), האָט ער מיר מיט זיין הילכיגען גוטמוטהיגען געלעכטער איבערגעגעבען און בעװיזען, אז דאָס העמד איז אויף איהם „פיטש־נאַס".

— חאָטש אויסצודרעהען, א רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין, חא־חא־חא!

נאָר אָט איז געקומען די צייט, ער זאָל שוין אמאָל דערלעבען נחת אויך. עס איז ארוים מיט גאָט'ס הילף דער באַנד מיט לידער (לערך מיט א יאָהר צעהן צוריק), געדרוקט אין קיעװ

בהשתדלות פון פריינד און ציוניסטען. און מחמת די ליעדער זענען שוין געווען בעקאנט פון א סך פריהער, האט מען די ערשטע טויזענד ביכלעך צעהאפט ווי מצה־וואסער, נישט איבערגעלאזט אפילו אויף א רפואה.

מאהלט אייך, קיין גרויסע גליקען האט דער מחבר ביי דעם געשעפט נים געקאנט מאכען. ער איז געווען גליקליך, וואס זיינע פריינד האבען געדעקט די קאסטען. א בעלן אויף ארויסצוגעבען די צווייטע אויפלאגע האט זיך עפּיס ניט געפונען. א קונה, וואס זאל בעצאהלען דערפאר דעם „מחבר" עטליכע הונדערטער במזומן — אודאי נים (פאר זשארגאנישע ליעדלעך מזומן געלד?). אליין ארויסגעבען דאס ביכעל — האט ווארשאווסקי נים פערמאגט קיינמאל אזא גרויסען קאפּיטאל. סיידען מיט דער צייט, אז דער אויבערשטער וועט רחמנות האבען?... גאט, אז ער וויל, קאן ער!...

דערפאר האט ער אבער געהאט כבוד — א יובילייּ!

איך מאך נים קיין שפאס: מיר האבען איהם געפּראוועט א יובילייּ.

אזוי האט דאס טאקי געהייסען: „דער אנדערהאלבען־יאהריגער יובל פון ווארשאווסקי'ס ליעדער".

דאס האט בעדארפט הייסען: אזוי ווי אנדערהאלבען יאהר האבען זיך ווארשאווסקי'ס ליעדער בהשתדלות פון פריינד און ציוניסטען געדרוקט און זענען מיט גאט'ס הילף אין א גוטער שעה ארויס פון דרוק — איז א גוט יום־טוב אייך, אידען!

דעם יובל האט מען „געפייערט" טאקי ביי מיר אין שטוב. פורים איז דאס געווען (אויב איך האב קיין טעות נים), נאך דער סעודה.

א יום־טוב איז דאס געווען דוקא א פריילינער, מיט טאסטען און מיט רעדעס.

סאמע אין מיטען יום־טוב האבען זיך ארייגעריסען א בינטעל קיעווער סטודענטען, יונגע לייט ווארעמע, היציגע, אידיש בלוט,

און מע האָט געמאַכט אַ כּוסה, און מע האָט געהױבען אַ טאָסט, און מע האָט גערעדט אַ רעדעניש, און מע האָט געלױבט דעם מחבר אין טאָג אַרײַן, געבענשט איהם מיט'ן נאָמען: „דער אידי־שער בעראַנזשע“, און מע האָט געהאַפּט אַ רקוד'על מיט'ן בעל־היובל און מיט'ן בעל־הבית, און מע האָט געטאַנצט און מע האָט געזונגען — חי־געלעבט!

װי נאָר ס'איז אױספּערקױפט געװאָרען דאָס ביכעל, איז דער נאָמען פון װאַרשאַװסקי'ס ליעדער גיך געװאָרען מפורסם נישט נאָר אין קיעװ און אַרום קיעװ, נאָר װײַט־װײַט איבער'ן גאַנצען לאַנד איז כּמעט נישט געװען די אידישע שטוב, װאו מע זאָל ניט װיסען צו זינגען דעם „אלף־בית“. און דער קול, אַז דער פערפאַסער אַלײן זינגט זײַנע ליעדער פאַר'ן עולם אין קיעװ, האָט דערגרײכט אױך אין אַנדערע שטעדט, און מיר האָבען בײדע אָנגעהױבען בעקומען זעהר פרײַנדליכע אײַנלאַדונגען פון אַ סך גרױסע און קלײנע שטעדט, מיר זאָלען קומען לוסטיג מאַכען דעם עולם — איך מיט מײַנע „מעשיות“, װאַרשאַװסקי מיט זײַנע „ליעדלעך“... אַז דאָס לעבען איז ליעב, איז די װעלט הפקר!

דאָס איז געװען די גליקליכסטע צײַט, קאָן מען זאָגען, דער כּמעט פריהלינג פון װאַרשאַװסקי'ס לעבען. איך געדענק אַזױ װי הײַנט דעם חשבון, װאָס ער האָט מיר געמאַכט פון אונזער ער־שטען טורנע איבער'ן לאַנד.

— צו למ"ד אלפים! — האָט ער מיר געזאָגט מיט זײַן הילכיגען געלעכטער. — צו למ"ד אלפים דאַרף אונז איבערבלײַבען רײַנע, אַ רוח אין זײער פאָטער און מוטער אַרײַן!

— און דערנאָך װעלען מיר אַריבערשװימען דעם ים — האָט ער גענומען פאַנטאַזירען װײַטער — און מאַכען אַ רײַזע איבער אַמעריקאַ, און דאָרטען װעלען מיר איבערקעהרען די װעלט!...

נאָר דער װעלט איז, אַפּנים, בעשערט געװען, זי זאָל ניט איבערגעקעהרט װערען. װאָרום פון אונזער גאַנצער נסיעה און

נאָך אַלע איינלאַדונגען זענען מיר דערוויילע געווען נאָר אין צוויי סאַמע נאָהענטע שטעדט: אין ביעלאַצערקאָוו און באַרדיטשעוו. — און וועה־וועה, וואָס ס'האָט זיך געטהאָן! עס האָבען געשוויצט די ווענד! עס האָט געקאָפּעט פון דער סטעליע! אַ דערשטיקעניש!

אמת, צו למ"ד אלפים איז נאָך געווען געווען געוויס ("למד" איז געווען, נאָר די "אלפים" האָבען געפעהלט). מיר האָבען אָבער געהאַט פאַר זיך אַ גאַנצע וועלט. שוין געווען צוגעגרייט פאַר אונז איין אָבענד אין יעקאַטערינאָסלאַוו, און פון דאָרטען האָבען מיר בעדאַרפט פערפאָהרען קיין אדעס, און ווייטער, און נאָך ווייטער. האָט זיך גאָט אריינגעמישט און ס'האָט זיך געטראָפען אַ מעשה:

געקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָב איך געפונען אַ דעפּעש בסך־הכל פון דריי ווערטער:

"וואַרשאַווסקי געפעהרליך קראַנק"...

און ווען טרעפט זיך אַזאַ זאַך? ווען איהר האָרכען, ס'איז כדאי צו וויסען.

כל ימיו האָט זיך וואַרשאַווסקי נעבאַך געראַנגעלט מיט'ן דלות, ווי איין אמת'ער העלד, חלילה ניט אַרויסבעוויזען קיינעם, אַז ער און זיין פאַמיליע (אַ ווייב און אַ טאָכטער) ליידען נויט. נאָר גראָד אויף דער עלטער, שוין צו עטליכע און פופציג יאָהר, געפעלט עפּיס איין אייזען־קאָמפּאַניע פון דאָנער באַססיין, חלילה ניט קיין אידען, נאָר בעלגיער, כריסטען, מע זאָל אַראָפּברענגען צו זיך אין דער קאַנטאָר, אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, אַלס פּראַקוריסט, איין אָנשטענדיגען, איין אָרענטליכען יוריסט פון קיעוו, ער מעג זיין אַ איד. און וואו קאָן מען קריגען אַ מעהר אָנשטענדיגען און מעהר אָרענטליכען מאַן, ווי מ. מ. וואַרשאַווסקי?

און אָט אַזוי איז אונזער וואַרשאַווסקי פּלוצים מיט אַ מאָל נתגדל געוואָרען, בעקומען אַ שטעלע פון שענע עטליכע טויזענד

רובעל א יאָהר געהאַלט, מיט א דירה, מיט אַלעם גרייטען, מיט א פאַיעטאָן און מיט פערד — אז מע שמועסט פון כל טוב!

וואָס טהוט גאָט? זאָגט ער, אז אָנשטענדיגע און עהרליכע לייט דאַרף ער אליין האָבען. און וואַרשאַווסקי לעגט זיך אוועק, מוטשעט זיך פריהער אַפּ העכער א יאָהר אין אונמענשליכע ליידען — און דער אידישער בעראַנזשע שטאַרבט אוועק עלענד און פערגעסען פון דער גאַנצער וועלט און לאָזט איבער א פאַמיליע אָהן שום מיטלען צום לעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

וואַרשאַווסקי איז געשטאָרבען, און זיינע לידער האָבען אָנגעהויבען ווערען וואָס ווייטער אַלץ מעהר פּאָפּולער אין'ם אידישען פאָלק, ביי אונז, אין דער „טשערטא“, און אויך ווייט־ווייט, הינטער דער „טשערטא“. נישט נאָר ביי אונז, נאָר אין אויסלאַנד, אין אַמעריקא און נאָך ווייטער פון אַמריקא אויך.

אויף אַלע אידישע קאָנצערטען טרעטען־ארויס קינסטלער, וואָס זינגען אויסגעצייכענט וואַרשאַווסקי'ס לידער, נאָר דער אַנטיק דערביי איז, וואָס ביי די לידער און אויף די אַפישען ווערד זעהר זעלטען (כמעט קיינמאָל ניט) דערמאָנט דער נאָמען וואַרשאַווסקי.

נאָך מעהר: נישט לאַנג איז מיינער א חבר, א אידישער שרייבער פון וואַרשא, געווען אין אדעס אויף א אידישען קאָנצערט און איז נתפעל געוואָרען, ווי אזוי איי ארטיסטין האָט געזונגען א אידיש „פאָלקסליעד“:

שטאַרקער! שטאַרקער!
רייסט די סטרונעס, רייסט אויף צוויי —
די מיזינקע אויסגעגעבען!“

ביי דעם אידישען שרייבער איז וואַרשאַווסקי'ס ליעד א „פאָלקסליעד“. און דער נאָמען וואַרשאַווסקי איז ניט דערמאָנט ביי איהם!

ווער ווייסט? אפשר איז דאָס א מעלה? אפשר איז דאָס א אידעאַל, וואָס יעדער פּערפאַסער מעג זיך ווינשען אזא פּאָפּולאַ־ריטעט צו דערגרייכען?

מע זאָגט, אז דאָס ליעד „לאַרעליי“, וואָס אַלע קענען, ווייסען ניט אַלע, אז דער מחבר פון דעם איז היינע.

דער נאָמען פון יענעם פראַנצויז, וואָס האָט בעשאַפען די „מאַרסעליעזא“, ווייסט אודאי איינער פון טויזענד, אָדער פון צעהנטויזענד, אז ער איז רוזשע דע־ליל.

אָדער א סך ציוניסטען ווייסען נפתלי הערץ אימבער, דעם, וואָס האָט געמאַכט דעם „עוד לא אבדה תקותנו“?

בעת איך האָב געשריבען מיין הקדמה צו דער ערשטער אויפ־לאַגע פון וואַרשאַווסקי'ס ליעדער, האָט זיך מיר פערוואָלט זאָגען נביאות, אז ס'וועט ניט נעמען קיין סך צייט און וואַרשאַווסקי'ס ליעדער וועלען ווערען עכטע פאָלקס־מאָטיווען, געזונגען פון פאָלק בכל תפוצות ישראל.

איך האָב ניט געוואוסט, אז מיין נביאות וועט גרייכען אזוי ווייט, אז די דאָזיגע ליעדער וועלען ווערען אזוי פאָלקסטהימליך, אז זיי וועלען טאַקי קענען אַלע, לאַנג־לאַנג, כל זמן עס וועט גע־זונגען ווערען א אידיש ליעד, נאָר דעם פערפאַסער וועלען ניט אַלע קענען, און דער נאָמען וואַרשאַווסקי וועט פערגעסען ווערען, גלייך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט קיין וואַרשאַווסקי ניט געוועזען...

נערווי, 20טען פעברואַר, 1914.

# אַ וואָך מיט י. ל. פּרץ

פאַראַיאָהרען פּסח איז דאָס געוועזען.

נאָך אַ שווערער שלאַפקייט און נאָך אַ לאַנגער קוראַציע אין די וואַרעמע לענדער, בין איך געקומען קיין וואַרשא. אַ סך פריינד און גוטע פריינד האָבען מיך אָפּגעוואַרט אויפ'ן באַהנהויף, און צווישען אַלע פּרץ און דינעזאָהן.

ווער עס האָט געקענט פּרצ'ען, האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלען פּרצ'ען אָהן דינעזאָהנ'ען. אַ ריהרענדע חבר'שאַפט! אַ מאָדנע ליעבשאַפט! און ניט פון נעכטען איז דאָס געווען, און ניט פון פאַראַיאָהרען. נאָך מיט אַכט און צוואַנציג יאָהר צוריק, אַז איך האָב געהאַלטען ביי אַרויסגעבען מיין ערשטעס יאָהרבוך „די אידישע פאָלקסביבליאָטהעק" און פּרץ האָט מיר צוגעשיקט קיין קיעוו זיין באַלאַדע „מאָניש", איז תיכף נאָך פּרצ'עס בריעף אָנגעלאָפען אַ בריוועל פון וואַרשא, פון דינעזאָהן, וואו ער פרעגט זיך נאָך אויף דעם „אויפגעהענדען שטערן", און אַז איך האָב איהם געענטפערט, אַז איך בין פון דער באַלאַדע ענטציקט און אַז דער אויטאָר שיינט צו זיין אַ גרויסער טאַלאַנט, איז קיין מעהר גליקליכער פון דעם דינעזאָהן אויף דער וועלט ניט געווען. ער, דינעזאָהן, ניט פּרץ, האָט מיר שוין צוגעשיקט נאָכדעם אַ גאַנצע „טעטראַד" מיט קליינע ערצעהלונגען פון י. ל. פּרץ, פון וועלכע ס'איז גרינג געווען אויסצוקליבען און אָפּצודרוקען אַזעלכע זאַכען, ווי דער „חעלעמער מלמד", „וועגוס און שולמית" און דעסגלייכען. פון דעמאָלט אָן און ווייטער איז אַלץ, וואָס פּרץ האָט אַרויסגע־וואָרפען (איך וועל שפּעטער זאָגען פאַר וואָס איך בענוץ דאָס וואָרט „אַרויסגעוואָרפען"), איז דאָס געגאַנגען דורך דינעזאָהנ'ס הענד.

אַז דינעזאָהן איז געווען זיין ביזנעס־סעקרעטער, ווי עס הייסט ביי אייך, אָדער פינאַנץ־מיניסטער, ווי מיר האָבען איהם, בדרך

ליצנות, נערופען — פון דעם איז אפּגערעדט, וואָרום אין געלד־זאַכען איז פּרץ געווען, לויט דינעזאָהנ׳ס אָפּשאַצונג, ערגער פון אַ קינד, אַ קינד, וואָס דאַרף האָבען אַ מאַמע. און אין דינעזאָהנ׳ען האָט פּרץ געפונען אַ מאַמע, אַ געטרייע, איבערגעגעבענע מאַמע, וואָס איז גרייט געווען זיך מוסר־נפש זיין פאַר איהם אַלע מינוט. און גאָט זאָל אייך היטען זאָגען אַ שלעכט וואָרט וועגען פּרץ׳ען אין דינעזאָהנ׳ס נעגענוואָרט! און ניט נאָר זאָגען — טראַכטען שלעכטס וועגען פּרץ׳ען האָט שוין געהייסען אַ בעלעדיגונג, אַ פערשוועכונג. די וואַרשאַווער לצים אפילו האָבען זיך געוויצעלט איבער דעם, און דינעזאָהן האָט געוואוסט, אַז לצים וויצלען זיך, און האָט זיך געמאַכט דערפון: „דערויף זענען זיי לצים, זיי זאָלען זיך וויצלען“. ער האָט געטהאָן זיין זאַך באמונה, נישט געלאָזט קיין שטויב זאָל אויף איהם פאַלען. און טאָמער האָט ער געזעהען ביי עמיצען אַ שענס, און טאָמער האָט איהר איהם דערצעהלט עפּיס אַ גוטע זאַך, האָט ער זיך באַלד דערמאַנט, אַז ביי פּרץ׳ען איז אַ סך בעסער. עס איז דערגאַנגען אַזוי וויים, אַז בשעת פּרץ איז פערגאַנגען מיט אַ נייער זאַך, האָט מען דאָס געקאָנט ארויסזעהן אויף דינעזאָהנ׳ס פּנים, און אַז פּרץ האָט די נייע זאַך אָנגעשריבען, האָט דינעזאָהנ׳ס פּנים געשיינט ווי די זון.

די בעסטע אילוסטראַציע דערצו איז אַ בריעף פון פאַר־צוויי יאָהרען. די ערשטע העלפט איז פון י. ל. פּרץ, די אַנדערע העלפט פון יעקב דינעזאָהן, וואָס קוועלט אָן פון זיין ליעבען, טייערען פּרץ, און, ווי אַ פערליעבטע מוטער, האָט ער איבערגעצעהלט אפילו די שורות — גאַנצע זעכס שורות מיט אַ האַלבע — „אַ גבורה פון אַ אידען!“...

אָט האָט איהר דעם בריעף:

„12—1, 1913.

„ליעבער, ליעבער שלום־עליכם,

איך בין בטבע אַ פיינד פון בריעף־שרייבען. אָבער דיין צושריפט צו דינעזאָהנ׳ס בריעף האָט מיך שרעקליך געריהרט. וואָס

זאָל איך דיר אָבער שרייבען? איך לעז אַלץ וואָס דו שרייבסט, אפילו וועגען אונזער בעקאַנטען פ... איך לעז און בעוואונדער... און וואָלט זעהר געוואָלט, דו זאָלסט געזונד ווערען. זיי געזונד!
דיין, י. ל. פּרץ".

„וואָס זאָגט איהר, אפשר ניט א גבורה פון א אידען? גאַנצע זעכס א האַלב שורות אויפשרייבען, שוין מיט דער אונטערשריפט! און גלויבט מיר, ליעבער שלום עליכם, ווער עס קען פּרצ'ען ווייסט, אז דאָס איז באמת זיך אָנגעטהאָן א כח פון זיין זייט. געדענקט זשע, זעהט וואָס גיכער פּאַלקאָם געזונד צו ווערען. האָפּט און ווילט אין גיכען צו אונז אין ווארשא צו קומען. עס האַלט ביי'ם געבוירען ווערען ביי מיר א פּלאַן. מיר, דאָס איז טייטש: איהר, פּרץ און איך, זאָלען מיר פאָהרען קיין ארץ-ישראל, א קוק טהון, א טראַכט טהון און א דערצעהל טהון פון דאָרט אַלץ, וואָס מיר וועלען מיט אונזערע אויגען דאָרט זעהען בחוש און מיט'ן הארצען דורכפיהלען, טרעטענדיג אויף די ערד, פון וועלכער מיר שטאַמען, אין וועלכער עס זענען בעהאַלטען אַלע אונזערע גייסטיגע וואָרצלען, און צו וועלכער אונזערע תפילות און האָפנונגען זענען געווענדעט.

איך בעט אייך, ווערט באַלד געזונד! חוץ אַלץ וויל איך גלאַט אזוי אויך ניט, איהר זאָלט קראַנק זיין — טאָ זייט-זשע בעסער געזונד, חאָטש מיר און פּרצ'ען צוליעב. אונז טהוט וועה, אז איהר שרייט נעבאך פון יסורים. אונז קלעהמט דאָס הארץ, אז מיר דערמאַנען זיך, ווי איהר פיהלט אייך אצינד, דעריבער ווילען מיר, דעריבער בעטען מיר אייך, טהוט אונז צוליעב און ווערט טאַקי באַלד באמת געזונד און שטאַרק.

דאָס הארץ אונזערס בעט אויך גאָט א רפואה שלמה פאַר אייך, פאַר אייער פרוי און ליעבע טהייערע קינדער. צום גיכען זעהען זיך געזונדערהייט,

אייער י. דינעזאָהן."

ווי איהר זעהט פונ'ם בריעף, איז נאָר איין וואונש געווען ביי זייביידע — איך זאָל זיין געזונד. דאָס פאָהרען מיט זיי אין דרייען אין ארץ־ישראל — דאָס, דארף מען פערשטעהן, איז געווען מעהר ניט אַז אַ לעקאכעל, ווי מע זאָגט צו אַ קראַנק קינד. דער עיקר — איך זאָל געזונד ווערען — „חאָטש מיר און פּרצ'ען צוליעב"... און איך האָב זיי צוליעב געטהאָן — און בין געזונד געוואָרען און געקומען צו פאָהרען אויף די אַנדערע טעג פּסח קיין וואַרשאַ און אַריינגעפאַלען אין די ברייטע געזונדע אָרעמס פון דעם ריעז י. ל. פּרץ און אין די קליינע דאַרע הענטלעך פונ'ם קליינ־טשיקען גוטינקען אייביג־פערליעבטען יעקב דינעזאָהן — און מיט די צוויי האָבען מיר זיך שוין ניט געשיידט אַ וואָך כסדר. ווי אַרום אַ ציטעריג קינד, זענען זיי די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, געהיט, איך זאָל מיך, חס ושלום, ניט פערקיהלען. אַזוי ווייט, אַז אויפ'ן רעספּשאָן, וואָס דער „הזמיר" האָט מיר געגעבען (פּרץ איז געווען דער פּרעזידענט פון „הזמיר"), האָט פּרץ ניט געלאָזט מיך זיצען מעהר ווי עטליכע מינוט, חאָטש ער אַליין איז געווען דער רעדנער פון מיין כבוד וועגען, — און וועל־כער רעדנער וויל עס ניט, מע זאָל איהם הערען?... ס'איז אָבער געווען ענג און היים. „א ו ן ד ע ה א י ז ב י י א ו נ ז א צ י ט ע ר י ג ע ר, א י י ן א פּ ג ע ש ר י ג ע נ ע ר" — אַזוי האָט גע'טענה'ט פּרץ, אָנווייזענדיג אויף מיר מיט אמת'ער ליעב־שאַפט פון איין עלטערען ברודער.

איך שטרייך־אונטער די דאָזיגע ווערטער מיט אַ בעזונדער כונה, ווייל ווער עס האָט געקענט פּרצ'ען פּערזענליך, דער ווייסט, אַז ער איז געווען ווייט פון סענטימענטען, פּונקט דער היפּך פון זיין מאַמע דינעזאָהן, וועלכער איז אַ מאַמע צו אַלע שריפטשטעלער, צו די עלטערע ווי צו די אינגערע. פּרץ איז געווען צייטענווייז קאַלט ווי אייז, שטרענג ווי אַ רבי און שניידענד ווי אַ מעסער. „שטיוועל פּוצען!" — האָט ער געקאָנט געבען אַ שנייד־אָפּ אַ יונג אַ גראַמענמאַכער, וואָס איז געקומען צו איהם מיט אַ „בינטעל

פּאָעזיע״, אַזוי אַז יענער האָט נישט געוואוסט וואו אַ טהיר עפענט זיך. און צוריק, האָט ער אָנגעשמעקט, אַז ס׳איז דאָ אַ טאַלאַנט — האָט ער איהם אויפגעהויבען ביז צום הימעל און האָט אָנגעזאָגט דורך דינעזאָהנען אַ בשורה אין שטאָדט, אַז ס׳איז געבוירען געוואָרען ביי אידען אַ שעקספּיער, אַ ישעיה הנביא, אַ משיח! משיח!... איך מיין, אַז איך האָב קיין טעות ניט, אַז דאָס ערשטע ווערק, וואָס שלום אש האָט אָנגעשריבען, איז דורכגעגאַנגען פּערביי פּרץ׳עס אויגען, און אַז פּרץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזאָגט אויף שלום אש, אַז ער איז שלום אש...

דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט אַנדערע, מיט די יונגערע. און פערשטעהט זיך, אַז ער האָט אָפטמאָל געהאַט אַ מיאוס׳ען טעות אויך. נישט אַלע פּורים איז יום טוב, און נישט אַלע תמיד ווערד געבוירען אַ שלום אש. פּרץ האָט זיך אָבער ווינציג־וואָס געקימערט פון אַזעלכע זאַכען — אויסגעלאַכט זיך און פערגעסען. פּרץ איז בכלל געווען אַ נאַטור, וואָס האָט פיינט געהאַט קליינ־ליכקייטען. אַ ברייט ווארעם האַרץ, אַ קאָלאָסאַלער קאָפּ, אַ מענש אַ ריעז — אָט דאָס איז געווען דער איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט; און דער עיקר — אַ פּנים, מיט אויגען פון אַ תלמיד־חכם, טיעפע, בליצענדיגע, גרויסע אויגען, אַ ברייטער בליצענדיגער קוק און אַ מויל, וואָס פּערעלט, וואָס גערעדנקען, וואָס ברוייזען, זעצען ווי פון אַ קוואַל, און ווערטער אַזעלכע שענע און אַזעלכע געפליגעלטע, אַז ס׳איז נאָר געווען אַ וואונדער, פון וואַנען נעמען זיך צו אונזער אַזוי־גערופענער „אָרעמער שפּראַך״ אַזוי פיעל פיינע קיילעכיגע פּערעלדיגע ווערטער?

איך האָב געקענט פּרץ׳ען אַ סך מיט יאָהרען, נאָר איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן אַזוי פריש און בליהענד און גלענצענד, ווי פאַר־אַ־יאָהרען פּסח, אין דער וואָך, וואָס מיר האָבען פער־בראַכט אינאיינעם. גלייך ווי דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז דאָס איז אונזער לעצטע וואָך, האָט ער זיך צו מיר בעזונדערס צוגעלאָזט, גענומען אַ בעזונדערען אינטערעס אין מיר און אַנט־

פלעקט פאַר מיר זיין האַרץ, די קדשי־קדשים פון זיין נשמה, גע־רעדט פון נייע שאַפונגען... וואָס מיך האָט איבערראַשט — איז די גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער ער האָט אויסגעהערט מיין קריטיק איבער זיינע מיסטישע פּאָעמען אין דער לעצטער צייט. איך האָב איהם גאַנץ אויפריכטיג אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג וועגען דער „גאָלדענער קייט"; איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך וועל אַוועקגעבען צעהן „גאָלדענע קייטען" פאַר איין מעשה׳לע פון זיינע „פאָלקסטהימליכע געשיכטען". האָט ער זיך אויפגעהאַפּט מיט אַ געשמאַקען הילכיגען געלעכטער: „חאַ־חאַ־חאַ — דינעזאָהן זאָגט אויך דאָס איינענע!"

דאָס איז די „גאָלדענע קייט", וועלכע פּרץ האָט עטליכע מאָל איבערגעניצעוועט — גאָרנישט פּרצ׳עס טבע. פּרץ האָט פיינט געהאַט, ווי, למשל, דער זיידע מענדעלי, זאָל מאריך ימים זיין, אַז ער שרייבט־אָן אַ זאַך, צאַצקעט ער זיך מיט דעם, פיילט דאָס און פּוצט דאָס איבער עטליכע מאָל, איידער ער לאָזט דאָס אַרויס פון האַנד, און אַז ער לאָזט דאָס אַרויס, ציטערט ער איבער דעם, ווי איבער אַ טייער קינד, שפּיעגעלט זיך אין דעם, זוכט חסרונות, גלעט דאָס אויס נאָך אַ מאָל — אַזוי שאַפט דער זיידע מענדעלי און אַזוי שאַפען איינינגע פון זיינע אייניקלעך... נאָר ניט אַזוי האָט געשאַפען פּרץ. מיט איין אונגעהייערער שנעליגקייט, אבי ס׳איז איהם נאָר געקוממען דער רוח־הקודש, האָט ער אַרויסגעוואָרפען איין נאָוועלע נאָך דער אַנדערער, און צום ערשטען זענען זיי, פערשטעהט זיך, דורכגעלייענט געוואָרען פאַר יעקב דינעזאָהן, און יעקב דינעזאָהן האָט געפונען, אַז אַזעלכעס איז גאָך נישט דאָ געוועזען. דאָס האָט ער שוין פערשפּאָרט זאָגען. דאָס האָט מען שוין געקאָנט זעהן אין זיינע אויגען.

גאָרנישט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב מיך אַזוי וואָכעדיג אויסגעדריקט וועגען זיין ליעבלינג די „גאָלדענע קייט", האָט זיך פּרץ גאַנץ אָפענהערציג מודה געווען פאַר מיר, אַז ער האַלט, אַז דאָס איז די בעסטע פון אַלע זיינע שאַפונגען, און אַז ער וועט

דאָס, מיר און דינעזאָהנען אויף־צו־להכעיס, איבעראַרבייטען נאָך א מאָל, ביז עס וועט אַרויס אַ כּלי שלמה. און תּוך־כּדי־דבור איז ער אַריבערגעשפּרונגען אויף מיר און אויף מיינע אַרבייט מיט אַזוי פיעל וואַרעמקייט און אינטערעס, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט פון זיינע אייגענע אַרבייט, און מיט פריידּ גערעדט וועגען מיין ערפאָלג, גלייך ווי וועגען זיין אייגענעם ערפאָלג.

איך וויל דענקען, אַז דעם אייגענעם אינטערעס האָט פּרץ געהאַט אין אַנדערע שריפטשטעלער, וועלכע זענען געווען נאָהענט צו זיין האַרצען. און עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין, וואָרום אויב מיר, שריפטשטעלער, זענען אַ משפּחה, וואָס בעשטעהט פון טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, פאַר וואָס זאָלען מיר זיין ערגער פון אַלע אַנדערע משפּחות? וואו שטעהט עס, אַז מיר, שריפטשטעלער, בעדאַרפען זיין ענגהערציג, קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי אויף „קאָנקורענטען“ פון פערשיעדענע לאַגערען?...
אָט האָט איהר נאָך אַ בריעף פון פּרצ׳ען, פון וועלכען ס׳איז צו זעהן, ווי אַ שריפטשטעלער אינטערעסירט זיך מיט די ווערק פון אַ צווייטען און וויל, אַז יענעמ׳ס שריפטען זאָלען ערשיינען וואָס שענער (עס האָט זיך אונטערהאַנדעלט וועגען איין אויסגאַבע פון אַלע מיינע ווערק אין אילוסטראַציעס):

„ליעבער שלום־עליכם,

איך האָב געהערט, אַז איהר ווילט אַרויסגעבען אייערע זאַכען אילוסטרירט, און אַז מען פּראָפּייניערט אייך דעם יונגען קראַטקע צו דער אַרבייט. און אַזוי ווי איך וואָלט זעהר געוואָלט זעהן אייערע זאַכען אילוסטרירט און האָב דערביי אמונה אינ׳ם טאַלאַנט פון יונגען קראַטקע, על כּן שרייב איך אייך מיין דעה און עצה, אַז איהר זאָלט מיט קראַטקע ענדיגען.

אייער י. ל. פּרץ.“

מע דאַרף נישט פערגעסען, אַז פּרץ האָט צו יענער צייט אַליין געהאַט אַזעלכע צוועלף בענדער פון זיינע ווערק, און דאָך

האָט איהם געפּרעהט צו זעהן דעם ערפאָלג פון זיין חבר׳ס ווערק, און מיט׳ן גאַנצען הארצען געווינשט, אז דער ערפאָלג זאָל זיין נאָך בעסער, נאָר נישט מורא געהאט פאר קאָנקורענץ... „דיין ערפאָלג איז אונזער אַלעמענ׳ס שטאָלץ" — האָט ער צו מיר געזאָגט אין אַ מינוט פון השתפכות־הנפש. אין אזעלכע מינוטען האָט פּרץ ליעב געהאט, ווי איהר זעהט פון זיין ערשטען בריעף, אריבערצו־געהן פון „איהר" אויף „דו". דאָס זענען געווען די בעסטע מינוטען ביי פּרץ׳ען...

די וואָך פון פּסח איז אוועקגעגאנגען, ווי עס געהען אוועק אַלע וואָכען פון אַ גאַנץ יאָהר, און טאַקי ווידער אַ מאָל, ווי דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט, איז פּרץ נישט אָפּגעטראָטען פון מיר און צוזאמען מיט דינעזאָהנען האָבען מיר אויסגעמאָסטען ווארשא אין דער לענג און אין דער ברייט, זיך אינדרייען געפאָטאָגראפירט, גע׳חלומ׳ט פון אידיש טהעאטער, פון ליטעראטור, געבויעט פּלענער און לופט־שלעסער, ווי נאָר אין די יונגע יאָהרען — ווער האָט דעמאָלט געקאָנט זאָגען, אז דאָס וועט זיין ביי מיר די לעצטע וואָך מיט פּרץ׳ען?...

# וועגען פרישמאַן׳ס יובילעאום

מע זיצט זיך אין דעם שענעם פרייען שווייצערלאַנד, אונטער די בלויע הימלען, אויף די הויכע מיט שניי־בעדעקטע אַלפּענבערג, ווייט פון דער ליעבער היים, אָפּגעריסען פון אייגענע און פון היימישע, און מע הערט נישט אַ אידיש וואָרט. נאָר דער גוטער נאָט פערלאָזט נישט און גוטע מענשען פערגעסען נישט און שיקען צו צייטונגען פון גאָר דער וועלט און פון כל המינים; לייענט מען זיך אָן און מע הערט זיך אָן צרות פון דער היים, צרות צרורות אויף אידען, מיט גזירות רעות, מיט רדיפות, מיט אַנגסטען, מיט באָיקאָט, מיט געוויינען, וועלכע קיינער וויל ניט הערען, מיט טרערען, וועלכע קיינער וויל ניט זעהען — און פּלוצים לייען איך אַ נייעס: אַ יובילעאום! אין וואַרשאַ, ווי אויך אין אַנדערע שטעדט, קלויבט מען זיך צו פייערען אַ יובילעאום פון איינעם פון אונזערע גרעסטע און פון אונזערע בעסטע און פון אונזערע שענסטע — פון דוד פרישמאַן — און עס ווערד אויף אַ וויילע ליכטיג אין די אויגען, פריי אויף דער נשמה, גרינג אויפ׳ן הארצען.

און אָט פאַר וואָס: מיר זענען דאָך עפּיס אידען אויף דער וועלט, און אידען זענען דאָך עפּיס אַנדערש פון אַלע פעלקער. אַלסדינג, וואָס אַלע פעלקער האָבען, האָבען מיר, ברוך־השם, ניט. האָבען מיר נישט קיין באָדען, קאָנען מיר ניט שטעלען קיין דענקמאָלען אונזערע גדולים. נישטאָ וואו. האָבען מיר נישט קיין מעצענאַטען, קיין ליעבהאָבער מיט פולע קעשענים, קיין אייגענע נאָבעלס, קאָנען מיר נישט ארויסקוקען, אַז עמיצער פון אונזערע בעסטע זאָל בעעהרט ווערען אַמאָל מיט אַ בכבוד׳ען פרייז. האָבען

מיר נישט קיין אקאדעמיע פון אונשטערבליכע, קאָנען מיר נישט ערוואַרטען, אַז עמיצער זאָל ביי אונז פּרעטענדירען אויף אונ־שטערבליכקייט. דאָס איינציגע, וואָס ביי אונז איז נאָך דאָ, איז — אַ יובילעאום. אַ יובילעאום איז, להבדיל, אַ מפטיר. נישטאָ קיין אַנדערע כבודים פאַר אידען. נישטאָ קיין עמטליכע אויסצייכע־נישען, קיין אַרויפשטייגענישען, קיין אויפהויבענישען, קיין מע־דאַליען, קיין אייבלען — איז פערבליבען ביי אונז מפטיר אין שוהל, אָדער דער ערשטער פּסוק פון „אתה הראית", אָדער סנדקאַ אויף אַ ברית, און פאַר אונז אידישע שריפטשטעלער — אַ יובי־לעאום. עס קאָן זיין, אַז פילאָזאָפיש גענומען, אויפ'ן שטייגער פון קהלת, איז אַלסדינג בלאָטע שבבלאָטע, נאָר כל־זמן אַ מענש לעבט — און לעבט נישט צוליעב דעם, וואָס ער עסט און וועט נאָך עסען און עסען, — איז אונזער חוב, מיט וואָס מיר קאָנען און ווי ווייט מיר קאָנען, אַרויסבעווייזען אַזאַ מענשען, און דוקא ביי זיין לעבען, נישט נאָכ'ן טוידט, אַז מיר אָנערקענען, אַז ער האָט געלעבט ניט אומזיסט. און אַרויסבעווייזען קאָנען מיר עס נאָר — דורך אַ יובילעאום.

דאָס איז, וואָס ס'איז שייך צום יובילאַר אַליין. אַ יובילעאום האָט אָבער נאָך אַ בעדייטונג פאַר אונז גופא, אפשר נאָך מעהר ווי פאַר'ן בעל־היובל. איך רעד ניט פון חברים שריפטשטעלער (קנאת סופרים תרבה חכמה), איך רעד פון גרויסען פּובליקום. פונ'ם לעזער רעד איך. אַז מיר פייערען עמיצענ'ס אַ יובילעאום, עפענען מיר אויף זיין ספר־הזכרונות, פיהרען־אונטער אַ סך־הכל צו אַלס־דינג, וואָס ער האָט געטהאָן, גערעדט אָדער געשריבען, צעגליע־דערען עס און שאַצען עס אָפּ נאָך אונזער אויג און פערשטאַנד, און דערמיט בעקאָנען מיר אַ וועלט נישט נאָר מיט די ווערק פון דעם און דעם שריפטשטעלער אַליין, נאָר מיט זיין פיזיאָנאָמיע אַלס מענש און אַלס שרייבער, נישט וואַרטענדיג ביז ער וועט אַמאָל צומאַכען איין אויג און מיר וועלען זיך צעגיסען דערנאָך אין הספדים און געקראָכען, וועלכע זענען שטענדיג, פון זינט די

וועלט שטעהט, שטאַרק איבערטריבען, אַז פלוני בן פלוני איז געווען
אַזוינער און אַזוינער... אַט דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, די בעדיי־
טונג פון אַ יובילעאום. און אויב עמיצער פון אונזערע בעריהמטע
האָט פערדיענט אַ יובילעאום, האָט דאָס אַם מעהרסטען און אַם
כשר׳סטען פערדיענט — דוד פרישמאַן.

דוד פרישמאַן איז איין אָריגינעלע פערזענליכקייט אין אונזער
ליטעראַטור. אָריגינעל איז ער דערמיט, וואָס אומעדום און אַלע
מאָל, אין יעדער עפּאָכע, ווען ער האָט זיך בעוויזען, האָט ער זיך
בעוויזען מיט עפּיס אַזעלכעס, וואָס איז נייע און אייגענאַרטיג און
וואָס מאַכט אַ רושם און וואָס טראָגט אויף זיך, וואָלט איך זאָגען,
דאָס שטעמפּעל „פרישמאַן“. שוין דער ערשטער אַרויסטריט זיי־
נער אין דער העברעאישער ליטעראַטור, גאָר אין דער יוגענד, אַלס
קריטיקער מיט זיין „תהו ובהו“, איז געווען אַ דונער־קלאַפּ פאַר אַ
גאַנצען דור פון מחברים. דאָס איז ניט געווען קיין געוועהנליכע
בעל-הבתישע קריטיק, ווי עס פלעגט זיך פיהרען פאַרצייטען, נאָר
אַ קאַנאָנאַדע פון אַ יונגען לעבעדיגען אָפיצער, וואָס האָט אָנגעגורט
די לענדען און האָט זיך אַרויסגעריסען מלחמה־האַלטען מיט שוואַ־
כינקע, קליינינקע, נישט בעוואָפּענטע מענשעלעך, וואָס זענען גע־
פאַלען תחת חרב, ממש ווי די פליעגען נעבאַך, — עס איז געווען
אַ גאָט׳ס רחמנות צו קוקען.

פערשטעהט זיך, אַז פרישמאַן, וועלכער צעהלט שוין איצט
מסתמא ניט איין גרויע האָר, קוקט איצט אוודאי מיט אַ פערביסען
שמייכעל אויף דעם דאָזיגען ביכעלע, ווי אויף אַ פּראָדוקט פון די
יונגע יאָהרען, ווי אויף אַ קונדס׳עריי. דאָס דאָזיגע קונדס׳עריי
אָבער — איך זאָג עס נאָך מיין אייגענעם ערפאַהרען — האָט
געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק נישט נאָר אויף די מחברים, נאָר
אויך אויף דעם „קהל הקוראים“, און געהאַט אַ בעזונדערע ווירקונג
אויף אונז, דעמאָלט נאָך גאָר יונגע, קינפטיגע שרייבער.

די דאָזיגע ווירקונג האָט פרישמאַן נישט אויפגעהערט צו
פערשפּרייטען אויך שפּעטער אויף׳ן יונגען דור מיט זיין אויסגע־

צייכענטער געשליפענער שפּראַך, איך וואָלט זאָגן, פּרישמאַנ׳ס העברעאישער שפּראַך. פּרישמאַנ׳ס העברעאישע שפּראַך איז איין אייגענטימליך העברעאיש. די „נאַטור־געשיכטע“ פון בערנשטיין, למשל, אין פּרישמאַנ׳ס איבערזעצונג, איז אַ מייסטערווערק, אויף וועלכע אַ סך יונגע־לייט האָבען זיך געלערענט — אויסער וויסענ־שאַפט — שרייבען העברעאיש. אַ גאַנצע רייהע פון פּרישמאַנ׳ס פעליעטאָנען אין דעם העברעאישען „היום“ און אין אַנדערע העב־רעאישע צייטונגען האָבען בעשאַפען אַ בעזונדערען סטיל, פּריש־מאַנ׳ס סטיל. און נישט נאָר אין דער שפּראַך און אינ׳ם סטיל איז פּרישמאַן געוועזן ניי. ער איז געוועזן ניי אויך אינ׳ם שאַפען. מיט זיינע „אותיות פורחות“ האָט ער געוויזען אַ נייעם דרך, אַז מע דאַרף ניט שרייבען דוקא קיין לאַנגע מעשיות, וואָס זאָלען זיך ציהען ווי דער גלות, און אַז מע קאָן אין קורצינקע, גאָר קור־צינקע מעשה׳לעך און נאָוועלען זאָגען אַמאָל מעהר, ווי אין אַ גרויסער לאַנגווייליגער געשיכטע. און אויב פּרישמאַנ׳ס פּראָזע איז ניי, אייגענאַרטיג, אויסגעפיינט און אָפּגעקירצט, איז זיין פּאָעזיע אויסגעהאַקט פון שטיין, פון איידעלשטיינער, געפּיילט און געשליפען מייסטעריש. עפּיס פיהלט זיך אַ געניטע האַנד פון אַ געניטען מייסטער נאָך גאָר אין די ערשטע זיינע דיכטונגען. און מיר דאַכט, אַז פּרישמאַן איז געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעזאָגט זיך פון די י״א תנועות און אַריינגעטראָגען די נייע מעטריק אין דער פּאָעזיע פון אונזער ליטעראַטור. (דער גרויסער ביאַליק איז אודאי נאָך דעמאָלט געוועזן אין דער ישיבה און נאָך געשלייפט זיך דעם קאָפּ איבער אַ שטיקעל מהרש״א).

אָט די אַלע אייגענשאַפטען, די פיינקייט פון דער שפּראַך, די אָריגינאַליטעט פונ׳ם סטיל, הן אין פּראָזע והן אין פּאָעזיע, האָט פּרישמאַן אַריבערגעטראָגען פון דער העברעאישער אין אונזער אידישער פאָלקס־ליטעראַטור, אין אונזער אידיש לשון. און דאָס איז געוועזן מיט אַ יאָהר פינף־און־צוואַנציג צוריק, און איך האָב מורא, אויב נישט איך בין געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט מטמא

געווען פרישמאַנ'ען דעם העברעאיסט, אַרויפגעפיהרט, ער זאָל איינטונקען די פעדער אין אונזער אידיש טינטורעל און פּרובען געבען אַ שרייב, ווי מע האָט דאָס נאָך דעמאָלט גערופען, „אויף זשאַרגאָן". און פרישמאַן האָט איינגעטונקט די פעדער און גע־געבען אַ שרייב „אויף זשאַרגאָן" — און ס'איז אַרויס די בע־ריהמטע פּאָעמאַ „אופיר" (אינ'ם ערשטען בוך פון דער „אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק", אַרויסגעגעבען פון מיר אין קיעוו אין די יאָהרען 1887 און 1888). אָנגעהויבען שרייבען אויף אידיש, איז פרישמאַן צוגעטראָטען צו דעם נישט ווי יענע מיוחסים די העב־רעאישע שרייבערס, וואָס האָבען געטהאָן דער וועלט אַ טובה און האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער שפחה, צו דער דיענסט־מויד (ווי די מיינסטע פון זיי האָבען דעמאָלט אָנגערופען דעם „זשאַרגאָן"), נאָר ווי איין אמת'ער אַריסטאָקראַט האָט ער צוגע־צויגען צו זיך דאָס פאָלק און גענומען רעדען מיט איהם אַ פיין, נאָר אַ פערשטענדליך, אידיש, אַ ריינע, איינפאַכע, נאָר אַ פּערעל־דיגע שפּראַך.

פון דעמאָלט אָן איז אָפּגעלאָפען אַ סך וואַסערען. דער „זשאַרגאָן" איז געוואָרען אויס זשאַרגאָן, נאָר „אידיש", און ס'איז אויסגעוואַכסען אַ אידישע ליטעראַטור, אין וועלכער פרישמאַן פער־נעמט, דאַנקען גאָט, זעהר אַ בכבוד'יג אָרט, גאַנץ אויבען־אָן, אַלס דיכטער, קריטיקער, אַלס זשורנאַליסט און אַלס פעליעטאָניסט, — נאָר פון יענעם מין פעליעטאָניסט, וואָס יעדער זשורנאַל האַלט זיי לכבוד שבת און לכבוד יום־טוב. וואָרום פרישמאַן אַלס פעליעטאָ־ניסט איז נישט דער ליץ, דער פּלוידערזאַק, וואָס קומט אַלע טאָג אַ קיצעל טהון דעם עולם. פרישמאַנ'ס פעליעטאָן איז דער פּראָ־דוקט פונ'ם אייראָפּעאישען געשמאַק, פון דער אייראָפּעאישער עסטעטיק, דורכגעזייט דורך אידישען גלעכטער און אידישע טרע־רען — דער עכטער אידישער הומאָר. פרישמאַנ'ס וויטץ איז ווייט פון בית־המדרש, נאָר עכט אידיש, טיעף, שאַרף און שטעכעדיג. נאָר פיין; בייסענדיג, נאָר איידעל; שניידענדיג, נאָר מיט כבוד...

פרישמאנ׳ס א פעליעטאָן לכבוד שבת איז אליין א שטיק שבת, פרישמאנ׳ס א ליעד איז א „זמר לכבוד יום־טוב”. אלסדינג איז דורכגעוועבט מיט אידישער פילאָזאָפיע. אלסדינג איז דורכגעקנעטען מיט אידישע טרערען און מיט אידישען געלעכטער, און אויף אלץ שוועבט דער אידישער גייסט. אלץ איז עכט נאַציאָנאַליסטיש, און אלץ איז שטענדיג אייגענאַרטיג, טיפּיש, איך וואָלט געזאָגט פרישמאניש. פרישמאן איז פון דעם מין פעליעטאָניסטען, וואָס אז איהר בעקומט דאָס ערב־שבת׳דיגע בלאַט, קעהרט איהר איבער די ערשטע זייט, חאַפּט א קוק פון אונטען אויף דער צווייטער זייט, אויף דער דריטער זייט, דערזעהט איהר איין אונטערשריפט: ד. פרישמאן — ווייסט איהר שוין פריהער, אז איהר וועט דאָרטען געפינען אי דעם וויטץ, אי דאָס לעצטע וואָרט פון דער צייט, אי דעם אידישען קרעכץ, אי דעם אידישען איינפאַל, — און דאָס אלסדינג אין דער אייגענאַרטיגער פרישמאנ׳ס לייכטער, גלאַטער, פיינער שפּראַך, וואָס לייענט זיך ווי א וואַסער. איהר זענט זיכער, אז איהר וועט דאָרטען געפינען וואָס צום דענקען און וואָס צום לאַכען, און חאָטש דאָס וועט זיך בייסען און חאָטש דאָס וועט אייך אפשר אָנריהרען, אלס מענש און אלס איד, סאַמע דאָרט, וואו סע טהוט וועה, נאָר איהר וועט הנאה האָבען און איהר וועט וועלען לייענען נאָך און נאָך. אָט דאָס איז דוד פרישמאן. אָט דאָס איז דער כח פון דעם, וואָס איז צו גלייכער צייט א טאַלענט און א דיכטער און א עסטעט און א הומאָריסט, א אייראָפּעאיש געבילדעטער מאן און דערצו נאָך א תלמיד־חכם, פאַר וועלכען א איד האָט פון תמיד אָן דרך־ארץ.

איך בין איבערצייגט, אז פרישמאנ׳ס יובילעאום וועט זיין א יום־טוב נישט נאָר פאַר דער אינטעליגענץ, נאָר אויך פאַר די ברייטע מאַסען פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבען שוין אָנגעהויבען צו אונטערשיידען פון א שרייבער צו א שרייבער, אין וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבען אויסארבייטען א ליטעראַרישער געשמאַק — און דאָס איז דער פערדיענסט פון אזעלכע שריפט־

שטעלער, ווי פרישמאַן, און אין דעם פערדיענסט האָט פרישמאַן אויב נישט דעם גרעסטען חלק. איך בין איבערצייגט, אז ניט נאָר אין די גרויסע צענטרען, נאָר אין אַלע אידישע שטעדט און שטעדט־לעך, וואו אַ אידיש וואָרט ווערד געלייענט און אָפּגעשאַצט, וועט פרישמאַנ'ס יובילעאום אַרויסרופען אַ גרויסען אינטערעס און וועט איבערגעהן אומעדום פייערליך און גלענצענד, נישט קוקענדיג דע־רויף, וואָס מיר לעבען איבער אַ שטיקעל ביטערע צייט. איך בין איבערצייגט, אז די אינטעליגענץ און דאָס פאָלק וועלען זעהען דעם טאָג פונ'ם דאָזיגען יובילעאום אויסצייכענען אויפ'ן פיינסטען אָרט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פערדיענטען און בעליעבטען יובילאַר, ווי דוד פרישמאַן. איך בין איבערצייגט אויך אין דעם, אז דער גרויסער סקעפּטיקער, דער בעל־היובל אַליין, שמייכעלט דאָרט ערגיץ אין דער שטיל, מאַכט זיך דערפון: „אידישע יובילעאומס... אידישער כבוד"... הערט איהם ניט! נעמט איהם, דעם חתן דנן, זעצט איהם אַוועק אויבען־אָן, און פייערט איהם אַ יובילעאום, אַ גרויסאַרטיגען, אַ וואַרעמען יובילעאום, ווי ער האָט דאָס כשר פער־דיענט! פייערט איהם אַ יובילעאום, ס'זאָל רעש'ען, ס'זאָל זיך לאָזען הערען אויף דער וועלט און ס'זאָל זיין אַ כבוד סיי פאַר'ן שריפטשטעלער, סאַי פאַר די לעזער!

לאָזאַנאַ (שווייץ), ערב 1913.

## פרישמאַן צו־גאַסט ביי שלום־עליכם

א פּאָר עפּיזאָדלעך.

גע׳שריבען אין יאָהר 1914.

# פרישמאַן צו־גאַסט בײַ שלום־עליכם

---

דאָס איז געװען שױן לאַנג, גאַנץ לאַנג: מיר בײדע, ניט איך, ניט פרישמאַן, האָבען נאָך אפילו נישט גע׳חלומ׳ט פון יובי־לעאומס...

פערזענליך האָבען מיר זיך נישט געקענט. נאָר גוטע פרײנד זענען מיר געװעזען, אוהבים נאמנים, געשריבען זיך אײנס דאָס אנדערע בריװלעך, „ידידי־יקירי־בריװלעך״, און געצװיגען, געצװיגען אײנס צו דאָס אנדערע, װי ס׳איז גאַנץ נאַטירליך בײ יונגע שרײ־בערס.

נאָר װי קומט די קאַץ איבער׳ן װאַסער, אז מען איז צעריסען — אײנער אין קיעװ, דער אנדערער אין װאַרשאַ — אַ פּאָלג מיך אַ גאַנג!

נאָר ס׳איז אַ תירוץ? — אוהבים נאמנים!...

בקיצור — פרישמאַן איז געקומען קײן קיעװ צו־גאַסט צו שלום־עליכמ׳ען.

געקומען פרישמאַן!

פערשטעהט זיך, ארױסגעפאָהרען אױפ׳ן װאָקזאַל בעגעגענען פרישמאַנען, געבראַכט פרישמאַנען גלײך צו זיך אַהײם, איהם אָפּגעטראָטען אַ גאַנצען אַפּאַרטאַמענט — גוטע צײטען געװען, זײ װעלען זיך שױן ניט אומקעהרען מעהר...

ווי אזוי מע האָט פערבראַכט די צייט — בעדאַרפט איהר גישט פרעגען.ביידע געווען יונג, ביידע פריש, ביידע פריילִיך און ביידען האָט געשפּאַרט — לאַכען האָט זיך געוואָלט, לאַכען!

איך וועל ניט דערצעהלען פון די געלעכטערען, וואָס זענען געווען אין שטוב, אין גאַס, אין טהעאַטער. דאָס זענען געווען אָפּ־שניצלעך פון צוויי קונדסים, וואָס האָבען זיך לאַנג־לאַנג געצויגען איינס צו דאָס אַנדערע, און גאָט האָט זיי געהאָלפען — חברה האָבען זיך „צונויפגעסקאָמפּאַניעט". ער האָט געשריבען פּאַראָ־דיעס אויף זיך אַליין אינ'ם געשטאַלט פון „אופיר":

„גאָלד און זילבער און באַרליאַנטען" — און מע האָט געלאַכט.

מען איז געגאַנגען אין גאַס און מע האָט געקאָפּירט בעקאַנטע פּאַרשוינען — געוויינטליך, ליטעראַטען — און מע האָט געלאַכט.

מען איז געקומען אין טהעאַטער, אין דער אָפּערא, גאַנץ אויבען־אָן אין אַ לאָזשע־בענואַר, האָט זיך דער גאַסט אוועקגע־זעצט דוקא מיט'ן פּנים צו דער טיר און אָפּגעזעסען אַזוי אַלע פיער אַקטען — און מע האָט געלאַכט.

געווען גוטע יאָהרען — זיי וועלען זיך שוין ניט אומקעהרען מעהר, און ניט פון דעם וויל איך אייך דערצעהלען.

איך וועל אייך דערצעהלען נאָר אַ פּאָר עפּיזאָדלעך פון יענער צייט.

## עפּיזאָדע נומער איינס.

ווי באַלד פרישמאַן איז געקומען, נאָך אויפ'ן וואָקזאַל, האָט ער אויסגענומען מיט מיר אַ תנאי: אינקאָגניטאָ — די „חכמי קיעוו" דאַרפען נישט וויסען, אַז ער איז פרישמאַן.

די „חכמי קיעוו" — דאָס איז געווען אַ בינטעל אידישע שרייַ־בער, צווישען זיי גאַנץ בעריהמטע; צווישען זיי אויך גאַנץ קליי־ניטשקע.

דאָרט זענען געווען: משה אהרן שאַצקעס, יהל״ל, יצחק יעקב ווייסבערג, דובזעוויטש, דאַרעווסקי — און נאָך גאָר־גאָר קליינינטשקע.

דער גרעסטער טייל פון זיי פלעגען זיין ביי מיר אָפטע געסט, און פון זיי האָט זיך עס פרישמאַן דווקא געוואָלט אויסבעהאַלטען.

וואָס זשע טהוט גאָט? — טראָגט עס אָן איינעם פון זיי צו מיר אַקוראַט דעמאָלט, ווען פרישמאַן זיצט, און עס ווערד א שמועס — געוויינטליך, וועגען ליטעראַטור, און, געוויינטליך, וועגען קריטיקער, „אונזערע קריטיקער"; און אונזערע קריטיקער — דאָס איז געווען פרישמאַן, און נאָך א מאָל פרישמאַן, און ווידער א מאָל פרישמאַן.

איך געדענק שוין ניט אַקוראַט, צי פרישמאַן האָט שטאַרק אָנגעריהרט ערגיץ אין א פעליעטאָן אָט דעם נפש, צי ניט שטאַרק, צי גלאַט אין א בריעף איהם אָנגעריהרט דעם כבוד, — נאָר וואָס דער פאַרשוין האָט אויסגערעדט אויף דעם פרישמאַנען! אַש האָט ער פון איהם געמאַכט! עפר ואפר! מיט דער בלאָטע גלייך! גאָר ניט שייך צו זאָגען! פרישמאַן האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף פרישמאַנען, און יענער האָט ניט אויפגעהערט צו שיטען פעך און שוועבעל אויף פרישמאַנען!

נאָך מעהר קונץ: מיר דאַכט, אַז אָט דער איד האָט מיט א קורצער צייט פריהער פאַר דעם, אָדער אין דער זעלביגער צייט טאַקי, געהאַט געשריבען צום זעלביגען פרישמאַנען „לכבוד־בריוור־לעך" מיט אַזעלכע טיטלען און מיט אַזוינע קאָמפּלימענטען, אַז ביי'ם גרעסטען עניו קאָן זיך דער קאָפּ פערדרעהען!... די געלעכטערען, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין קיעוו נאָכדעם, ווי דער נפש איז אַוועק, האָט מען בעדאַרפט הערען, מיין איך, אין וואַרשאָ!

נאָר איך האָב מורא, אַז נאָך אַזאַ שוויץ־באָד איז דאָס געווען פרישמאַן'ס לעצטער „אינקאָגניטאָ"...

## עפּיזאָדעל נומער צוויי.

„מחברים" פּלעגען אָפט, זעהר אָפט קומען צו מיר אין שטוב.

איך רעד פון דעם מין „מחברים", וואָס שרייבען און שרייבען און קיינער דרוקט זיי ניט.

איינער אזא מחבר האָט זיך מיר אמאָל געקלאָגט אויף צעדער־בוים'ען: „וואָס איז דאָס פאר א מין רעדאַקטאָר, אַט דער צע־דערבוים? וואָס איך שרייב איהם און שרייב, און ער דרוקט ניט! איך שרייב — און ער דרוקט ניט!"...

א ראָמאַן האָט ער געבראַכט צו פיהרען. פון א קליין שטעד־טעל אין פּאָלטאַווער גובערניע, און וויל צוויי זאַכען: ערשטענס, מיר ביידע, איך און פרישמאַן, זאָלען איהם איבערלייענען פון אָנהויב ביז'ן סוף.

דאָס הייסט, ניט חלילה מיר זאָלען לייענען. ניין! לייענען וועט ער, און מיר'ן איהם האָרכען.

איז איין מאָל אוועק. והשנית — מיר זאָלען איהם דרוקען. דאָס הייסט, ניט דעם מחבר — דעם ראָמאַן זאָלען מיר דרוקען.

ווי אזוי מיר ווילען — אין א צייטונג, א זשורנאַל, א בוך — ס'אַהרט איהם ניט וואו, אבי דרוקען.

ער וויל זעהר, אז זיין ראָמאַן זאָל זיין געדרוקט.

הכלל, וואָס טהוט מען דאָ? דאַרף מען זיך אוועקזעצען, הייסט עס, און האָרכען, ווי ער וועט לייענען.

פערררויכערט צו ציגאַרען, אוועקגעזעצט זיך גאַנץ בעקוועם אין וויענ־שטוהלען, דעם מחבר — אויבען־אָן ביי'ם טיש מיט'ן פּעקעל כתבים — א חיבש פּעקעל: דריי גרויסע גראָבע געדיכטע „טעטראַדען", ביכער!

ניין, איך וועל אייך ניט דערצעהלען וואָס דער מחבר האָט אונז געלייענט.

דאָס איז געווען אַ ראָמאַן „אין דריי ט.ילען“, אויפ׳ן שניט פון שמ״ר, בעזאַלצען מיט הומאָר און בעפעפערט מיט „סאַטי־ריקאַ“...

נאָר דער גאַנצער אַנטיק האָט געשטעקט אין דעם, ווי אַזוי דער מחבר האָט געלייענט זיין ווערק, ווי אַזוי ער האָט בעטאָנט, געקוועטשט, בע׳טעמ׳ט איטליכס וואָרט בעזונדער, געמאַכט מיט די הענד און מיט אַלע איברים, אָנגעקוואָלען, געשעפּט תענוג, ממש געוואַכסען פאַר נחת, אַליין געלעקט פון זיך די פינגער, ווי אַזוי אַ מענש קאָן נעמען און אַזעלכעס אָנשרייבען מיט אַ פּראָס־טער פען, מיט שווארצער טינט אויף וויס פּאַפּיער!...

בעדאַרף מען אייך נאָך דערצעהלען, וואָס פון אונז ביידען איז געוואָרען, אַז מיר האָבען נאָך די ערשטע עטליכע פראַזען געגעבען אַ קוק איינס אויף דאָס אַנדערע? ברוין און בלוי און אַלערליי קאָלירען — נאָך אַ מינוט, און מיר וואָלטען געווען אָדער דערשטיקט געוואָרען אויפ׳ן אָרט, אָדער געפּלאַצט אויף שטיק־שטיקלעך!

אַ גליק, וואָס דער געלעכטער, וועלכען מיר האָבען אַ היבשע צייט געהאַלטען פערשטיקט אין זיך, האָט זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג דורך דער נאָז און איז אַרויס לאַויר העולם.

דער ערשטער האָט געפּלאַצט פרישמאַן — און אוי־וועה, ווי איך האָב געציטערט פאַר איהם, טאָמער דערזעהט דער מחבר, אַ קשיא אויף אַ מעשה, און חאַפּט אַ „טעטראַד“ פון זיינע „מעט־ראַדען“ און גיט איהם איבער׳ן קאָפּ און פלעט פרישמאַנ׳ען דעם מח! אַ גראָשען איז ביי מיר ניט ווערטה געווען דעמאָלט פריש־מאַנ׳ס לעבען!

און שטעלט אייך פאַר אַ הצלחה פון אַ מענשען! — דער מחבר האָט אונז דערזעהען לאַכען, האָט ער זיך אַליין אויך צע־לאַכט!

ער איז געווען זיכער, אז דאָס האָט אויף אונז געווירקט די זאַלץ פון זיין הומאָר און דער פעפער פון זיין „סאַטיריקאַ“.

פּלוצים חאַפּט זיך אויף פּרישמאַן:

— גענוג!

מע דאַרף ניט לייענען מעהר. ס׳איז אַזוי גוט, אז מע פער־שפּאָרט שוין גאָר לייענען ווייטער.

— אַלזאָ, יונגערמאַן, וואָס ווילט איהר?

— איך וויל, מיין ראָמאַן זאָל זיין געדרוקט, און ווייטער גאָר גישט... און געלט — איז וויפיעל איהר וועט זאָגען...

דערזעהען, אז דער יונגערמאַן בענוגענט זיך ניט מיט כבוד אליין — ער וויל נאָך געלד אויך, האָט אונז אַנגענומען אַ חשק, נעמען דעם יונגענמאַן צו דער ארבייט.

תחילת — דאָס איז געווען פּרישמאַנ׳ס איינפאַל (איין איינ־פאַל פון אַ גאון!) — בעדאַרף מען וויסען די ווערטה פונ׳ם ווערק — און דאָס לאָזט זיך ניט אָפּשאַצען, סיידען מע זאָל וויסען די וואָג, וויפיעל עס וועגט.

און דאָס איז ניט שווער צו דערגעהן. מע נעמט און מע לעגט דאָס אַוועק אויף אַ וואָג, דאָס הייסט (און דאָס איז אויך געווען פּרישמאַנ׳ס זשעניאַלער איינפאַל!), מע לעגט אַוועק אויף איין שאָל דאָס ווערק און אויף דער אַנדערער לעגט מען אַוועק גע־וויכט, וועט מען דעמאָלט וויסען אַקוראַט.

און מע האָט זיך ניט געפוילט און מען איז געגאַנגען אין אַ קלייט, וואו ס׳איז דאָ אַ וואָג, און מע האָט אָפּגעוועגען דאָס ווערק: דריי פונט מיט דריי פערטעל — קיין עין הרע ניט!

אַצינד איז געבליבען גאָר איין זאַך: דער מקח?

— מה יקר? ווי טייער זאָל מען רעכענען אַ פונט?

ווייל דער יונגערמאַן בשום אופן ניט זאָגען וויפיעל.

— וויפיעל איהר׳ט זאָגען, אַזוי וועט זיין גוט.

איז געבליבען ביי אונז, אַז צוויי הונדערט רובעל דער פונט.

— גענוג ?

דער יונגערמאַן, וואָס איז שוין בלאַו הכי געווען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל, האָט אַ זאָג געגעבען :

— עס מעג זיין הונדערט רובעל אַ פונט, איז אויך גענוג.

האָט זיך אָבער פרישמאַן אוועקגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל : צוויי הונדערט רובעל — ס׳איז ווערטה מעהר !

דער מחבר אונזערער איז שיער ניט צעשמאָלצען געוואָרען פאַר תענוג :

— שאַ ! מילא ! אַז איהר האָט זיך איינגעשפּאַרט צוויי הונדערט, זאָל זיין צוויי הונדערט.

— וויפיעל זשע, הייסט עס, חאַפּט דאָס אויס אַרום און אַרום ?

און פרישמאַן האָט אָנגעזאָטעלט די נאָז מיט׳ן פענסנע מיט גרויס מאַטערניש (עס האַלט זיך ניט אויף פרישמאַנ׳ס נאָז קיין פענסנע !), און אַלע דריי האָבען גענומען אַריינקוקען אין חשבון אַריין — עס טרעפט אָן אַקוראַט 750 רובעל, ווי אַ גראָשען אַ בייגעל !

דער יונגערמאַן האָט זיך שוין גענומען גלעטען דאָס בערדעל און וואַרטען.

מיר האָבען אויך געוואַרט.

— נו ?...

— נו־נו ?...

— אדרבה ?...

— אדרבה ואדרבה ?...

און אָט דאָ האָט זיך אַרויסבעוויעזען דער גאַנצער טעות: דער יונגערמאַן האָט געמיינט, אַז מיר דאַרפען איהם צאָהלען צוויי הונדערטער פאַר אַ פונט, און מיר האָבען געמיינט, אַז דער יונגערמאַן זאָל אונז צאָהלען די צוויי הונדערטער אַ פונט!

איז דער יונגערמאַן געפאַלען אויף אַ המצאה:

— ווייסט איהר גאָר וואָס? איכ'ל אייך ניט צאָהלען, איהר'ט מיר ניט צאָהלען — נאַט אייך מיין ווערק און דרוקט עס אָפּעט!

האָבען מיר זיך אָבער אָוועקגעשטעלט: ניין! דאָס וועט ניט געהן! פון זינט די וועלט שטעהט איז אַ מנהג, אַז פאַר אַ ווערק אָדער מע צאָהלט דעם מחבר, אָדער דער מחבר צאָהלט — אַנדערש געהט עס ניט!

פונ'ם געשעפט איז ניט געוואָרען גאָר נישט ניט.

נאַרישע, יונגעלשע, נאָר גוטע, גליקליכע יאָהרען — זיי ווע־לען זיך שוין ניט אומקעהרען מעהר!...

נערווי, 1 מאַרט, 1914.

# מיין בעקאַנטשאַפט מיט ח. נ. ביאַליק

---

### א.

יאָהרען־לאַנג בין איך געשטאַנען אין פערבינדונג מיט ביאַליקען און ניט זוכה געווען פערזענליך זיך צו בעקענען מיט'ן גרעסטען פון אונזערע פּאָעטען, ווייל מיר זענען געווען ווייט איינס פון דאָס אַנדערע. ער האָט געוואָהנט אין אדעס און איך — אין קיעוו. דערנאָך זענען געקומען די גלות־יאָהרען פון נאָך דער רוסישער קאָנסטיטוציע. האָט דאָס מיך פערוואָרפען קיין אויסלאַנד — שווייץ — און פון דאָרטען, איבער'ן אַטלאַנטישען ים, קיין אַמעריקא, און אָט אַזוי האָב איך שוין כמעט אינגאַנצען אויפגעגעבען מיין האָפנונג צו בעגעגנען זיך ווען ס'ניט איז מיט'ן ריעז פון די ריעזען. וואָס טהוט גאָט? פאָהרען זיך צונויף די ציוניסטען אויפ'ן קאָנגרעס אינ'ם יאָהר 1907 אין האאַג, און די אַמעריקאַנער ציוניסטען קלויבען מיך אויס פאַר אַ דעלעגאַט, און איך קום צו פאָהרען קיין האאַג, אין האָלאַנד.

ערב קאָנגרעס איז אַ קאָנפערענץ פון העברעאיסטען. איך קום אריין. דער זאַל איז פול. דער טשערמאַן איז א. ל. לעווינסקי. קלאָפּט מיט'ן האמער אין טיש. דער עולם איז אויפגערעגט. און מעהר פון אַלע אַנדערע קאָכט זיך עפּיס אַ יונגערמאַנטשיק. ווייזט אויס, אַ „בורזשוק"; ביי אונז אין דרערהיים הייסט ער אַ „קופּטשיק". איך בעטראַכט דעם יונגענמאַנטשיק

און בעשלים, אז דאָס מוז זיין מסתמא אָדער א יונגערמאַן א משכיל, וואָס איז נאָר־וואָס אַראָפּ פון קעסט, אָדער איין איידעם, וואָס זיצט נאָך אויף קעסט. און ווייל ער איז א משכיל און זיין שוועהר איז א איד א בעל־הבית, האָבען די ציוניסטען פון זיין שטעדטעל איהם אויסגעקליבען פאַר א דעלעגאַט, וואָס פאָהרט מסתמא אויף זיינע אייגענע הוצאות קיין האאג. און איך מיין, אז איך האָב קיין טעות ניט, ווארום איך בין דאָך א שרייבער, און וועלכער שרייבער איז דאָס ניט קיין פיזיאָגנאָמיסט? איך לאָז ניט אַראָפּ קיין אויג פונ׳ם קופּטשיק, און דער קופּטשיק שפּרינגט אַלע מאָל אויף. רעדען רעדען אַלע אויף העברעאיש, און ער אויך. אַלע מאָל טהוט ער א שים־אוים:

— אדרבה!... לא! אין אני מסכים! — ער איז ניט מסכים! ער איז ניט איינפערשטאַנען!...

דער טשערמאַן (לעווינסקי) קלאַפּט מיט׳ן האמער. די קאָנ־פערענץ איז צו ענדע. דער עולם קאָכט זיך נאָך. דער טשער־מאַן שטעהט אויף פון טיש. מיר צעקושען זיך. איך וויל געהן. דער טשערמאַן האלט מיך אָפּ א מינוט.

— ווארט אוים א ווייל. איך וויל אייך בעקאַנט מאַכען פריהער מיט אונזער ביאַליקען.

— ביאַליק איז דענן אויך דאָ? וואו איז ער?

— אָט איז ער דאָך.

און ער שטעלט מיר פאָר דעם בורזשוק.

אָט־אָ־דער קליינער בורזשוק איז דאָס געווען דער גרויסער ביאַליק. די משמעות, אז איך בין ניט אזא שאַרפער פיזיאָגנאָ־מיסט...

## ב.

אין האאג האָב איך קיין סך ניט פערבראַכט. נאָר די גאַנצע צייט כמעט זענען מיר מיט ביאַליקען געווען ניט צעשיידט. אויפ׳ן ברייטען וויים־זאַמדיגען ברעג פונ׳ם וויים־זילבערנעם ים האָבען

מיר שעה׳ן־לאַנג שפּאַציערט און געפיהרט אינטימע געשפּרעכען. עפּיס גלייך ווי מיר וואָלטען געווען בעקאַנט פון יאָהרען און יאָהרען, עפּיס גלייך ווי מיר האָבען זיך אין אונזער ווייטער קינדהייט צעשיידט און איצטער ווידער אַ מאָל צונויפגעקומען זיך. אויגענשיינ־ליכער פון אונז האָט געהאַט צו דערצעהלען און צו דערצעהלען פון דער פערגאַנגענהייט און פאַנטאַזיערען פון דער צוקונפט — און די צייט איז אַזוי קורץ! ביאַליק האָט מיר דאָס וואָרט געגעבען, אַז אויפ׳ן צוריק־וועגס שטעלט ער זיך אָפּ ביי מיר אין גענף, וואָס אין דער שווייץ. און ער האָט געהאַלטען וואָרט. נאָך אַ קורצער נסיעה איבער איטאַליע איז ער אויף ראש־השנה אַראָפּגעפאָהרען צו מיר קיין גענף.

ג.

אין יענער צייט האָט אָפּגערעכט גלות אין דער שווייץ אויך דער זיידע, מענדעלי מוכר־ספרים, און אויך בן־עמי, וועלכער איז אַ תושב אין גענף עד היום הזה. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז יעדער פון אונז דריי האָט געוואָלט דעם כבוד און דעם פער־געניגען צו האָבען ביי זיך דעם גרויסען גאַסט. נאָר אַזוי ווי די אידעע איז געווען מיינע, דעריבער איז דער גאַסט פערפאָהרען גלייך צו מיר. פאַר מיינע קאָלעגען האָב איך עס געהאַלטען דער־ווייל בסוד, געוואָלט זיי מאַכען אַ סורפּריז. אויף מאָרגען, ראש־השנה אין דער פריה, האָב איך גענומען דעם גאַסט און בין מיט איהם אוועק אין שוהל אריין. דאָרט זענען שוין געווען דער זיידע און בן־עמי. דער זיידע האָט איהם אָפּגעגעבען אַ ברייטען שלום־עליכם. בן־עמי ניט. דער איז געווען אש־להבה, פאַר וואָס ער איז פערפאָהרען צו מיר, ניט צו איהם, צו בן־עמי׳ן. ווער עס קען בן־עמי׳ן, דער וועט פערשטעהן זיין איפערזיכטיגקייט... אַז ס׳איז געקומען צו „אויסנעהמענעס" און מיר זענען אַרויס פון שוהל אויפ׳ן הויף, האָט זיך בן־עמי ניט געקאָנט איינהאַלטען

און האָט פירגעהאַלטען דעם גאַסט, לׂמאי ער האָט זיך ניט אָפּגע־שטעלט ביי איהם. נישט געהאַט קיין אַנדער תירוץ אויף אַרויס־צודרעהען זיך, האָט ביאַליק זיך געוואָלט פערענטפערען פאַר בן־עמי'ן, אַז ער האָט עס נישט געקאָנט טהון, ווייל ער איז נאָר־וואָס געקומען פון באַהן.

— ווען ? היינט ? היינט, דעם ערשטען טאָג ראש־השנה ?! דער גרעסטער אידישער דיכטער איז געפאָהרען אום ראש־השנה ??!! און פון וועמען הערט. ער עס ? — פון ביאַליקען אליין ?! שומו שמים !!! — הימעל עפען זיך !!...

און וואָס מעהר בן־עמי האָט זיך געקאָכט, אַלץ מעהר האָט ביאַליק געלאַכט. און וואָס מעהר ביאַליק האָט געלאַכט, האָט זיך בן־עמי געקאָכט. עס האָט אָנגעהויבען ווערען שטאַרק לע־בעדיג. עס איז געוואָרען אַרום אונז אַ „רעדעל”. עס איז אָנ־געקומען דער זיידע. דערזעהען, ווי די אייניקלעך קאָכען זיך, ווי איינער בייזערט זיך, די איבעריגע לאַכען, האָט ער מקיים פּסק געווען בן־עמי'ן אויפ'ן אָרט. ער האָט איהם אויסגעלאַכט, ווי דער זיידע קאָן:

— וואָס זענט איהר עס גאָט'ס סטראַפּטשע אין דער שווייץ אָנצונעמען זיך גאָט'ס קריוודע אין די ימים נוראים ? פערלאָזט אייך אויף דעם רבונו של עולם — ער קאָן אַליין בעשטעהן זיין שטעדטעל — האָט איהר געהערט אַ מעשה !

ווער עס קען בן־עמי'ס היציגען טעמפּעראַמענט, וועט פער־שטעהן, אַז לאַנג האָט ער נישט געקאָנט זיין ברוגז. און איבער־הויפּט — אויף ביאַליקען. קאָן מען דענן זיין לאַנג ברוגז אויף אַ קונדס, אויף אַ ליעבען קונדס, וואָס לאַכט אַזוי האַרצעדיג און מאַכט אייך לאַכענדיג ? מיר האָבען באַלד אויפ'ן אָרט געמאַכט אַ פּשרה, אַז ס'איז פאַרפאַלען. סטאַנציע האַלט דער דיכטער טאַקי ביי מיר. נאָר עסען זאָל ער אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט — אַזוי אַז ער זאָל זיין אונזער אַלעמענ'ס אורח. און אָט אַזוי האָבען מיר פערבראַכט מיט'ן גרויסען גאַסט אַ גוטע וואָך. אַ

אונפערגעסליכע וואָך. אַלע זאַלבעפערט האָבען מיר זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירען, לויט דאָס בילד וואָס ליגט דערביי, אונטער דעם שענעם בלויען הימעל, ביי דער גענפער שטילער זעע, אקעגען די הויכע, מיט אייביגען שניי בעדעקטע, שווייצער־אַלפען. און מעשיות זענען דערצעהלט געוואָרען אייניציגוויין, מערקווירדיגע פּאַסירונגען, וואָס יעדען האָט זיך געטראָפען אין זיין לעבען. אייניגע פון די דאָזיגע מעשיות האָב איך דערנאָך בעשריבען און ארויסגעגעבען בעזונדער אין א ביכעל אונטער'ן נאָמען: „פיער זענען מיר געזעסען". מיט איינעם וואָרט, דאָס איז געווען א וואָך פון ביאַליק. און נאָך א מאָל ביאַליק. און ווידער א מאָל ביאַליק.

ד.

אוועקגעגאַנגען די טומעלדיגע וואָך, אוועקגעפאָהרען דער גאַסט — אוים ביאַליק. שטיל איז געוואָרען אין דער שווייץ. די הויכע, מיט'ן אייביגען שניי בעדעקטע, בערג האָבען זיך חנ'עוודיג אָפּגעשפּיעגעלט אינאיינעם מיט'ן בלויען הימעל אין דער שענער שטילער גענפער זעע. עס איז אָבער בעשערט געווען, אז ביאַליק'ס נאָמען זאָל צווישען אונז נאָך אביסעל ווענטילירט ווער־רען צוליעב א נייעם אינצידענט, צוליעב א נייע קונדס'עריי.

אין א שענעם פריהמאָרגען בעקום איך א בריוועלע פון ביאַ־ליקען. אין בריוועלע לאָזט מיך דער גרויסער דיכטער הערען, אז ער האָט פערגעסען ערגיץ אין וועג א פּאָר שטעקשיך, בעט ער מיך, איך זאָל זיך מטריח זיין א קוק טהון אונטער'ן בעט, וואו ער איז געשלאָפען, און אויב איך וועל געפינען זיינע שטעק־שיך, זאָל איך זיי איהם איבערשיקען. געשריבען איז דאָס ברי־וועלע אין ביאַליק'ס סטיל מיט מגלה־טמירין־לשון: „הטשעקשיך שלי"... און עס האָט זיך אָנגעהויבען א חתונה מיט שטעקשיך. עס זענען געלאָפען בריעף נאָך בריעף, וואו דאָס וואָרט „שטעק־

שיך" ווערד דערמאַנט און איבערגע'חזר'ט און איבערגעקייעט אפשר אַ מאָל הונדערט. אינ'ם ערשטען בריוועל שרייב איך איהם, אַז איך האָב געזוכט די שטעקשיך אונטער'ן בעט, וואו ער, ביאַליק, איז געשלאָפען, נאָר איך ווייס ניט פּאָר געווים, אויב די שטעקשיך זענען זיינע שטעקשיך, אָדער גלאַט אַ פּאָר שטעקשיך? און בכדי עס זאָל ניט ארויס חס־ושלום קיין שום טעות, האָב איך געבראַכט אַ פאָטאָגראַפישען אַפּאַראַט און האָב אָראָפּגענומען אַ בילד פון די שטעקשיך, און איך שיק איהם ארויס רצוף פּה דאָס בילד פון די שטעקשיך, ער זאָל זיך צוקוקען צו די שטעקשיך און זאָל מיר באַלד מודיע זיין דורך אַ בריוועל, אויב די שטעקשיך זענען זיינע שטעקשיך? קומט מיר אָן אַ בריוועל פון ביאַליקען, אַזוי ווי ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אינ'ם בילד פון די שטעקשיך און האָט דערקענט אין זיי זיינע שטעקשיך, אַזוי אַז ער קאָן שוועהרען בנקיטת חפץ, אַז די שטעקשיך זענען זיינע שטעקשיך, לכן דעריבער זאָל איך, למען השם, איהם ארויסשיקען זיינע שטעקשיך! ענטפער איך איהם מיט אַ בריוועל, אַז ער זאָל מוחל זיין מיר צושיקען אַ קבלה אויף די שטעקשיך, וועל איך איהם דעמאָלט ארויסשיקען די שטעקשיך... קומט מיר אָן אַ בריוועל פון ביאַליקען מיט אַ גוואַלד: היתכן? הישמע כזאת? ווי קאָן ער מיר שיקען אַ קבלה אויף די שטעקשיך איידער ער האָט בעקומען די שטעקשיך? ענטפער איך איהם, אַז ס'איז דאָ איין עצה: איך שיק איהם דערווייל ארויס איין שוך פון זיינע שטעקשיך, וועט ער מיר צושיקען אַ קבלה אויף די שטעקשיך. און אַז איכ'ל בעקומען די קבלה אויף די שטעקשיך, וועל איך איהם דעמאָלט ארויסשיקען דעם אַנדערען שוך פון די שטעקשיך. און צום ארויסגעשיקטען שוך האָב איך צוגעלעגט אַ צעטעלע: „המשך יבוא" — פאָרטזעצונג פאָלגט...

אַזוי האָט מען געקונדסט און ארויסגעוואָרפען שטיקלעך, און צווישען רעכטען קונדסעריי האָט מען געטהאָן ערנסטע ליטעראַרישע אַרבייט אויך — מע האָט געשריבען און איבערגעזעצט

זאַכען פון אידיש אויף העברעאיש, אַרויסגעגעבען גאַנצע בענדער מעשיות פאַר אידישע קינדער, געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבען נאָך מעהרערע זאַכען — ביז דער גאָט פון נקמה האָט זיך צעבייזערט און ער האָט אָנגעשיקט אַ בלוטיגען מבול אויף דער זינדיגער ערד... מיך האָט דער שטראָם אויפגעכאַפּט און פערטראָגען אַזש אַהער, קיין אַמעריקאַ. ביאַליק איז פערבליבען דאָרט ביי די ברעגעס פונ׳ם שווארצען ים, ווייט פון די, וואָס האָבען זיך גע־שפּיעגעלט אין זיין נשמה, וואָס האָבען זיך געוואַרעמט אינ׳ם ברען פון זיין טאַלאַנט, וואָס האָבען איהם ליעב געהאַט אָהן אַ ברעג און האָבען איהם ליעב עד היום הזה.

ניו־יאָרק, ניסן, 1916.

# פיער זענען מיר געזעסען

פ ע ר ז א נ ע ן :

מ ע נ ד ע ל ע — מ ו כ ר ־ ס פ ר י ם — א שענער זקן, רעדט צוקערזיס.
ב י א ל י ק — א פאעט, א בעל־מחשבות.
ב ן ־ ע מ י — א איד, וואס קאכט זיך.
ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם — איין אלטער בעקאנטער, וואס הערט זיך צו און שרייבט אלסדינג אריין אין א ביכעל.

---

אלע מיינען, אז בערג, למשל, שטעהען אויף איין ארט. און איך זאג אייך, אז בערג געהען, און נאך ווי אזוי! זיי לויפען! ווען בין איך דערגאנגען דעם דאזיגען שכל? אין דער צייט, ווען מיר, דריי אידישע שריפטשטעלער און איינער א פאעט, האבען געמאכט די ערשטע עקסקורסיע צו די בעריהמטע, מיט אייביגען שניי בעדעקטע, אלפענבערג.

ארויסגעגאנגען א פאר מייל פון שטאדט ארויס, האט זיך אונז אויסגעדאכט: אט־אט זענען מיר ביי די בערג, אט־אט נעם ציה־אוים א האנד — גיט איהר זיי אפ שלום. נאר וואס ווייטער מיר געהען צו זיי, אלץ ווייטער געהען זיי אוועק, אנטלויפען פון אונז. מיר הויבען אן געהן אביסעל גיכער, שטארק גיך, — בלאטע! זיי לויפען נאך גיכער.

— זיי רייצען זיך מיט אונז? — רוף איך מיך אן צום איבעריגען עולם.

— ווער?

— די בערג.

— איך ווייס גאָר ניט וואָס דאָס איז! — רופט זיך אָן מיין קאָלעגע מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט, וועלכער איז קלאָר אין די אַלפּענבערג, ווי אַ איד אין אשרי. — ס'איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי ווייט, ווי איצטיגס מאָל. איהר זאָלט מיך פאָלגען, וואָלטען מיר געגאַנגען אַביסעל גיכער.

און אָט אַזוי האָט ער אונז אונטערגעגעבען אַלע מאָל מעהר היץ, מיר זאָלען געהן גיכער, מעהר פון אַלעמען זיך איינגעמיעדט און מחמת דעם איז ער געוואָרען בייז, געזעדט מיט גאַל, געשאָטען מיט פייער, אויסגעלאָזט כל חמתו אויף פאָני־גנב מיט זיין רעוואָ־לוציע און מיט זיין קאָנסטיטוציע.

— שאַט! איך וויל אייך עפּיס פרעגען! — אַזוי האָט זיך אָנגערופען צו אונז אַלעמען דער זיידע רב מענדעלי, און מיר אַלע האָבען זיך אויפגעשטעלט אויף אַ ווײַלע. — איך וויל, איהר זאָלט מיר זאָגען, יעדער בעזונדער, ווי אַזוי פיהלט איהר זיך אין דער מינוט?

אפנים, אַז מיין קאָלעגע מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט דער ערשטער פערשטאַנען דעם זיידענ'ס פראַגע, מחמת ער האָט זיך געאיילט ענטפערען דער ערשטער, ווישענדיג מיט די פאָלעס דעם שוויים פונ'ם נאַסען שטערן.

— איך פיהל מיך אַזוי גרינג, אַז איך וואָלט געפלויגען, ווי איין אָדלער, נישט ארומגעקוקט זיך צוריק אפילו אויף אַ מינוט.

— און איך — מאַכט דער יונגער פּאָעט ביאַליק, איינגעקוקט זיך אויף מיר — איך פיהל מיך ניט שלעכט, נאָר פליהען ווי איין אָדלער — ווייס איך ניט, אויב איך וואָלט געפלויגען.

אַצינד איז געקומען די צייט, איך זאָל אויך עפּיס ענטפערען. און איך האָב געזאָגט:

— איך פיהל, אַז עס וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונד, ווען מיר זעצען זיך אָט־דאָ, למשל, אויפ'ן גראָז...

מיין קאָלעגע מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט איז געוואָרען אָנגעצונדען. ער האָט געזאָגט, אַז אויב מיר וועלען אָט אַזוי געהן,

וועלען מיר שבת האַלטען אונטער'ן באַרג. מיך האָט ער געמאַכט אויסצודרעהען. ער האָט ניט פערשטאַנען, ווי אַזוי נעמט זיך אונטער אַזאַ מענש ווי איך געהן, אַז איך ווייס, אַז איך קאָן ניט געהן?

פון דעסטוועגען האָט דאָס איהם גאָרנישט געשטערט, ער זאָל צונויפלעגען דעם שירם, פערקאַטשען די פאָלעס און גלייך מיט אונז אַלע זיך אַ וואָרף טהון אין גרינעם פרישען שמעקע־דיגען גראָז אריין און געניסען טעם גן־עדן פון רוהען אין מיטען פעלד, אונטער גאָט'ס הימעל, און הערען דעם זיידען דערצעהלען אַ מעשה.

* * *

בעשרייבען אַ מעשה און דערצעהלען אַ מעשה — דאָס איז זיך צוויי בעזונדערע זאכען. פאַרהאַן מענשען, וואָס וועלען אייך בעשרייבען אַ זאַך אויסגעצייכענט, און לאָזען זיי אייך עפּיס נעמען דערצעהלען, צעברעקלען זיי דאָס און צעקייען עס אייך אַזוי, אַז עס שלאָגט צו דער גאַל. און פאַרהאַן מענשען, וואָס וועלען אייך דערצעהלען אַ מעשה טשאַקענדיג, אויסגעטאָקט און אויסגעפּוצט, מחיה נפשות, — און פּרובט, לאָזען זיי דאָס וועלען איבערגעבען אויף פּאַפּיער — איהר זאָלט זיי אראָפּנעמען דעם קאָפּ! פאַרהאַן נאָך אַ קאַטעגאָריע גליקליכע מענשען, וואָס זענען ווייט פוןביידע זאכען, ניט דערצעהלען, ניט בעשרייבען; נאָר פון זיי רעדען מיר נישט. מיר רעדען פון די, וואָס די נאַטור האָט זיי געבענשט מיט ביידע טאַלאַנטען. דער זיידע רב מענדעלי מוכר־ספרים בעזיצט ביידע מתנות פון זיין ליעבען נאָמען אויפ'ן העכסטען שטייגער. ער, אַז ער דערצעהלט אַ מעשה, מאָהלט ער אַ בילד, און איהר זיצט און הערט און זעהט, און עס דאַכט זיך אייך, אַז איהר לעזט דאָס פון אַ בוך, — ניין! וואָס זאָג איך? עס דאַכט זיך אייך, אַז דאָס לעבט, אַז דאָס רעדט, אַז דאָס קומט־פאָר פאַר אייערע אויגען, און עס ווילט זיך אייך אייביג אַזוי זיצען און הערען, און הערען, און הערען...

דער שמועס, וואָס ביי אונז האָט זיך געקייטעלט, האָט זיך אָנגעהויבען, געוויינטליך, פון פּאָליטיק, פון דער אידישער לאַגע אין׳ם אומגליקליכען לאַנד, און מען איז אַריבער אויף דעם, וואָס אונז, שריפטשטעלער, איז מעהר נאָהענט צום הארצען, — אויף דער ליטעראַטור. די גאַנצע צייט איז אָבער דער זיידע געזעסען פערחמורעט, מיט אַ ביטער שמייכעלע אויף די ליפּען, ווי איינער רעדט: „נאַראָנים האָבען געפונען פון וואָס צו רעדען!״... מיין קאָלעגאַ מיט׳ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט געוואָלט מאַכען די אונטערהאַלטונג מעהר אינטערעסאַנט, האָט ער אַרויפגעפיהרט דעם שמועס אויף „נאַציאָנאַליזם״, און האָט גענומען איינטיילען די רעוואָלוציאָנערען מיט די בונדיסטען מיט די אַריסטאָקראַטען פון איין זייט, און די ציוניסטען מיט די טעריטאָריאַליסטען פון דער אַנדערער זייט, — אַלע האָבען זיך פון איהם ניט געגאַרט! עס האָט אָבער קיינעם נישט גענומען. דער גאַנצער פּולווער מיט אַלע קוילען זענען איצטיגס מאָל געוועזן אַרויסגעוואָרפען. דער זיידע האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ קאָפּ העכער פון דער גאַנצער וועלט און האָט געזאָגט, אַז כל זמן עס וועט לעבען די „אונערבאַרעמליכ־קייט פון עקזיסטענץ״ („אכזריות הקיום״), וועט איהם נישט נעמען נישט דאָס „שלעכטע״ נישט דאָס „גוטע״, וואָרום עס איז נישטאָ אויף דער ערד נישט „שלעכטעס״ נישט „גוטעס״ — עס איז נאָר דאָ דאָס, וואָס עס איז... און ער האָט אויסגעלאָזט זיין פילאָזאָ־פישע טעאָריע מיט אַ בקשה צו אונז, זיינע אייניקלעך, אַז מיר זאָלען איצטיגס מאָל אַראָפּוואַרפען פון זיך די שריפטשטעלערישע קאַפּאָטע, פערגעסען, אַז ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַ קולטור מיט אַ ליטעראַטור מיט בוכדרוקעריי מיט מוכרי־ספרים און פערלעגער און אַרויסגעבער און צייטשריפטען און גאַזעטען, מיט מענשען־רשעים און מענשען־צדיקים, מיט פּאָני, מיט, להבדיל, אידען, מיט נאָך אַזעלכע זאַכען, און מיר זאָלען געדענקען, אַז איצט, אין דעם דאָזיגען טאָג, זענען מיר גלאַט מענשען — טוריסטען, וואָס האָבען געמאַכט איין עקסקורסיע אין די אַלפּענבערג. עלעהיי ענגלענ־

דער! און מחמת מיר זענען אביסעל מיעד, האָבען מיר זיך אַני־דערגעזעצט אָט דאָ אביסעל רוהען, און לאָמיר בעסער רעדען, דערצעהלען גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין.

— מעשיות! מעשיות! — האָבען אויסגעשריען מיר, אלע דריי אייניקלעך. — דערצעהלט אונז עפּיס א מעשה, זיידעניו, א מעשה!

— א מעשה? וואָס פאר א מעשה זאָל איך אייך דער־צעהלען?

— דערצעהלט אונז, זיידעניו, א מעשה פון זיך אליין, פון אייער אייגענעם לעבען, פון פּארצייטען!

— גוט, איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה מיט א פערטעל עוף, נאָר מיט א תנאי...

— אז מע זאָל אייך ניט איבערשלאָגען אין מיטען? ניט פערלויפען אויף צו־פריהער? ניט אריינפאָהרען מיט א וואָגען אין שליטען אריין?

— אָט־אָט־אָט! גוט, וואָס איהר ווייסט מיין טבע און וואָס איהר קענט זיך אליין.

אזוי האָט אונז געזאָגט דער זיידע, זיך גענומען צום מדרש, וואָס ער האָט מיטגענומען אין וועג אריין צידה לדרך, פעררייסען די ברילען ארויף אויפ׳ן שטערן, געגעבען א קוק־אריין, פערמאַכט דעם מדרש, אראָפּגעלאָזט די ברילען צוריק אויף דער נאָז און אָנגעהויבען מיט א ניגון פון דער גמרא:

---

## א.

# א מעשה מיט א פערטעל עוף

— הערט זשע, אָמר רבי יוחנן — האָט רבי יוחנן געזאָגט: איבער קמצא ובר־קמצא איז חרוב געוואָרען ירושלים; איבער א

הוהן מיט א האָהן איז חרוב געוואָרען די שטאָדט ביתר; איבער א פלעקעל פון א וואָגען איז חרוב געוואָרען טור־מלכא. ערלויבט מיר צוצוזעצען: איבער א פערטעל עוף איז פון אבראמאָוויטש געוואָרען מענדעלי מוכר־ספרים. הערט א מעשה!...

מיר רוקען זיך צונויף אלע דריי נאָך נעהענטער צום זיידען, און דער זיידע הויבט־אָן צו דערצעהלען בזה הלשון:

— שטעלט אייך פאָר א גרויסען פיערעקעדיגען פלאַץ, פער־בויט פון איין זייט מיט א ברייטען מויער, א פּאלאַץ, פון דער אנדערער זייט — מיט א שענעם בית־המדרש, ביי דער זייט, להבדיל, א מרחץ, א גרויסע קיך, ברייטע שטאהלען און קאמערם מיט קעמערלעך — דאָס איז דער „הויף". וועמענ'ס הויף — דאָס וועט איהר וויסען שפּעטער. אין בית־המדרש זיצען יומם ולילה צעהן אידען לומדים און לערנען. נאָר אז מע זאָגט אייך צעהן אידען לומדים זיצען און לערנען, שטעלט איהר זיך שוין פאָר אין דער פאנטאזיע די געוויסע „עשרה בטלנים", דאָס הייסט: פער־שמירטע, אפּגעריסענע, אָרעמע לעדיג־געהער. האָט צייט! דאָס זענען געווען צעהן שענע זויבער־געקליידטע פּארשוינען, מיט ליב־טיגע פנים'ער, געקליבענע לומדים פון דער ליטא, וואָס יעדער פון זיי וואָלט געמעגט זיין א רב בכל תפוצות ישראל. א זכיה האָט געהאט דער, וואָס איז צוגעלאָזט געוואָרען צו הערען פון זיי א וואָרט. אלע פריה און פּארנאַכט האָט מען דאָרט געדאווענט — דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך. האָט איהר אייך דעם בית־המדרש. אצינד וועלען מיר זיך דורכגעהן מיט אייך אין קיך אריין. נאָר אז איך זאָג אייך א קיך, זאָלט איהר ניט מיינען, אז איך רעד פון סתם א קיך מיט איין אויווען, מיט איין אונטערן־אויווען, מיט איין אויפ'ן־אויווען און מיט א קאַץ. ניין, דאָס מיין איך א גאנצען רעסטאָראַן מיט לאנגע געדעקטע טישען, און אויף די טישען — פון כל טוב: פיש און פלייש און ביער און פירות אלערליי, און כל דכפין — פראנק און פריי פאר דער גאנ־צער וועלט, מיט צוויי טיהרען, פון איין טיהר אריין, פון דער

אנדערער ארויס, אויף און אָפּ, ווי אויף א יאריד! און די קאַ־מערען מיט די קעמערלעך זענען געפּאַקט מיט פּראָוויזיע אויפ'ן גאַנצען יאָהר, און משרתים, דיענערס און דיענסטען און משגיחים, דרעהען זיך ארום הין און הער, און עס קאָכט ווי אין א קעסעל. ווער עס קאָכט, ווער עס באַקט, ווער עס דערלאַנגט עסען, ווער עס וואַשט, ווער עס פּרעסט, ווער עס הייצט דאָס באָד, ווער עס לעשט די ליכט אום שבת, — דערויף איז פאַרהאַן אין הויף א בעזונדערער פּאַרשוין, א שבת־גוי מיט'ן נאָמען פּאַוולאָ, וואָס פון איהם האָב איך אייך גאָר א בעזונדערע מעשה. איהר קאָנט פער־שטעהן, ווער דער פּאַוולאָ איז — אז ס'זענען געוועזען מענשען, וואָס פלעגען ביי דעם פּאַוולאָ זיך נאָכפרעגען, ווען איז ראש־חודש און ווען איז דער מולד... נאָר מיר לאָזען פאָרלויפיג פּאַוולאָ צו־רוה, און מיר קעהרען זיך אום צוריק אין „הויף" אריין. דאָס האָט איהר אייך דעם פּרוזדור, דעם אריינטריט. אצינד וועלען מיר זיך מטריח זיין מיט אייך אין טרקלין, אין פּאַלאַץ אריין, זיך בעקענען מיט'ן אייגענטהימער פונ'ם „הויף".

שטעלט אייך פאָר א בילדשענעם מענשען, האַלב־אידיש, האַלב־אייראָפּעאיש געקליידט, מיט אונטערגעבויגענע פּאות, מיט א ווייסען קאָלנער, מיט א ליכטיג שטרענגען פּנים, מיט מאַניערען פון א פירסט. דער גאַנצער „הויף" שטעהט פאַר איהם ווי פאַר א מלך. אין שטוב איז ריין, זויבער, רייך, נאָר איינפאַך און שטרענג, און זעלטען ווער עס האָט די עהרע אהער אריינצוטרעטען, א חוץ שבת; און קומט שבת, ווערד געדעקט א לאַנגע רייהע פון טישען, און א חוץ דער פאַמיליע ווערען איינגעלאַדען אויך געסט פון די פּאָרנעמסטע אורחים. איך האָב אייך פערגעסען מיטצוטיילען, אום איהר זאָלט האָבען א ריכטיגען בעגריף פון דעם „הויף", אז אין שטוב דרעהט זיך ארום אויך א גלות. דאָס איז א דייטש, א לעהרער צו די קינדער, וואָס לעהרענט מיט זיי „שפּראַך". אויבענאָן, אויף א הויכען שטוהל, זיצט דער בעל־הבית, דער אייגענטהימער אליין, און אלע אויגען זענען צו איהם.

ווייסט איהר, ווער דאָס איז? דאָס איז אַ ליטווישער גביר, אַ איד אַ סוחר, רב יונה סלוצקער, און די מעשה קומט־פאָר נישט אין קיין אנדער שטאָדט, נאָר טאַקי אין סלוצק.

אצינד לאָזען מיר איבער דעם בן־מלך און נעמען זיך צו דער בת־מלכה, דאָס מיין איך — צו רב יונה סלוצקער׳ס טאָכטער, וואָס איהר נאָמען איז געווען פייגעל און גערופען האָט מען זי די „קליינע אויגעלעך", נישט בלשון סגי־נהור, ווייל זי האָט געהאַט גרויסע אויגען, נאָר טאַקי דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַט זעהר קליינע אויגעלעך, און מחמת רב יונה סלוצקער איז געווען אַ איד אַ גביר און די טאָכטער האָט געהאַט קליינע אויגעלעך, האָט מען איהר געזוכט אַ חתן איין אָרעם בחור, נאָר אַ מושלם, אַ צאַצקע, אַזעלכען, וואָס זאָל זיין איינער ביי גאָט דער אַנדערער ביי איהם, — און גאָט האָט איהם געבראַכט די מציאה אין שטוב אריין.

איהר שטויסט זיך שוין אודאי, אַז דאָ וויל איך אייך דער־צעהלען שוין פון זיך. אַלזאָ, מוז איך אייך דערקלערען, ווער בין איך געווען און וואָס בין איך געווען צו יענער צייט. מיך האָט גאָט געבענטשט מיט דריי טיטלען מיט אַ מאָל. איך בין געווען אַ „יתום", אַ „יורש" און אַ „נשרף". אַ יתום בין איך געווען פון טאַטע־מאַמע אין אַ קליין שטעדטעל אין דער ליטא, אין קאַ־פוליע. אַ יורש בין איך געווען אויף אַ חלק פון דער דירה, וואָס איז געבליבען אונז בירושה — געוויינטליך, ניט אויף אַ גרויסען חלק: דעם גרעסטען חלק האָט געהאַט מיין עלטערער ברודער, דער בכור; אויף מיין חלק האָט זיך אָנגענומען סך־הכל אַ „זיבעטעל", וואָס אַז מע זאָל געווען די דירה צו יענער צייט פערקויפען, וואָלט זיך אָנגענומען אויף מיין חלק אודאי אַ קערבלעך דרייסיג, און געווים זענען געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבען מיר מקנא געווען. נאָר אַזוי ווי מע האָט די דירה בעצייטענס ניט פער־קויפט, — און שולדיג זענען אין דעם געווען טאַקי די יורשים

אליין — איז זי אין דער גרויסער שרפה, וואס עס איז געווען ביי אונז אין קאפוליע, אפגעברענט געווארען, און צו מיינע צוויי טיטלען, „דער יתום" און „דער יורש", איז צוגעזעצט געווארען א דריטער טיטל: „דער נשרף", וועלכער האט איינגעשלונגען יענע ערשטע צוויי טיטלען, ווי די זיבען מאגערע קיה פון מצרים, וואס האבען אזוי בריה'ש איינגעשלונגען אין זיך די זיבען פעטע קיה, אזוי אז קיינער האט ניט דערקענט, וואס פאר א גוטען אנ־בייסען זיי האבען געהאט...

מילא, דערצעהלען אייך וואס אין קאפוליע האט זיך אפגע־טהאן בשעת פונ'ם „יתום" מיט'ן „יורש" איז געווארען א „נשרף" — וויל איך נישט. דאס לאז איך איבער אויף איין אנדערש מאל. איך וויל אייך נאר מודיע זיין, אז עס האבען זיך געפונען גוטע בארעמהערציגע מענשען, וואס האבען רחמנות גע־האט אויפ'ן „יתום" דעם „נשרף" (דער טיטעל „יורש" איז אוועק, וואו דער ליעבער שבת־קודש געהט אוועק) און האבען איהם אפ־געפיהרט פון קאפוליע קיין סלוצק צו רב יונה סלוצקער אין בית־המדרש אריין — לערנען.

מיין איבערראשונג, אז איך בין אנגעקומען צו רב יונה סלוצ־קער אין „הויף" אריין, לאזט זיך ניט בעשרייבען. איך בין זיכער, אז קיין תלמיד פון דער ישיבה און קיין סטודענט פון אוניווער־סיטעט האט אזוי פלייסיג נישט געלערענט און אזוי פיעל הנאה געהאט פון דעם לערנען, ווי דער „יתום" פון קאפוליע האט געהאט ביי רב יונה סלוצקער אין בית־המדרש. אייביג וועל איך ניט פערגעסען די לאנגע ווינטער־נעכט אינ'ם העל־בעלייכטען גוט־אנגעהייצטען בית־המדרש, אויף די גלאטע בענק מיט די געפא־לירטע סטענדערס, וואו דאס קול קלינגט זיך אפ מיט א זעלטענער זיסקייט, וואס צעגעהט זיך ממש אין די ביינער. נאכדעם — דאס געשמאקע דאווענען מיט'ן ערשטען מנין פארטאג, אז דער רבונו־של־עולם אליין שלאפט נאך, און נאכ'ן דאווענען — דאס הייסע

גלעזעל טיי מיט זודיגע מילך מיט פרישע געבעקס, נאָר־וואָס פון׳ם אויוועז. און ועל כולם — פרייטאָג אין באָד אריין מיט די פּראַכטפולע שטיינערנע בענק, ריינע שעפלעך, מחיה׳דיגע שפּריי־צערס, ריינע באַסיינס אויף צו שווימען — איין אמת׳ער גן־עדן! איך זאָג אייך דעם אמת: איך וואָלט וועלען אייביג זיין אַ „יתום" אַ „נשרף" און זיצען ביי רב יונה סלוצקער אין „הויף", אַלס אָרעם־בחור, און לערנען. איז דאָך אָבער דאָ אַ שטן מקטרג אויף דער וועלט, געהט ער און רעדט אָן די לומדים, וואָס האָבען מיט מיר געלערענט אין בית־המדרש, אַז זיי זאָלען רעדען מיט רב יונה סלוצקער וועגען דעם קאַפּוליער אָרעם־בחור, און רב יונה סלוצקער גיט ארויס אַ בעפויל, אַז שבת זאָל מען מיך ברענגען צום „טיש". פון׳ם שמועס, וואָס די עשרה בטלנים האָבען גע־האַט צווישען זיך, האָב איך פערשטאַנען, אום וואָס דאָ האַנדעלט זיך. קיין גרויסער חכם דערצו האָט מען ניט בעדאַרפט זיין, וואָרום זיי האָבען מיר גלייך אַרויסגעזאָגט, אַז איך בין אַ גרויסער בר־מזל, און האָבען שוין געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ פּרינץ, ווי אויף רב יונה סלוצקער׳ס טאָכטער׳ס חתן.

וואָס איך האָב איבערגעלעבט יענעם טאָג, ווען איך האָב בעדאַרפט צום ערשטען מאָל געהן צום „טיש" — בעדאַרף איך אייך נישט דערצעהלען. דער כח הדמיון האָט מיך געהאַפּט אויף די פליגלען און האָט מיך אוועקגעטראָגען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, ערגיץ הינטער די הרי־חושך, און איך האָב מיך דערזעהן זיצען אויבענאָן אויף אַ גאָלדענעם שטוהל, אָנגעטהאָן אין סאַמע זיידענע מלבושים, און דער גאַנצער „הויף" מיט די עשרה בטלנים מיט, להבדיל, פּאַוולאָ דעם שבת־גוי קניהען און בוקען צו מיר, און איך שאַף מיך מיט זיי, זיי זאָלען מיר דערלאַנגען די גמרא... און פּלוצים, איך טהו אַ קוק — עס פליהט אַ קאַרעטע מיט געגילטע רעדער און מיט ברענענדיגע פערד, און אין קאַרעטע, זעה איך, זיצט צעלעגט אַ גראַף — דער „יתום", דער „יורש", דער „נשרף" פון קאַפּוליע, און וויל גאָרנישט אַ קוק טהון אויף מיר...

— וואָס נעמסט דו זיך איבער אַזוי? — שענה איך צו איהם. — דאָס בין איך דאָך טאַקי אַליין, היינט וואָס איז מיט דיר דער יחוס?...

— הקיצור, איך וועל אייך נישט מאריך זיין, קינדער, מע האָט מיך געבראַכט צום „טיש" דעם ערשטען פרייטאָג־צו־נאַכטס און מע האָט מיך אוועקגעזעצט ביי'ם עק טיש, פונקט אקעגען דעם גביר און אקעגען דעם גביר'ס טאָכטער מיט די קליינע אויגע־לעך. דער גביר האָט אַלע מאָל געוואָרפען אויף מיר אַ פּאָר שווארצע שאַרפע שטרענגע אויגען, מיט וועלכע ער האָט מיך דורכגעניזעט דורך און דורך. די „קליינע אויגעלעך" האָבען גע־קוקט צו זיך אין טעלער אריין. מיר איז געווען ניט אָם בעס־טען — דאָס דאַרפט איהר אַליין פערשטעהן.

אָפּמאָהלען אייך די פּרעכטיגע סעודה — למאי זאָלט איהר מיך נויטען, איך זאָל אייך טהון אַזא זאַך, וואָס איהר קאָנט דאָס געפינען אין שבועות'דיגען „אקדמות"? איך וויל אייך נאָר זאָגען איינס: דעם ערשטען מאָל אויף מיין לעבען האָב איך דערזעהען אַזוי פיעל טעלער מיט טעלערלעך! און גלאַנצענדיגע, גלאַטע, גליטשיגע. איהר מיינט, ס'איז אַ מעלה? האָט צייט, איהר וועט עפּיס הערען! דערצו דאַרף איך מיך מודה זיין, אַז מיט'ן שכל פון גאָפּעל־מעסער בין איך צו יענער צייט נאָך עפּיס נישט אַזוי שטאַרק בעקאַנט געווען, און דאַ דערלאַנגט מען אייך, אַ געבראָ־טענעם, אַ פערטעל עוף, גוט איינגעפּרעגעלט אין שמאַלץ, אָנגע־פילט און בעגאָסען מיט אַ מין זאַך (צימעס מן הסתם?), וואָס איך האָב עס נאָך קיינמאָל ניט פערזוכט. אודאי דאַרף מען זיין אַ גרויסער חכם, מע זאָל פערשטעהן, אַז דאָס איז ניט קיין שלעכ־טער מאכל. נאָר במה דברים אמורים — ווען איז דאָס גערעדט געוואָרען, אַז מע זאָל דאָס נעמען אין האַנד אריין, ווי גאָט האָט געבאָטען, און טהון מיט דעם דאָס, וואָס דער טאַטע האָט געטהאָן. ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז מע דאַרף נאָכקוקען וואָס אַנדערע

טהוען? איך קוק אן, זעה, אז אלע קליגען זיך, בריה׳ן זיך מיט׳ן מעסער און מיט׳ן גאפעל, — קליג איך מיך אויך און בריה מיך אויך מיט׳ן מעסער און מיט׳ן גאפעל, און דא דער גביר מיט זיינע שארפע שטרענגע אויגען, וואס נידערען אייך גלייך אין דער נשמה אריין! איהר קאנט זיין ווי הונגעריג, מוזט איהר פערלירען דעם אפעטיט. אוועקלעגען דעם גאפעל מיט׳ן מעסער איז אבער אויך ניט קיין פלאן. שלעכט! פלוצים — אז מיין פערטעל עוף הויבט זיך ניט אויף פונ׳ם טעלער, גלייך ווי עס וואלט ביי דעם אויסגע־וואכסען פליגעל, און טהוט ניט א פליה איבער׳ן גאנצען טיש — און גלייך דעם גביר אין פנים אריין, און פונ׳ם פנים גלייך אויף זיינע ריינע שענע רייכע שבת׳דיגע בגדים?!!!

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

איהר ווילט וויסען דעם סוף פון דער מעשה? איהר ווייסט איהם שוין... דער גאנצער מיין מיינער איז געווען — ערשטענס, מיר זאלען אביסעל אויסרוהען די פיס, און, צווייטענס, חאטש א האלבע שעה ניט רעדען פון אונזערע מכות. אצינד קאנען מיר געהן ווייטער.

און מיר האבען זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און מיר זענען אוועק ווייטער.

---

ב.

## דעם זיידענ׳ס האטעל

עס טרעפט אייך אמאל, אז איהר זאלט וועלען זיין ניט דאס, וואס איהר זייט? איך, למשל, וואלט א בעלן געווען אמאל זיין ניט קיין איד — געוויינטליך, ניט אויף שטענדיג, חלילה! איך,

מיין נאָר אזוי, אויף א קורצער צייט, און אָנקוקען מיט מיינע נישט־אידישע אויגען, וואָס פאר א פּנים עס האָט בשעת אידען געהען און רעדען און פּילדערען און שפּארען זיך און מאכען מיט די הענד? איך מיין, עס שיינט צו זיין א העכסט־אינטערעסאַנטעם בילד? א גאַנץ געוויינליכער שמועס וואָלט געווים אויסגעזעהען אין מיינע אויגען, אז מע קריעגט זיך און מע רייסט זיך, און בשעת צוויי אידען אמפּערען זיך איבער א פּרינציפּיעלער פראַגע, ווענגען ווען פאַרגעהט די זון, ווענגען ווען האָבען מיר הײנטיגען יאָהר ראש־השנה, ווענגען וויפיעל קאָן ווערטה זיין אָט דער דאָזיגער מויער, וכדומה, — וואָלט איך זיכער מיינען, אז מע קריעגט זיך און עס האַלט ביי פּעטש.

די דאָזיגע געדאַנקען זענען מיר געקומען אין קאָפּ אריין אין דער צייט, ווען מיר, דריי אידישע שריפטשטעלער און איינער א פּאָעט, האָבען געמאַכט די ערשטע נסיעה צו די בעריהמטע אַלפּענבערג. כמעט אַלע די, וואָס מיר האָבען בעגעגענט אויף אונזער רייזע, צווישען זיי פראַנצויזען, דייטשען און ענגלענדער, האָבען זיך אָפּגעשטעלט און עפּיס ווי פערוואונדערט געקוקט אויף אונז, גלייך ווי מיר וואָלטען אָנגעקומען מי יודע פון וואָס פאר א לאַנד און געגאַנגען אָנגעטהאָן מי יודע אין וואָס פאר מלבושים. איך רעכען, אז ס'איז געווען דערפאר, וואָס מיר האָבען געשמועסט טאַקי אביסעל צו הויך, און אביסעל דערפאר, וואָס מיר האָבען גערעדט אינאיינעם אַלע פּיער. רעדען אַלע אינאיינעם איז א קונסט, וואָס נאָר מיר, אידען, בעזיצען דאָס: קיין אנדער פאָלק קאָן זיך ניט בעריהמען דערמיט. אונזערע אסיפות, דין־תורהס, שמחות און זיצונגען האָבען א שם אויף דער וועלט. פּאַרלאַמענטאַריזם, דאָס הייסט, אז יעדער איינציגער זאָל רעדען בעזונדער, איז א נייעס, וואָס מיר האָבען דערמיט צו פערדאַנקען דעם ציוניזם און, איבערהויפּט, דעם דאָקטאָר הערצעל. דאָס איז טאַקי א גוטע זאַך, נאָר ניט אומעדום און ניט אַלע מאָל. וואָסער א פּנים האָט פּאַרלאַמענטאַריזם ביי דריי אידישע שריפטשטעלער

און איינעם א פּאָעט, בשעת מע געהט זאַלבעפערט אין דער שווייץ צווישען די בעריהמטע, מיט אייביגען שניי בעדעקטע, אַלפּענבערג און מע רעדט אַלע פיער וועגען ליטעראַטור, פּאָעזיע, תלמוד, מדרש, היסטאָריע, פּאָליטיק, רעוואָלוציע, וכדומה אזעלכע זאכען? מיר וועלען דאָך ניט מאַכען געהענדיג א „זיצונג” און אויס־קלויבען א פּרעזידענט און בעטען ביי איהם דאָס וואָרט!

די מענשען, וואָס מיר בעגעגענען, די פראַנצויזען, דייטשען און ענגלענדער, געהען אויף די אייגענע בערג, וואָס מיר, נאָר זייער געהן איז ניט אינטערעסאַנט. זיי געהען און שווייגען, אָדער אז זיי רעדען, רעדען זיי אזוי שטיל, אז קוים־קוים וואָס מע הערט. יעדער פון זיי האָט אין זינען נאָר זיך, נאָר זיין אייגענעם מאָגען. דאָס איז א כלל: אז עטליכע מענשען געהען צוזאַמען און שווייגען, איז א סימן, אז זיי זענען פערטיעפט אין זייערע מאָגענס. אידען זענען ווייט פון אזעלכע זאכען. א מאָגען איז ביי אונז א באָמבע, וואָס די נאַטור האָט אונז אָנגעהאַנגען, ווי איין אינוועניגסטע טאָרבע, איין אָפּקומעניש אויף דער וועלט. איך זאָג עס ניט פון זיך. דער זיידע רב מענדעלי האָט דאָס שוין אָנגעריהרט וויפיעל מאָל אין זיינע אומשטערבליכע כתבים.

ווי אזוי די מעשה איז — אַלע דורכגעהער האָבען אויף אונז געקוקט מיט גרויס בעוואונדערונג. אייניגע האָבען זיך אָפּגע־שטעלט און איינגעהערט זיך אין אונזערע געשרייען, געוואַרט, אפנים, ביז מיר וועלען זיך אָנהויבען שלאָגען. שוטים! זיי ווייסען ניט, אפנים, אז נאָך אזעלכע אמת'ע גוטע פריינד, ווי מיר, איז שווער צו געפינען אויף דער גאַנצער וועלט, האָטש קיין קאָמ־פּלימענטען מאַכען מיר נישט איינס דעם אנדערען, אין קאָרטען שפּיעלען מיר ניט, און פון אנדערע תענוגים פון עולם הזה, וואָס בינדען־צונויף בעקאַנטע מענשען, ווייסען מיר נישט. אונזער גאַנצעם פערגניגען איז, אז דער אידישער גלות טרייבט אונז אמאָל צוזאַמען אויף איין פּלאַץ, גיסען מיר אויס איינס פאר דאָס אַנ־דערע אונזער פערביטערט האַרץ, וויינען צוזאַמען אויף גלות

השכינה, בעדויערען די אָרעמע צעשלאָגענע „קליאַטשע“, אָדער די „כנסת ישראל“, און אז גאָט העלפט, מע נעמט צו ביסלעך משקה אַמאָל ביי אַ מלוה־מלכה, ווערד מען אזוי שטארק פריילין, אז עס גיסען זיך אַזש טרערען פון די אויגען...

* * *

די זון האָט געהאַלטען אין רעכטען שפּאַציערען איבער'ן העל־בלויען שווייצארישען הימעל, בעגאָסען די בערג ארום און ארום מיט גאָלדענע סנאָפּעס, וואָס האָבען זיך צעשאָטען אזוי ווי זאנגען איבער די אייביגע שטיינער און געקייקעלט זיך אראָפּ־בארג, איבער גרינע טהאָלען, און אריינגעפאַלען אינאיינעם מיט די שלענגעלדיגע וואסערלעך אין דער גלענצענד־בלויער אונרוהי־גער „ראָנא“, וואָס לויפט מיט א געזאנג צווישען די פעלזען, גאָט ווייסט פון ווען־אָן און ביז וואנען, גאָט ווייסט פאר וואָס און צוליעב וואָס און צוליעב ועלכען צוועק? און מיר זענען נאָך אַלע אונטער'ן בארג, וואָס וואכסט פאר אונזערע אויגען, ווערד אַלע מינוט ברייטער און העכער און שענער, און עס דאכט זיך, אז ער לויפט שוין ניט מעהר פון אונז, ווי פריהער, נאָר, אדרבה, ער געהט אונז אקעגען מקבל־פנים זיין, קוקט אויף אונז פריינדליך, נאָר מיט גדלות, ווינקט צו אונז, אז מיר, פיער אידישע שריפט־שטעלער, זאָלען זיך מטריח זיין אהין, צו איהם ארויף, נאָהענט צום הימעל, צו גאָט'ס שטוהל; דאָרט וועט ער אונז ציינען זיינע גרויסע וואונדער; דאָרט וועט ער אונז לייענען א קאפּיטעל פון מעשה־בראשית; דאָרט וועט ער אונז דערצעהלען וואָס גאָט קאָן, און פון דאָרט וועט ער אונז בעווייזען דאָס נידעריגע, נארישע וועלטעל, וואו נארישע קינדער האָבען אויסגעבויעט קליינע שטי־בעלעך און האָבען דאָס א נאָמען געגעבען שטעדט, געלאָזט לויפען קליינע וועגעלעך און האָבען דאָס א נאָמען געגעבען באהנען, האָבען זיך פערשטעלט פאר מלכים, קעניגען און פּרעזידענטען,

שפּיעלען אין מלחמות, ים־געשלעג, האַרען און קנעכט — פּונקט אַזוי ווי ביי די גרויסע...

ביי יעדען פון אונז בעקומט דער באַרג איין אַנדער נאָמען: ביי איינעם הייסט ער „דער זקן"; דער אַנדערער האָט געפונען, אַז איהם פּאַסט הייסען „דער גדול"; נאָך איינעם איז געפעלען איהם אַ נאָמען געבען „רב זייט זשע מוחל". דעם זיידען רב מענדעלי האָט זיך פערגלוסט אַראָפּברענגען אַהער דעם גרעסטען ריעז עוג מלך הבשן, וואָס זאָל האַפּען דעם באַרג אויף די פּלייצעס און לויפען מיט איהם ת"ק מייל אין איין אָטהעם און וועלען אַרויפוואַרפען איהם אויף די אידען; פּלוצים טהוט גאָט אַ נס און עס וואַכסען־אויס ביי'ם מערדערישען קעניג צוויי צייהן, איינער אַרויף, דער אַנדערער אַראָפּ, און דער מערדערישער קעניג בלייבט שטעהן מיט'ן באַרג, ניט אַהער, ניט אַהין — אַ זעלטען טראַגיקאָמישעם בילד!...

— ווי אַזוי הייסט ער, אָט דער שענער באַרג?

אַלע אויגען קוקען אויף מיין קאָלעגא מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט — ער איז דאָך אין דער שווייץ אַ גאַנצער בעל־הבית: ער קען זיך, זאָגט ער, מיט אַלע בערג און איז אויסגעבונדען מיט אַלע טייכען און טייכלעך — מיט איינעם אַ וואָרט, אַ „היימישער מענש". מיין קאָלעגא מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט זיך אָפּגעשטעלט, געוואָרען רויט, געריבען זיך דעם שטערן, געקוקט אַרויף, אויפ'ן סאַמע שפּיץ באַרג; נאָכדעם האָט ער אויסגעשפּיגען מיט אַזאַ כעס, גלייך ווי עמיצער וואָלט איהם אָנגעטראָטען אויפ'ן פוס:

— טפו זאָל דאָס ווערען! איך האָב פערגעסען דעם נאָמען פון'ם באַרג! געוואוסט נאַר־וואָס — און פערגעסען! וואָס זאָגט איהר דערויף?

— פערגעסען? — רופט זיך אָן דער זיידע רב מענדעלי. — הערסט דו! וואָס פערגעסעניש מאַכט — פרעגט ביי מיר. נישטאָ

קיין ערגערע שטראָף אויף דער וועלט, ווי אַז מע פערגעסט! מיר איז בעקאַנט דער טעם, אַז מע ווייסט עפּיס אַ זאַך און פּלוצים פליהט דאָס ארויס פון זכרון, ווי אַ פויגעלע פון דעם שטייגעלע — געה האַפּ דאָס! פערגעסעניש איז אַ חולאת, איין אַנשיקעניש, איין אומגליק אויף אַ מענשען! אויב איהר ווילט, קינדער, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה, ניט קיין פאַנטאַזיע, נאָר טאַקי אַ מעשה שהיה, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען אין אדעס פאַר עטליכע יאָהרען. אַ מעשה מיט אַ האָטעל...

— איך וועל אייך דערצעהלען אַ שענערע מעשה, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען אויך אין אדעס!... הערט איהר? ס'איז ווערטה צו בעשרייבען!...

אַזוי האָט זיך אָנגערופען מיין קאָלעגע מיט'ן הייסען טעמ־פעראַמענט און האָט שוין געוואָלט אָנהויבען דערצעהלען, האָט איהם דער פּאָעט איבערגעשלאָגען:

— אָט וועל איך אייך דערצעהלען נאָך אַ שענערע מעשה, וואָס מיט מיר האָט זיך געטראָפען, ניט אין אדעס, נאָר אין זשיטאָמיר!

— און וואו בין איך? — האָט זיך ארויסגעכאַפּט דער פער־מער, טאַקי איך אליין. — איך וועל אייך בעסער דערצעהלען אַ מעשה פון דריי שטערדט מיט אַ מאָל, וועט איהר זיך האַלטען ביי די זייטען!...

— פון דריי שטערדט מיט אַ מאָל? אויב אַזוי — קומט אייך די בכורה!

אַזוי האָט זיך אָנגערופען דער זיידע מיט אַ הילכיגען געלעכ־טער און מיט אַ ניגון און האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד אין דער לופטען, ווי איינער רעדט: „איהר האָט אויסגעכאַפּט?... פאַר אייך די מציאה!"...

אַלע פיער האָבען זיך צעלאַכט, און איך האָב מיך דערמאַנט אינ'ם פסוק: „שבעה דברים בגולם", און פערשטאַנען, ווי אומ־

מאקטיש עס איז פון אונזער זייט, וואס מיר זענען אריינגעפאהרען מיט אונזערע מעשיות דעם זיידען אין די רעד אריין, און מיר זיינען גרייט געווען פעררייכטען אונזער פערברעכען. מיר האבען אבער לאנג בעדארפט בעטען דעם זיידען, ער זאל אונז דערצעהלען די מעשה, וואס מיט איהם האט זיך געטראפען אין אדעס, און דער זיידע (אז מע בעט איהם שטארק, פועל'ט מען ביי איהם) האט פערקאטשעט די ארבעל, ווי זיין שטייגער איז, ארויפגערוקט די ברילען אויפ'ן הויכען, ווייסען, קלוגען שטערן, וואס קוקט־ארויס פון די חוואלעדיגע שניי־ווייסע האר. די קליינע נאר שארפע, טיעפע, דורכדרינגענדיגע אויגען האבען זיך האלב גע־שלאסען, געקוקט ארויף, א ביסעל אין א זייט, און אויפ'ן פנים האט זיך צעגאסען דאס שיינענדיגע קינדערשע שמייכעלע, וואס מאכט איהם תמיד יונגער מיט פופציג יאהר און גיט איהם צו אזוי פיעל חן, אז עס ווילט זיך זיצען אזוי אייביג נעבען איהם און הארכען איהם רעדען און רעדען און רעדען!...

און לאנגזאם, ווי זיין שטייגער איז, מיט א האלב־קאמישען, האלב־ערנסטען טאן, האט ער אנגעהויבען זיין געשיכטע בזה הלשון:

— דאס איז געווען, ווי איך האב אייך געזאגט, מיט עטליכע יאהר צוריק אין אדעס, דאס הייסט, ניט אין אדעס גופא, נאר עטליכע סטאנציעס הינטער אדעס. קורץ, איך בין געפאהרען אהיים קיין אדעס. אסיענצייט איז דאס געווען. דער אינדרויסען האט זיך איינגעהילט אין א רעגענמאנטעל. דער הימעל האט גע־גאסען מיט טרערען, דער ווינד האט געקלאגט, די ערד האט גע־טרויערט, געבענקט נאך דער ליעבער ווארעמער זון, ווי איין אלמנה נאך איהר מאן. די בוימער האבען זיך שוין לאנג אפגע־טרייסעלט פון די געלע בלעטלעך, די פויגלען האבען פערלאזען זייערע נעסטען, צוגעזאגט אויף, אם ירצה השם, איבער א יאהר צוריק קומען, אז גאט וועט שענקען דאס לעבען... א דריבנע רע־

געענדעל האָט געזופט פון אויבען אונאויפהערליך און פון צייט צו צייט צעבייזערט זיך און געשמיסען אין די פערשוויצטע פענ־סטער פון אונזער וואגאָן, וואו מיר זענען זיך געזעסען גאַנץ ברייטליך, בעקוועם, אין דעם ג׳ארעט, א גאַנצע קאָמפּאַניע און געשמועסט פון פערשיעדענע זאכען, ענינים און געגענשטענדען. אקעגען מיר איז געזעסען א פּאסאזשיר, א געבילדעטער, א בע־לעזענער, א פּראַכטפולער מענש, ווי עס האָט זיך ארויסבעוויזען נאָכדעם — א כריסט, א זעלטענער אידענפריינד. איהר ווייסט, אז איך האָב פיינט א מה־יפית־אידען ערגער ווי א משומד, און ווער נישט נתפעל פון א כריסט, וואָס זאָגט אויף אונז א גוט וואָרט. נאָר צו דעם פּארשוין האָב איך געהאט א פערזענליכע סימפּאַטיע דורך א פערבאָרגענער צוזיהונגסקראַפט, וואָס ליגט א ביסעל טיעפער פון אונזער פערשטאַנד. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איך האָב זיך געפיהלט מיט איהם אזוי גוט, איך וואָלט זאָגען: היימיש, אז עס וואָלט ווירקליך מיר ניט נמאס ווערען פאָהרען מיט איהם נאָך דריי טעג. עס האָט זיך מיר געוואָלט מיט עפּיס וואָס־ניט־איז נוצליך זיין איהם, טהון עפּיס א געפע־ליגקייט, און שטעלט אייך פאָר, אז די גוטע געלעגענהייטען איז מיר געקומען צו דער האַנד גאַנץ אליין, פון זיך. וואָס איז די מעשה? אזוי ווי ער פאָהרט דעם ערשטען מאָל אין מיין שטאָדט, אין אדעס, וואָלט ער וועלען עפּיס א רעכטע סטאַנציע, איין אָנ־שטענדיגעם האָטעל, און אזוי ווי איך בין איין אַלטער תושב פון א סך יאָהרען, אפשר איז מעגליך, איך זאָל איהם רעקאָמענ־דירען נאָך מיין פערשטאַנד דאָס שענסטע און דאָס בעסטע האָ־טעל אין אדעס?

— א האָטעל? אך!...

מיט ביידע הענד האָב איך מיך אָנגעחאַפּט אינ׳ם דאָזיגען צופאַל און האָב גענומען איהם אויסמאָהלען מיט די שענסטע פאַרבען א בעוואוסטעם האָטעל, לויט מיין מיינונג, דאָס גרעסטע

און דאָס שענסטע האָטעל, וואָס אין דער שטאָדט. ערשטענס, די פּאַנאָראַמע. דאָס הויז איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַזוי קונ־ציג, אַז אַלע פענסטער קוקען־ארויס אויפ'ן ים. היינט די ברייטע, הויכע, ליכטיגע חדרים, דער פּרעכטיגער ווינטערגאָרטען, די אָראַנ־זשעריען, דאָס לעזע־צימער, די בעדינונג, איך מיין די „מענשען". היינט דער רעסטאָראַן, די מוזיק — קורץ, איך האָב מיך אַזוי בעגייסטערט, גלייך ווי איך וואָלט געמאָהלט אַ גן־עדן, ניט קיין האָטעל.

אַ ליכטיגע, וואַרעמע, פריילינכע סטאַנציע אין אַ פרעמדער שטאָדט, בשעת אין דרויסען איז אַזוי אָנגעחמורעט, איז צעהן מאָל אַזוי אָנגעלעגט, ווי אין איין אַנדער צייט. מיין פּאַרשוין האָט מיך אויסגעהערט מיט לויכטענדיגע דאַנקבאַרע אויגען און מיט אַ שיינענדיג גליקליך פּנים. איך האָב בעמערקט, ווי ער האָט אַרויסגענומען פון דער טאַש אַ נאָטיץ־ביכעל, אָפּגעשפּילעט פונ'ם זייגער אַ גאָלדען שטיפטעל, און האָט געוואַרט ביז איך וועל ענדיגען, אום ער זאָל קאָנען פערשרייבען דעם נאָמען פונ'ם האָטעל. איך בין אָבער נאָך אַלץ געווען בעגייסטערט פון מיין בעשרייבונג און האָב ניט אויפגעהערט אויסצורעכענען די מעלות פונ'ם מערקווירדיגען האָטעל. איך האָב גאָר ניט בעמערקט, אַז מיר זענען שוין אָט־אָט אין אדעס. נאָר אַז דער עולם האָט גע־נומען אויפהויבען זיך פון די ערטער און קוקען אַרויף צו די פּעקע־לעך, האָט מיין פּאַרשוין פּאַרזיכטיג, מיט זעהר אַ פריינדליך שמייכעלע, זיך געווענדט צו מיר און האָט מיך זעהר העפליך אַ פרעג געטהאָן, ווי אַזוי איז דער נאָמען פונ'ם האָטעל?

— אַך! יאָ, דער נאָמען? אָט באַלד וועל איך אייך זאָגען!...

און איך האָב מיך אויף אַ ווייל פערטראַכט — גאָט מיינער! ווי אַזוי איז דער נאָמען? אָט ערשט האָב איך געוואוסט... בלאָטע! ניטאָ קיין נאָמען! אוועקגעפלויגען!... אומזיסט האָב איך מיר גערינבען דעם שטערן, געזוכט אין אַלע קעשענעס —

נישטאָ קיין נאָמען! אפשר מיינט איהר, א שווערער נאָמען, א פערפּלאָנטערטער, וואָס איז ניט גרינג צו געדענקען? אָט וועט איהר הערען! קיין מעהר גריגגערער נאָמען קאָן שוין גאָר ניט זיין אין דער וועלט! נאָך מעהר, דאָס איז אזא נאָמען, וואָס מע קאָן איהם ניט פערגעסען, מע זאָל אפילו וועלען! איהר וועט הערען, וועט איהר אליין זאָגען! קורץ, איך האָב געמיינט, אז איך וועל מיר נאָר א מעשה אָנטהון! דער נאָמען איז מיר גע־לעגען, ווי מע זאָגט, אויף דער צונג: אָט־אָט! נאָר ארויסרעדען איהם — בשום אופן ניט, חאָטש שריי חי וקיים! חאָטש לעג זיך און שטאַרב! איך וועל אייך מעהר ניט דערצעהלען. מיין פּאַרשוין האָט, אפּנים, געזעהן מיין טרויעריגע לאַגע. ער האָט געוואָלט מיר אויסהעלפען ווי ווייט מעגליך, ארויסציהען מיך פון דער בלאָטע, וואוהין איך בין מיט מיין אייגענעם ווילען פער־קראָכען. ער האָט דערצו אָנגעווענדט אלע קרעפטען. ער האָט מיר גענומען אונטערזאָגען, אויסרעכענען אלע נעמען פון דער גאַנצער וועלט. דאָ איז געווען: „גראַנדהאָטעל“, „בעלוויו“, „טערמינוס“, „מעטראָפּאָל“, „נאַציאָנאַל“, „אינטערנאַציאָנאַל“, „בריסטאָל“, „פּאַריז“, „מאַדריד“, „סאַנקט פּעטערסבורג“, „שיקאַ־גאָ“, „סאַנרעמאָ“, „לאָנדאָן“, „האַמבורג“, „קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל“ — ניין, ניין און ניין! קורץ, מיין פּאַרשוין האָט געזעהן, אז נעמען פון שטעדט געהען ניט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף נעמען פון לענדער: אפּשר „פראַנציע“? „מאָנטענעגראָ“? „אַנגלעטער“? „ראָססיא“? „עסטרייך־אונגאַרן“? „בעלגיע“? „האָלאַנד“? „בראַזיליע“? „אַרגענטינאַ“? — וואו? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! אפשר „האָטעל פּאָסט“? „האָטעל ראָיאַל“? „האָטעל איירָאָפּאַ“? „האָטעל לאָוור“? „האָטעל דאַגמאַרא“? „האָטעל אימפּעריאַל“? — קורץ, איך האָב געזעהן, ווי מיין פּאַרשוין האָט בעהאַלטען דאָס נאָטיץ־ביכעל, צוגעשפּילעט צוריק צום זייגער דאָס גילדענע שטיפטעל, זיך גאַנץ העפליך מיט מיר אָפּגעזעגענט, געדאַנקט, געבעטען, איך זאָל מיך ניט בעמיהען,

ער וועט שוין ווי־ס'ניט־איז אליין זעהען, מע זאל איהם פיהרען אינ'ם בעסטען האטעל... און איך? א גרוב, ווען עס עפענט זיך מיר, וואלט איך אריין א לעבעדיגער! אזא שאנדע! אזא סקאנ־דאל! אויספאטשען זיך! שמיץ בין איך דאך ווערטה געווען!... און איך האב גענומען זיך אליין זאגען מוסר: אלטער נאר וואס דו ביזט! דו אליין זאגסט אלע טאג איין איבערגעדרעהטען מדרש: מוטב שאהיה רשע כל ימי, בעסער לאם איך זיין א רשע אלע מיינע יאהרען, ואל אהיה שוטה אפילו שעה אחת, אבי ניט זיין קיין נאר איין שעה אפילו, — זאלסט דו אפטהון אזא דומ־הייט? ווער האט דיך געבעטען, זאלסט זיך פארשטעלען פאר א בעל־טובה? ווער האט דיך געבעטען, זאלסט רעקאמענדירען איין אומבעקאנטען מענשען א האטעל אין אדעס? ווי קומט צו דיר האטעלען? און ווי אזוי פערגעסט מען דאס א זאך, וואס מע וויסט, וואס מע זעהט דאס אלע טאג, וואס מע קלערט פון דעם אלע מינוט???...

קורץ, איך וועל אייך מעהר ניט דערצעהלען. איך בין גע־קומען אהיים א צעקאכטער, ארומגעגאנגען איבער'ן שטוב און געריבען זיך דעם שטערן, טאמער וועל איך מיך דא חאטש דער־מאנען דעם נאמען פונ'ם האטעל? — נישטא קיין נאמען!

— ווייסט דו ניט, — זאג איך צו מיין ווייב — ווי אזוי הייסט דאס האטעל?

— וואסער האטעל?

— הערסט! איך זאל איהר זאגען וואסער האטעל! איך פרעג דאך ביי דיר!

— זאג מיר דעם נאמען — מאכט זי צו מיר.

נו? געהט רעדט מיט א אידינע! בקצור, מע דארף אליין זיך מטריח זיין זיך דורכגעהן גלייך אהין צום האטעל! נאר, ווי געוועהנליך, אז א מענש קומט פון וועג, געפינען זיך אכצעהנ־

הונדערט געשעפטען, בריעף, עסקים — מע דארף דאָס אַלץ ער־לעדיגען. און איך ווער נאָך מעהר אויפגערעגט, נערוועז, אין כעס אויף זיך און אויף דער גאנצער וועלט, לאָז אוים דאָס האַרץ צו די אומשולדיגע. און אַט אזוי האָט מען מיר פערדרעהט דעם קאָפּ. עס איז געוואָרען נאכט, מע האָט שוין לאַנג אָפּגעגעסען, מע דארף זיך שוין לעגען שלאָפען — און מיך מוטשעט נאָך אַלץ דער נאָמען פונ'ם האָטעל. האָט איהר געהערט א מעשה?... קורץ, איך וועל אייך מעהר ניט דערצעהלען. עס איז געבליבען, אז מאָרגען כאור געה איך צום האָטעל גאָר אָהן א שום תירוץ! עס נעמט מיך אָבער ניט קיין שלאָף! איך וואָלט שוין וועלען דער־לעבען טאָג, וועל איך מיך אָנטהון און וועל פריהער פאַר אַלע היומם צוגעהן צום האָטעל און א קוק טהון אויפ'ן שילד, וואָס פאַר א נאָמען עס טראָגט. פלוצים טהוט דאָס מיך א טראָג־אויף פונ'ם בעט און איך טהו מיך אָן.

— גאָט איז מיט דיר! — זאָגט צו מיר מיין ווייב, איין איבערגעשראָקענע נעבאך אויף טוידט. — וואוהין איז?

— איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען! — זאָג איך. — איך מוז געהן באַלד א קוק טהון!

— וואוהין א קוק טהון?

— נעם א לאַנטערן — זאָג איך צו מיין ווייב — און קום מיט מיר!

— וואוהין?

— פרעג מיך נישט, קום!

מילא, די לאַגע פון מיין ווייב נעבאך פערשפּאָר איך אייך צו בעשרייבען. איהר דארפט אַליין פערשטעהן די לאַגע פון א ווייב, וואָס איהר מאַן איז אוועקגעפאָהרען פון דער היים, דאכט זיך, געזונד און שטארק — און קומט צו פאָהרען אהיים א ברוגז'ער, רעדט גיט, שפּאנט־ארום איבער דער שטוב און רייבט זיך דעם שטערן, ווי א פעררוקטער, און פלוצים האַפּט ער זיך אויף ביינאכט

פון בעט, הייסט אנצינדען א לאנטערן און זאגט: „קום!“...
נאר וואס טהוט ניט א ווייב נעבאך צוליעב איהר מאן? מע זאגט
איהר „קום“ — געהט זי! קורץ, וואס טויג אייך, איך געה, מיין
ווייב געהט מיר נאך. איך טאפקע אין דער בלאטע, מיין
ווייב טיאפקעט מיר נאך. גאט האט געהאלפען, מיר זענען גע־
קומען. געקומען צום האטעל, אויפגעהויבען די לאנטערן, איך
געב א קוק אויפ'ן שילד — אנו, טרעפט, וואס פאר א נאמען?
אז איהר וועט זיין מיט אכצעהן קעפ, וועט איהר אויך ניט טרע־
פען! דאס האטעל הייסט מיט'ן נאמען: „א ד ע ס א“!!!...

---

ג.

## דער פאעט און זיין כלה

— נו? אצינד דערצעהלט איהר; איהר האט, זאגט איהר, צו דערצעהלען א שענערע מעשה.

אזוי האט זיך געווענדט דער זיידע רב מענדעלי צו מיין קאלעגע מיט'ן הייסען טעמפעראמענט, וועלכער האט גענומען פערענטפערען זיך, אז, ערשטענס, האט ער ניט געזאגט, אז ער ווייסט א „שענערע“ מעשה. דאס האט גאר געזאגט דער פאעט. און אויב ער האט דאס יא געזאגט, האט ער ניט דאס געמיינט. א סימן, זאל דערצעהלען דער פאעט פריהער זיין מעשה, נאכדעם שוין וועט ער דערצעהלען זיין מעשה.

און עס איז געבליבען, אז דער פאעט זאל דערצעהלען פריהער זיין מעשה. און דער יונגער פאעט האט זיך אויסגעהוסט און האט אנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע כהאי לישנא:

— געוויס איז יעדער פון אייך געווען א מאל א חתן און געהאט א כלה. איהר זענט עלטער פון מיר, האט איהר דאס אפשר שוין לאנג פערגעסען. איך געדענק עס נאך, אזוי ווי נעכ־טען איז דאס געווען. אך! וואס פאר א ליכטיג שטיקעל צייט!

מיר איז גוט, ווי די וועלט! מיך האָט געטראָפען א גליק! איך בין א חתן, איך נעם א כלה, א שען מיידעל, מיט זעכסהונדערט קארבען נדן, מיט צוויי יאָהר קעסט, מיט א גאָלדענעם זייגער אין דער טאש, און בין אין א גרויסער שטאָדט, אין זשיטאָמיר, און אין דרויסען איז ל"ג־בעומר'דיג, די זון צעגיסט זיך אין ברילּיאַנ־טען, דער לויטערער הימעל שפּיגעלט זיך, די פויגעלעך זינגען, אופ'ן הארצען איז יום־טוב'דיג, עס ווילט זיך ארומנעמען די גאַנצע וועלט, זיך צעקושען מיט אלע מענשען אויף דער ערד! איך קאָן מיר גאָר ניט פאָרשטעלען, אויב עס איז פאַרהאַן ביי מיר אויף דער וועלט איין מענש, וואָס זאָל מיר ניט זיין „היימיש", ווי דער זיידע זאָגט, וואָס זאָל מיר ניט זיין בעפריינדעט, איינ־געבאַקען אין הארצען! דאָס וואָרט „פרעמד" עקזיסטירט מעהר נישט! וואָס הייסט דאָס, מענשען זאָלען גאָר זיין פרעמד? אלע, וואָס מע האָט ליעב, איז ניט פרעמד, און איך האָב ליעב אלעמען! איך האָב ליעב זימעל דעם שניידער, וואָס לויפט מיט דער ארבייט, חיים־הערש דעם בעל־עגלה, וואָס עס שמעקט פון איהם סמאָלע, לייזער־בער דעם וואַסערפיהרער מיט די אָנגעשוואָ־לענע פּאַפּעצים און מיט'ן אָפּגעשיילטען פּנים, און אפילו איוואַן דעם גוי, וואָס אַז ער שכור'ט זיך אָן, שווערט ער זיך, אַז ער וועט אויסקוילען אלע אידען, וואָלט איך ארומגעכאַפּט קושען זיין חנ'עוודיגע שאַרשאַווע שטעכעדיגע מאָרדע. הײַנט לערענט איך אָפּ א קל וחומר: מה־דאַך איוואַן, וואָס אָט שכור'ט ער זיך אָן און מאַכט א תל פון אלע אידען, גלוסט זיך מיר ארומנעמען איהם מיט ביידע הענד, היינט לא־כל־שכן א חבר, וואָס איך בין מיט איהם אינאיינעם אויסגעוואַכסען, אינאיינעם אַוועק קיין וואָלאָזשין אין דער ישיבה, אינאיינעם געהונגערט, אינאיינעם אויסגעריסען געוואָרען!... קורצע ווערטער, איך האָב מיך בעגעגענט מיט מיין חבר דעם ערשטען טאָג, וואָס איך האָב געמאַכט א שפּאַציער מיט מיין כלה איבער דער שטאָדט, און איהר פערשטעהט שוין אליין, אַז איך האָב געוואָלט, אַז מיין כלה זאָל וויסען, ווער מיין חבר איז,

און מיין חבר זאָל וויסען, ווער מיין כלה איז, און זיי זאָלען זיך בעקענען, און זיי זאָלען זיך ליעב קריגען איינס דאָס אַנדערע, אַזוי ווי איך האָב ליעב זיי און זיי מיך און מיר אַלע די גאַנצע וועלט! און איך בין געפאַלען מיין חבר אויפ׳ן האַלז און האָב מיך צעקושט מיט איהם, און אין איין וועגס מיט מיין כלה, און האָב זיי פאָרגעשטעלט איינס דאָס אַנדערע: „דאָס איז מאַ־דעמואזעל... פריילין... ע־ע־ע... מיין כלה... זי הייסט... יאָ! און דאָס איז הערר... מאָסיע... ע־ע־ע... דאָס איז מיין בעסטער טייער־סטער חבר... זיין נאָמען איז... איך האָב דיר, דאַכט זיך, דער־צעהלט פון איהם, נשמה מיינע? מע רופט איהם... ער וועט דיר שוין אַליין זאָגען, ווי אַזוי מע רופט איהם... ווי אַזוי רופט מען דיך? דו ווייסט דאָך, ווי אַזוי מע רופט דיך! וואָס שווייגסט דו?!...

איהר פערשטעהט דאָך שוין מסתמא, פאַר וואָס מיין חבר האָט געשוויגען? ער האָט געווים גערעכענט, אַז פאַר גרוים גליק בין איך אַראָפּ פון זינען... נאָר וואָס מיין כלה האָט זיך בשעת מעשה געטראַכט — דאָס ווייס איך ניט עד היום הזה. מיר זענען שוין, ברוך השם, מאַן און ווייב עטליכע יאָהר און מיר רעדען נישט דערפון עד היום הזה. עס איז אונז ביידען נישט אַנגענעהם דערפון צו רעדען. ס׳איז דאָ זאַכען, וואָס מע וויל זיי פערגעסען, אויסמעקען פונ׳ם זכרון, נאָר עס איז אונמעגליך! דאָס, וואָס מע דאַרף געדענקען, פערגעסט מען, און דאָס, וואָס מע וויל פערגעסען, געדענקט זיך... דאָס איז, הייסט עס, דער היוצא לנו מזה, די מאָראַל פון דער געשיכטע. איך האָב געענ־דיגט. אַצינד זאָלען אַנדערע דערצעהלען.

אַזוי האָט אויסגעלאָזט דער יונגער פּאָעט, און מיין קאָלעגע מיט׳ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע מיט אַ קללה, ווי זיין שטייגער איז אַלע מאָל, ווען ער רעדט פון דעם, וואָס ער האָט ניט ליעב.

---

ד.

# ווי אזוי רופט מען מיך?

— אז עס האָבען זיך אָנגעהויבען ביי אונז אין אדעס די בהלות מיט'ן שיף פּאָטיאָמקין, מיט די באָמבעס, וואָס זענען געפלויגען איבער אונזערע קעפּ, און מיט די שרפות און הריגות, האָב איך געזאָגט: איינגעזונקען זאָל דאָס ווערען היינטיגען טאָג, איך וויל ניט זיין דערביי! איך וועל מיר בעסער פאָהרען אין עק וועלט, חאַפּט דאָס דער רוח! און איך האָב מיך גענומען גרייטען אין וועג אריין. נאָר עס איז גרינג צו זאָגען: פאָהרען! אזוי גיך לאָזט אייך ארויס קוואס פון דער פּאַס? מע דארף א פּאַס!... איך בין ניט שולדיג, וואָס עס גראמט זיך ביי מיר קוואס מיט פּאַס און מיט פּאַס און מיט גאַס און מיט משוגעת... יאָ, איז וואו האַלט איך? דארף מען אָנהויבען ארבייטען מכח א פּאַס, האָבען צו טהון מיט אַלערליי פּארשוינען, ימח שמם וזכרם, און בעקענען זיך מיט די שרייבערלעך, עס זאָל אויף זיי קומען א חלירע היינטיגען טאָג!...

— איהר זענט שוין אבאַלד פּארטיג מיט דער גאַנצער תוכחה. אפשר וואָלט געווען א סברה, איהר זאָלט אויפהערען שעלטען און בעסער דערצעהלען טאקי די מעשה אַליין?

אזוי האָט זיך אָנגערופען דער זיידע, און מיין קאָלעגא מיט'ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט גענומען פאָרטזעצען זיין ערצעהלונג:

— איך שעלט דען ווען? חאַפּט עס דער רוח! איך זאָג עס גלאַט אזוי, זאָל עס אייך געהן כף־הקלע! הכלל, האָב איך גענומען אויסאַרבייטען מיר א פּאַס. און וואָס עס הייסט ביי אונז אויסאַרבייטען א פּאַס — דאָס דארף איך אייך, דאַכט מיר, ניט דערצעהלען? אויסאַרבייטען א פּאַס הייסט: בעקענען זיך מיט אַלע מאָרדעס פון אַלע פּאַראַזיטען און טיילען געלד, ווי, להבדיל, ביי אידען ערב יום־כפּור ביי דער שוהל. יעדער מאָר־

דע — א קאַרב! בקצור, איך האָב מיך אָנגעקוקט מיט גענוג מאָרדעס, ביז איך בין געקומען צו יעהאָ בלאַהאָמאָרדיע דעם אָדון אליין... דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום, בין איך אריינ־געקומען צום אָדון אין קאַבינעט אריין און געטראָפען איהם ביי דער רעכטער ארבייט — סקריפּען מיט דער פּען. און דאָס ווייסט איהר דאָך, אז א טשינאָווניק סקריפּעט מיט דער פּען, איז ער דעמאָלט — חיות ניט זיכער! די גאַנצע וועלט מעג אונטערגעהן, מוז מען שטעהן און אָפּווארטען, ביז ער וועט אויפהערען צו סקריפּען. איך בין אָבער זעהר קיין בעלן ניט צו שטעהן ביי דער טהיר און ווארטען ביז יעהאָ בלאַהאָמאָרדיע וועט אמאָל אויפהערען סקריפּען. האָב איך מיך מיישב געווען און האָב מיר געגעבען א הוסט אזוי פון דער גרינג, געשיקט א שטאָפּעט, הייסט עס, אז עס איז געקומען א מענש...

מיין אָדון אָבער הערט ניט אויף צו סקריפּען. בין איך מיך מיישב און געב אַ העכערען הוסט. הויבט ער אויף דעם קאָפּ, שטעלט ארויף אויף מיר א פּאָר אָנגעגאָסענע אויגען און עפּענט־אויף א געמבע:

— טשטאָ נאַדאָ? (וואָס דאַרפסט דו?)

ווער איך דאָך מסתמא שוין אָנגעצונדען, ווי א שוועבעלע. וואָס איז דאָס פאַר א „טשטאָ נאַדאָ“? און וואָס דאַרף מען עפּענען אזא מויל? איך, אז איך ווער אין כעס, פערגעס איך באַלד אויף וואָס פאַר א וועלט איך בין; עס ווערד מיר פינסטער אין די אויגען, עס הויבט מיר אָן צו קיצלען אָט־אָ־דאָ אין נאָז. וואָס עס קומט מיר אין מויל אריין דאָס זאָג איך, און עס גלוסט זיך מיר צעברעכען וואָס איך זעה, צערייסען, מאַכען א תל! איך געדענק א מעשה, איך בין געווען א קינד נאָך, א יתום בין איך געווען, און האָב פיינט געהאַט דאָס וואָרט „יתום“ אזוי ווי חזיר, און האָב נישט געקאָנט ליידען, אז מע האָט מיר ארויסבעוויזען, אז מע האָט רחמנות אויף א יתום. רחמנות אז מע בעווייזט ארויס פאַר דער גאַנצער וועלט —

עקעלט דאָס, שלאָגט צו דער נאָל, פּאַסקודסטווע! בקיצור, איך בין געווען אַ יתום און מע האָט אויף מיר געהאַט רחמנות, און מעהר פון אַלע האָט אויף מיר רחמנות געהאַט אונזער שכנה, יהושע׳כע האָט מען זי גערופען. איז זיך מיישב איינמאָל אָט די יהושע׳כע און האָט רחמנות אויפ׳ן יתום און נעמט איהם אָן, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אַ פּאָר הויזען. מילא, איך זאָל אייך דערצעהלען די גרויסקייט, די שענקייט און די רייכקייט פון די הויזען — איז ניט שייך. איין מאָל אין הונדערט יאָהר גיט זיך איין אַזאַ פּאָר הויזען. איך ווייס ניט, אויב מע קריגט זיי היינט פאַר דריי רובל אַ טוץ! מילא, בין איך אייך נישט אויסען. איהר האָט נאָר בעדאַרפט אָנקוקען, ווי די יהושע׳כע האָט צונויפגערופען אַלע שכנות מיט אַלע יענטע־מירעלס פון דער גאַס, צענומען די הויזען, בעוויזען די הויזען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַלע זאָלען זעהען, וואָס פאַר הויזען אָט די יהושע׳כע האָט אָנגענומען דעם יתום. און די גאַנצע וועלט האָט זיך געשפּיגעלט אין די הויזען, בעטראַכט זיי ווי איין אבן־טוב, געשאַצט און מקנא געווען ניט אַזוי דעם יתום אויף די בעריהמטע הויזען, ווי יהושע׳כען אויף דער מצוה... איך בין געשטאַנען פון דער ווייטען אַ צעקאָכ־טער, טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט, ניט אין די אויגען, נאָר אָט אַ־דאָ־אָ, אין גאָרגעל. יהושע׳כע האָט מסתמא גערעכענט, אַז איך בין אויפ׳ן זיעבעטען הימעל פון דער מתנה, נאָר איך שעם זיך, האָט זי זיך אָנגערופען צו מיר זיס אַזוי ווי צוקער:

— קום אַהער, יתום, שעם זיך ניט, מעסט נאָר אָן אויף אַ מינוט די הויזען, וואָס איך האָב דיר אויפגענעהט.

מעהר האָט מען נישט בעדאַרפט. איך בין צוגעלאָפען, גע־חאַפּט די הויזען, אַריינגעפּאָהרען אין זיי פריהער מיט די נעגעל, נאָכדעם מיט די צייהן, דאָס איבעריגע מיט די פיס — קורץ, עס איז אין עטליכע מינוט פון די הויזען געבליבען נאָר אַ זכר, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ פּאָר הויזען אויף דער וועלט, און נישט מעהר... בקיצור, וואו־זשע האַלט איך? יאָ, ביי מיין אָדון בפקדך, ווי ער

האָט מיך אָפּגעגאָסען מיט זיין געשריי „טשטאָ נאַדאָ" און ווי אַזוי איך בין שוין געוואָרען אין כעס און האָב איהם שוין געוואָלט אָפּשפּיעלען אַ וויוואַט, ווי עס געהערט צו זיין. האָב איך מיך אָבער בערעכענט: וואָס וועט זיין דערפון? איך קאָן דאָך דער־ווייל בלייבען אָהן אַ פּאַס! האָב איך מיך איצטיגס מאָל איינגע־האַלטען און געה־צו צום טיש און דערלאַנג איהם די פּאַפּיערען אָהן ווערטער. מיין אָדון האָט געגעבען אַ קוק־אַריין אין די פּאַ־פּיערען און אַ פרעג ביי מיר: „ווי אַזוי רופט מען דיך?" שווייג איך. דער־זעהן, אַז איך שווייג, האָט ער דאָס קול געהעכערט אויף אַ פּאָר טענער און האָט מיך אַ פרעג געטהאָן נאָך אַ מאָל: „ווי אַזוי רופט מען דיך? ווי אַזוי איז דיין נאָמען?!"... מיין נאָמען??? ווי איהר זעהט מיך לעבען, הערט איהר, פּונקט אין דער מינוט האָב איך פערגעסען, אַז חוץ מיין פּסעוודאָנים האָב איך מיין איינענעם נאָמען. אָבער ווי אַזוי, מיינט איהר, פערגעסען? טאַקי פערגעסען! לחלוטין פערגעסען! אַלע נעמען פון דער גאַנצער וועלט האָב איך געדענקט; אַלע נעמען פון מיינע קרובים, פריינד און בעקאַנטע זענען מיר געשטאַנען פאַר מיינע אויגען, נאָר איין נאָמען, מיין אייגענער נאָמען, איז אַוועק וואו דער ליעבער שבת־קודש געהט אַוועק, פערשוואונדען געוואָרען! הערט אַ מעשה! „רבונו של עולם! ווי אַזוי הייס איך? ווי אַזוי רופט מען מיך? נו???"... פערגעסען, חאָטש האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ! וואָס טהוט מען דאָ? דער אָדון קוקט אויף מיר מיט אויגען, ווי אויף אַ רעכטען שאַלטיס. „אָט־אָט — טראַכט איך מיר — מאַכט ער מיר אַ דריי־נאַרענדיגען מי־שברך מיט אַ בגימטריא, טהוט אַ קלונג און עס קומען־אַריין צוויי מלאכי־חבלה און מע חאַפּט מיך אויף, ווי דער רוח דעם מלמד, און מע פיהרט מיך אָפּ מיט כבוד גלייך אין חאָ־לאָדנע אַריין! איך האָב עס פיינט, ווייל דעם טעם פון דעם האָב איך שוין פערזוכט. גענוג! מעהר וויל איך ניט.

איז דאָך אָבער דאָ אַ גרויסער גאָט, וואָס פיהרט־אויס דעם גערעכטען, גיט ער מיר איין אַ שכל, איך זאָל מיך האַלטען שטאַרק

אזוי ווי אייזען. און די לייט, אז מע האלט זיך מיט זיי שייגעצע־וואטע און מע הויבט אויף דאס קול נאר אויף איין טאן העכער, אזוי ווערען זיי אייך באלד ווייך, חאטש לעג זיי צו צו א מכה. כך הוה. אט וועט איהר הערען, וואס פאר א שמועס עס האט זיך צווישען אונז פערבונדען. איך געב איהם אייך איבער אקוראט:

ער: ווי אזוי רופט מען דיך?

איך: וועמען? מיך?

ער: וועמען דען? מיך?

איך: אזוי ווי איך שטעה אין די פאפיערען.

ער: ווי אזוי שטעהסט דו אין די פאפיערען?

איך: לייענען קאנסט דו?

ער: ווער? איך?

איך: ווער דען? איך?

ער (שטארק אויף א קול): קאאאק! מיט מיר רעדסט דו אזוי? מיט מיר? דו ווייסט, מיט וועמען דו רעדסט?!

איך (אויך שטארק אויף א קול): און דו ווייסט, מיט וועמען דו רעדסט?

דערהערט פון מיר אזא הויכען טאן, צו וועלכען ער איז זינט ער לעבט נישט געוואהנט געווארען צו הארכען פון א אידען, האט ער גענעבען א קוק־אריין אין מיינע פאפיערען און האט איבער־געלייענט אין דער הויך מיין נאמען — און מעהר האב איך ניט בעדארפט!

וואס ווייטער איז געווען — איז שוין ניט אינטערעסאנט. איך בין, ברוך השם, ארויס בשלום און דאנק און לויב גאט אלע טאג און אלע שעה, וואס ער האט מיך אויסגעלייזט פונ'ם דאזיגען גלות, הלואי איך זאל פון איהם שוין קיינמאל ניט וויסען!

— אָמן! — האָבען מיר זיך אָפּגערופען אַלע דריי, און דער זיידע האָט אַ וואונק געטהאָן צו מיר, אַז איצט איז מיין צייט צו דערצעהלען. און איך בין צוגעטראָטען צו מיין געשיכטע „מיט די דריי שטעדט".

---

## ה.

# אַ מעשה מיט דריי שטעדט

— רבותי! דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָהר פריהער פאַר דער „קאָנסטיטוציע". איך בין דעמאָלט געווען אויף מיין רייזע איבער שטעדט און שטעדטלעך. איך האָב געמאַכט אַ טורנע צו גונסטען פון פערשיעדענע חברות איבער גאַנץ ליטא. איינמאָל ארום חנוכה קומען מיר אָן עטליכע איינלאַדונגען מיט אַ מאָל פון דריי שטעדט: מאָהליוו, וויטעבסק און סמאָלענסק, וואָס געפינען זיך אין שכנות, אַלע דריי אויף איין ליניע, און פון אַלע דריי שטעדט פון פערשיעדענע חברות: פון „ריינע ציוניסטען", פון „פּועלי־ציוניסטען" און פון „בונדיסטען". זעלבסטפערשטענדליך, אַז די אַלע חברות האָבען געלעבט צווישען זיך פריינדליך, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. די „ריינע ציוניסטען" האָבען חלילה קיין שלעכטס אויף זייערע חברים די „פּועלי־ציוניסטען" נישט גערעדט. זיי האָבען נאָר געשריבען, אַז זיי ווייסען, אַז די „פּאַלשע ציוניס־טען" קלויבען זיך אַראָפּברענגען מיך אין די אויבענדערמאַנטע דריי שטעדט, בכדי אויסצונוצען מיך צו זייער ארבייט, וואָס האָט מיט ציוניזם גאָר נישט צו זאָגען. די „פּועלי־ציוניסטען" האָבען אויך נישט בענוצט זיך מיט שאַרפע ווערטער קעגען זייערע קאָלעגען, די „ריינע ציוניסטען". זיי האָבען נאָר בעדויערט, וואָס די דאָ־זיגע פאַלשע משיחם, די שבתי־צבי'ניקעס, פיהרען אגיטאַציע פאַר איין אינסטיטוט, וועלכער איז שוין לאַנג טוידט... דערפאַר האָבען די „בונדיסטען" אויסגעגאָסען כל חמתם אויף ביידע ציוניסטישע

חברוה, און פערזיכערט מיך, אז מיין קומען צו זיי איז א גאראנ־טירטער דורכפאל... קורץ, מיט מיר איז געווען ניט פריילין. וואס טהוט מען דא? בין איך געפאלען אויף א המצאה, אויף א אידישע פשרה: „יחדיו" און „יחלוקו". דאס הייסט, איך האב זיי אפ־געענטפערט: „קינדערלעך, אזוי און אזוי. איך קום צו אייך צו פאהרען נאר מיט א תנאי, איהר זאלט זיך פעראייניגען אלע דריי חברות פאר אלע דריי שטעדט"... נאך א קורצער אונטערהאנדלונג איז מיין פראיעקט אנגענומען געווארען, און עס האבען אנגעהויבען לויפען הין און צוריק ברייוולעך מיט דעפעשען וועגען מיין מאר־שרוט, אין וועלכער שטאדט איך זאל זיין פריהער. דער דאזיגער פונקט איז אונז אנגעקומען שווערער, ווי אלע אנדערע פונקטען. אלע טאג האט מען געענדערט דעם פלאן: פריהער איז געווען ביי אונז בעשטימט, אז איך פאהר קיין מאהליוו, פון מאהליוו קיין וויטעבסק, פון וויטעבסק קיין סמאלענסק און פון סמאלענסק צוריק איבער מאהליוו אהיים. נאכדעם איז געבליבען, איך זאל בעסער פריהער פאהרען קיין סמאלענסק, און פון דארטען קיין מאהליוו, און פון מאהליוו קיין וויטעבסק, און צוריק איבער מאהליוו אהיים. נאכדעם איז דער פלאן אויך צעשלאגען געווארען, און עס איז געבליבען, אז איך פאהר קודם קיין וויטעבסק, פון וויטעבסק קיין מאהליוו, פון מאהליוו קיין סמאלענסק, פון סמאלענסק צוריק איבער מאהליוו אהיים. האבען זיך חברה בעטראכט און האבען בעסער אויסגעארבייט א נייעם פלאן, טאקי פון מיין טובה וועגען, אז איך זאל קודם זיך אראפחאפען קיין סמאלענסק, פון סמאלענסק קיין וויטעבסק איבער מאהליוו, און פון וויטעבסק צוריק קיין מאה־ליוו, און פון מאהליוו באלד נאכ'ן אווענד גלייך אהיים. טעג האב איך געהאט דערויף: דעם 18טען, 19טען, 20טען. אלזא, גע־דענקט־זשע דעם חשבון מיט קאפ: דעם 18טען — סמאלענסק, דעם 19טען וויטעבסק, דעם 20טען — מאהליוו. ארויסגעפאהרען בין איך דעם 17טען אויף דער נאכט, גענעבען דריי דעפעשען אין אלע דריי שטעדט, אז איך קום צו דער בעשטימטער צייט, און דער

עולם האָט דאָרט צוגעגרייט אַלסדינג, וואָס מע דאַרף, געדרוקט פּלאַקאַטען, בילעטען, פּראָגראַמעס און אַזוי ווייטער. פאָהרענדיג צו דער באַהן, האָב איך אָנגעהויבען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל צעקייען און איבער׳חזר׳ען מיין מאַרשרוט, און מחמת זיי האָבען מיר פערדרעהט דעם קאָפּ מיט זייערע אַלע מאָל נייע פּלאַנען, האָב איך, גאַנץ נאַטירליך, פערלאָרען דעם חשבון, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך דאַרף זיין דעם 18טען אין וויטעבסק, דעם 19טען אין סמאָלענסק און דעם 20טען אין מאָהליוו. כך הוה. איך האָב גענומען אַ בילעט און פאָהר מיר גאַנץ רוהיג קיין וויטעבסק. איך קום צו פאָהרען קיין וויטעבסק אויפ׳ן וואָקזאַל, איך דרעה מיך אַרום אַ האַלבע שעה, אַ שעה, צוויי שעה, טאָמער וועל איך עמיצען דערזעהען פון די ציוניסטען אָדער פון די בונדיסטען? קיינער איז נישט אַרויסגעקומען מיך אָפּנעמען, מקבל פּנים זיין!

טאַקי ציוניסטען און טאַקי בונדיסטען, און פאַרט ניט אין אָרדנונג... און איך האָב מיר גענומען איין עקיפּאַזש און הייס מיך פיהרען אין דעם גרעסטען האָטעל. געדונגען אַ נומער, זיך איינגעוואַשען, איבערגעטהאָן גאַנץ רוהיג, און טראַכט מיר: „אַז איהר זענט יאָ אַזעלכע חברה־לייט, זענט איהר נישט קראַנק מיך זוכען אין אַלע האָטעלען. נישקשה, שלום־עליכם איז ניט קיין שפּילקע, איהר וועט איהם אַזוי לאַנג זוכען, ביז איהר וועט איהם געפינען״... אַראָפּגעגאַנגען אונטען אין רעסטאָראַן עסען מיטאָג, איך טהו אַ קוק: צוויי גרויסע פּלאַקאַטען:

„אַ גאַסט ביי אונז אין שטאָדט! אַ גאַסט!!!
שלום־עליכם דער גרעסטער אידישער הומאָריסט!
דעם 19טען...״

— דעם 19טען? וואָס הייסט דעם 19טען?... — און איך רוף־צו דעם קעלנער, אַ בחורעץ אַ ליטוואַק מיט רויטע הענד, מיט שוואַרצע פּיסקעס און מיט אַ ווייס טישטיכעל אונטער׳ן אָרעם פונ׳ם קוויטיגען פראַק.

— זאָג מיר נאָר, מיין טייערער, וואָס האָבען מיר היינט ?

דער בחורעץ דער קעלנער האָט אויסגעשנייצט די שווארצע נאָז אינ'ם ווייסען טישטיכעל און א זאָג געטהאָן צו מיר :

— היינט ? היינט האָבען מיר א בוראקאָווע באָרשט מיט קרויט, זעהר א גוטען באָרשט, א זראזע מיט פארפעלעך, און קאטשקע, אויב איהר ווילט...

— ניין, — זאָג איך — נישט דאָס מיין איך. איך מיין, וואָס פאר א טאָג האָבען מיר היינט ?

דער בחורעץ האָט זיך אביסעל פערטראכט :

— וואָס פאַר א טאָג מיר האָבען היינט ? דיענסטאָג, דעם 18טען.

— ווי אזוי זשע, זאָג איך, הייסט די שטאָדט ?

— וואָסער שטאָדט ?

— אָט די שטאָדט, זאָג איך, אייער שטאָדט ?

בלייבט ער שטעהן און קוקט מיך אָן און מאכט צו מיר :

— וואָס הייסט, ווי אזוי הייסט די שטאָדט ? די שטאָדט הייסט וויטעבסק, הייסט די שטאָדט !

— דו לייגסט ! — זאָג איך צו איהם. — עס האָט זיך דיר געחלום'ט, מיין טייערער. אייער שטאָדט הייסט סמאָלענסק, ניט וויטעבסק !

— חי־חי־חי !... חי־חי־חי !...

דער גרעסטער אידישער הומאָריסט האָט, אפנים, אויסגעזעהען ביי'ם בחור דעם קעלנער אין די אויגען פאר'ן גרעסטען טפש אין דער וועלט, מחמת ער, דער בחור דער קעלנער, האָט זיך אָפגע־קערעוועט אָן א זייט, בעהאלטען די שווארצע מאָרדע אינ'ם ווייסען סערוועטעל, איך זאָל ניט זעהען, ווי ער שטיקט זיך פאר געלעכ־טער. און איך נעם מיך נאָך א מאָל צו די פלאקאטען און לייען. עס שטעהט מיט גרויסע אותיות :

„שלום־עליכם אין וויטעבסק!"...

אין וויטעבסק? רבונו־של־עולם! ווי קום איך קיין וויטעבסק, אז איך בין גאָר היינט אין סמאָלענסק? בקיצור, איך קאָן מיר שוין קיין אָרט ניט געפינען. ווער מיר באָרשט? וואָס מיר קאַטש־קע? מע דאַרף אַוועקפאָהרען פון דאַנען, לויפען קיין סמאָלענסק. נאָר, אום איך זאָל וויסען אַקוראַט, וואו איך האַלט אין די יוצרות, וועל איך בעסער פריהער טעלעגראַפירען אַהיים צו מיין ווייב, זי זאָל מיר באַלד געבען צו וויסען דורך אַ טעלעגראַמע, וואו דאַרף איך זיין דעם ערשטען אָבענד?... אין די זאַכען, וואָס געהערען זיך אָן מיט צייט און מיט מאַרשרוט, איז מיין ווייב אַ פּראָפעסאָר. און בכדי ס'זאָל ניט נעמען קיין סך צייט, קלאַפּ איך אַוועק צו איהר אַ דעפּעשע, דרינגענד, עטליכע קורצע ווערטער:

„דראַטע פאָסטרעסטאַנטע, וואו בין איך היינט?"

אַוועקגעשיקט די דעפּעשע, האָב איך מיך אַביסעל בערוהיגט און האָב זיך אומגעקעהרט אויף דער סטאַנציע צוריק צום בוראַ־קאָווע באָרשט מיט דער זראַזע און מיט דער קאַטשקע, און האָב זיך צוגעלעגט אַ ביסעל דרימלען און בין, ווי דער שטייגער איז, אַנשלאָפען געוואָרען. אין שלאָף פּלאָנטען זיך מיר חלומות: רויטע ווייבער, שוואַרצע קעץ. איך האָב אַ סימן: וויבאַלד עס חלומ'ען זיך מיר רויטע ווייבער אָדער שוואַרצע קעץ, איז אַ וויסטער סוף. כך הוה: איך חאַפּ זיך אויף — אוי־וועה, שפּעט! מע דאַרף לויפען וואָס גיכער, טאָמער וועל איך נאָך פערחאַפּען סמאָלענסק! און איך לויף אַוועק צו דער באַהן און זעץ מיך אויף און פאָהר קיין סמאָלענסק, און זיצענדיג אין וואַגאָן, הויב איך מיך אָן דער־פרעגען ביי'ם קאָנדוקטאָר, ווען קום איך קיין סמאָלענסק? בלייבט ער שטעהן, קוקט אויף די שפּיץ שטיוועל און זאָגט מיר אָן אַ בשורה, אז אין סמאָלענסק וועל איך זיין מאָרגען זעכס אַזייגער אין דער פריה. ווער איך דאָך מסתמא אויפגעטראָגען:

— וואָס הייסט מאָרגען זעכס אין דער פריה? איך דאַרף דאַרט זיין ניט שפּעטער פון היינט זייגער זיעבען פאַרנאַכט!...

הערט ער מיך אויס, דער קאָנדוקטאָר, גאַנץ רוהיג און גיט מיר צו פערשטעהן מיט'ן זייגער אין דער האַנד, אַז פון דאַנען קיין סמאָלענסק לויפט דער קוריער אויך ניט ווינציגער ווי צוועלף שעה נאָך מיט מינוטען, און איצט האָבען מיר שוין זייגער פיער מיט מינוטען, היינט ווי אַזוי קאָנען מיר זיין היינט אין סמאָלענסק?... קומט־אויס, אַז ער איז גערעכט. נאָר וואָס האָב איך דערפון? פערשפּיעלט סמאָלענסק! וואָס טהוט מען איצטער? פאָהרען צוריק קיין וויטעבסק? האַפּט דאָס דער רוח! לאָס איך האָטש וויסען, וואו האַלט איך מיט מאָהליוו? דאָס ווייסט אָבער קיינער נישט אַזוי גוט, ווי מיין ווייב. דאָ דערמאָן איך מיך, אַז איך האָב געבעטען מיין ווייב, זי זאָל מיר טעלעגראַפירען קיין וויטעבסק; איצט פאָהר איך קיין סמאָלענסק, — היינט ווי קומט די קאַץ איבער'ן וואַסער? נאָר אַ איד אַ למדן, ווי זאָגט איהר, גיט זיך איין עצה; נעם איך און שרייב אָן נאָך אַ דעפּעשע צו מיין ווייב און געב איבער מיין קאָנדוקטאָר אויף אַ סטאַנציע:

„טעלעגראַפיר סמאָלענסק ווען בין איך מאָהליוו".

אַצינד לאָמיר זיך אַריינלאָזען אויף אַ ווייל אין „הלכות לשון", פילאָלאָגיע, און נעמען איבערזעצען בוכשטעבליך מיינעביידע דעפּעשען פון דער שפּראַך, אויף וועלכער זיי זענען געשריבען, דאָס הייסט פון רוסיש, אויף אונזער לשון, וועט אויסקומען, אַז, ערשטענס, פרעג איך מיך אָן ביי מיין ווייב: וואו בין איך („סראָטשי, גדיע יאַ סעוואָדניאַ?"), און, צווייטענס, הייס איך, מע זאָל מיר טעלעגראַפירען קיין סמאָלענסק בשעת איך בין אין מאָהליוו („טעלעגראַפיראוי סמאָלענסק, קאָגדאַ יאַ מאָגיליאָוויע?"). אַזעלכע צוויי דעפּעשען ווען איהר האָט, למשל, פון איינעם, קאָנט איהר אַנדערש ניט דענקען, סיידען יענער איז געריהרט. און דערצו דאַרפט איהר ניט פערגעסען, אַז סמאָלענסק איז אויך ניט קיין

הונד און האָט אויך ניט געשוויגען. חברה האָבען מיך, געוועהנליך, ערוואָרט דעם 18טען אויפ׳ן וואָקזאַל פון זייגער איינס בייטאָג ביז צוועלף ביינאַכט. עס האָט זיך געטהאָן חושך! דער עולם האָט צעטראָגען דעם זאַל, געשריגען אויף די ציוניסטען, אַז זיי האָבען געמאַכט אַ שווינדעל, אויסגעטראַכט אַ „שלום־עליכם", אויסגענאַרט דאָס ביסעל מינץ. וואָס טויג אייך, מע האָט געמוזט עפענען די קאַסע און אומקעהרען דעם פובליקום דאָס געלד. נאָך האַלבע נאַכט האָבען די ציוניסטען מיט די בונדיסטען פאַר האַרצ־וועהטיג זיך צונויפגעלעגט און אוועקגעקלאַפּט צו מיר אַהיים אַ דעפּעשע:

„וואָס איז מיט שלום־עליכם׳ן?"

אַצינד לאָמיר אוועקוואַרפען דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכה. מיין ווייב זאָל געזונד זיין, אַז זי האָט בעקומען אָט די אַלע דריי פּריילינבע דעפּעשען, האָט זי ניט געמאַכט קיין לאַנגע מחזקות, זיך אויפגעזעצט און איז אוועק גלייך קיין מאָהליוו.

אין פלוג, וועט אייך אויסקומען אפילו אביסעל ווילד: וואָס איז עפּיס קיין מאָהליוו? נאָר אַז איהר וועט מיך אויסהערען ביז׳ן סוף, וועט איהר אַליין זאָגען, אַז זי איז אַ חכמה. ערשטענס, קען זי מיך שוין נישט דאָס ערשטע יאָהר. זי ווייסט, אַז איך טעלע־גראַפּיר צו איהר פון וויטעבסק, אַז זי זאָל טעלעגראַפּירען קיין סמאָלענסק, איז אַ סימן, אַז איך בין אין מאָהליוו. זי געדענקט, פערשטעהט איהר מיך, אַ מעשה שהיה. איך בין אמאָל געוועזען אין וואַרשאַ און געפאָהרען אויף פסח אַהיים קיין קיעוו. פּלוצים קומט איהר אָן פון מיר אַ דעפּעשע דעם ערשטען טאָג פסח, אַז איך האַלט יום־טוב אין האָלענדרע, ניט ווייט פון וואַפּניאַרקע. ווי קום איך קיין וואַפּניאַרקע, אַז וואַפּניאַרקע ליגט גאָר אויפ׳ן וועג צווישען זשמערינקע און אָדעס? אַ פּאָלג מיך אַ גאַנג! זאָלט איהר ניט פרעגען קיין קשיות. איך האָב עס ניט געטהאָן חלילה פאַר שלעכטיגקייט. מיין מיין איז געוועזען צו גוטען. איך

האָב מיך זעהר געאײלט, געװאָלט קומען אהיים װאָס פריהער, גע־ביטען אײן שנעלצוג אויפ'ן אנדערען אזוי לאנג, ביז איך האָב מיך ארויפגעשלאָגען אויף אדעסער ליניע און געבליבען שטעקען אויף א סטאנציע האָלענדרע. נאָר גם זו לטובה. עס איז נאָך דאנקען גאָט, װאָס איך בין ניט פערפאָהרען קיין ריגא. דאָס נעמט זיך פון חאַפּעניש. ניט אומזיסט זאָגט דאָס פאָלק א װערטעל: פון אײלעניש קאָן קיין נוטס נישט ארויסקומען... דאָס האָט איהר אײך אלזאָ נומער אײנס.

והשנית, איז מײן װײב געגאנגען מיט א רעכענונג, אז לויט מײנע דעפּעשען האָט דאָס אומגליק בעדאַרפט פּאַסירען ניט אין װיטעבסק און ניט אין סמאָלענסק, נאָר ערגיץ צװישען די דאָזיגע צװײ שטעדט. דעריבער האָט זי ניט געקאָנט אויסקלויבען קיין בעסערען מיטעלפּונקט אלס די שטאָדט מאָהליװ. עס איז פאַר איהר נישט געװען קיין שום ספק, אז אויפ'ן בעסטען פאַל האָט דאָ געמוזט פּאַרקומען א צוזאַמענשטויס פון צװײ לאָקאָמאָטיװען, אײנער פון סמאָלענסק קיין װיטעבסק, דער אנדערער פון װיטעבסק קיין סמאָלענסק. פון אזאַ צוזאַמענשטויס, האָט זי גערעכענט, האָבען אלע װאַגאָנעס געמוזט צעבראָכען װערען אויף שפּענדלעך; גע'הרג'עטע אויף טוידט — נישט װײניגער פון צװײ הונדערט; שװער פערװאונדעטע — עטליכע הונדערט, צװישען זײ — א סך געריהרטע פונ'ם זינען, און צװישען די לעצטע — געװעהנליך איך.

בכלל, דאַרפט איהר װיסען, האָט מײן װײב א טבע, אז טאָמער פאָהר איך אָפּ פון דער הײם, אזױ הויבט זי אָן איבערקלערען אויף מיר די שרעקליכסטע צופאַלען, װאָס קאָנען זיך נאָר טרעפען אויף דער װעלט. װאו ערגיץ א צרה, א שלאַק, אײן אומגליק אויף דער באהן, אײן אײנגעפאַלענע בריק, א דונערשלאַג, אײן ערד־ציטערניש, א שרפה, א פלוצליכע עפּידעמיע, אײן איבערפאַל פון בעװאָפענטע גזלנים, א ביס פון א שלאַנג, װאָס טרעפט זיך אײן מאָל אין פינף הונדערט יאָהר — אָט די אלע זאַכען װאַרטען,

נאָך איהר מיינונג, אויף מיר און קוקען אַרוים, ווען איך וועל דאַר־פען פאָהרען. און אַז איך קום אַהיים גאַנץ, גלויבט זי ניט איהרע אויגען; זי קוקט אויף מיר ווי אויף אַ מוצלח, וואָס איז אַרוים גליקליך, ממש פון טוידט לעבעדיג, און זי בענשט גומל.

איצטיגס מאָל, אַז זי האָט מיך דערזעהען געזונד און שטאַרק, האָט זי זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. פרעג איך זי: „וואָס וויינסט דו, נאַרעלע?" ענטפערט זי מיר: „ער פרעגט נאָך, וואָס איך וויין! עס איז איהם דאָס אַנדערע „ראָוונע!"...

וואָס פאַר אַ „ראָוונע", פרעגט איהר? דאָס איז זיך אויך אַ מעשה פון מיינע נסיונות. אויב איהר האָט שטאַרק חשק, וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס ס'האָט זיך געטראָפען מיט מיר אין ראָוונע. דאָס איז געווען פאַר עטליכע יאָהרען, בין איך געלעגען אין פעטערבורג וועגען אַ אידישער צייטונג, און איך האָב מיך געקלויבען פאָהרען אַהיים איבער ווילנא. האָב איך אָפּגערעדט מיט מיין פרוי, אַז איך פאָהר אַרוים אַזאַ און אַזאַ טאָג פון פעטער־בורג, און אויב איך דאַרף זיין אין ווילנאָ, וועל איך אָפּשטעהן אַ טאָג אָדער צוויי אין ווילנאָ, און פון דאָרטען — אַהיים, און אויב איך דאַרף ניט ווילנאָ — פאָהר איך גלייך פון פעטערבורג אַהיים. בך הוה. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז איך דאַרף מיך אין ווילנא ניט אָפּשטעלען און אַז איך פאָהר גלייך. דאָס, האָב איך גע־וואוסט, וועט ביי מיין ווייב זיין זעהר אָנגעלעגט, האָב איך איהר געגעבען אַ דעפּעש שוין פון וועג, ביינאַכט; פערשלאָפען בין איך געווען, האָב איך די ווערטער „איך פאָהר גלייך" איבערזעצט אויף רוסיש אַ ביסעל נישט ריכטיג, דהיינו: אָנשטאָט „יעדו פריאַמאָ", האָב איך געשריבען: „יעדו ראָוונאָ"... און מחמת איך האָב שוין אַ צייט ניט געזעהען זיך מיט די קינדער, האָב איך צוגעשטעלט נאָך צוויי ווערטער: „ווסטרעטשיי דיעטמי", דאָס הייסט: זאָלסט מיך בעגעגענען מיט די קינדער. קורץ און גוט, איך קום צו פאָהרען אַהיים פאַרנאַכט, איך לויף אַרום ווי אַ משוגע'נער איבער'ן

וואָקזאַל — ווער מיר ווייב? וואָס מיר קינדער? קיין נפש נישט! איך פאָהר־צו צו מיין שטוב — פינסטער, ווי אויף א בית־הקברות! איך קלינג און קלינג, איך רייס דאָס גלעקעל, איך קלאַפּ אין טהיר — קוים מיט צרות, עס האָט זיך בעוויזען א קעכין, א פערשלאָפענע ווי א קאַץ, א שווארצע ליטוועטשקע. איך טהו זי א חאַפּ, די ליטוועטשקע:

— וואו איז די מאַדאַם? וואו זענען די קינדער?

— אַוואו די מאַדאַם? — ענטפערט מיר די ליטוועטשקע מיט א שמיר איבער דער נאָז. — די מאַדאַם איז ניסטאָ!

— וואָס הייסט זי איז ניסטאָ? — פרעג איך זי איבער אויף איהר שפּראַך.

— זיי זענען דאָך אוועקגעפאָהרען!

— וואָס הייסט זיי זענען אוועקגעפאָהרען? וואוהין זענען זיי אוועקגעפאָהרען?

— איך וויים וואוהין? קיין ראָוונע.

— וואָס עפּים קיין ראָוונע?

— וואָס פרעגט איהר מיר? איהר האָט דאָך זיי אַליין ארויס־גערופען קיין ראָוונע?

— איך האָב זיי גערופען קיין ראָוונע? איך?

— ווער דען? איך? — אזוי מאַכט צו מיר די קעכין די ליטוועטשקע, און עס דאַכט זיך מיר, אז זי לאַכט.

איהר פערשטעהט? מיר טריפט זיך בלוט — און זי לאַכט! איך שווער אייך בנאמנות, הערט איהר, עס איז א שאַנדע צו זאָגען, קיין אַנדערען וואָלט איך עס ניט דערצעהלען, אָסור אויב איך האָב אויף מיין לעבען מיט א פינגער אמאָל אָנגעריהרט א מענשען!... נאָר די דאָזיגע פערשלאָפענע ליטוועטשקע מיט איהר נאַריש גע־לעכטערעל האָבען מיך אזוי ארויסגעבראַכט פון די כלים, אז איך האָב מיך פערגעסען, וואו איך בין אין דער וועלט!... וואָס, מיינט

איהר, איז געווען דער סוף? איך האָב געהאַט אויף זיך אַ משפט... דאָס וואָרט „ראַוונע" האָט מיך געקאָסט געלד און איך האָב נאָך בעדאַרפט בעטען מחילה ביי דער ליטוועטשקע...

הכלל, דערהערט אַזאַ גוטע בשורה, אַז מיין ווייב איז מיט די קינדער אין ראַוונע, חאַפּ איך דאָך מסתמא די פיס אויף די פּליי־צעס און פליה קיין ראַוונע. איך קום צו פאָהרען קיין ראַוונע — ווער? וואָס? ניטאָ קיינעם! איך הויב מיך אָן דערפרעגען, צי איז ניט געווען דאָ ערגיץ אַזאַ און אַזאַ פרוי מיט עטליכע קינ־דער? זאָגט מען מיר: געווען און אוועקגעפאָהרען. דאַרף מען פאָהרען צוריק אַהיים, הייסט עס? איך קום צו פאָהרען אַהיים, טרעף איך ביי מיר אין שטוב דעם דאָקטאָר. וואָס איז שוין? מיין פרוי איז קראַנק געוואָרען פאַר צרות...

— נו, פרעג איך דיך, — אַזוי זאָג איך צו איהר נאָכדעם, אַז מיר ביידע האָבען זיך שוין אביסעל בערוהיגט — וואָס ביזט דו געפלויגען מיט די קינדער קיין ראַוונע און וואָס האָסט דו, אייגענט־ליך, געקלערט?

— זאָלסט מיך גאָר ניט פרעגען! — מאַכט זי צו מיר. — איך, אַז איך האָב דערהאַלטען דיין דעפּעש, איך זאָל פאָהרען מיט די קינדער צו דיר קיין ראַוונע, בין איך שיער ניט משוגע געוואָרען. אַלערליי מחשבות זענען מיר דורכגעפלויגען אין קאָפּ. איך האָב ניט אַנדערש גערעכענט, אַז דו ביזט חלילה פערשלאָפּט געוואָרען אין מיט'ן וועג, ערגיץ ניט ווייט פון ראַוונע, אָדער אויף אַ טיפוס, אָדער אויף שוואַרצע פּאָקען...

— פון וואַנען האָבען זיך גענומען שוואַרצע פּאָקען? — פרעג איך זי איינגעהאַלטען.

— איך האָב גראַדע דעם טאָג געלייענט — זאָגט זי — אַ בלאַט, אַז עס געהען־אַרום אַצינד שוואַרצע פּאָקען אין... אינדיע.

דאָ קאָן איך מיך שוין מעהר ניט איינהאַלטען און שפּרינג־אונטער אויפ'ן בענקעל.

— איך פערשטעה ניט! וואו איז אינדיע און וואו איז פעי־טערבורג?!

קוקט זי אויף מיר, ווי א מאמע אויף א קינד, און מאכט צו מיר:

— א קשיה אויף דיר!

. . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . .

נו, וויפיעל איז ווערטה אזא ווייב?

---

ז.

## די היסטאָריע פון דער „קליאַטשע"

די זון האָט געהאַלטען אין רעכטען בראָטען, אין רעכטען באַקען, אָנגעגליהט די שטיינער פונ'ם בארג, ווי איין אייזענפּרעס, און געמאַכט אונז אַזוי צו שוויצען, אַז מיר האָבען געמוזט אראָפּ־ווארפען פון זיך די קאַפּאָטעס, זיך ווישען דעם שוויים און געהן באַרג־אַרויף אַ ביסעל ניט אַזוי ראַשיג, פּאַוואָלינקע, אַזוי לאַנג, ביז מיר האָבען אָנגעהויבען פיהלען פיס — און דאָס איז אַ שלעכטער סימן, וואָרום איין איבר פון אַ מענשען האָט ליעב, מע זאָל איהם ניט פיהלען; קוים פיהלט איהר איהם, איז ניט גוט — דאָס האָב איך געהערט נאָך אין חדר פון מיין רבי'ן, וואָס פלעגט אויך מאַכען פיהלענדיג אַזעלכע איברים, וואָס אָהן איהם וואָלט איך זיי קיינ־מאָל ניט געפיהלט... בקיצור, מיר האָבען דערפיהלט פיס, און האָבען אָנגעהויבען אונטערקוקען איינס אויפ'ן אַנדערען און פרעגען זיך איינער דעם אַנדערען:

— וואָס איז די מעשה? איהר שטעהט שוין אָפּ?

— ווער? איך? חס וחלילה!

— וואָס זשע שלעפּט איהר זיך?

— עס ווייזט זיך אייך אויס...

— מיר דאכט, אז איהר הינקט עפּיס אונטער אויף א פוס?

— ווער? איך?

— אייך איז, אפּנים, שווערליך ארויף א בארג?

— עס הויבט זיך גאר נישט אן!

— וואס זשע סאפּעט איהר אזוי?

— איהר האט א טעות: איך סאפּע קיינמאל נישט, ביי מיר איז ניטא קיין טבע פון סאפּען.

— נו, און איהר ווי אזוי פיהלט זיך עפּיס?

— גאנץ גוט! נאר די פיס ווילען ניט דיענען.

— ביי מיר אויך דאס אייגענע.

— און ביי מיר ניט אזוי די פיס, ווי די פיאטעס!

— די פיאטעס איז בלאטע! די ליטקעס פון די פיס!...

דאס פערשטעהט א מינדסט קינד, אז נאך אזא געשפּרעך האבען מיר אלע פיער אידישע שריפטשטעלער, צווישען זיי איינער א פּאעט, זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גרינעם גראז און האבען זיך ממש מחיה געווען. דעם זיידען רב מענדעלע האבען מיר אפּגע־טראטען דעם אויבען־אן, און מיר דריי האבען זיך אויסגעזעצט ארום איהם, ווי אייניקלעך ארום א זיידען, אדער ווי תלמידים ארום א רבי'ן, הארכען דעם אלטענ'ס תורה, ווי ער דרשנ'ט און טייטשט פּסוקים און דערצעהלט מעשיות, וואס האבען א שייכות צו דעם, וואס אונז אלעמען בעריהרט — צו דער אידישער ליטע־ראטור, אויסגעמישט אלע מאל מיט א זייטיגער מעשה, אדער, ווי ער רופט דאס אן, מיט א „הקדמה". א הקדמה פון פאָרענט, א הקדמה אין מיטען, א הקדמה צום סוף.

— אז איך בין פערגאנגען מיט'ן טראגען מיט דער „קליאַ־טשע"... — אזוי האט דער זיידע אנגעהויבען צו דערצעהלען א מעשה, נאר מע האט איהם באלד איבערגעשלאגען אין רעכטען

אַנהויב, ווי דער שטייגער איז. איטליכער האָט געשטעלט איין אנדער פראגע:

— זיידע! פון וואנען האָט זיך גענומען צו אייך „די קליאַטשע״?

— זיידע! וועלכעס איז געווען דאָס ערשטע ווערק, וואָס איהר האָט געשריבען אין אידיש, און וואָס האָט אייך געבראַכט צו שרייבען אידיש?

— זיידע! פאר וואָס האָט איהר זיך אויסגעקליבען דעם פסעוודאָנים „מענדעלי מוכר־ספרים״?

דער זיידע האָט גאַנץ רוהיג, מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגען און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען, אויסגעהערט אַלע אונזערע פראגען, און האָט אונז נאָכדעם מיט אַ הילכיגען געלעכטער אָפּגעענטפערט:

— נו? שוין? מעהר האָט שוין קיינער גאָר נישט וואָס צו פרעגען? טאָמער האָט איהר נאָך אַ פּאָר שאלות — אדרבה, גיט אַהער, שעמט זיך נישט, שיט אויס אַלע אינאיינעם אין איין קופּה, ס'איז גאַנץ אידישליך. איהר, מיט אייער פרעגען מיך פון אַלע זייטען, דערמאָנט מיר אַ בילד, ווי אַ מוטער קומט פון מאַרק מיט אַ פולען קאָשעק פערשיעדענע זאַכען: עפּעל, און באַרען, און בייגעל, און בולקעס, און אייער, און קאַרטאָפעל, און מעהרלעך, און פלוימען, און פּעטרישקע, און אַ רויטער האָהן מיט אַ האַרטען קאַם אויף אין קאָהן, — און עס בעפאַלען זי די קינדער פון אַלע זייטען: מאַמע! מיר איין עפּעל! מאַמע! מיר אַ באַר! מאַמע! קאָן מען עסען רויהע מעהרלעך? מאַמע! אויף וואָס דאַרף מען פּעטרישקע? מאַמע! וואָס קאָסט דער האָהן? „קינ'דערלעך! — בעט זיך נעבאַך די מאַמע. — לאָזט מיך חאַפּען דעם אָטהעם, וועל איך אייך אַלעמען צופריעדען שטעלען!״...

אזוי האָט אונז דער זיידע בערוהיגט און האָט אונז אַלעמען געגעבען אַ תשובה יעדען אויף זיין פראגע, חלילה נישט דורכגעלאָזט

קיינעם. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז צו שרייבען אידיש, דאָס הייסט, צו רעדען מיט'ן גאַנצען פאָלק אויף זיין לשון, האָט איהם שוין לאַנג געצויגען, נאָך פאַר'ן ערשטען אַרויסטריט אויפ'ן פעלד פון דער אידישער ליטעראַטור; און מחמת שרייבען אידיש איז מיט פיערציג יאָהר פריהער נאָך געווען אַ שאַנדע, ובפרט נאָך פאַר אַזאַ יונגען מאַן אַ משכיל, ווי ער, וואָס „קלוגע מענשען" האָבען אויף איהם געזאָגט, אַז דאָס וואַכסט אַ „חיים זעליג סלאָ־נימסקי", — האָט ער זיך מיט זיין ערשטען ווערק „דאָס קליינע מענשעלע" בעהאַלטען בחדרי־חדרים, אַז קיינער זאָל ניט וויסען, און האָט אוועקגעשטעלט דערויף אַ נאָמען פון אַ לעבעדיגען פאַר־שוין, איינעם אַ סענדערעל אַ מוכר־ספרים'ניק, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין יענער צייט מיט זיין פערד־און־וועגעלע אין דער סביבה פון באַרדיטשעוו, דאָס בעריהמטע גלופּסק אַליין. „דאָס קליינע מענשעלע", אָדער „יצחק אברהמעל תקיף", איז געוואָרען פון אַ לעבעדיגען פאַרשוין, וואָס האָט אין יענער צייט געקנאַקט אין גלופּסק מיט דער גרויסער בייטש און אָנגעטריבען די כנסת ישראל... אָנגעשריבען האָט ער „דאָס קליינע מענשעלע" אין פערלויף פון דריי טעג, נישט מעהר, מיט פּחדים און מיט פיבער, און אוועקגעשיקט עס אין „קול מבשר" אריין, צו אַלכסנדר צעדערבוים. דערזעהען אויפ'ן שער דעם נאָמען „סענדערעל מוכר־ספרים", האָט זיך אַלכסנדר צעדערבוים דערשראָקען, צי מיינט מען דאָס ניט איהם אַליין טאַקי (אַלכסנדר—סענדער—סענדערעל)? האָט ער זיך מיישב געווען — קיין גרויסע צערעמאָניעס מיט אַ אידישען מחבר דאַרף קיינמאָל אַ אידישער רעדאַקטאָר נישט מאַ־כען, ובפרט נאָך אין יענער צייט — און האָט איהם איבערגעמאַכט דעם נאָמען סענדערעל אויף מענדעלי, — און אָט אַזוי איז זיך אַרוים אויף דער וועלט „מענדעלי מוכר־ספרים", וואָס האָט ניט אויפגעהערט אַרומצופאָהרען מיט זיין ביסעל געדרוקטע סחורה איבער דער מדינה פון גלופּסק, פערבלאָנזעט פון דאָרטען קיין קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע...

דאָס זענען די דריי הויפּט-שטעדט, אָדער די דריי ק"קין, ווי ער רופט זיי אָן אויף לשון־קודש, וואָס פיגורירען אין אַלע כתבים פון מענדעלי מוכר־ספרים און וואָס דריקען־אויס אין זייערע נעמען די קווינטעסענציע פונ'ם אידישען גהעטאָ אין יענער צייט. דאָס זענען די דריי זאַכען, וואָס האָבען אָפּגעשטעמפּעלט דאָס פּאַר־צייטיגע רוסישע אידענטום: גלופּסק — אונוויסענהייט, קאַב־צאַנסק — אָרמוט, טונעיאַדעווקע — פּוסטעפּאַסניקעס, לעדיג־געהערס, אָהן אַ שום מלאכה, אָהן ארבייט נעבאַך, איבעריגע בע־שעפּענישען אויף דער וועלט.

— אַט דאָס זענען געווען די הויפּט־עלעמענטען פונ'ם אידישען פאָלק אין יענער עפּאָכע, וואָס מיר איז בעשערט געווען מיט זיי זיך ארומצושלעפּען בכל תפוצות ישראל... — אזוי האָט געזאָגט דער זיידע מיט אַ זיפץ און מיט אַ ביטער שמייכעלע. — נאָר איהר האָט זיך, דאַכט מיר, נאָכגעפרעגט אויפ'ן יחוס פון דער „קליאַטשע"? דאַרף מען אייך, קינדערלעך, טהון צוליעב און דער־צעהלען. אזוי איז געווען די מעשה: איינמאַל, אין אַ זומערטאָג איז דאָס געווען, זיץ איך מיר אזוי אין גלופּסק אויף דער אכסניה פערטראַכט און קוק מיר דורך איין אָפענעם פענסטער אין דרויסען אַרויס און דערזעה איין אויסגעמוטשעטען, פערשוויצטען אידען מיט אונטערגעשטעקטע פּאָלעס פון אַ צעריסענער קאַפּאָטע, שטעהט און קאַטעוועט איין אָרעמע אויסגעמוטשעטע פערשוויצטע קליאַטשע מיט אַ צעביסענער פעל, איינגעשפּאַנט אין אַ פולען וואָגען מיט ציגעל, שעלט מיט טוידטע קללות אי די קליאַטשע, אי זיך, אי די גאַנצע וועלט: — ברענען זאָל די פעל דיינע, וויסטע קליאַטשע וואָס דו ביזט! — און זי, די קליאַטשע, האָט אויסגעדרעהט די פער־וויסטע, פערפינסטערטע מאָרדע איהרע צום אידען, קוקט אויף איהם, ווי אַ זינדיגער מענש, און עס דאַכט זיך מיר, אז איך הער, ווי זי זאָגט צו איהם:

— שוטה! קליאַטשע רופט ער מיך! ביזט אַליין אַ קליאַ־טשע! טהו אַ קוק אהין, צו יענעם פּלאַץ, וואו איך שלעפּ די

ציגעל, ווּעסט דו זעהען, אז איהר זענט אַלע קליאַטשעס, וויסטע, פינסטערע קליאַטשעס, אז אַך און וועה איז צו אייך אַלעמען !

אזוי, האָט זיך מיר געדאַכט, רעדט די קליאַטשע, און איך האָב אויפגעהויבען די אויגען אויף יענעם פּלאַץ, וואָס די קליאַטשע האָט אָנגעוויזען מיט איהר מאָרדע, און איך האָב דערזעהען א בעקאַנטען נפש פון יענע פיינע בריות, וואָס האָבען זיך אויסגע־צייכענט אין גלופּסק מיט פינף פינגער ארויפצושלאָגען זיך אויף א מויער, און אויף נאָך א מויער, און דאָס אַלץ נעבאַך פון כשר'ע אידישע מטבעות, פון כשר אידיש שוויים און בלוט... דער שענער מענש, דער פיינער בריה, איז געשטאַנען די הענד ארונטער, דאָס היטעל פערוקט ארויף, דער שטערן האָט געשוויצט און געבויעט גרויסע פּלענער, און ארום איהם האָבען זיך, ווי קנעכט, אונטער־טהעניג ארומגעדרעהט אָרעמע אידלעך נעבאַך, געקוקט איהם, ווי געטרייע הינד, אין די אויגען אריין, געוועהן גליקליך מיט זיינס א שמייכעלע און געציטערט פאַר א בייזען קוק דאָס נייעניעהריגע, — און עס איז מיר געקומען אויפ'ן זינען דער פּסוק פון שיר־השירים: לסוסתי ברכבי פרעה — צו דער קליאַטשע אינ'ם רייט־וואָגען פון פרעה, דמיתיך רעיתי — טהו איך דיך טהון גלייכען, כנסת ישראל ! — און איך בין פערגאַנגען אויף טראָגען מיט דער „קליאַטשע"...

דריי טעג בין איך ארומגעגאַנגען איבער גלופּסק א צעטראָ־גענער, ווי מיין ישראליק, נישט געהערט וואָס מע רעדט צו מיר, געענטפערט איטליבען אויף זיין „גוט־מאָרגען" מיט'ן וואָרט „קליאַטשע", וואָרום אַלע פּנים'ער האָבען אויסגעזעהען ביי מיר קליאַטשעדיג, און אָט אזוי האָב איך מיך געקליאַטשעט, ביז איך בין געקומען אהיים קיין טונעיאַדעווקע און האָב מיך פערשלאָסען ביי זיך אין חדר אויף זעכצעהן טעג און אָנגעשריבען אַלע זעכ־צעהן קאַפּיטלעך פון דער „קליאַטשע"...

אצינד איז געבליבען די פראַגע: וואָס טהוט מען מיט דער „קליאַטשע"? דעמאָלט האָט נאָך קאָלומבוס ניט אנטדעקט אמע־

ריקאַ, און דעריבער האָבען זיך נאָך ניט געפונען יענע באַרעמהער־ציגע לייט, וואָס האָבען אין דרייסיג יאָהר אַרום רחמנות געהאַט אויף מיר, דעם אָרעמען מענדעלי מוכר־ספרים, און האָבען מיך אַרויסגעגעבען דאָרטען, ניט צו פרעגען ביי מיר מיין הסכמה, ניט צו געבען מיר צו וויסען: הנה זייט וויסען, רב מענדעלי, אַז מע האָט אייך אַ טובה געטהאָן, מע האָט אייך בע׳גנבה׳ט!...

דאָ האָט זיך דער זיידע אָפּגערוהט אַ ווײַלע און האָט זיך פערטראַכט. מיר, די אייניקלעך, האָבען זיכער געקאָנט מיינען, אַז דאָ וועט זיך אָנהויבען שיטען פייער, פעך און שוועבעל אויף די פיינע מענשען אין אַמעריקאַ, וואָס האָבען ווירקליך בעגאַנגען איין אונגעהייערען פערברעכען קעגען דעם איינציגען אידישען קלאַסיקער, קעגען דעם גרעסטען אידישען דיכטער, דענקער און קינסטלער, דערמיט וואָס זיי האָבען איבערגעדרוקט און אַרויס־געגעבען אַלע זיינע ווערק ניט אין אַמעריקאַ אַליין, נאָר אויך אַריבערגעפּעקלט אַהער, קיין „יוראָפּ", און געמאַכט איהם אַ מיאוסע מפּלה, אַ קאָנקורענץ אויף זיין סחורה טאַקי מיט זיין אייגענער סחורה — און געהט לאָדט זיי צום ונתנה־תוקף!...

נאַטירליך, איז מיין קאָלעגאַ, דער וואָס מיט׳ן הייסען טעמפּע־ראַמענט, אַרויס מיט אַ פייערינגען פּראָטעסט קעגען די אַמעריקאַ־נער פּיראַטען, ים־גזלנים, זיי געמאַכט (הינטער די אויגען) מיט דער בלאָטע גלייך, זיך געוואונדערט וואָס מע שווייגט:

— וואָס שווייגט איהר זיי, זיידע? — האָט אויסגערופען מיין קאָלעגאַ. — איך, אויף אייער אָרט, וואָלט פון זיי געמאַכט אַט־אָ־דאָס־אָ!

און מיין קאָלעגאַ מיט׳ן הייסען טעמפּעראַמענט האָט בע־וויזען מיט ביידע הענד אין דער לופטען וואָס ער וואָלט פון זיי געמאַכט, נאָר וואָס, אייגענטליך, — איז שווער געווען צו פער־שטעהן, מחמת מיט הענד קאָן אַ מענש מאַכען מי יודע וואָס!...
דערויף האָט איהם דער זיידע געענטפערט מיט אַ שמייכעלע:

— איך וועל אייך דערצעהלען: כל זמן איך בין נאָר א נגזל אליין, איז נאָך צו דערליידען — וואָס קאָן מען טהון? פון איין אומגליק איז קיינער נישט בעהיט. נאָר זיין דערצו נאָך א שוטה אויך — דאָס איז שוין צו פיעל פאַר מיר! פּראָטעסטירען, רע־בענען זיך, צאָהלען — דאָס איז נאַריש; דאָס דארפען טהון אנ־דערע, ניט איך. וואָס איך אליין דארף טהון — וועט מן הסתם געטהאָן ווערען... מענדעלי מוכר־ספרים, ברוך השם, איז נאָך ניט געשטאָרבען! מילא, בקצור המעשה, דאָס אלץ איז נארישקייטען. איהר ווילט דאָך וויסען, ווי אזוי איז די „קליאטשע” ארוים אויף דער וועלט? — דארף מען אייך דערצעהלען וואָס ווייטער איז געוועזן.

און דער זיידע האָט אונז איבערגעגעבען א געשיכטע, ווי אזוי ער האָט איין א געשלאָסענער פערזאמלונג פון אינטימע פריינד צום ערשטען מאָל געלייענט די „קליאטשע”, ווי אזוי זיינע אינ־טימע פריינד האָבען פריהער געלאכט פון איהם, געמאכט חוזק איבער'ן נאָמען פונ'ם ווערק. נא דיר גאָר א פערד, א קליאטשע! און ווי אזוי זיי זענען נאָכדעם געוואָרען ערנסט... ווי אזוי איינער (יוסף בצלאל הארקאווי) האָט נאָכ'ן איבערלייענען די „קליאטשע” צוגענומען ביי'ם מחבר דאָס העפטעל, אריינגעלעגט אין זייט־קעש־שענע אָהן ווערטער, אוועקגעפיהרט דאָס קיין פּעטערבורג און צו־געשיקט אין א צייט ארום דעם פערפאסער א פארטיגע, איין אָפּ־געדרוקטע „קליאטשע”. ווי אזוי נאָכדעם דער צענזאָר האָט גע־האט א מיאוסע מפלה דערפאר, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט אזא „טרפה סחורה”, און נאָך א סך אינטערעסאנטע מעשיות האָט אונז דערצעהלט דער זיידע, וועהרענד מיר, זיינע אייניקלעך, זענען געזעסען און אויסגערוהט זיך דערווייל אונזערע אויסגעמוטשעטע פּים.

---

## ז.

# אַ מינוט פאַר'ן טוידט

ווידער אַ מאָל זענען מיר געזעסען זאַלבעפערט, די זעלבע פיער אידישע שריפטשטעלער, צווישען זיי דער יונגסטער פון אַלע — אַ דיכטער. דער זיידע איז געווען, ווי אַלע מאָל, דער צענטער, געזעסען אין מיטען; מיר, די אייניקלעך, אַרום איהם. עס איז געווען אַ זומערנאַכט, אַ פּרעכטיגע, אַ וואַרעמע אַ שמעקענדיגע נאַכט. עס האָט זיך ניט געגלוסט געהן אין שטוב אַריין. שווער געווען זיך צעשיידען מיט אַזאַ נאַכט! גערעדט האָט מען וועגען איבערנאַטירליכעס, אומבעגרייפליכעס אין דער נאַטור און וועגען דעקאַדענץ אין דער ליטעראַטור. דער זיידע האָט געקוקט מיט זיינע ניט גרויסע, נאָר שאַרפע, האַלב־צוגעמאַכטע, קורצזיכטיגע אויגען ערגיץ אין דער האַלב־פינסטערער ווייטקייט אַריין. נאָכדעם איז געקומען צו רעד וועגען בעשרייבען די נאַטור. דער זיידע האָט געזאָגט, אַז בעשרייבען די נאַטור הייסט פּראָפאַנירען די נאַטור, און ער האָט גענומען מאָהלען מיט זיין איינפאַכער נאָר געשמאַקער אידישער שפּראַך אַ נאַכט־בילד מיט אַ האַלב־ערנסטען און אַ האַלב־קאָמישען טאָן, אַזוי, אַז עס איז שווער געווען צו וויסען, אויב ער מיינט דאָס באמת, אָדער ער שפּאַסט?...

אָט אַזוי האָט דער זיידע געשילדערט אַ זומערנאַכט:

— שטיל גנבה'ט זיך אַריין די נאַכט. איינציגווייז, אַזוי ווי ליכט, ווערען אויסגעלאָשען די רויטפאַרביגע שטראַהלען פון דער פערגעהענדיגער זון. אַ קליין ווינטעלע לויפט־דורך און רוימט אייך איין אַ סוד: „דער טאָג איז פאַרביי... דער טאָג שטאַרבט־אָפּ“... די בוימער האָבען אַראָפּגעלאָזט די ברעמען, זיי ווילען שלאָפען. איין אומעט, אַ מרה־שחורה אַרום און אַרום, ווי שבת פאַרנאַכט צו שלש־סעודות, ווען אַלץ טרויערט, אַלץ בענגט און די נשמה יתירה רייסט זיך ערגיץ, צאַפּעלט, עס איז איהר שווער צו שיידען זיך... נאָר שאַט! אָט געהט זי, די נאַכט־מכשפה, און פערשפּרייט

איבער אונז איהרע שווארצע פליגלען. אָט באלד וועט זי זיך בע־זעצען אין איהר פינסטערען געצעלט, וואָס וועט בעלייכט ווערען פון פינקעלדיגע שטערען. אָט באלד וועט זי אונז זאָגען: א גוטע נאכט! שטיל וועט זי אָפּלייענען „קריאת־שמע", און וועט איינ־שלאָפען, און עס וועלען זיך איהר חלום'ען אלערליי משונה־פער־דרעהטע פערפלאָנטעטע וועלט־חלומות...

דער זיידע ווערד שטיל. מיר זיצען ווי פער'כשופ'ט. מיר וואָלטען וועלען הערען ווייטער, ווי ער מאָהלט זיינע פּרעכטיגע נאכטבילדער אין דער דאָזיגער פרעכטיגער זומערנאכט. ער פער־שטעהט אונזער וואונש.

פּלוצים רייסט־איבער דער זיידע זיך אליין און רופט זיך אָן:

— מילא, נו, בקיצור, נאטור! עס איז גאָלע ליגען! אלע אונזערע בעשרייבענישען, שילדערונגען און מאָהלעכצען האָבען אזא פּנים קעגען דער נאטור אליין און געבען אונז פון איהר אזא בעגריף, פּונקט אזוי ווי אָט־א־יענע געוויסע בילדער פון דער הגדה, וואָס זענען געדרוקט אין ווילנא אָדער אין בארדיטשעוו, געבען אונז א בעגריף פון יציאת־מצרים... אויב איהר ווילט, וועל איך אייך, קינדער, בעסער דערצעהלען א מעשה שהיה, א מורא'דיגע מעשה, וואָס מיט מיר האָט אמאָל פּאסירט אין בעסאראביע. די גע־שיכטע האָט אין זיך עטוואָס מיסטישעס, אומבאגרייפליכעס, און שטימט זעהר מיט דער דאָזיגער פּראכטפולער נאכט, וואָס איז פול מיט כשוף, מיסטיציזם און דעקאדענץ... ווילט איהר האָרכען, זאָלט איהר זיצען שטיל, רוהיג, און דער עיקר — ניט איבערשלאָגען אין מיטען, ווי דער מנהג איז, און ניט פרעגען קיין קשיות. איך בין אייך מבטיח, אז עס וועט אייך מיט דער צייט אליין אלסדינג פּערענטפערט ווערען.

און מיר אלע דריי אייניקלעך האָבען זיך צוגערוקט נאָך נעהענ־טער צום זיידען, און דער זיידע האָט א מאך געטהאָן מיט דער האנד איבער דער לופט, גלייך ווי ער וואָלט עמיצען אָפּגעטריבען

פון זיך, און האָט אָנגעהויבען רוהיג און לאַנגזאַם צו דערצעהלען זיין שרעקליכע געשיכטע בזה הלשון:

— בעסאראביע, ווייסט איהר, איז אַ ווינקעל חלילה נישט פון מכשפים, נישט פון לצים, נישט פון וועלטבעריהמטע גנבים, גזלנים און רויבער. בעסאראביע איז זיך אַ ווינקעל פון אַנטי־סעמיטען, פאָפּעשויעס, וויין און מאַמעליגע, אַזוי, אַז פונ'ם נאָמען בעסאראביע איז נישט צו דערוואַרטען, עס זאָל זיך דאָרטען טרעפען מיט מיר עפּיס איין אויסערגעוועהנליכע, איבערנאַטירליכע גע־שיכטע. פון דעסטוועגען מוז איך אייך זאָגען פאָראויס, אַז איהר וועט הערען, וועט איהר נבהל ומשתומם ווערען פאַר שרעק, און איהר וועט שטוינען. איהר וועט ניט פערשטעהן מיט'ן גלייכען שכל, וואָס דאָ שטעקט אַזעלכעס, און כמעט האָב איך מורא, אַז איהר וועט ניט וועלען גלויבען, דאָס הייסט, איהר וועט חלילה ניט רעכענען אויף מיר, אַז איך זאָל אייך איבערגעבען אַ פאַנטאַזיע פאַר אַ ווירקליכע געשיכטע; חס ושלום! אַזוי גראָב וועט איהר ניט זיין! נאָר וואָס דען? איהר וועט זיך קלערען: אַ קשיא אויפ'ן אַלטען, אפשר האָט זיך איהם אויסגעדאַכט?...

נו, אַלזאָ, הערט־זשע מיט קאָפּ. שטעלט אייך פאַר מיט אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג צוריק אַ שטאָדט אין בעסאראביע (נאָר נישט קעשעניעוו, וואָרום קעשעניעוו קריכט שוין פונ'ם האַלז!). אַלזאָ, אַ שטאָדט אין בעסאראביע, און אין מיטען שטאָדט איין איינפאָהרהויז. מילא, וואָס איין איינפאָהרהויז איז און ווי אַזוי זעהט אויס איין איינפאָהרהויז — דאַרף איך אייך ניט דערצעהלען. דאָס איז אַ הויז, וואָס איז געשטעלט געוואָרען לכתחילה צוליעב „פּריצים", און וויבאַלד צוליעב פּריצים, קאָנט איהר שוין זיכער זיין, אַז עס איז פערזאָרגט מיט אַלע מעגליכע בעקוועמליכקייטען, וואָרום אַ פּריץ איז נישט קיין איד. אַ איד איז אַ איד, און אַ פּריץ איז אַ פּריץ! נאָר נישט דאָס בין איך אויסען...

די שטוב אַליין איז זיך אפילו אַ גאַנץ געוועהנליכע שטוב פון „מיטעלמעסיגען וואוכס", ניט הויך, ניט נידעריג, מיט אַ

רויטען דאך פון שינדעל, מיט א הויכען ברייטען טויער אויף אריינ־צופאהרען מיט'ן גאנצען עקיפאזש גלייך אין הויף אריין, מיט צוויי רייהען חדרים פון ביידע זייטען, רעכטס און לינקס, וואס די טהירען זייערע געהען־ארויס צום הויף און די פענסטער צו דער גאס. די צימערען זענען ריין, בּרייט, גענוג ליכטיג. בעל־הבתיש מעבעל: א קיילעכיגער טיש אין מיטען צימער, א שען הילצערן געפאלירט בעט, פריש צוגעקליבען און מיט דיוואנעס פערהאנגען, א קליידער־שאפע אויך אזוינע, א וואשקעסטעל, א ווייכע קאנאפע מיט א שפיעגעל איבער איהר, מיט שטוהלען א פאר. אויף די וואנד בילדער, געוועהנליכע בילדער, פארטרעטען פון משה מאנ־טעפיורי מיט דער ברייטער געפלועטער מאנישקע, פון, להבדיל, נאפאלעאן באנאפארטע מיט'ן המנ'טאש אויפ'ן קאפ און מיט דער האנד אין זשילעט, מיט אביסעל א צו בייז אויסזעהען — פונקט דער היפך פון, להבדיל, רב משה מאנטעפיורי, וואס זעהט־אויס שוין אביסעל צו פיעל זיס־צוקערדיג. מערקווירדיג! צוויי בעזונדערע העלדען פון צוויי עפאכען, געמאהלט פון בעזונדערע קינסטלער, און ביידע מיט איין חסרון, ביידע איבערגעחאפט די מאס... נאר ניט דאס בין איך אויסען. די שענסטע און די בעסטע ציערונג וואס אין צימער איז די הרובע, דער אויוועז — א פראסטע הרובע, ניט קיין געקינצעלטע, א געוועהנליכע, א געלע, מיט בלויע פלעקען, א חנ'עוודיגע, און דער עיקר, א ווארעמע הרובע — א געטרייע, ווי א מאמע! דערפון איז געדרונגען, אז די מעשה, וואס איך וויל אייך דערצעהלען, האט זיך געטראפען אים ווינטער — און דאס איז זעהר נויטיג צום ענין.

אזוי ווי דער זומער האט אין זיך זיין זומערדיגען חן און שענ־קייט, וואס אונז איז ליעב און טייער, אזוי האט אויך דער ווינטער ביי אונז זיין חן מיט זיין צויבער, בשעת אין דרויסען איז גוט קאלט, דער ווינד בלאזט, דער פראסט ברענט און גנבה'ט זיך אריין דורך די צוגעמאכטע לאדען און מאהלט צאצקעס אויף די שויבען פון די פענסטער, און איהר זיצט זיך מיט א געזעלשאפט אין א

ווארעם־אָנגעהייצטען און גוט־בעלייכטען חדר, ביי א געדעקטען טיש מיט א זודיגען סאַמאָוואר, וואָס קאָכט און פּארעט און ציהט־אוים א לאַנגגען דינעם טאָן. זאָגט אייך וואָס איהר ווילט — איטליכע זאַך איז גוט אין איהר צייט. נישט גוט איז נאָר, אז אין מיטען ווינטער ווערד פּלוצים זומערדיג, דריליוואַטע, אָדער אז אין מיטען זומער ווערד קאַלט, ווינטערדיג... נאָר נישט דאָס בין איך אויסען.

געזעסען ביי'ם סאַמאָוואר און געטרונקען טיי איינער אליין, האָב איך ארויסגעקוקט, אז עמיצער א לעבעדיגער פּארשוין זאָל זיך בעווייזען, רעדען א וואָרט, ווי עס מאַכט זיך אמאָל, אז מע פערבענגט זיך נאָך א מענשען. וואָרום מענשען האָבען א טבע: זיי עסען זיך צו, נאָר אז מע זעהט זיי ניט, בענגט מען נאָך זיי. גאָט האָט געהאָלפען, עס האָט זיך געעפענט די טהיר און עס האָט זיך בעוויזען א נפש א בעוואַכסענער מיט האָריגע הענד, איינער פון די נפשות, וואָס נאָר א לאַנד פון פּאָפּעשויעס, וויין און מאַ־מעליגע קאָן ארויסגעבען. אָפּמאָהלען אייך איהם — געפין איך ניט פאר נויטיג צו אונזער געשיכטע, נאָר אין צוויי ווערטער זאָגען שאָדט ניט: גרעבער ווי לענגער, און אזוי פער־וואַכסען מיט שמאַלץ, אז קוים וואָס ער האַפּט דעם אָטהעם. דאָס איז דער בעל־הבית פון דער אכסניה. אריינגעקומען איז ער צו מיר, ווי געוועהנליך, מקבל־פּנים זיין דעם אורח, איהם אָפּגעבען שלום, פרעגען, פון וואַנען ער איז און וואוהין ער פאָהרט און וואָס איז זיין טהועכץ, א קוק, א שמעק, א טאַפּ אין וואָגען, אפשר דאַרף ער עפּיס האָבען, וועט ער איהם דיענען. נו, און אזוי ווייטער. לאַנג בעטען איהם זיצען האָב איך ניט בעדאַרפט; טרינקען מיט מיר א גלעזעל טיי האָב איך אויך ביי איהם גע־פועל'ט. און עס איז אוועק ביי אונז א געשפּרעך, וואָס איך זעה ניט, ער זאָל האָבען פאר אייך א אינטערעס. דער געשפּרעך האָט זיך געדרעהט ארום אלערליי וועלט־ענינים, שטאָדט־זאכען, מסחר, פאַמיליענאַנגעלעגענהייטען, און אביסעל גלאַט אזוי, אבי גערעדט,

נישט געשווינגען. מיין בעל־הבית, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, איז געווען אַ איד אַביסעל אַ שווערער, אַביסעל צו פיעל פער־וואַכסען מיט שמאַלץ, דעריבער איז איהם שווער געווען אָנצוהויבען רעדען. אַלע מאָל, ווען ער דאַרף עפּיס זאָגען, סאַפּעט ער זיך פריהער גוט אויס, ווי אַ בלאָזאַק, און קוים האָט ער זיך אָפּגע־סאַפּעט און דעם בלאָזאַק אויסגעבלאָזען, איז ביי איהם אַוועק ווי אַ מזמור, און ער האָט מיר אָפּגעגעבען דין וחשבון פון גאַנץ בע־סאַראַביע, מיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע פּריצים, וועלכע פּריצים עס האָבען אַ סך ערד און ווינציג הינד, און וועלכע פּריצים עס האָבען ווינציג ערד, נאָר אַ סך הינד. אויך פון פערד האָט ער מיר דערצעהלט זעהר אַ סך שענע מעשיות, פון „עהרליכע“ פערד און פון „גנבה'שע“ פערד, און פון גנבים, וואָס גנבה'נען פערד, און פון גנבים, וואָס גנבה'נען אַנדערע זאַכען, און פון גזלנים, וואָס קומען אהער פון רומעניע, מייסטענס ציגיינער, וואָס טהוען־אָפּ אַמאָל אַזעלכע זאַכען, אַז די האָר שטעלען זיך קאַפּויער! איך האָב איהם אויסגעהערט, בעטראַכט אָט דעם בעוואַכסענעם נפש מיט די האָריגע הענד, צי געהערט ער זיך ניט אָן אַ ווייטער קרוב מיט אָט די גזלנים פון רומעניע... איך האָב אָבער אַרויסגעזעהן, אַז אומזיסט האָב איך איהם חושד געווען, וואָרום פון זיין וויי־טערען שמועס האָט זיך אַרויסבעוויזען, אַז ער איז גלאַט אַ גראָ־בער יונג, איין עם־הארץ און נעבאָך אַ גרויסע בהמה! פון די גזלנים איז ער אַרויף אויף מכשפים, לצים, רוחות און שדים, מתים, וואָווקעלאַקעס און שרעטעלעך, וואָס ער אַליין מיט זיינע אויגען האָט דאָס געזעהען — אַ סימן, זיי זענען מיט הערנער. ווער איז מיט הערנער — האָב איך איהם פרעגעסען פרעגען, און אַגב האָבען זיך מיר געקלעפּט די אויגען... גאָט ווייסט, וויפיעל צייט מיין חכם וואָלט נאָך אַזוי געזעסען איבער מיר, ווען איך הויב ניט אָן אונטערצודרימלען. שטאָף אויף צו דערצעהלען האָט ער נאָך געהאַט, ווייזט אויס, גענוג, מחמת אַז ער האָט זיך געזעגענט, האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז מאָרגען אין דער צייט וועט ער ערשט

דערצעהלען און דערצעהלען. פאר'ן אוועקגעהן האט ער מיט מיר אינאייגעם בעטראכט די פענסטער, צי האט מען גוט פערמאכט די לאדען, געחאפט א קוק צום אויוון, צי האט מען ניט פריה צוגעשטעקט דעם קוימען, בעוויזען מיר, ווי אזוי מע פערשליסט די טהיר, געזאגט א גוטע נאכט, אפגעלאזט דעם בלאזאק און אוועק.

נאך זיין אוועקגעהן האב איך די טהיר צוגעשלאסען און גע־פרובט, אויב זי עפענט זיך נישט. ניין — זי עפענט זיך ניט. נאכדעם האב איך בעטראכט די פענסטער אלע, געחאפט א קוק, אזוי זיך פארבייגעהענדיג, אונטער'ן בעט, גענומען זיך אויסטהון, צוגעגרייט דעם זייגער אויפ'ן טיש און די שוועבעלעך, אריין אין בעט אריין, זיך איבערגעדעקט מיט א ווארעמער ריינער בייענער קאלדערע, אויסגעלאשען דאס פייער, און...

דא האט זיך דער זיידע פלוצים אפגעשטעלט און איז אנ־שוויגען געווארען. די נאכט איז ווירקליך געווען פול מיט כשוף. דער הימעל האט אראפגעקוקט צו אונז מיט זיינע שטערען, וואס האבען זיך געמינעט, געביטען זיך, געפינטעלט, ווי א מענש, וואס פינטעלט מיט די אויגען. זיי האבען צו אונז געוואונקען, זיי האבען גערעדט צו אונז, זיי האבען אונז געזאגט: „ווען איהר זאלט ווייסען, וואס עס טהוט זיך דא ביי אונז אין הימעל?!"... „נו, אדרבה, זאגט אונז, שטערענדלעך, זאגט אונז, וואס טהוט זיך דארט ביי אייך אין הימעל?"... נאר די שטערענדלעך זאגען ניט, וואס עס טהוט זיך דארט ביי זיי אין הימעל. זיי מינען זיך, זיי בייטען זיך, זיי פינטלען, ווי א מענש וואס פינטעלט מיט די אויגען. און מיר קוקען, קוקען אין הימעל אריין, און ווייסען ניט, וואס דארטען טהוט זיך.

מיר האבען זיך אלע, אפנים, שטארק פערטיעפט אין די שטערען און גאר נישט בעמערקט, אז דער זיידע שוויינט עפים זעהר לאנג. און אלע דריי האבען מיר זיך אנגערופען צו איהם:

— נו?

— וואס נו?

— וואָס זענט איהר אַנשווינגען געוואָרען?

— איך האָב געוואָלט אייך אויספּרובען, צי איהר האַלט קאָפּ.

— וואָס הייסט, צי מיר האַלטען קאָפּ? געווים האַלטען מיר קאָפּ.

— זאָגט־זשע מיר, קינדערלעך, וואו האַלט איך?

— איהר האַלט ביי דער בייענער וואָרעמער קאָלדרע. איהר האָט זיך איינגעדעקט, אויסגעלאָשען דאָס פייער און...

— אָט אַזוי האָב איך אייך ליעב. וויבאַלד איהר האַלט קאָפּ, קאָן איך אייך דערצעהלען ווייטער. אַלזאָ, איך האָב מיך גאַנץ פיין איבערגעדעקט און — אַ גוטע נאַכט!... איך וועל אייך ניט זאָגען אַקוראַט, צי איך האָב שוין געהאַט איינגעשלאָפען, צי איך האָב נאָר־וואָס געוואָלט אַנשלאָפען ווערען, צי איך האָב שוין געהאַט אָפּגעשלאָפען אַ צייט, — איך ווייס נאָר, אַז די אויגען האָב איך געהאַלטען צו, נאָר געהערט האָב איך טריט, שטילע טריט — מע געהט!... איך הער מיך צו שטאַרק — יאָ, מע געהט!... „עט! עס ווייזט זיך מיר אודאי אוים!... דאָס איז אַ סך־הכל, אַ רעזולטאַט פון דעם בעל־הבית'ס מעשיות"... אַזוי טראַכט איך מיר און וויל מיך איבערודעקען איבער'ן קאָפּ — איך הער ווידער אַ מאָל גאַנץ קלאָרע טריט! איך הויב מיך אָן בע־רעכענען: אפשר געהט מען דאָס אינ'ם אַנדערען צימער אויף יענער זייט וואַנד? אפשר פון אויבען איבער מיין קאָפּ? ניין! איך הער טריט אָט דאָ, ביי זיך אין צימער, ניט ווייט פון מיין בעט! איך האָב צונויפגענומען אַלע מיינע געדאַנקען, איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב, דאַכט זיך, נוט צוגעשלאָסען די טהיר, בע־טראַכט די פענסטער אַלע, געזעהען אויך וואָס אונטער'ן בעט טהוט זיך — ווער קאָן דאָס זיין און פון וואַנען האָט ער זיך אַהער גענומען?... און דאָ איז אַ פינסטערניש, חאָטש נעם זיך אַרויס די אויגען! וואָס טהוט מען? אויסרייבען אַ שוועבעלע? זענט איהר גערעכט. אַ שכל איז דאָס טאַקי. די פראַגע איז אָבער,

וואו נעמט מען א שוועבעלע, אז די שוועבעלעך ליגען ערגיץ ווייס איך וואו, אויפ׳ן טיש? נו? וואס וועט איהר טהון? איא, איהר שווייגט? אז עמיצער איז פארהאן ביי מיר אין צימער — איז שוין ביי מיר קיין ספק ניט געווען. די קשיה איז נאר, פון וואנען האט ער זיך גענומען? ווי אזוי איז ער אריין? פאלגליך, דארפען מיר קלערען, אז אדער דורך דער טהיר, אדער דורכ׳ן פענסטער? אויב דורך דער טהיר, איז דאס דער בעל־הבית אליין, מיט א נאכשליסעל; אויב דורכ׳ן פענסטער, איז דאס גלאט א גנב. קיין גרויסע נפקא־מינה אפילו איז דאס ניט, נאר א מענש א בר־דעת האט ליעב יעדע זאך בעקלערען, ער זאל וויסען, וואו ער איז אין דער וועלט, ער זאל ניט בלאנזען אין דער פינסטער אפילו דעמאלט, ווען עס איז פינסטער... איך האב מיר פארגעשטעלט, פערשטעהט איהר מיך, אין קאפ אלסדינג, ווי אין פסוק שטעהט: החכם עיניו בראשו. איך האב מיר אויסגעמאהלט מיין צימער, דעם טיש, דאס בעט, ווי אזוי האב איך מיך געלעגט? מיט׳ן פנים צום פענסטער, מיט די פיס צו דער טהיר. פאלגליך, ווען עס זאל זיין אפען די טהיר, וואלטען דאס דערפיהלט פריהער פון אלעמען — ווער? די פיס. שטעק איך ארויס פאוואלינקע א שפיץ פוס פון אונטער דער קאלדרע, געוויס וועל איך דערפיהלען עפיס א ווינטעלע? — ווער! וואס! די טהיר איז צו — דערויף וועל איך שווערען! דארף מען זיך נעמען צום פענסטער. ווי אזוי זשע טהוט מען דאס? שטעק איך ארויס פאוואלינקע פון אונטער דער קאלדרע א האנד — קיין שפור פון קיין ווינטעל, פון קיין קעלט. עס איז צו טהיר און טויער, און די טריט ווערען אלע מאל קלערער און נעהענטער. איך מעג שווערען, אז איך הער עמיצער נעבען מיר אטהעמט שוין! עס פערשטעהט זיך, אז יעדע מינוט, יעדע סעקונדע איז א טאג, א יאהר.

א קאלטער שווייס האט שוין לאנג ארויסגעטרעטען! דאס הארץ קלאפט, קלאפט, ווי א זייגער. וואס טהוט מען? אראפשפרינגען פון בעט? אנהויבען שרייען? מאכען א גוואלד? צו

ווען? אויף וועמען? אפּנים, איהר ווייסט דען, מיט וועמען איהר האָט צו טהון? אויפזעצען זיך אויף׳ן בעט — האָט איהר מורא זיך א ריהר טהון, וואָרום צו וואָס זאָלט איהר ווייזען יענעם, אז איהר שלאָפט ניט? ממה נפשך, איז דאָס א גנב, וועט ער זיך נעמען זיינס, וואָס איהם איז נויטיג, און וועט זיך געהן געזונטער־הייד. אָבער אז איהר וועט נעמען מאכען קולות, וועט ער דאָך וועלען ראטעווען זיין אייגענע פעל, וועט ער אָנפאלען אויף אייך ווער ווייסט מיט וואָס פאר א כלי־זיין, וועט איהר, הייסט עס, אליין מאכען איהם פאר א גזלן, — צו וואָס נוצט דאָס אייך? וואָס זשע דען? ווארטען ביז ער וועט צוגעהן צו אייך צום בעט און וועט ארויפפאלען אויף אייך און וועט אייך חאפּען פאר׳ן האלז, און וועט אייך אָנהויבען ווארגען, שטיקען? איז עפּיס אויך ניט קיין פלאן. אלזאָ, אצינד זאָגט שוין איהר, וואָס וואָלט איהר געטהאָן? לאָם איך הערען. איהר זייט יונגע לייט, העל־דען!...

אזוי האָט זיך דער זיידע געווענדט צו אונז, זיינע דריי אייניקלעך, און געוואַרט אויף אונזער ענטפער. דער ערשטער האָט זיך ארויסגעחאפּט מיט זיין ענטפער דוקא דער יונגסטער פון אלע, דער פּאָעט. ער האָט זיך אָנגעצונדען, ווי איין אמת׳ער העלד, געמאכט צוויי מורא׳דיגע קולאקעס און בעוויזען, ווי אזוי ער וואָלט געגעבען א שפּרונג־אראָפּ פונ׳ם בעט, ווי אזוי ער וואָלט איהם צוגעבויגען צו דער ערד, ווי אזוי ער וואָלט איהם געשטיקט, און האָט אויסגעלאָזט מיט פייער: — נפש תחת נפש! מיר א טוידט, דיר א טוידט!...

אויסגעהערט די תשובה פונ׳ם פּאָעט, האָט דער זיידע א קנייטש געטהאָן מיט דער האנד, ווי איינער רעדט: „מהכתיתי!“ און האָט זיך געווענדט צו מיין קאלעגא מיט׳ן הייסען טעמפּעראַ־מענט: וואָס וואָלט ע ר געטהאָן? און מיין קאָלעגא מיט׳ן הייסען טעמפּעראמענט האָט איהם אָפּגעענטפערט גאנץ אויפ־ריכטיג:

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, זיידע: געהן אַנפּאַלען אויף אַ מענשען, וואָס איך קען איהם ניט און זעה איהם ניט — דאָס וואָלט איך נישט געטהאָן. איך וואָלט איהם איבערגעלאָזט דעם זייגער מיט האַק און פּאַק, חאַפּט איהם דער רוח, און אַליין וואָלט איך ארויסגעשפּרונגען דורכ'ן פענסטער. האָבען צו טהון מיט יעדען פּאַרך, מיט יעדען גנב? זאָל דאָס געהן אין דער ערד אריין...

— אויך געכערעכט! — מאַכט דער זיידע. — האָבען צו טהון נישט מיט קיין גלייכען איז אודאי נישט כדאי... נו, און איהר, וואָס וואָלט איהר געטהאָן, ווען מיט אייך טרעפט זיך אַזאַ מעשה?

אזוי זאָגט דער זיידע שוין צו מיר, און איך ענטפער איהם אויף גאַנץ אָפענטליך:

— איך? איך וואָלט פערשפּאָרט אַלע זאַכען! איך וואָלט ניט אַנגעפאַלען אויפ'ן גנב, איך וואָלט ניט געשפּרונגען דורכ'ן פענסטער. איך וואָלט... איך וואָלט... געשטאָרבען!

— אָט דאָס איז ריכטיגער פון אַלץ! — מאַכט דער זיידע מיט אַ הילכיגען געלעכטער, און אויף איהם קוקענדיג לאַכען אַלע, אחוץ מיר. — שטאַרבען פאַר שרעק איז טאַקי זעהר אַ וואוילע עצה, נאָר איידער מע קומט דערצו, פאַלט־ארויס דריי מאָל די נשמה, עס בעשלאָגט אייך אַ קאַלטער שוויס, און איהר פיהלט, אז דער מח הויבט זיך אייך! איהר זעהט פאַר זיך דעם מלאך־המות, איהר פיהלט אויף זיך דעם קאַלטען חלף, נאָר איהר ווייסט ניט, ווען וועט זיין דער „חיק"!... בקיצור, איך וועל אייך מעהר ניט דערצעהלען. איך הער נעבען מיין בעט שוין עמיצער סאַפּעט, אָבער ווי אַזוי נאָך! מיט אימפּעט, מיט כעס: „הא! אי־הא! אי־הא!" איך פיהל דורך דער קאָלדרע עמיצענ'ס אַ האַנד אויף זיך, אַ פעסטע, אַ שווערע, אַ קאַלטע, אַ האָריגע האַנד, און טאַקי באַלד נאָך אַ האַנד. אהא! עמיצער קריכט צו מיר אין בעט אריין, אָט־אָט איז ער שוין, אָט־אָט חאַפּט ער מיך ביי'ם גאָרגעל! אָט־אָט דערלאַנגט ער מיר מיט איין אייזען איבער'ן קאָפּ! אָט־אָט... נו? חכמים! וואָס וועט איהר איצטער טהון?

דאָ האָט זיך דער זיידע אָפּגעשטעלט, אַפּנים, געוואָלט אָפּ־רוהען אַ ווײַלע. מיר האָבען פערשטאַנען, אַז עס איז איהם מסתמא שווער געוועזן איבערצולעבען נאָך אַ מאָל אַזאַ קריטישען מאָמענט, האָבען מיר איהם געלאָזט, ער זאָל אַביסעל אָפּרוהען, און אַליין האָבען מיר זיך גענומען אײַנהערען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. איהר ווייסט, ליעבע פריינד? די שטילקייט פון דער נאַכט רעדט, רעדט ווערטער. הערט זיך אײַן אַמאָל, וועט איהר הערען קולות, שטילע נאָר זיסע ווערטער פון איין אומבעקאַנטען נפש, וואָס זיצט נעבען אייך און סוד'עט זיך און שושקעט זיך מיט אייך, און עס מאַהלט זיך אייך אויס, אַז אייך איז בעקענט די שטימע, איהר האָט זי ערגיץ געהאָרכט, איהר ווייסט ניט וואו... און עס דאַכט זיך אייך אויס, אַז איהר האָט געהערט אַ זיפּץ, אַ טיעפען זיפּץ, און איהר ווייסט ניט, ווער האָט דאָס געזיפצט: צי אָט דער אומבעקאַנטער נפש, וואָס זיצט נעבען אייך, אָדער איהר אַליין האָט דאָס געזיפצט?... און עס חאַפּט אייך אָן אַ מורא מיט אַ בענגעניש אינאיינעם; איהר וואָלט געהרען אויפהויבען זיך, אַוועקגעהן, נאָר עפּיס האַלט אייך צו — איהר ווייסט נישט וואָס... עמיצער ציהט אייך ביי דער נשמה, איהר ווייסט ניט ווער... און עס בענגט זיך אייך מיט סכנת־נפשות — איהר ווייסט נישט נאָך וועמען... פּלוצים הערט איהר: פּליוך! ווי אין אַ טייך אַז מע וואַרפט אַריין אַ שטיינדעל, אָדער אין אַ ברונען האָט עמיצער אַראָפּגעלאָזט אַ זאַך!... אַרום און אַרום אייך, ווייסט איהר, איז נישטאָ קיין ברונען, נישטאָ קיין טייך. וואָס בעדייט דער פּליוך?... אָדער אַ „קראַ“ לאָזט זיך הערען. פון וואַנען געהט דער „קראַ“, אַז אַלע פויגלען שלאָפען?... און עס דאַכט זיך אייך, אַז די ערד אָטהעמט, קוים־קוים וואָס מע הערט. גלייך מיט אייך אָטהעמט זי, די ערד, די גאַנצע וועלט, און איהר פיהלט, אַז איהר זייט אַ חלק פון דער אָטהעמדיגער ערד, פון דער גרויסער־גרויסער וועלט, וועלכע איז אַ גרויסער־גרויסער סוד פאַר אייך...

דאָס שטילשווייגען פונ'ם זיידען האָט זיך ווידער פערצויגען

מעהר וויפיעל מע בעדארף, און מיר זענען אויסגעגאנגען וויסען גיכער דעם סוף פון דער געשיכטע, און מיר האבען זיך ווידער א מאל גענומען מינטערען דעם זיידען.

— נו?

— וואס נו?

— וואס הייסט, וואס נו? וואס איז געווען ווייטער? ווער איז דאס געווען? און וואס האט ער אייך געטהאן? ווי אזוי זענט איהר ארויס פון זיינע הענד?

— אזוי? איהר ווילט טאקי וויסען דעם סוף? האט צייט. מארגען איז אויך א טאג. עלעהיי, זאל זיך אייך דאכטען, עס איז א ספור־המעשה, וואס איז געדרוקט ערגיץ אין א בלאט, און דער רעדאקטאר דער חכם האט אייך איבערגעהאקט אין סאמע מיטען, אוועקגעשטעלט פון אונטען די געוויסע צוויי ווערטער: „פארטזעצונג פאלגט“ — און געהט לאדט איהם צום ונתנה־תוקף. עס פערשטעהט זיך, אז דאס האט דער קלוגער רעדאקטאר אייך געטהאן מיט א כיון, בכדי איהר זאלט מארגען אויך קויפען זיין בלאט — איהר האט איין אנדער ברירה? אדער עלעהיי, זאל זיך אייך דאכטען, עס איז די מעשה מיט דער שלאנג.

— מיט וואסער שלאנג?

— איהר ווייסט נישט די מעשה מיט דער שלאנג? — ציהט אוים דער זיידע מיט א ניגון. — וועל איך אייך דערצעהלען א נייע מעשה, א מעשה מיט א שלאנג.

איינמאל, דאס איז געווען דעם 31טען דעקאבער, פונקט ערב ניי־יאהר, לייענט מען אין א צייטונג אזא מין געשיכטע: „א יונגע שענע פרוי, איין ערשטלינג, איז געזעסען מיט איהר ברעקעלע קינד אויף די הענד ביי'ם פענסטער, נאר־וואס געקליבען זיך געבען דעם קינד זויגען. פלוצים, מע ווייסט ניט ווי און פון וואנען, קריכט ארוים א שלאנג, טהוט זיך א קאטשע ארויף גלייך אויף דער פרוי, חאפט אריין די ברוסט אין מויל אריין און הויבט אן

צו זויגען. זעלבסטפערשטענדליך, אז די פרוי איז באלד אויפ'ן אָרט געפאלען חלשות. נאטירליך, איז מען זיך צונויפגעלאָפען פון דער גאנצער שטאָדט רעטען די אומגליקליכע פרוי. מע האָט צונויפגערופען די גרעסטע דאָקטוירים פון שטאָדט, נאָר געהט טהוט עפּיס, האלט מלחמה מיט א גיפטיגער חיה! מע קאָן דאָ גאָר נישט מאכען, מחמת טאָמער ריהרט מען אָן די שלאנג, אזוי לאָזט זי ארויס איהר גיפט און טוידט די פרוי אויפ'ן אָרט. וויעדער צוריק, זאָל מען לאָזען די שלאנג זאָל זויגען ווייטער, וועט זי אזוי לאנג זויגען, ביז די פרוי וועט שטארבען... שלעכט! — אזוי לאָזט אויס די ציימונג. — די לאגע איז זעהר קריטיש, די שלאנג זויגט, די פרוי חלש'ט. דאָקטוירים זיצען און זוכען מיט־לען. אונזערע רעפּאָרטערען שטעהען און ווארטען. מאָרגען וועד־לען מיר געבען צו וויסען אונזערע לעזער וואָס ס'איז געוואָרען מיט דער פרוי און מיט דער שלאנג". עס פערשטעהט זיך, אז ביז איין מאָרגען איז אוועקגעגאנגען. דער עולם האָט ניט אויפּ־געהערט צו קויפען אלע טאָג די ציימונג, געזוכט דעם סוף פון דער פרוי מיט דער שלאנג א צייט מיט יאָהר'ען, און איך האָב מורא, אז עס זענען פארהאן אזעלכע געטרייע לעזער, וואָס עד היום נאָך הערען זיי נישט אויף צו קויפען די ציימונג אלץ צוליעב דער פרוי מיט דער שלאנג... שוין־זשע האָב איך ניט פערדיענט ביי אייך, קינדער, איהר זאָלט מיר ווארטען ביז מאָרגען? א גוטע נאכט!

און דער זיידע איז אויפגעשטאנען פון דער ערד און האָט גענומען זיך געזעגענען מיט אונז אויף דער רעכטער אמת. זענען מיר, אלע דריי אייניקלעך, צוגעפאלען צו איהם, געבעטען, גע'־חלש'ט, געקושט — קוים מיט צרות געפּועלט, ער זאָל זיך אוועק־זעצען צוריק אויף זיין אָרט און פאָרטזעצען זיין שרעקליכע גע־שיכטע.

— געדענקט־זשע, קינדער, וואו האלטען מיר? מיר האלטען, ווי אזוי דער נפש געהט מיט שטילע טריט צו מיין בעט. איך

הער, ווי ער סאַפּעט מיט אימפּעט און מיט כעס: „הא! אי־הא! אי־הא!" איך פיהל דורך דער קאַלדערע עמיצענ'ס א האנד, און טאַקי באַלד נאָך א האנד, עמיצער קריכט צו מיר אין בעט אַריין, אַט־אַט איז ער שוין ביי מיר אין בעט!... איך ווייס ניט, ווי אַזוי איהר; איך האָב מיך אַנגעלייענט אַמאָל, אין די יונגע יאָהרען, א סך אַזעלכע מעשיות, מורא'דיגע, מיט שדים, גזלנים, מכשפים, רוחות — די דאָזיגע אַלע מעשיות, דאַרף איך אייך זאָגען דעם ריינעם אמת, האָבען אויף מיר נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק, אויסער דעם, וואָס איך האָב נאָר געוואָלט וויסען דעם סוף, אַשטייגער, אַט אַזוי ווי איהר אַצינד... דער בעגריף פון „אָנפאַלען", „איבערפאַלען", „הרגה'נען", „טוידטען" — איז מיר געווען פרעמד. אפילו דער מלאך־המות מיט די פיעלע אויגען איז אויך געווען ביי מיר נישט מעהר ווי א „סטראַשידלע", איין אויסגעטראַכטער חלום אויף צו שרעקען אונז, און ווייטער גאָר נישט... דאָ אָבער האָב איך דערזעהן דעם מלאך־המות פאַר מיינע אויגען. איך האָב איהם דערזעהן און האָב איהם דערקענט, אז דאָס איז — ער! ער! איך האָב נאָר נישט געקאָנט טרעפען, מיט וואָס פאַר א טוידט איך וועל פון איהם דאָ פאַלען, און האָב דעריבער נישט געוואוסט, צו וואָס איך זאָל מיך פריהער חאַפּען: צום קאָפּ, צום האַלז, צום בויך? נעהער פון אַלץ האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, אַז צוויי גרויסע,ביינעריגע, קאַלטע הענד ווילען מיך ארומחאַפּען ביי'ם האַלז און ווילען מיך נעמען וואַרגען. איך וועל ווערען ברוין און בלוי, די אויגען ווילען מיר אַרויס פון שטערן, און איך וועל נישט קאָנען שרייען. אויך האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט א שווערע זאַך, איין אייזערנע, לאָזט זיך אַראָפּ מיר אויפ'ן קאָפּ, און איך ווער פריטשמעליעט... אָדער א ברייטעס שאַרפעס קאַלטעס מעסער טהוט א שנייד־אַריין זיך גלייך צו מיר אין בויך אַריין, און איך הער דעם שניט... איך ווייס אַליין ניט, קינדער, פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען מוטה און כח — פון דערשרעק ווערד דער גרעסטער טרוס א העלד, און אויב איהר ווילט

וויסען, וועל איך אייך אויסזאָגען א סוד, אז קיין „העלדען“ זענען גאָר נישטאָ אין ערגיץ; דער אמת'ער העלד איז טאַקי נאָר דער טרוס... הקיצור, איך האָב דערזעהען, אז עס איז מיר א מינוט צום טוידט, האָב איך מיר א טראַכט געטהאָן: „וואָס ליגסט דו, שוטה? אויף וועמען וואַרטסט דו? דיין לעבען איז דאָך סאַי ווי אַצינד נישט ווערטה א גראָשען“... און איך האָב מיך געגעבען א הויב־אויף און א שפּרונג־אַרויס פון בעט, און בין שוין געווען מיט איין פוס ביי'ם טיש, און האָב געחאַפּט א שוועבעלע און געגעבען א רייב־אויס און א טראָג־צו צום בעט, — איך טהו א קוק: א גרויסער, א שוואַרצער, א קודלאַטער הונד, איין אמת'ער „סיביריאַק“ מיט רויטע אויגען!...

געלעגען איז דער כלב־שבכלבים, אפנים, די גאַנצע צייט, ערגיץ אונטער דער קאַנאַפּע, אָדער צווישען דער שאַפע, איז איהם נמאס געוואָרען צו ליגען אליין, אָדער עס איז איהם געוואָרען קאַלט, איז ער דאָס געקומען צו מיר מיט א וויזיט, זיך בעקענען מיט'ן נייעם אורח, און אגב איז טאַקי ביי מיר אויף דער בייענער קאָלדערע פיעל בעסער, וואַרעמער און געשמאַקער...

אויף מאָרגען האָט מיר דער האָריגער בעל־אכסניה דער־צעהלט, אז דאָס האָט ער בעקומען א מתנה פון א פריץ.

— עס איז א שטילער הונט, — האָט ער זיך פערענטפערט — זעהר א שטילער הונט. ער טשעפּעט ניט קיין פליעג אפילו. ער איז שוין זעהר אַלט, און דערצו איז ער נאָך בלינד אויףביידע אויגען.

---

## ח.

# דער אידישער קריַלאָוו

איצטיגס מאָל זענען מיר געזעסען זאַלבעפערט שוין אין וואַגאָן פון אייזענבאַהן. מיר האָבען זיך געמאַכט א פּאָהר־אַרוים

פון שטאָדט אויף א טאָג, א מין „פּארטי דע פּלעזיר“. נישט חלילה אויף דער יאגד — שיסען האָבען מיר נישט ליעב. נישט שיפען זיך אויף א שיפעל — מיר קאָנען נישט. אויך נישט קיין אנדערע תענוגים זיך אָנטהון — וואָס זענען מיר? פּריצים? עס געהט אונז מעהר נישט אָפּ? דורכפאָהרען זיך אביסעל — מהכתיתי. פאָהרענדיג שמועסט זיך אמאָל בעסער ווי אין דער היים. און פון וואָס שמועסען פיער אידישע שריפטשטעלער, אז זיי זיצען זאַלבעפערט אין איין וואגאָן? פון ליטעראטור. דעם יונגסטען פון אונז, דעם פּאָעט, איז איינגעפאַלען א געדאנק, אז אונזער פאָלקס-ליטעראטור פעהלט נאָר איין זאך — פאבעלען, „באָסנים“. אָבער באָסנים! עכט-אידישע! מיט'ן אידישען לשון, מיט אידי־שען וויטץ, מיט פעפער! די אידעע איז אונז אַלעמען געפעלען; שטארק געפעלען! דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אזוי — גע־פעלען. ווי קאָן עס גלייך געפעלען א זאך, וואָס יענער האָט דאָס פאָרגעלעגט, ניט איך? מע דארף עס פריהער רעכט צעקייען און ערשט נאָכדעם „מסביר זיין“, געבען צו פערשטעהן, בעלייכטען, אויסבעסערען, איטליכער נאָך זיין השגה און פערשטאַנד. עס פערשטעהט זיך, אז תחילת האָבען מיר זיך אביסעל געשפּארט, נאָכדעם טאקי רעכט צעאמפּערט זיך, דאָס הייסט, חלילה נישט געקריעגט זיך, נאָר גלאַט אזוי אויסגעוויזען, יעדער בעזונדער, אז ער פערשטעהט בעסער פונ'ם אנדערען...

און עס איז געבליבען ביי אונז אַלע פיער, אז מע דארף זיך נעמען שרייבען „באָסנים“. די פראגע איז נאָר — מי ומי ההולכים? ווער זאָל זיך נעמען צו דער ארבייט? דאָ האָט יעדער פון אונז ארויסבעוויזען אזוי פיעל בעשיידענהייט און עניוות, אז מע האָט זיך וויעדער געמוזט צעקריעגען. איטליכער פון אונז האָט ארויפגעלעגט די ארבייט אויפ'ן צווייטען, און מיר אַלע אויפ'ן „זיידען“. איינער האָט געזאָגט, אז אזא ערנסטע ארבייט דארף נעמען אויף זיך מיין קאָלעגא מיט'ן הייסען טעמפּעראמענט; ער־שטענס, ווייל ער איז איין ערנסטער מענש, און, צווייטענס, ווייל

ער בעזיצט שפּראַך, עטליכע לשונות. דער אַנדערער, טאַקי מײן קאָלעגאַ מיט׳ן הײסען טעמפּעראַמענט, האָט געדרונגען פּונקט קאַפּויער, אַז דאָס פּאַסט פאַר מיר, דוקא װײל איך בין נישט אַזאַ ערנסטער מענש... איך האָב אָנגעװיזען אױפ׳ן יונגסטען פון אונז, אױפ׳ן פּאָעט, אַז דאָס איז פאַר איהם װי אָנגעמאָסטען: סטײטש, אַ דיכטער! און דער יונגסטער פון אונז, דער דיכטער, טײט אױף מיר מיט׳ן פינגער: „אדרבה, דאָס פּאַסט פאַר אײך, איהר זענט אַ הומאָריסט!“... אַזױ לאַנג, ביז עס איז געבליבען, אַז מיר אַלע פיער דאַרפען זיך נעמען צו דער אַרבײט און אַרױסגעבען אַ בוך פון פּאַבעלען.

— קינדער! — רופט זיך אָן דער זײדע מיט זײן פרײליך שמײכעל, װי געװעהנליך. — איך האָב מורא, אַז די ערשטע פּאַבעל װעט מען דאַרפען מאַכען איבער אונז טאַקי אַלײן, און הײסען װעט דאָס מיט׳ן נאָמען „דער קװאַרטעט“...

דער געדאַנק האָט אַרױסגערופען אַ הילכיגען געלעכטער אין אונזער גאַנצער חברה, און דער יונגסטער פון אונז, דער דיכטער, האָט זיך אָראָפּגעגליטשט פון דער באַנק און האָט זיך גענומען קאַטשען פאַר געלעכטער. ער האָט שױן אַזאַ טבע, אַז ער הױבט אָן לאַכען, לאַכט ער אַזױ געשמאַק, ביז ער מאַכט דעם גאַנצען עולם לאַכענדיג. פּלוצים װאַכסט־אױס אַ גלאַטער קאָפּ פון נאָך גאָר אַ יונגענמאַן, אַ בחור, מיט אַ גלאַט געגאָלט געזיכט, װי אײן אַרטיסט, מיט לאַכענדיגע אױגען, מיט ריהרעװודיגע ברעמען, און רופט זיך אָן צו אונז בזה הלשון:

— איזװיניטיע, גאָספּאָדאַ! עס איז אַביסעל ניט פּריליטשנע, אפשר טאַקי נישט טאַקטיטשנע, װאָס איך װריװאַיע מיך אומגעבעטען אין אַ פרעמדען שמוס. איהר האָט, ניט װילענדיג, מיר אָנגעטראָטען אױפ׳ן פּוס. איך זיץ די גאַנצע צײט, פון יענער זײט, און האָרך, װי איהר ראַזסוזשדאַיעט פון אַ זאַך, װאָס איך האָב פערבראַכט דערױף אַ סך. באַסך דאָס איז מײן קאָניאַק,

מיין לעבען. אַ זאַק מיט באַרשטש אָוועקגעגעבען. מיין נאָמען איז פעלדשטיין, פון קעשעניעוו בין איך אַליין. איך שטודיער דאָקטאָר מעדיצין, אין דער גרויסער שטאָדט בערלין. איהר הערט, ווי איך רעד מיט סטיכעם? אַזאַ פּריוויטשקע צו־נ־אַלדי רוחות! קורץ, איהר קוקט מיך אָן, ווי אַ הוהן — אַ האָהן; איהר חלש'ט ווייסען, ווער איך בין, איהר זענט גערעכט, עס האָט אַ זין. איך וועל אייך זאָגען צוויי געצעהלטע ווערטער, וועט איהר זיך אויפ־כאַפּען פון די ערטער: איך בין דער אידישער קרי־לאָוו, און איין עק אַ סוף.

אָבער טאַקי אַזוי ווי ער האָט געטראָפען! אַלע פיער האָבען מיר זיך געגעבען אַ הויב־אויף פון די ערטער און געבעטען דעם אידישען קרילאָוו, ער זאָל זיך אַוועקזעצען דאָ מיט אונז. דער אידישער קרילאָוו האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען אונז און האָט אָנגעהויבען שיטען מיט גראַמען אַזוי פיעל, אַז עס האָט זיך געדרעהט דער קאָפּ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גראַמען פאַלען פון די פּאָליצעס, פון די טשעמאָדאַנעס, שפּרינגען דורך די פענסטער, שיטען זיך און קויקלען זיך, ווי באָב, ווי אַרבעס. איידער איהר האָט צעקייעט די ערשטע עטליכע ריימען, זענען שוין געקראָכען צו אייך אין אויהער אריין פרישע גראַמען — מיט איינעם וואָרט, עס האָט זיך ביי איהם געגראַמט פון אַלע זייטען. קיינער פון אונז האָט קיין צייט געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדען. דער אידישער קרילאָוו האָט אונז אַלעמען פער'כשופ'ט מיט זיינע גראַמען און מיט זיינע באַסנים, וועלכע איך גיב איבער וואָרט און וואָרט:

## איין אייזעל מיט אַ סאָלאָוויי.

איין אייזעל דערזעהט אַ סאָלאָוויי
און מאַכט צו־נ־איהם מיט אַ געשריי,
ווי אַ נאַחאַל, אַ בלאַזען:
„הער נאָר, סאָלאָווייטשיק, מיין טאַלאַנטליווע חזן!

מע זאָגט, דו זינגסט עפּיס אזעלכע שטיק,
וואָס סע פּשוט איין אַנטיק!
דו ווייסט דאָך, אז איך בין א מבין,
ווי א קאַץ אויף הייוועז.
טאָמער וואָלסט דו מיר געזונגען עפּיס א זאַך,
א פּאָר שטיקלעך, נישט קיין סך,
נאָר לעבעדיג און הויך,
עס זאָל געהן א רויך"...
און ער האָט זיך עס צעלאָזט, דער סאָלאָוויי,
מיט א שלשלת, מיט א דרעה,
מיט א פייף און מיט א קנאַק,
ווי אונזער חזן פּאַסטערנאַק
אויף א ברית, אז ער חאַפּט א כוסה,
פריהער א קליינע, דערנאָך — א גרויסע,
און מאַכט דעם גרויסען מי שברך
אונזער נגיד רב נתן־קורח...
א סוף. ער האָט געענדיגט, דער סאָלאָוויי.
רופט זיך אָן דער אייזעל צו איהם אזוי:
„נישט זאָגען קיין ליגען —
דו זינגסט ניט שלעכט קיין ניגון.
אָטשען זשאַל! עס געהט פערלאָרען א טאַלאַנט.
איי אונזער קעלבעל האָב איך מיך דערמאַנט.
ווען דו זאָלסט זיין מיט דעם בעקענט,
וואָלט דיין געמבע ערשט גע'שמ'ט"...

. . . . . . . . . . . . .

וואָס איז פון דער באַסני די נראוואָאוטשעניע?
אז איהר שרייבט אָן א סאָטשינעניע
און איהר ווילט וויסען אויף דעם א מניעניע,
זאָלט איהר דאָס בעז מאַליישאוואַ סטיעסניעניא,

און עס זאָל ניט זיין קיין שום ניעדראַזומעניע, —
אריינוואַרפען אין אַ גוטען אָרט דליאַ אוניטשטאָזשעניאַ...

* * *

דער אידישער קרילאָוו האָט אונז נישט געלאָזט לאַנג קוויקען זיך מיט דער ערשטער באָסני. ער איז אויפגעשטאַנען מיט אַ שיינענדיג פּנים און מיט שמייכלענדיגע אויגען, אריינגעלעגטביידע גראָבע פינגער אין ביידע זייטען זשילעט און גענומען לייענען אונז די צווייטע באָסני:

## דער וואָלף און די קאַטץ.

עס לויפט אַ וואָלף פון שווארצען וואַלד,
עס ברענט דער פראָסט, עס בלאָזט, ס'איז קאַלט,
נאָר ער מוז נעבאך לויפען,
אניט — וועט מען זיין פעלעכען פערקויפען.
מיין וואָלף —
צום דאָרף.
ער זעהט, עס זיצט אַ קאַץ אליין,
און הויבט אָן בעטען זעהר שען:
„קעצעלע! קעצעלע! מיר זאָל זיין פאר דיין פּנים!
אויף מיין פעל זענען דאָ אַ סך בעלנים.
נעם מיך אריין צו דיר, וויבעלע!
זיי מיך מכבד מיט אַ געבראָטען טייבעלע!"
— ווייסט דו וואָס? לויף זיך דורך צו מיין טאַטע.
— איך קאָן נישט! איך האָב ביי איהם גע'לקח'ענט די קאַפּאָטע.
— נו, געה־זשע צו יענקעל דלות.
— ס'איז גרינג צו זאָגען. וואו איז זיין טלית?
— נו, ווייסט דו וואָס? געה צום בעל־הבית: צו בערעל טנופת.
— איך קאָן נישט! איך האָב ביי איהם אָוועקגעלעגט די עופות.

— נו, אויב אזוי, איז א שלעכטער משא־ומתן,
צוריק אין וואלד, א רוח אין דיין טאטען!...

. . . . . . . . . . . . . . .

יעדע באסניא האט זיך איהר נראוואאוטשעניע.
פון דאנען פיהרען מיר ארוים א פריאמאיע זאקליוטשעניע:
אז איהר פעררוקט דעם טשאלענט, מעגט איהר גיסען שמאלץ
צעהן פוד. נאר לעגט איהר נישט קיין האלץ,
חאטיא עס מעג זיין אים פרייטיג,
וועט דער קוגעל ניט זיין צייטיג.

* * *

נישט געלאזט אונז אפרוהען זיך פון דער צווייטער באסני,
האט אונז דער אידישער קרילאוו גענומען לייענען א דריטע:

„קווארטעט", ביי מיר הייסט עס „די קאפעליע".

אז איהר ווילט וויסען ווער —
איז א ציעג, איין אייזעל מיט א בער
האבען זיך צונויפגענומען אלע דריי
נעפרעמעננא מאכען א שפיעלעריי.
מע זיצט זיך ברייט און ווייך, ווי אויף וואטען,
מע קוקט אריין אין די ביכער מיט די נאטען,
די אינסטרומענטען טראגט מען צו,
מע מישט די נאטען ווייס איך וואו,
מע קלאפט, מע רייבט מיט די סמיטשאקען,
עס פליהען פון די פידלען די קאלאקען.
דא צעבייזערט זיך דער עזעל
און גיט א שנאל דער ציעג אין נעזעל:
„אט באלוואנעס!
זיך צערימפעלט, ווי די שארלאטאנעס!
ממה נפשך, מאכען מיר א שפיעלעריי,

דארף מען שפּיעלען אַלע דריי
צום טאקט, צום קלאַפּ,
און האלטען קאָפּ.
הער נאַר, דו, רב בער!
די ציעג זאָל זיצען דאָרט, און דו — אהער!"
בקיצור, עס דויערט ניט קיין סך, טהוט די ציעג א לאַך:
„מע־ע־ע! אז אַך און וועה איז אייך!
איהר זענטביידע גראָבע יונגען!
אומזיסט ארויסגעשטעלט די צונגען!
אַט פליהט א סאָלאָוויי,
ער וועט אייך זאָגען, ווי אזוי
מע דארף בעזעצען די קאפּעליע,
זי זאָל ניט קריכען אויף דער סטעליע".
דערהערט דער סאָלאָוויי,
צעלאכט ער זיך און מאכט צו זיי:
„חא־חא־חא, כלי־זמרים!
גרילצערס, שאָרים־באָרים!
איהר קאָנט שוין שטעהן, איהר קאָנט שוין זיצען
איהר קאָנט אייך גראבלען, איהר קאָנט אייך קריצען.
פון אייער שפּיעלען, איהר מעגט מיר גלויבען
וועט די וועלט קיין נחת ניט דערלעבען.

. . . . . . . . . . .

פון דער באסני די זאקליוטשעניע
איז א טיעפע נראוואָאוטשעניע:
אז מע רופט־אויף א חתן צו דער תורה
און ער קען נישט די הפטורה,
מעג ער אָנטהון דריי טליתים,
וועט ער ניט אויפשטעהן קיין תחית־המתים.
דער שניט פון די באסנים מיט זייערע אונערוואַרטעטע „נראַ־וואָאוטשעניעס" האָבען אונז, מע קאָן זאָגען, צום טוידט געשלאָגען,

און איידער מיר האָבען צייט געהאט זיך ארומקוקען און זיך נעהער צו בעקענען מיט'ן אינטערעסאנטען נפש, האָט געגעבען א פייף דער צוג, און דער „אידישער קרילאָוו" האָט זיך געגעבען א חאפּ צו זיינע פּעקלעך, זיך אָפּגעזעגענט מיט אונז, נאטירליך אין גראמען, געביטען זיך מיט די אדרעסען, און שטעהענדיג שוין מיט די טשעמאָדאנעס אין די הענד ביי דער טהיר, האָט ער אונז דערוויייל דעקלאמירט נאָך א באסני מיט'ן נאָמען:

## א פוכס אין וויינגאָרטען.

א פוכס א מחותן, הונגעריג ווי א וואָלף,
איז געגאנגען אין בעסאראביע אין א דאָרף
פאַרביי א ווינאָגראדניק א גראָמאדנעם
(איך וועל אייך זאָגען אויף זשארגאָן,
וועט איהר האפּען דעם טאָן:
„א גאָרטען א ווינאָגראדנעם").
ער דרעהט זיך, דער מחותן,
ביי די זייטען און אין מיטען;
די פויגעלעך פּישטשען,
די וויינטרויבען בלישטשען.
אוי־וואַ, איין עבירה —
א טייערע פּרי,
און האָבען א זעלטענעם ריח;
נאָר זיי הענגען אזוי הויך,
חאָטש דראפּע זיך אויף די ווענד,
חאָטש קריך פון דער פעל,
צרייס זיך די הענד,
מאך פון זיך א תל!...
אָפּגעשטאנען אזוי אקעגען א שעה,
מאכט ער פאַר דאָסאדע: „וויים איך —
אויף וואָס אידען מאכען א ברכה!

איך זאָל אזוי האָבען הצלחה:
א שטיקעל טרוקען ברויט מיט זאַלץ,
בעשמירט מיט פוטער אָדער שמאַלץ,
האָט טויזענד מאָל מעהר טעם!
ווינאָ־גראַד! א גאַנצער טאַרעראַם!
א טרעסקאַוויצי, א מציאה!
דאָקטוירים פּראָפּיסעווען א רפואה!
וואָפּערוויך, איז ער גרין אזוי ווי גראָז,
האָט קיין אידישען טעם, ווייס איך וואָס!
זויער ווי פסח׳יגער וויין,
איך דארף איהם אויף סים־סאָט כפּרות,
ווי צייהן־וועהטיג,
ווי מיינע צרות —
לאָז ער אייך געהן אין דער ערד אריין!״...

. . . . . . . . . . . . .

פון דער דאָזיגער באַסני, ק׳סאָזשאַלעניע,
ציהען מיר א מאָדנע נראַוואָאוטשעניע:
אז סע שטעהען אין גאַס צוויי אידען
און בעסיעדעווען זיך ספּאָקאָינע און צופריעדען,
חלילה נישט געקריעגט זיך, נישט געספּאָרעט,
ניט געשטורכעט, ניט געטאָרעט,
נאָר גלאַט אזוי, מיט הענד, מיט ביינער, —
דארף נישט אריינמישען זיך קיינער,
וואָרום צווישען יאָ און ניין,
קאָנט איהר חאַפּען אין די צייהן...

* * *

שוין שטעהענדיג מיט די טשעמאָדאַנעס אויפ׳ן וואָקזאַל, אין א לאַנגען ראָק, מיט א היטעל אויף א זייט, האָט „דער אידישער קרילאָוו״ צו אונז געוואונקען פון דער ווייטען. די קלוגע אויגען,

די ריהרעוודיגע ברעמען, דאָס פּנים, דאָס גאַנצע סימפּאַטישע אויס־זעהען זיינס האָט גערעדט, גערעדט, גערעדט מיט גראַמען. צום לעצטען מאָל האָט ער אונז געשענקט אַ שמייכעל און אויסגעשריגען פון דער ווייטען:

באַסנים וועל איך אייך ערשט שיקען;
איך האָף צו גאָט, זיי וועלען אייך געפעלען.
איהר וועט, אם ירצה השם, זיך קוויקען.
דער עולם וועט די פינגער לעקען, איהר וועט קוועלען!

